און קראַנקע סאָלדאַטן. מיט אָט דעם שנעלן צוריקצוג האָט באַגראַטיאָן געראַטעוועט זיין אַרמיי פון אַן ענד־גילטיקער מפלה און באַוויזן אַריבערצופירן זי דורך דער בערעזינאַ און דורכן דניעפּר און פאַראייניקן זיך מיט דער רוסישער הויפּט־אַרמיי, וואָס האָט סטאַציאָ־נירט אין סמאָלענסק. איגנאַטיעוו איז פאַרבליבן אין באָברויסקער פעסטונג. אין דער שטאָט גופא איז גע־קומען דער קאָמאַנדיר פון פּוילישן קאָרפּוס אין נאַפּאָ־לעאָנס אַרמיי, גענעראַל דאָמבראָווסקי, און האָט באַ־לאַגערט די פעסטונג. פיר חדשים האָט געדויערט די באַלאַגערונג און די פעסטונג האָט זיך געהאַלטן, ביז עס האָט זיך אָנגעהויבן דער אַלגעמיינער צוריקצוג פון נאַפּאָלעאָנס אַרמיי. די גאַנצע צייט איז איגנאַטיעוו געשטאַנען אויף דער וואַך, האָט געזאַמלט ידיעות וועגן מצב פון די פראַנצויזן און זיי איבערגעשיקט דורך געטריימע שליחים צו דער הויפּט־קאָמאַנדע פון דער רוסישער אַרמיי.

די יידן פון באָברויסק, ווי אַלע אַנדערע יידן אין ליטע און רייסן, האָבן זיך, בדרך כלל, באַצויגן קאַלט צו די פרעמדע אָקופּאַנטן. מען דאַרף אָננעמען מיט באַוואָרענישן די מיינונגען פון ייִדיש־רוסישע היסטאָ־ריקער, וואָס האָבן צוליב אַפּאָלאָגעטישע טעמים מגזים געווען דעם יידישן פּאַטריאָטיזם.

אין דער געגנט פון באָברויסק האָט זיך אויפגעהיט די ידיעה וועגן אַ יידישן אַרענדאַר פון דאָרף סטופּיש־צע, ניסן קאַצענעלסאָן, וואָס זאָל האָבן מודיע געווען די קאָזאַקן, באַלאַגערטע אין דער סביבה, וועגן אָנקום פון פראַנצויזישע אָפּטיילן. די פראַנצויזן, פאַר זייער צוריקציען זיך פון דאָרף, זאָלן האָבן אַרעסטירט דעם ייד און אכזריותדיק געפּייניקט, ביז ער איז געשטאָרבן פון זיינע ווונדן כ׳ חשון תרע״ג (1812). ער איז געבראַכט געוואָרן צו קבורה אין דער שטאָט ביכאָוו.

בעתן בהלהדיקן אַנטלויפן פון דער פראַנצויזישער אַרמיי האָבן די רוסן באַפרייט די יידן פון באָברויסק און אויך פון אַנדערע שטעט אינעם קרייז, צו איינ־קוואַרטירן אין זייערע הייזער געפאַנגענע פראַנצויזן. אין די זכרונות פון אָט די געפאַנגענע סאָלדאַטן גע־פינען מיר נאָטיצן וועגן סכסוכים צווישן די ניט־געראָפענע אורחים און די יידישע „גאַסט־געבער״, מערסטנס אין שייכות מיט אָפּהיטן שבת און כשרות. „מיר האָבן געהאַט אַ סך צוזאַמענשטויסן מיט די דאָזיקע נאַרישע מענטשן״ — שרייבט אַ דייטשער אָפיציר פון נאַפּאָלעאָנס אַרמיי — „דאָ האָבן זיי אונדז ניט געלאָזן מאַכן פייער אום שבת אָדער אום יום־טוב, דאָ האָבן זיי זיך אָפּגעזאָגט צו געבן אונדז כלים צום קאָכן״. „אין באָברויסק — דערציילט אַן אַנדער מיליטער־מאַן — האָבן מיר באַקומען אַ פיינע דירה ביי איינעם אַ ייד, האָט זיך אָנגעהויבן אַ קריגעריי מיט אונדזערע יידן, ער האָט ניט דערלויבט אום שבת צו מאַכן פייער און ניט געגעבן קיין כלים צום קאָכן, ביז מיר האָבן גערופן אונדזער וואַך־אָפיציר, און ער האָט שוין דעם ייד געגעבן אַ לעקציע מיט עטלעכע גוטע שמיץ״.

אַזוי אַרום האָט באָברויסקער קהילה פאַרזוכט דעם טעם פון מלחמה, אָבער נאָך דעם זענען געקומען הונדערט שלום־יאָרן, וואָס זיי שטעלן מיט זיך פאָר די עצמדיקע געשיכטע פון דער קהילה, ווען זי איז געוואַקסן, זיך אַנטוויקלט און געוואָרן איינע פון די חשובסטע קהילות פון רוסישן יידנטום.

### 3. די פעסטונג

נאָכן פאַרענדיקן די מלחמה האָט מען באַנייט דאָס בויען די פעסטונג אין באָברויסק אין אַ ברייטן מאַסשטאַב. ביז 1820 זענען שוין געשטאַנען צוואַנציק ציטאַדעלן, און די פעסטונג האָט פאַרמאָגט אַ וויכטיקן אַרסענאַל. צום סיום פון דער ערשטער בוי־פאַזע איז דעם 24סטן סעפּטעמבער 1825 געקומען דער צאַר אַלעקסאַנדער דער 1טער מיט זיין ברודער ניקאָליי באַזוכן די שטאָט, וווּ עס האָט דעמאָלט סטאַציאָנירט די 9טע פּעכאָטע־דיוויזיע. לויט אַ ידיעה פון יענער צייט, איז באָברויסק דעמאָלט געווען אַ שטעטל פון 2100 תושבים, וואָס האָבן געוווינט אין 310 הייזער.

די פעסטונג אין באָברויסק איז געווען פאַרמישט אין דעם בונט פון די דעקאַבריסטן (1825). צום סוף פון אַלעקסאַנדער דעם 1טנס מלכות האָט דאָ זיך געפונען אַן אומלעגאַלע רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַ־ציע, וואָס אירע אָנפירערס זענען געווען די אָפיצירן סערגיי מוראַוויאָוו־אַפּאָסטאָל און מיכאַיל בעסטוזשעוו־ריומין. די אָרגאַניזאַציע האָט אין 1823 אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן, לויט וועלכן די אָפיצירן האָבן געדאַרפט אַרעסטירן דעם צאַר, בעת דעם אויבנדערמאָנטן באַזוך זיינעם, צווינגען אים אונטערצושרייבן זיין אַבדיקאַציע פון קייזערלעכן טראָן און נאָך דעם אַריין מיט אירע פּאָלקן אין מאָסקווע, מיטציענדיק מיט זיך אויפן גאַנצן וועג דאָס מיליטער און מעלדנדיק דעם פאָלק דורך

פראקלאַמאַציעס וועגן זייער אויפטו. דער פּלאַן איז ניט דורכגעפירט געוואָרן בעת דעם צאַרס באַזוך, אָבער ער איז באַקאַנט געוואָרן אונטערן נאָמען „באָברויסקער פּראָיעקט", צווישן די פּלענער פון די פאַרשווערערס אין אַנדערע ערטער, מיט אַ קליינער „אויסבעסערונג": אַנשטאָט צו אַרעסטירן דעם צאַר — האָבן זיי זיך געגרייט אומברענגען אים גלייך נאָכן אַרעסט.

נאָך דעם ווי עס איז דערגאַנגען צו די דעקאַבריסטן אין אוקראַינע די שלעכטע בשורה וועגן דורכפאַל פונעם בונט אין פּעטערבורג (1825) האָבן זיי געהאַט בדעה צו גיין קיין צפון, פאַרנעמען די באָברויסקער פעסטונג און באַפעסטיקן זיך דאָרט. אין באָברויסק זענען דעמאָלט אַרעסטירט געוואָרן עטלעכע מיליטער־לייט, פאַרדעכטיקטע אין קאָנטאַקטן מיט געהיימע רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס. נאָכן אונטערדריקן דעם אויפשטאַנד זענען אַ טייל פון די פאַרמשפּטע איינגעזעצט געוואָרן אין דער מיליטערישער תפיסה, אין באָברויסקער פעסטונג, און ספּעציעלע אינסטרוקציעס זענען געגעבן געוואָרן דורכן צאַר דעם פעסטונג־קאָמענדאַנט גענעראַל־מאַיאָר בערג, גוט אַכטונג צו געבן אויף די דאָזיקע געפערלעכע אַרעסטאַנטן.

דאָס בויען די פעסטונג איז אָנגעגאַנגען אַלע יאָרן פון ניקאָליי דעם 1טנס מלכות (1825—1855). אַן אוצר מיט געלט, לויט יענער צייט, זיבן מיליאָן רובל, איז אינוועסטירט געוואָרן אין דעם געבוי פון דער פעסטונג. אין צענטער איז געשטאַנען דער הויפּט־ציטאַדעל, אַרום אים באַסטיאָנען (פינף־וועגנטיקע טורעמס), איינער פון זיי האָט געטראָגן דעם נאָמען פונעם בויער פון ערשטן ציטאַדעל: „אָפּערמאַן־טורעם". פון דריי זייטן האָבן אַרומגערינגלט די פעסטונג פאַרפאָסטנס און טיפע קאַנאַלן, און פון דער פערטער זייט — דער טייך בערעזינאַ און זיינע זומפּן.

די פעסטונג איז געווען אַ שטאָט פאַר זיך, העכער 5000 סאָלדאַטן האָבן אין איר סטאַציאָנירט אין 1837, און בערך אַזאַ צאָל האָט זי געציילט מיט 60 יאָר שפּעטער. די פעסטונג האָט אין זיך איינגעשלאָסן קאַזאַרמעס, געווער־לאַגערן, שפּייז־מאַגאַזינען, אַ קירך פאַר די זעלנער, אַ מיליטערישן שפּיטאָל און אויך אַ מיליטערישע תפיסה, אין וועלכער מען האָט פון צייט צו צייט איינגעזעצט אויך פּאָליטישע פאַרברעכער.

אַ סברה, אַז די עקסיסטענץ פון דער פעסטונג האָט געהאַט אַ השפּעה אויפן גאַנג פון דעם פּוילישן אויפשטאַנד (1863) אין דער באָברויסקער געגנט. איז דאָך אין באָברויסקער קרייז געווען אַ פּוילישע אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע אונטער דער קאָמאַנדע פון דעם פּריץ לוקאַשעוויטש, וואָס איז געווען אונטערגעאָרדנט דעם געהיימען ווידערשטאַנד־קאָמאַנדיר אין מינסק. מיר האָבן אָבער ניט קיין ידיעות וועגן דער טעטיקייט פון די מורדים אין באָברויסק און איז דער סביבה.

## 4. די פעסטונג אינעם לעבן פון דער שטאָט

די ווירקונג פון דער פעסטונג אויף דער אַנטוויקלונג און דעם לעבן פון באָברויסק, בעיקר אין 19טן יאָרהונדערט, איז געווען אַן אַנטשיידנדיקע. יידישע אונטערנעמערס זענען רייך געוואָרן בעתן בויען די פעסטונג, און נאָך דעם ווי דאָס בויען איז פאַרענדיקט געוואָרן זענען אַ סך יידן געוואָרן צושטעלערס פון פּראָוויאַנט פאַרן מיליטער (צווישן די הויפּט־צושטעלערס — די משפּחה לאַזינסקי). אַ טייל פון די סאָלדאַטן און אָפיצירן, וואָס פאַר זיי האָט ניט געסטייעט קיין דירות אין פעסטונג, האָבן געוווינט אין געדונגענע הייזער, און אַזוי אַרום איז די פעסטונג געווען אַ קוואַל פון פּרנסה פאַר די יידן.

די יאָרן פון בויען די פעסטונג האָבן זיך אויפגעהיט אין זכרון פון די באָברויסקער תושבים, ווי יאָרן פון וווילשטאַנד און רייכטום. „אַ דאַנק די פיל מיליטערלייט און באַאַמטע, בעלי־מלאכות, מייסטערס און אַרבעטער, וואָס האָבן זיך אין אַ גרויסער צאָל באַזעצט אין שטאָט און געוווינט אין די הייזער פון די תושבים — דערציילט אין זיינע זכרונות דער תושב פון באָברויסק הרב ברוך עפּשטיין — האָבן געפונען פּרנסה בשפע אַלע איינוווינער, און ס'איז אומגעגאַנגען אַ ווערטל צווישן זיי, אַז כדי די שטאָט באָברויסק זאָל האָבן אַ חלק אין דער הבטחה פון דער תורה „כי לא יחדל אביון מקרב הארץ", דאַרף זי אַרויספאָדערן אַ צאָל אביונים פון אַנדערע שטעט, זיי זאָלן זיך באַזעצן אין איר, ווייל זי אַליין האָט כלל ניט פון דעם מין".

אויך נאָך דעם ווי די פעסטונג איז שוין געווען אויפגעבויט, איז זי געווען אַ וויכטיקער אָנלען פאַר די באָברויסקער תושבים. „אַ גרעסערן באַדייט און

מער באַשעפטיקונג־מעגלעכקייטן האָט אַ פעסטונג־שטאָט, איידער אַ שטאָט אַן אָפּענע" — שרייבט איינער פון די באָברויסקער תושבים אין יאָר 1886 — „מיט אירע טויזנטער מיליטער־לייט, גענעראַלן און אָפיצירן, וואָס סטאַציאָנירן דאָ, עסן און טרינקען, טוען זיך אָן און צאָלן פאַר דעם גוט געלט. דערצו זענען זיי ניט קיין סוחרים און קאָנקורירן ניט מיט די אַרבעטער פון שטאָט. ס'איז ניט קיין קלייניקייט פאַר די תושבים פון אַ שטאָט, וואָס ציילט איצט בערך 30,000 נפשות, אויסצוהאַלטן צוויי פאָלקן סאָלדאַטן — זומער נאָך זומער — מיט ברויט צום עסן און אַ בגד צום אָנטאָן. ניט נאָר די פאָדריאַדטשיקעס, וואָס שטעלן זיי צו, וואָס זיי באַדאַרפן, פאַרדינען גוט, נאָר אויך אַלע איינוווינער, און דערביי ברענגען ניט די מיליטער־לייט קיין שום זאַך אין מאַרק און זענען ניט משיג גבול דעם בעל־מלאכה אָדער דעם סוחר און די געבערס ווערן ניט קיין נעמערס".

צווישן דער פעסטונג און דער שטאָט האָט זיך אויסגעשפּרייט אַ ריזיקער פלאַץ פאַר איבונגען און פאַראַדן — דער „פּאָליגאָן", וואָס האָט אויך געדינט פאַר די באַדערפענישן פון דער שטאָט און אירע תושבים, סיי ווי אַ רעזערוו־פלאַץ אין די גרויסע מערק־טעג, סיי ווי אַן אָרט פאַר אויספלוגן און שפּילעריען אין שבתים און יום־טובים. אַן איינגענעמער שפּאַציר־אָרט פאַר די שטאָט־איינוווינער זענען געווען די וועלדלעך, וואָס זענען געוואַקסן אויף די ערד־אָנשיטן אַרום דער פעסטונג, און דער גלאָק אויפן שפּיץ טורעם אין דער באָברויסקער פעסטונג האָט אויסגעקלונגען די שעהען פאַר די תושבים פון שטאָט — יידן און קריסטן.

די פעסטונג האָט אויך געלייגט איר שטעמפּל אויף דעם אויסערלעכן אויסזען פון שטאָט, מחמת לויטן געזעץ איז געווען פאַרבאָטן צו בויען בנינים פון ציגל און שטיינער אין תחום פון אַ וויאָרסט ווייט פון דער פעסטונג, כדי מען זאָל קענען אונטערצינדן און פאַרברענען די גאַנצע שטאָט, אויב דער פיינט וועט צוקומען אַהער, און אַזוי אַרום פאַרמיידן דאָס באַנוצן זיך מיט געמויערטע בנינים צום פאַרפעסטיקן און פאַרשאַנצן זיך אַנטקעגן דער פעסטונג. ביזן סוף פון 19טן יאָרהונדערט איז באָברויסק געווען אַ שטאָט כולה האָלץ, און די שריפות, וואָס פלעגן אויסברעכן פון צייט צו צייט, האָבן געברענגט מיט זיך גרויס צעשטערונג.

מען דאַרף אויך ניט גרינגשעצן די קולטורעלע השפעה פון דער פעסטונג. דאָס געפינען זיך פון טויזנטער רוסיש־ריידנדיקע סאָלדאַטן און אָפיצירן אין סאַמע צענטער פון אַ יידיש־ווייסרוסיש־פּוילישער שטאָט האָט געמוזט ביישטראָגן צום פאַרשפּרייטן די רוסישע שפּראַך צווישן אירע תושבים און אויך אויסווירקן זיך אויף דער יידישער שפּראַך — די אומגאַנגס־שפּראַך אין שטאָט. די סאָלדאַטן פלעגן איינאָרדענען אָוונטן פאַר פילאַנטראָפּישע צוועקן, און די יידן זענען געווען געצוווּנגען צו קויפן בילעטן, ממילא זענען אַ טייל פון זיי געקומען אויף די אָוונטן. אַ מיליטערישער אָרקעסטער האָט געשפּילט אין דעם שטאָט־גאָרטן; גאַנץ מעגלעך, אַז געבילדעטע אָפיצירן האָבן געזוכט וועגן משפיע צו זיין אויף דער אָרטיקער יוגנט און דערנענטערן זי צו דער רוסישער קולטור, ווי דאָס האָט פּאַסירט אין אַנדערע שטעט פון תחום־המושב.

אַ געוויסע געשעעניש, אין די גרענעצן פון דער פעסטונג, אין אָנהייב פון די אַכציקער יאָרן, האָט געהאַט אַ טיפן אָפּקלאַנג צווישן די יידן אין רוסלאַנד. אין יאָר 1880 איז נאָמינירט געוואָרן אַ נייער פאַרוואַלטער פאַר דעם מיליטערישן שפּיטאָל — ד"ר ס. ער איז געווען אַן אַנטיסעמיט און האָט געזען אין יעטוועדן יידישן זעלנער, וועלכער איז געבראַכט געוואָרן אין שפּיטאָל, אַ סימולאַנט, וואָס וויל זיך אַרויסדרייען פון מיליטער־דינסט. גלייך נאָך זיין אָנקום אין שפּיטאָל האָט ער איינגעפירט אַ סיסטעם פון שפּיאָנאַזש און מסירה. דעם 1טן אויגוסט 1861 איז דורכגעפירט געוואָרן אין מאַטראַצן־סקלאַד פון שפּיטאָל אַ רעוויזיע און מען האָט דאָרט געפונען כל מיני רפואות און מכשירים אַרויסצורופן קינסטלעכע קראַנקייטן און מאַכן קערפּער־פעלערן, כדי צו באַפרייען זיך פון מיליטער־דינסט. דער פאַרוואַלטער פון סקלאַד, דער יידישער זעלנער זיסקין, איז אַרעסטירט געוואָרן און מען האָט אים איבערגעגעבן צום געריכט. ד"ר ס. האָט באַשולדיקט די יידישע דאָקטוירים פון שפּיטאָל אין אַ פאַרשווערונג צו באַפרייען זעלנערס פון מיליטער, באַזונדערס יידישע זעלנערס, דורך אַרויסגעבן זיי פאַלשע קראַנקייט־שיינען, פאַר וועלכע זיי האָבן געקראָגן באַצאָלט. די פאַרשווערונג איז ניט דערוויזן געוואָרן און די דאָקטוירים האָט מען ניט אָנגעקלאָגט אין געריכט. אָבער אויפן משפט פון דעם סאָלדאַט זיסקין, וואָס איז פאָרגעקומען סוף 1882, האָט דער פּראָקוראָר דראָזדאָוויטש אָנטדעקט, אַז „דער

טאַט פון די יידישע מיליטער־דאָקטוירים אין באָב־
רויסק איז געווען איינע פון די סיבות פונעם באַפעל, דעם 10טן אַפּריל 1882, וואָס האָט באַגרענעצט אויף 5% די צאָל פון די יידישע דאָקטוירים אין מיליטער.״

פון זינט עס איז אַרויס אין רוסלאַנד דאָס געזעץ וועגן אַלגעמיינעם מיליטער־דינסט (1874), האָבן זיך תמיד געפונען אין דער פעסטונג עטלעכע הונדערט יידישע סאָלדאַטן. באַזונדער גרויס איז געווען זייער צאָל בעת די זומער־מאַנעוורעס אין באָברויסק און אומגעגנט. די ראשי־הקהל פון באָברויסק האָבן זיך משתדל געווען ביים קאָמענדאַנט פון פעסטונג און באַקומען אַ דערלויבעניש צוצושטעלן כשר עסן פאַר די יידישע סאָלדאַטן און אויך צו זאָרגן פאַר זייערע רעליגיעזע באַדערפענישן.

אין דער צייטונג „המליץ״ (1888) ווערט דער־ציילט וועגן דעם באַקאַנטן גביר חיים בועז ראַבינאָ־וויטש, וואָס האָט זיך מטפל געווען מיט יידישע סאָל־דאַטן אין באָברויסק און אומגעגנט בעת די מאַנעוורעס:

„די יידישע סאָלדאַטן — 500 מאַן — האָבן באַקו־מען אַ באַפעל ערב ראש־השנה אַרויסצוגיין 20 קילאָ־מעטער ווייט פון שטאָט אויף מאַנעוורעס, צו לערנען זיך תכסיסי מלחמה. ויהי, און עס איז געווען, אַז דער נדיב האָט זיך דערוווּסט, אַז די דאָזיקע סאָלדאַטן וועלן זיך פייניקן אין די ימים נוראים, גייסטיק און קערפּערלעך, אָן תפילה און אָן עסן, האָט ער געבעטן די צוויי קאָמאַנדירן, פּאָלקאָווניק גאָלובאָוו, דעם פאַר־טרעטער פון קאָרפּוס־קאָמאַנדיר און דעם קאָמאַנדיר פון ביידע פּאָלקן, אַז זיי זאָלן אים דערלויבן צו ברענגען עסנוואַרג און געטראַנקען פאַר זיינע יידישע ברידער, אַהין־צו, וווהין זיי גייען און ווו זיי וועלן לאַגערן. די הערן, וואָס אַזעלכע פיינע לייט זענען נישטאָ קיין סך, האָבן איינגעשטימט צו דערפילן זיין בקשה. אַ נחת איז געווען צו זען דעם גביר און זיין זון אַרומדרייען זיך אַ גאַנצן טאָג אויף די מערק און די גאַסן און איינקויפן עסנוואַרג פאַר די דערמאָנטע 500 אחינו בני ישראל. אין מיטן טאָג האָבן אַלע איינוווינער פון שטאָט געזען אַ סך וועגענער פון שטאָט מיט קעלנער, געשיקטע דורכן גביר צו קאָכן די מאכלים אין קעסלען און צו פאַרטיילן יעדן זיין חלק, ווו עס סטאַציאָנירט דער פּאָלק אונטער זיין פאָן. אין די צוויי דערפער מיכיילאַק און באַרטניק, ווייט איינער פון צווייטן אַ דריי וויאָרסט, האָבן די יידישע סאָלדאַטן געטאָן אַ הייליקע עבודה: זיי האָבן אויס־געגאָסן דאָס האַרץ און געדאַווענט ווי אַלע זייערע ברידער־יידן, אַ האָר ניט פאַרמינערט, אויך געבלאָזן שופר, דערנאָך געגעסן מיט פרייד זייער עסן.״



הכנסיה הצבאית — די מיליטערישע צערקווע

די יידישע סאָלדאַטן האָבן אַריינגעברענגט אין שטאָט אַריין אַ נייעם גייסט. געווען צווישן זיי לומדים און משכילים. זיי זענען געקומען אין יידישע הייזער און גאַנץ אָפט האָבן די באַזוכן געפירט צו פריינד־שאַפטלעכע פאַרבינדונגען און זיך אַפילו פאַרענדיקט מיט שידוכים און מיט באַזעצן זיך אויף שטענדיק אין באָברויסק.

צום סוף פון 19טן יאָרהונדערט איז די מיליטערי־שע חשיבות פון דער פעסטונג געפאַלן פון סטראַ־טעגיש שטאַנדפּונקט. דאָס דורכפירן די אייזנבאַן־ליניעס און דאָס אויסטריקענען די זומפּן האָבן פאַר־לייכטערט דעם צוטריט צום אָרט. אויך די ענדערונגען, וואָס זענען געקומען אין דער קריגס־וויסנשאַפט און אין די קריגס־מעטאָדן, האָבן פאַרקלענערט דעם באַ־טייט פון דער באָברויסקער פעסטונג. איר אָרט האָט אָפּגעירשנט די גרויסע פעסטונג אין בריסק. אין 1897 האָט מען אַרויסגעפירט דאָס געווער און די קריגס־אויסשטאַטונג פון דער פעסטונג, אָבער זי איז פאַר־

בליבן אויף ווייטער ווי אַן אָרט איינצוקוואַרטירן און קאָנצענטרירן דאָ טויזנטער סאָלדאַטן און ווי אַ באַזע פאַר די זומערדיקע מאַנעווערס פון די מיליטער־אָפּטיילן, וואָס לאַגערן אין מינסקער און מאָהילעווער גובערניעס. ס'איז דאָ אויך פאַרבליבן די מיליטערישע תפיסה, וווהין מען האָט געשיקט סאָלדאַטן, וואָס האָבן זיך פאַרזינדיקט קעגן דער מיליטערישער דיסציפּלין.

## 5. די עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג פון באָברויסק אין 19טן יאָרהונדערט

די פעסטונג איז געווען נאָר איינער פון די וויל־שטאַנד־קוואַלן פון באָברויסק אין איר אַנטוויקלונג. צוליב איר געאָגראַפישער לאַגע איז די שטאָט געוואָרן אַ קרייץ־וועג און קאָמוניקאַציע־צענטער אין מינסקער גובערניע, באַזונדערס האָט זיך אַנטוויקלט אין דער געגנט דער האַנדל מיט וואַלד־געהילץ, וואָס איז טראַנספּאָרטירט געוואָרן מיטן וואַסער.

די גאַנצע געגנט איז געווען רייך מיט געדיכטע וועלדער, נאָך פון די אוראַלטע צייטן, און די ביימער אין געגנט פון דער בערעזינאַ זענען געווען באַקאַנט מיט זייער קוואַליטעט און מיט זייער טויגלעכקייט פאַר דער אויסאַרבעטונג פון שיף־מאַסטן. נאָך צום סוף פון 18טן יאָרהונדערט האָט די רוסישע רעגירונג אָנגע־הויבן צו פאַרבינדן דעם טייך בערעזינא מיט דער מערבדיקער דווינאַ דורך אַ וואַסער־סיסטעם פון קאַ־נאַלן, טייכן און אָזיערעס אויף דער לענג פון 150 ק"מ. שיפן און פליטן האָבן אָנגעהויבן אָפּשווימען פון באָב־רויסקער קאַנט מיט דער בערעזינאַ, דורך דעם „וואַ־סער־סיסטעם פון דער בערעזינאַ", צום ריגער פאָרט. אין 1817 האָט זיך אָפּגעשטעלט דער שיף־פאַרקער אויף דעם וועג, אָבער דער טראַנספּאָרט פון געהילץ מיט פליטן האָט אויך ווייטער אָנגעהאַלטן. די גרויסע הוצאות, וואָס זענען געווען פאַרבונדן מיט היטן, פאַר־ריכטן דעם וואַסער־וועג און די אַנטוויקלונג פון אייזנ־באַנען אין סוף פון 19טן יאָרהונדערט, האָבן געפירט דערצו, אַז דער וואַסער־וועג איז פאַרנאַכלעסיקט גע־וואָרן, די קאַנאַלן האָבן זיך פאַרשטאָפּט און די קאָ־מוניקאַציע צווישן ביידע טייכן איז איבערגעריסן גע־וואָרן. דאַקעגן, האָט זיך אַלץ מער אַנטוויקלט די צווייטע וואַסער־ליניע — פון דער בערעזינאַ, דורכן דניעפּר קיין דרום־רוסלאַנד. די דאָזיקע אַנטוויקלונג איז געווען אָפּהענגיק פון דער איינזידלונג און עקאָנאָ־מישער פאַרפעסטיקונג פונעם געביט „דאָס נייע רוס־לאַנד" (נאָוואָראָסיאַ), וואָס איז געווען ס'רוב סטעפּ־לאַנד, אָרעם אין וועלדער. די געהילץ־טראַנספּאָרטן קיין דרום האָבן זיך פאַרגרעסערט פון יאָר צו יאָר און באַזונדערס זינט עס האָבן זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען די קוילן־ און אייזן־גרובן אין די געביטן פון דאָניעץ און קריוואָי ראָג. ריזיקע קוואַנטומס האָלץ זענען נייטיק געווען פאַרן געבוי פון די גרובן און פאַר די אונטערשפּאַר־זיילן פון די סופיטן אין די טונעלן אונ־טער דער ערד.

מיטן טראַנספּאָרטירן דאָס געהילץ האָט זיך אין באָברויסק אַנטוויקלט די האָלץ־אינדוסטריע. תחילת איז דאָס געווען האַנט־אַרבעט פון פויערים, וואָס פלעגן צוגרייטן אין די לאַנגע ווינטער־חדשים מולטערס, יאָכן פאַר אָקסן, טיילן פון וואָגן־רעדער. די דאָזיקע אויס־אַרבעטונגען האָבן אָפּגעקויפט יידישע סוחרים, וואָס פלעגן דאָס שיקן מיט לאַסט־שיפן (בערלינקעס) קיין דרום אָדער צום „ביז", ווי די באָברויסקער יידן האָבן עס גערופן. אין אַ צייט אַרום האָבן אָנגעהויבן אַרבעטן אין שטאָט און אומגעגנט מאָדערנע טאַרטאַקן און אויך דיקט־פאַבריקלעך.

דער גאַנג פון דעם דאָזיקן מסחר איז געווען אָפּ־הענגיק פון דער שטורמישער נאַטור פון דער בערעזינאַ און דעם דניעפּר, די טראַנספּאָרטן זענען געגאַנגען נאָר אין די פרילינג־ און זומער־חדשים, נאָך דעם ווי דאָס אייז האָט געריט. דער שוואַכער פונקט אין אָט דער קאָמוניקאַציע זענען געווען די באַקאַנטע אונטערוואַסער־שוועלן אויפן דניעפּר (פּאָראָגי), פון דער שטאָט יעקאַטערינאָסלאַוו אָן און ווייטער. די סוחרים האָבן זיך דעריבער באַמיט צו פאַרקויפן אַ טייל פון דער סחורה אין די פאָרטן איידער מען קומט צו די שוועלן — אין קיעוו, טשערקאַסי, קרעמענ־טשוג און יעקאַטערינאָסלאַוו. אָבער דער גרויסער מאַרק איז פאָרט געווען אויף יענער זייט פון די שוועלן. דער דורכגאַנג דורך די „פּאָראָגי" האָט דע־צידירט וועגן דעם גורל פון יעדן טראַנספּאָרט, און אויף אַ טעלעגראַם, וואָס זאָל מודיע זיין וועגן די רעזולטאַטן פונעם דורכגאַנג, האָבן געוואַרט מיט האַרץ־ציטער אַ סך משפחות אין באָברויסק און אומגעגנט.

אויפן וועג צוריק אַהיים פלעגן די סוחרים דינגען אָדער קויפן לאַסט־שיפן (בערלינקעס), אָנלאָדן אויף זיי זאַלץ, צוקער, מעל און אַנדערע פּראָדוקטן, וואָס האָבן געפעלט אין ווייסרוסלאַנד, און פאַרקויפן דאָס

אין די שטעט לענג־אויס די טייך־ברעגן, באַמיענדיק זיך צו דערגרייכן ביז באָריסאָוו אין צפון.

הונדערטער יידישע משפחות זענען געווען פאַרבונדן מיט דעם האָלץ־מסחר. געווען גרויסע סוחרים, וואָס פלעגן אָפּקויפן וועלדער ביי די פּריצים און דינגען פּויערים אויסצוהאַקן זיי אָדער, ווי מען פלעגט עס רופן — „אויסטאָן" זיי; געווען מומחים אין אָפּשאַצן אַ וואַלד, באַאַמטע, שרייבערס און בוכהאַלטאָרן. די וואַלד־אַרבעטער, די אויסהאַקער, די פּליטן־בינדער און טראַנספּאָרטלער זענען געווען מערסטנס ווייסרוסישע פּויערים. אָבער מיט שפּינען די האָלץ־שטריק (לאָזעס), וואָס האָבן געדינט צום בינדן די קלעצער אין די פּליטן, האָבן זיך באַשעפטיקט אַ סך אָרעמע יידן, וואָס האָבן זיך ספּעציאַליזירט אין אָט דער אַרבעט. דער געהילץ־טרייב־סעזאָן (מיטן וואַסער), וואָס האָט געדויערט אַרום אַכט חדשים, פון אַפּריל ביז דעצעמבער, איז געווען דער ברען־סעזאָן אין באָברויסקער פּאָרט.

אין מיטן 19טן יאָרהונדערט האָט זיך אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען די נאַוויגאַציע אויף דער בערעזינאַ. קליינע דאַמף־שיפן (פּאַראַכאָדן) האָבן קורסירט איבער די טייכן ביז קיעוו און יעקאַטערינאָסלאַוו. די בעלי־בתים פון די שיפן און אויך אַ גרויסער טייל פון די אַרבעטער זענען געווען יידן. איינע פון די משפחות, וואָס האָט זיך באַשעפטיקט מיט דעם־אָ פּאַסאַזשירן־טראַנספּאָרט, איז געווען די פאַרצווייגטע קאַצענעלסאָן־משפּחה, וואָס אַ סך פון אירע מיטגלידער האָבן עולה געווען קיין ארץ־ישראל.

דער מעמד פון באָברויסק און איר באַדייט ווי אַ פעסטונג־שטאָט האָט געפירט דערצו, אַז מען האָט אין איר תחום געבויט שאָסייען און דורכגעפירט וועגן. אין 1843 האָט מען אָנגעהויבן בויען דעם ערשטן שאָסיי אין מינסקער גובערניע, צווישן באָברויסק און בריסק, און אין 1851 האָט מען פאַרענדיקט דעם שאָסיי, וואָס האָט זיך געצויגן פון בריסק דורך סלוצק און באָברויסק, ביז דער גובערניאַלער שטאָט מאָהילעוו.

צו אַ גרויסער איבערקערעניש אין דעם ווירטשאַפטלעכן לעבן אין באָברויסק האָט געבראַכט די ליבאַווע־ראָמנער אייזנבאַן־ליניע. די אָ ליניע האָט געדאַרפט פאַרבינדן צפון־אוקראַינע און צפון־ווייסרוסלאַנד מיטן פּאָרט פון ליבאַווע, דער איינציקער רוסישער פּאָרט אויפן באַלטישן ים, וואָס ווערט כמעט ניט פאַרפראָרן אין די ווינטער־חדשים. די דאָזיקע




גשר הברזל על הברזינה

די אייזערנע בריק איבער דער בערעזינע

באַן־ליניע האָט געבויט אין אָנהייב פון די זיבעציקער יאָרן אַ פּריוואַטע אייזנבאַן־געזעלשאַפט, וואָס יידישער קאַפּיטאַל האָט אין איר געהאַט אַ היפּשן חלק. דער טייל פון דער ליניע, וואָס גייט אַדורך באָברויסק, איז געעפנט געוואָרן דעם 1טן נאָוועמבער 1873, אַ היסטאָרישע דאַטע אין דער געשיכטע פון באָברויסק. די אייזנבאַן־ליניע האָט פון איין זייט דירעקט פאַרבונדן די שטאָט מיט מינסק, ווילנע און ליבאַווע און פון דער צווייטער זייט — מיט האָמעל, באַכמאַטש און ראָמנע, און אומדירעקט — מיט דער אייזנבאַן־נעץ פון גאַנץ רוסלאַנד. אויפן טייך בערעזינאַ איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ גרויסע אייזנבאַן־בריק און צוויי באַן־סטאַנציעס האָבן באַדינט די שטאָט, איינע ביים סאַמע טייך — די סטאַציע בערעזינאַ — און די צווייטע סטאַציע — באָברויסק. ביידע האָבן זיך געפונען אין דעם דרום־עק פון דער שטאָט. הגם די הויפּט־טראַנספּאָרטן פון געהילץ זענען אויך ווייטער געגאַנגען דורך דער בערעזינאַ, האָט זיך איצט, מיטן אויפבוי פון דער אייזנבאַן־ליניע, געעפנט אַ מעגלעכקייט פאַר די קליינע סוחרים, וועלכע האָבן ניט געקענט טראָגן די גרויסע הוצאות, וואָס זענען פאַרבונדן מיט דער וואַסער־קאָמוניקאַציע, צו טראַנספּאָרטירן דאָס געהילץ מיטן באַן; און דאָס האָט גורם געווען צום אויפקומען פון אַ נייער שיכט קליינע סוחרים אין באָברויסק און אין אַנדערע שטעט פון דער געגנט.

כל זמן די אייזנבאַן־ליניע האָט זיך געפונען אין פּריוואַטע הענט, זענען אַ סך יידן געווען צווישן די באַאַמטע, אָבער אין 1891 איז די ליניע איבערגעגאַנגען צו דער רעגירונג און גלייך זענען אָפּגעזאָגט געוואָרן אַלע יידישע באַן־אַרבעטער.

באָברויסק האָט אויך געדינט ווי אַ האַנדלס־צענטער פאַר דער נאָענטער לאַנדווירטשאַפטלעכער סביבה. דער דאָזיקער האַנדל האָט דערגרייכט זיין הויכפּונקט אין די דריי יערלעכע יאַרידן, וואָס זענען פאָרגעקומען אין שטאָט פון זינט אָנהייב 19טן יאָר־הונדערט. דאָס זענען: דער „וואַסיליעווער" יאַריד, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין יאַנואַר, דער „ניקאָלייעווער" יאַריד — דעם 9טן מאַי און דער „פּאָקראָווער" יאַריד — דעם 10טן אָקטאָבער. די אָ יאַרידן זענען ניט אַרויס פון דעם תחום פון דער נאָענטער סביבה, זיי האָבן ניט געהאַט קיין לאַנד־באַדייט, אַפילו ניט קיין קרייז־באַדייט.

מיט דער אַלגעמיינער אַנטוויקלונג פון דער שטאָט האָט זיך אַלץ מער פאַרגרעסערט די צאָל פון אירע תושבים און גאָר גיך איז זי פאַררעכנט געוואָרן פאַר דער צווייטער גרויסער שטאָט אין דער גובערניע, נאָך דער גובערניאַלער שטאָט מינסק. אין 1828 האָט זי געציילט 601 הייזער; אין 1855 האָט זייער צאָל דערגרייכט צו 980, אַלע — אַחוץ זעקס — הילצערנע הייזער; אין 1828 איז די צאָל תושבים פון שטאָט — יידן און קריסטן — געווען 6829, אין 1837 — 10,635. אין 1878 איז דורכגעפירט געוואָרן אַ ציילונג פון דער באַפעלקערונג אין שטאָט (איינשליסלעך די זעלנער פון דער פעסטונג) און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די צאָל האָט דערגרייכט 37,237 נפשות, וואָס האָבן געוווינט אין 1990 הייזער. (אַלע, חוץ 8, פון האָלץ).

מיט דעם ווירטשאַפטלעכן אויפשטייג פון באָברויסק איז די שטאָט געוואָרן אַן אָרט, וואָס האָט געצויגן צו זיך יידן פון דער גאַנצער אומגעגנט און אויך פון אַנדערע שטעט. אויב אין 1847 האָבן אין באָברויסק געוווינט 4,702 יידן, האָט זייער צאָל דערגרייכט אין 1861 צו 8,861; אין 1878 זענען דאָ געווען 17,935 יידן, און די ערשטע אַלרוסישע פאָלקס־ציילונג האָט אויפגעוויזן די צאָל פון 20,760 יידן. כדי צו דערגאַנצן דאָס בילד איז כדאי צו דערמאָנען, אַז אין 1910 זענען געווען אין באָברויסק 25,876 יידן.

### 6. אַנטייל פון די יידן אין האַנדל פון באָברויסק

אינטערעסאַנטע ציפערן וועגן דעם מעמד פון די יידן אין דעם האַנדל פון באָברויסק, אין פאַרגלייך מיט די ניט־יידן און אין פאַרגלייך מיט די צוויי אַנדערע גרויסע שטעט אין מינסקער גובערניע אין יאָר 1884, ברענגט דער רוסישער עקאָנאָמיסט וו. סאָר־באַטין.

לויט זייער רעליגיע, זענען די סוחרים אין די דריי דערמאָנטע שטעט געווען איינגעטיילט אַזוי:

| | יידן | קריסטן | סה"כ | % יידן |
|---|---|---|---|---|
| מינסק | 168 | 23 | 191 | 88 |
| באָברויסק | 87 | 12 | 99 | 88 |
| פּינסק | 55 | 11 | 66 | 84 |

כדאי צו דערמאָנען, אַז דער טערמין „סוחרים" איז דאָ כולל מענטשן, וואָס האָבן געהערט צו די

גילדיע־סוחרים און האָבן געצאָלט דער רעגירונג פאַר דעם גילדיע־שיין. דער דאָזיקער שטאַנד האָט אַרומ־גענומען נאָר די רייכע און פאַרמעגלעכע פון די יידן, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט מסחר.

די ווייטערדיקע טאַבעלע וועט אונדז געבן אַ באַ־גריף פון דעם געלט־אומזאַץ (אין טויזנטער רובל) פון די סוחרים:

| | יידן | קריסטן | סה״כ | % פון יידישן אומזאַץ |
|---|---|---|---|---|
| מינסק | 3334 | 195 | 3529 | 95 |
| באָברויסק | 1964 | 75 | 2039 | 96,5 |
| פינסק | 1628 | 310 | 1938 | 84 |

פון די צוויי טאַבעלעס דרינגט אַרויס, אַז די יידי־שע סוחרים האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט די מערהייט פון באָברויסקער סוחרים־שטאַנד (קרוב 90%) און דער פאַרנעם פון זייער האַנדל איז געווען אַ סך גרע־סער ווי דער פאַרנעם פון די קריסטלעכע סוחרים אין דער שטאָט. בעת דער אומזאַץ פון אַ קריסטלעכן סוחר האָט אויסגעמאַכט דורכשניטלעך 6250 רובל אַ יאָר, איז דער דורכשניטלעכער אומזאַץ פון אַ יידישן סוחר געווען 22500 רובל אַ יאָר.

אין אַ צוגאָבלעכער טאַבעלע ברענגט סובאָטין די רווחים (אין טויזנטער רובל) פון די סוחרים, לויט זייער רעליגיע:

| | יידן | קריסטן | סה״כ | % פון יידישע רווחים |
|---|---|---|---|---|
| מינסק | 240,5 | 20,8 | 261,3 | 92 |
| באָברויסק | 196,4 | 7,5 | 203,9 | 96 |
| פינסק | 85,8 | 31 | 116,8 | 73,5 |

אויב מ׳קען זיך שטיצן אויף סטאַטיסטיק, זענען די רווחים פון די באָברויסקער סוחרים געווען גרעסער ווי די רווחים פון מינסקער און פינסקער סוחרים, ווייל די דורכשניטלעכע פאַרדינסטן פון יידישע סוחרים אין מינסק און פינסק זענען דערגאַנגען צו 1500 רובל אַ יאָר, בעת אין באָברויסק — צו 2000 רובל אַ יאָר.

די דאָזיקע ציפערן דערציילן אונדז, פאַרשטייט זיך, נאָר וועגן אַ גאָר דינער שיכט פון אַן ערך 90 רייכע און פאַרמעגלעכע משפחות, וואָס האָבן פאַר־געשטעלט מיט זיך אַ קליינעם טייל פון די 3800 יידישע משפחות אין באָברויסק, אָבער זיי באַווייזן אונדז, אַז, רעלאַטיוו גענומען, האָט עקסיסטירט אין באָברויסק אַ שיכט יידישע נגידים, אַ גרעסערע און פעסטערע ווי אין אַנדערע שטעט פון דער גובערניע. דאָס זענען געווען די גרויסע וואַלד־הענדלער, די גרויסע אונטערנעמער, וואָס האָבן געליפערט פראָ־וויאַנט פאַר דער פעסטונג, און אויך אינדוסטריעלער. אין 19טן יאָרהונדערט איז דער דאָזיקער שטאַנד גע־ווען דער איינפלוסרייכער און אַנטשיידנדיקער אין אַלע אינעווייניקסטע ענינים פון דער יידישער קהילה אין באָברויסק.

### 7. „די גבירים״

ווי אין אַלע קהילות ישראל אין 19טן יאָרהונדערט, האָבן די „גבירים״ פאַרנומען אַן אַנגעזען אָרט אויך אין באָברויסק, סיי אינעם ווירטשאַפטלעכן, סיי אין געזעלשאַפטלעכן לעבן פון דער שטאָט. צום „גביר״ זענען אַלע אויגן געווען געווענדט צוליב אַ סך טעמים. ראשית, האָט ער געדאַרפט שטיין בראש פון די קהילה־ענינים און געבן פון זיין געלט צו העלפן אָרעמע־לייט און שטיצן די פאַרשיידענע צדקה־אַנשטאַלטן. אין צייטן פון נויט האָבן די אָרעמע־לייט געפאָדערט פון די „גבירים״ הילף, זיי פלעגן מעכב זיין קריאת־התורה אין שול און האָבן זיך באַנוצט מיט נאָך אַנדערע פּרעס־מיטלען. צו די „גבירים״ ווענדן זיך די יידישע סאָלדאַטן פון פעסטונג, ווייל סוף־סוף איז דאָך דעם גבירס רייכקייט ניט מער ווי אַ פקדון, וואָס דער רבונו־של־עולם האָט איינגעלייגט ביי אים בתנאי, ער זאָל זיך באַנוצן מיט אים ווי געהעריק, און אויב ער טוט עס ניט וועט, מן הסתם, קומען דער בעל־פקדון און עס אויפמאָנען ביי אים, אויב ניט אויף דער וועלט, איז אויף יענער וועלט...

שנית, איז דער „גביר״ אויך געווען דער שתדלן פון שטאָט פאַרן „שררה״. זיינע געשעפטן, די באַ־ציונגען זיינע מיט דער רעגירונג־אַדמיניסטראַציע, מיט וועלכער עס קומט אים אויס צו זיין אין קאָנטאַקט, אין שייכות מיט פאַרשיידענע אונטערנעמונגען, דער־נעענטערן אים צו דער מאַכט, און אין אַן עת צרה שיקן אים די בני־עיר משתדל זיין זיך צו ווענדן מען דאַרף.

באָברויסק, וואָס איז געווען און געבליבן ביזן חורבן אַ מיטלמעסיקע שטאָט, האָט געדינט פאַר אַ סך רייכע יידן אין רוסלאַנד, ווי אַ מין איבערגאַנג־סטאַציע, איבערצוגיין פון איר אין גרעסערע שטעט, אַזש ביז

די הויפטשטעט — פעטערבורג, מאָסקווע, קיעוו און וואַרשע.

אין אָנהייב פון 19טן יאָרהונדערט זענען געווען באַקאַנט אין באָברויסק שמעון זימל עפשטיין און זיינע זין, וואָס האָבן געמאַכט אַ גרויס פאַרמעגן פון צו־שטעלן שפּייז און בוי־מאַטעריאַלן ביים בויען קאַזאַר־מעס פאַרן רוסישן מיליטער. אין אַ צייט אַרום איז זימל עפשטיין אַוועק קיין בריסק און פון דאָרט גע־פירט זיינע געשעפטן. דערנאָך האָט ער זיך באַזעצט אין וואַרשע. זיין זון יהודה עפשטיין, אַן אינטערע־סאַנטער טיפּ, וואָס לימוד־התורה איז געווען זיין הויפּט־פאַראינטערעסירונג און דאָס האָט אים גע־שטערט, ווייזט אויס, צו אָפּגעבן זיך מיט זיינע גע־שעפטן; אויך ער האָט זיך אַרויסגעצויגן פון באָברויסק קיין בריסק אין די דרייסיקער יאָרן פון פאַריקן יאָר־הונדערט. אין זיינע לעצטע יאָרן האָט ער זיך דער־ווייטערט פון זיינע געשעפטן און זיך אין גאַנצן אָפּגעגעבן מיט לערנען און האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ ספר מיט תורה־חידושים אונטערן נאָמען „מנחת יהודה" (וואַרשע, 1877). אין באָברויסק איז אים געבוירן געוואָרן אין יאָר 1833 זיין טאָכטער פייגל (פּאַולינאַ ווענגעראָוואַ), וואָס איז באַקאַנט געוואָרן שפּעטער מיט איר בוך זכרונות Memoiren einer Grossmutter („זכרונות פון אַן עלטער־מוטער"). איר זון שמעון ווענגעראָוו איז געווען איינער פון די גרויסע פאַר־שערס פון דער רוסישער ליטעראַטור.

אַ געבוירענער אין באָברויסק איז געווען אברהם ז"ק, אַן אייניקל פון שמעון זימל עפשטיין, וואָס האָט חתונה געהאַט מיט דער שוועסטער פון פּאַולינאַ ווענ־געראָוואַ, זיינע אַ קוזינע. אויך ער איז באַקאַנט מיט זיינע אויפטוען. אין 1871 האָט ער איבערגענומען די פאַרוואַלטונג פון דער „באַנק פאַר הלוואות און דיס־קאָנט" אין פעטערבורג. ער האָט געשמט ווי איינער פון די גרויסע ספּעציאַליסטן אין ענינים פון פינאַנסירן דאָס בויען אייזנבאַנען אין רוסלאַנד, ער האָט זיך באַטייליקט אין אויפבויען די ליבאַווע—ראָמנער אייזנ־באַן־ליניע. אין דער צייט פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן האָט מען אים פאָרגעלייגט דעם הויכן אַמט פון וויצע פינאַנס־מיניסטער, בתנאי אַז ער זאָל זיך שמדן, קלאָר, אַז ער האָט דעם פאָרשלאַג אָפּגעוואָרפן. ער האָט אָפּגעגעבן אַ סך צייט געזעלשאַפטלעכע ענינים און ביי אים אין הויז אין פעטערבורג פלעגט זיך צונויפקומען די „הויכע געזעלשאַפט" פון פעטער־בורג אויף מסיבות און קאָנצערטן. כדאי צו דערמאָנען, אַז אברהם ז"קס ברודער — ישראל ז"ק — איז געווען אַ באַשיידענער געלערנטער, וואָס האָט זיין גאַנץ לעבן געווידמעט פאָרשונגען אין חכמת־ישראל און פילאָסאָפיע.

אין די צייטן פון ניקאָליי דעם ערשטן האָט באָב־רויסק געדינט אַלס דורכגאַנג־שטאָט, פון סלוצק קיין דווינסק, פאַרן באַרימטן יידישן באַנקיר משולם פייוול פרידלאַנד (געבוירן אין סלוצק, 1804 — געשטאָרבן אין דווינסק, 1855). פרידלאַנד האָט געוווינט אין באָברויסק אין די יאָרן 1830—1846.

פון באָברויסק שטאַמט דער באַקאַנטער קיעווער גביר ביניש קאַצענעלסאָן, אַ זון פון ניסן קאַצענעלסאָן. ביניש קאַצענעלסאָן איז געווען איינער פון די פירער פון רעליגיעזן יידנטום אין די אַכציקער און ניינציקער יאָרן. „כל ימיו — שרייבט וועגן אים איינער פון די, וואָס האָבן אים מספּיד געווען — האָט ער געפירט גאָטס מלחמה, אַ מלחמת מצווה, און דאָס איז: פעס־טיקן די רעליגיע קעגן אירע צעשטערערס; ער האָט ממש איינגעשטעלט דאָס לעבן פאַר די חדרים און מלמדים, וואָס האָבן געלערנט לויטן אַלטן מנהג תנ"ך און גמרא. ער איז געווען זעליש געבונדן מיט זיין היימשטאָט און געגעבן צדקה פאַר אירע ווילטועדיקע אַנשטאַלטן. אויף זיין טויט — ה' כסליו תרנ"ו, געווען כמעט אַ בן־שבעים, האָבן געקלאָגט באָברויסקער יידן".

איינער פון די רייכסטע לייט אין קיעוו — דוד מאַרגאָלין — דער וואָס האָט געבויט אין קיעוו די עלעקטרישע סטאַציע און דעם ערשטן טראַמוויי און געשפּענדעט פון זיין געלט פאַרן אויפבוי פונעם שטאָ־טישן פּאָליטעכניקום, איז געבוירן געוואָרן אין מינסק, אָבער אין זיינע יוגנט־יאָרן האָט ער געלעבט אין באָברויסק און דאָרט האָט ער אָנגעהויבן פירן זיינע עסקים אין דעם האָלץ־מסחר ביי דער בערעזינאַ.

צו די אַלע אויבנדערמאָנטע דאַרף מען צורעכענען ניסן קאַצענעלסאָן, וואָס האָט געגרינדעט אין ליבאַווע אַ גרויסן באַנק־געשעפט. ניסן קאַצענעלסאָן, וואָס האָט פאַרנומען אַן אָנגעזען אָרט אין דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן פון רוסישן יידנטום, ווי איינער פון די שפּיצן פון דער ציוניסטישער באַוועגונג און ווי אַ דעפּוטאַט צו דער ערשטער גאָסודאַרסטווענער דומע, איז געווען אַ זון פון יוסף קאַצענעלסאָן. זיין מוטער, די אלמנה פייע ברײנע קאַצענעלסאָן, איז געווען אַ באַקאַנטע

סוחרטע אין שטאָט, אַ טיפּ פון אַן „אשת חיל" אין דער קאָמערציעלער וועלט. זיין ברודער פּלטיאל קאַצענעלסאָן איז אויך געווען פון די באָברויסקער הויפּט־סוחרים. ניסן קאַצענעלסאָן האָט געפירט שותפות־געשעפטן מיט זיין ברודער און פון צייט צו צייט באַזוכט זיין געבורטשטאָט.

אָבער אַחוץ דער דאָזיקער גרופּע גרויסע סוחרים און אויסגעצייכנטע פינאַנס־לייט, וואָס באָברויסק איז געווען פאַר זיי אַ מין שפּרינג־ברעט צו דער גרויסער וועלט, זענען צווישן די גבירים פון שטאָט געווען אַזעלכע, וואָס זיי האָט ניט געצויגן דער גלאַנץ פון די גרויסע שטעט. זיי זענען געווען באַשטענדיקע תושבים פון זייער שטאָט און גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין אירווירטשאַפטלעכן און געזעלשאַפטלעכן לעבן.

צווישן די פאַרמעגלעכע איינגעזעסענע משפחות איז געווען פאַררעכנט די משפחה לאַזינסקי. אין מיטן 19טן יאָרהונדערט זענען אין שפּיץ פון אָט דער משפּחה געשטאַנען די דריי ברידער — אלכסנדר, צבי און שמואל, באַקאַנטע ליפעראַנטן פאַר דער שטאָט־פעסטונג. איינער פון די רייכע און אָנגעזעענע שטאָט־בעלי־בתים אין די לעצטע יאָרן פון ניקאָליי דעם ערשטנס מלכות איז געווען ניסן קאַצענעלסאָן (דער פאָטער פון בייניש קאַצענעלסאָן). ער איז אויסגעוויילט געוואָרן דורך די ליטווישע יידן אַלס מיטגליד פון דער דעלעגאַציע, וואָס האָט זיך משתדל געווען ביים צאַר, בעת ער איז געווען מיט אַ וויזיט אין האָמעל (האַרבסט 1852), אָפּצורופן די שווערע גזירות אויף יידן: פאַרשטאַרקטע מאָביליזאַציע אין דער אַרמיי, די גזירה פון די „ראַזריאַדן" און דעם גירוש פונעם 50 קילאָמעטערדיקן ברעג־פּאַס.

אין דער צווייטער העלפט פון 19טן יאָרהונדערט זענען פּאָפּולער געוואָרן מיט זייער ווילטעטיקייט און זאָרג פאַר די באַדערפענישן פון דער קהילה דער גביר מיכאַל מאַרגאָלין און זיין פרוי ריישע רחל, וואָס האָבן אַ סך בייגעשטייערט צום אויפבוי פון שטאָט־שפּיטאָל און געשפּענדט פאַר אַ סך אַנדערע אינסטיטוציעס. צו די גבירים האָבן אויך געהערט די אָפּשטאַמיקע פון הרב ברוך מרדכי עטינגער און די משפחה דאָבקין. בראש פון דער דאָבקין־משפחה איז געשטאַנען ביז זיין פטירה, כ׳ טבת תרס"ט (1909), ר׳ ישעיהו דוד דאָבקין, וואָס האָט געווידמעט ס׳רוב פון זיין לעבן תורה און טובת־הכלל. ער האָט אויסגעבויט אין זיין גרויסן הויף אַ באַזונדערע שול פאַר „ניקאָלאַיעווסקע" סאָלדאַטן (די שול „אנשי חיִל"), ווו ער און זיין פאַרצווייגטע משפחה האָבן געדאַוונט צוזאַמען מיט די געוועזענע סאָלדאַטן, די פּראָסטאַקעס און עם־הארצים, וואָס האָבן אָבער מקדש השם געווען, בלייבנדיק געטריי צום דת פון זייערע עלטערן בעת זייער דינסט אין דעם מיליטער פון ניקאָליי דעם ערשטן.

אויך די זין פון ר׳ ישעיהו דוד האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער צידקות און מיט זייער געטריישאַפט צו דער טראַדיציע פון זייערע אבות, און זיין זון יוסף דאָבקין האָט מען געהאַלטן פאַר אַ פּורץ גדר, ווייל ער האָט זיך פאַרבונדן מיט דער ציוניסטישער באַוועגונג און איז געווען צווישן אירע מנהיגים אין באָברויסק.

איינער פון די ראשי הקהילה צום סוף פון 19טן יאָרהונדערט איז געווען דער גביר דב בער עטינגער, אַן אייניקל פון ר׳ ברוך מרדכי עטינגאַ. ער איז געבוירן געוואָרן אין 1825 „און זיין גאַנץ לעבן ביז די לעצטע מינוטן זיינע געווען איבערגעגעבן מיטן גאַנצן האַרצן צו די צדקה־חברות פון שטאָט, און זיין האַרץ איז וואַך געווען פאַר יעדן גוטן און נוצלעכן אויפטו; טראָץ דעם וואָס ער איז געווען פאַרטאָן אין זיינע גרויסע געשעפטן, האָט ער אָפּגעגעבן צייט פאַר לערנען און פאַר די הצטרכותן פון דער שטאָט. ער איז געווען אַ מוסטער מיט זיין פרומקייט, מיט זיין ברייטגיביקייט און שיינע מידות". ער איז געשטאָרבן כ"ד חשון תרס"ג (1902) און מיט זיין פטירה איז אַוועק אַ גאַנצע תקופה, וואָס רייכטום און תורה האָבן זיך אין איר פאַראייניקט, כדי אויסצופורעמען דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן פון דער באָברויסקער קהילה.

סוף 19טן יאָרהונדערט האָט פאַרנומען אַ וויכטיקן אָרט אין אַנטוויקלען דעם וואַלד־האַנדל מיט דרום רוסלאַנד און די שיף־קאָמוניקאַציע אויף דעם טייך בערעזינאַ די משפחה קאַצענעלסאָן, וואָס האָט געשטאַמט פון שמואל בעניע קאַצענעלסאָן.

אָבער די גבירים „פאַר עקסעלאַנס" פון באָברויסק זענען געווען פון מיטן ביזן סוף 19טן יאָרהונדערט יצחק ראַבינאָוויטש און זיין זון בועז ראַבינאָוויטש. זיי ביידע האָבן געלייגט זייער שטעמפּל אויף דעם לעבנסגאַנג פון דער קהילה און געהערשט דאָרטן, ווי זיי וואָלטן געווען אירע מושלים און פירשטן. יצחק

ראַבינאָוויטש, געבוירן, זעט אויס, אין די 20־ער יאָרן פון 19טן יאָרהונדערט, האָט אין 1864 באַקומען דעם טיטל „דורותדיקער ערן־בירגער״ (פּאָטאָמסטוועני פּאָטשאָטני גראַזשדאַנין). אין 1866 האָט ער חתונה געמאַכט זיין איינציקן זון חיים בועז מיט חנה מינדע פון דער משפחה לאַנדוי אין בראָדי. די חתונה איז געפּראַוועט געוואָרן מיט גרויס פּאַראַד, און נדבות פּאַר אָרעמע־לייט האָט מען געטיילט מיט אַ ברייטער האַנט. יצחק ראַבינאָוויטש איז געווען באַקאַנט ווי אַ גרויסער בעל־צדקה, האָט אויף זיין חשבון אויסגעהאַלטן די תלמוד־תורה און האָט יעדעס יאָר בייגעשטייערט הונדערטער רובל פּאַר די ישיבות און תלמידי־חכמים אין ארץ־ישראל. זיין זון, וואָס איז געווען אַ שותף צום פּאַטערס געשעפטן נאָך ביי זיין לעבן, האָט פאַרנומען זיין אָרט אין דעם קהילה־לעבן פון באַברויסק גלייך נאָך זיין טויט, כ״ד אייר תרמ״א (1881/5/11). דאָס הויז פון דער משפחה ראַבינאָוויטש האָט פאַרנומען אַ גאַנצן קוואַדראַט אין צענטער פון שטאָט, די משפחה האָט אויך געהאַט אַ דאַטשע (זומער־וווינונג) אין דאָרף באַבין, אויף דער צווייטער זייט בערעזינאַ. חיים בועז איז באַקאַנט מיט זיינע אויפטוען. נאָך דעם ווי ער האָט זיך צעקריגט מיטן רב פון שטאָט הרידב״ז, האָט ער געבערענגט אַ רב פאַר זיך, ר׳ נתן רובין, דעם רב פון כאַלוי, וואָס איז געזעסן אין זיין בית־המדרש און געפּסקנט שאלות פּאַר אים און זיינע מקורבים. ער איז געווען ערן־קאָנסול פון פּערסיע אין באַברויסק און האָט זיך נוהג געווען אויפצוהענגען די פּערסישע פאָן אין טאַבעלנע טעג. איינע פון זיינע טעכטער האָט ער חתונה געמאַכט מיטן זון פון ד״ר מאיר לעהמאַן, רב פון מאַגענצאַ — איינער פון די מנהיגים פון אָרטאָדאָקסישן יידנטום אין דייטשלאַנד. ער איז געווען אַ ירא שמים אויפן מתנגדישן שטייגער, אָבער געלעבט בשלום און אין פריינדשאַפט אויך מיט די ראשי חסידים אין שטאָט. איינע פון די מיצוות, וואָס ער האָט געטאָן בכל נפשו, איז געווען די מיצווה פון צדקה פּאַר אָרעמע־לייט. גרויסע קוואַנטומס ברויט און כלערליי שפּייז, האָלץ צום הייצן, מלבושים זענען פאַרטיילט געוואָרן אין ראַבינאָוויטשעס הויז פּאַר אַלע באַדערפטיקע, וואָס האָבן זיך צו אים געווענדט נאָך הילף.

צום סוף פון יאָרהונדערט האָבן זיך די געשעפטן פון חיים בועז ראַבינאָוויטש פאַרערגערט, ער איז קראַנק געוואָרן, האָט באַקומען אַ ראַק און איז געשטאָרבן י״ז כסליו תרס״ד (1903) אין וואַרשע.

ביזן סוף פון 19טן יאָרהונדערט האָט די העגעמאָניע פון די „גבירים״ און זייער געזעלשאַפטלעכע הערשאַפט זיך נאָך גאַנץ פעסט געהאַלטן, זיי זענען געווען די אויפהיטער פון טראַדיציאָנעלן לעבנסשטייגער, געזאָרגט פּאַר די קהילה־ענינים און בעיקר פּאַר די ענינים פון צדקה און הילף פּאַר אָרעמע־לייט. זיי זענען אַליין געווען בני־תורה און געשאַצט און אונטערגעשטיצט תלמידי־חכמים, און אין די רשימות פון די „פּרענומעראַנטן״, וואָס פלעגן אויסגערעכנט ווערן אין אָנהייב פון אַ סך ספרים אין יענע צייטן, האָבן ניט געפעלט די רייכע יידן פון באַברויסק. אַזוי, למשל, זענען מיר אין ספר „פּרקי דרבי אליעזר הגדול״, וואָס איז דערשינען אין וואַרשע (תרי״ב — 1852), 24 באַברויסקער חותמים.

די ציוניסטישע באַוועגונג, און נאָך מער די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען, האָבן גורם געווען אַ ירידה פון דער העגעמאָניע פון די „גבירים״ אין געזעלשאַפטלעכן לעבן פון דער שטאָט. פונדעסטוועגן איז נאָך אַלץ קענטיק געווען זייער השפּעה אָפּן און פאַרשטעלטערהייט. נאָך אין 1912 שרייבט די „באַברויסקער וואָכנבלאַט״: „עס טרעפט זיך גאַנץ אָפט, דאָס אַ פּאָר אידען פאַרפיהרען יע אַ שמועס וועגן אונזערע קהל׳שע אַנגעלעגנהייטן, און הערט זיך צו, כמעט שטענדיק וועט איינער סתם אין דער וועלט אַריין זידלען די נגידים, פאַרשטענדליך דערפאַר וואָס זיי זענען נגידים, אַנ׳אַנדערער פּערקעהרט, וועט זיך אַמפערן און וועט לויבן די נגידים אין הימעל אַריין — זיי געבען פיעל צדקה, זאָגט ער — און טרעפט אַ מאָל עפּעס אַנ׳אומגליק, אַ יקרות, אַ שרפה און נאָך אַזעלכע צופאַלען, ווערט מיט אַ מאָל אַ ויצעקו! וואָס שווייגן זיי, אונזערע נגידים? וואָס טראַכטען זיי זיך? אָדער „נישקשה, מיר מעגען רוהיג זיין, די גבירים, מסתמא, וועלן זיך פאַר דער זאַך נעהמען און עס וועט רעכט זיין״.

ניט לייכט, ווייזט אויס, צו צעשטערן ווירטשאַפטלעך־היסטאָרישע אינסטיטוציעס, וואָס זענען טיף פאַרוואָרצלט אין דעם עבר און הווה. די ערשטע רוסישע רעוואָלוציע איז געקומען — און אַוועק, פאַרבייגעגאַנגען. די אינטעליגענץ, די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג און דער ציוניזם האָבן געטאָן זייערס, אָבער די גבירים זענען געבליבן גבירים און זייער השפּעה איז נאָך ניט פאַרבייגעגאַנגען.

## 8. דלות און נויט אין באַברויסק

צו גלייך מיט דער שיכט נגידים, פאַרמעגלעכע און מיטעלע בעלי־בתים, האָבן אין באַברויסק אויך ניט געפעלט קיין אָרעמע־לייט און אביונים, וואָס האָבן געלעבט אין דחקות און נויט. אויבנאויפיק שטייט עס אין סתירה צו דעם פריער געשילדערטן ווירט־שאַפטלעכן מצב פון דער שטאָט, אָבער די דאָזיקע סתירה איז גאָר אַ שיינבאַרע. באַברויסק איז געווען אַ שטאָט אין יידישן תחום־המושב און אין איינעם פון זיינע אָרעמסטע געביטן — אין דעם צפון־מערבדיקן געביט. פון איין זייט, די גזירות פון דער מאַכט, וואָס האָבן זיך געשאָטן אויף דער יידישער באַפעלקערונג, פון די אַכציקער יאָרן אָן, האָבן אויף אַן אכזריותדיקן אופן אַרויסגעשטויסן יידן פון זייערע ווירטשאַפטלעכע פּאָזיציעס. די גרושים פון די דערפער, דאָס איינפירן דעם בראָנפן־מאָנאָפּאָל אין סוף 19טן יאָרהונדערט, דאָס פאַרשטאָפּן די פרנסה־קוואַלן אין די מלוכה־אינסטיטוציעס און אויף די אייזנבאַנען; און פון דער צווייטער זייט — דער נאַטירלעכער צוּוווּקס, וואָס האָט פאַרגרעסערט די צאָל יידן אין רוסלאַנד פּילפּאַכיק במשך דעם 19טן יאָרהונדערט — דאָס אַלץ האָט געבראַכט מיט זיך פרנסהלאָזיקייט און אַרבעטסלאָזיקייט פון די יידישע מאַסן. אויב דאָ און דאָרטן האָבן זיך געפונען אין תחום־המושב געציילטע פונקטן, ווו עס זענען יאָ געווען פרנסה־מעגלעכקייטן, האָבן זיך אַהין אַ לאָז געטאָן אָרעמע־לייט פון אַנדערע שטעט און שטעטלעך. דער וווּקס פון באַברויסק, וואָס איז פון 1000—2000 נפשות אין אָנהייב יאָרהונדערט, געוואָרן אַ קהילה פון העכער צוויי צענדליק טויזנט צום סוף פון יאָרהונדערט, איז אַ רעזולטאַט בעיקר פון די פאַראָרעמטע, מחוסר־לחמדיקע יידן, וואָס זענען געקומען אַהער פון די ערטער, ווו די אָרעמקייט איז געווען גרעסער ווי אין באַברויסק.

יעדע גרויסע יידישע קהילה אין רוסלאַנד איז געווען „באַרימט" מיט אירע אָרעמקייט־קוואַרטאַלן: אין מינסק איז דאָס געווען די „בלאָטע", אין ביאַ־ליסטאָק — די „כאַנייקעס", אין האָמעל — דער „ראָוו" (דער „טאָל", וואָס י. ח. ברענער האָט אים געשילדערט אין זיינע ערשטע געזאַמלטע שריפטן „בעמק עכור"). דאָס גרויסע אָרעמקייט־פערטל פון באַברויסק האָט געטראָגן דעם נאָמען „סלאָבאָדאָ" (פאַרשטאָט) און זיך געפונען אין דעם צפון־מערבדיקן טייל פון שטאָט.

דאָ האָבן געוווינט „אין אַלטע צעהויקערטע הייז־לעך טרעגערס און שוסטערס און שניידערס — — — אויך בעטלערס, איינגעהויקערטע, קראַנקע, הוסטער, און ווייבער, וואָס שטייען מיט זייערע קאָשיקעס אין מאַרק". פון דאַנען האָט מען גענומען דינסטן (הויז־באַדינערינס) פאַר די הייזער פון די שטאָט־גבירים — אַלמנות, וואָס האָבן פאַרדינט זייער שטיקל ברויט פון וואַשן וועש אין רייכע הייזער. דאָ האָבן געוווינט אָרע־מע מלמדים, וואָס אַ סך פון זיי האָבן זיך אַרומגע־דרייט אין די רייכערע דרומדיקע שטעט, כדי צו געפינען תלמידים.

„אונדזער היים — דערציילט אהרן גאָרעליק, אַ זון פון אַן אָרעמען מלמד, איינער פון די ערשטע רעוואָ־לוציאָנערן אין שטאָט — איז באַשטאַנען פון אַ שטיבל, איין חדר, ווו דער אויוון איז כמעט געווען דער אויבנאָן. געווען איז דער אויוון אַ גרויסער, מיט „לעזשאַנקעס" פון דער זייט, ווו יעדער פון דער פאַמיליע איז דורכן טאָג אַרויף אויסצווואַרעמען אויף אים די ביינער. ווינטער איז אין שטוב געווען מוראַ־דיק קאַלט, ממש אַ „לעדניק". דער דיל איז געווען אַ ליימענער און עס האָט געצויגן פון אים אַ קעלט. פלעגן מיר זיך בייטן: „אַ מיירע אַרויף און אַ מיירע אַראָפּ" — איינער איז אַרויף אויף דער „לעזשאַנקע" זיך אָנוואַרעמען, אַ צווייטער איז אַרונטער, זיך אָנגע־טאָן אין טאַטנס וואַליקעס, אַריינצוברענגען האָלץ, וואַסער, אָדער צולויפן אין קרעמל ברענגען קעראָסין. אויף דער נאַכט פלעגן מיר פאַרחתמענען דעם אויוון, פאַרמאַכן די לאָדן און פאַרוואַנדלען די שטוב אין אַ שוויץ־באָד. אויף די שטולן האָט מען צעלייגט ברעטער, אויף די ברעטער אַ שעניק — אויך אַ בעט; אויף דער ערד — פערענעס, קישנס אָנגעשטאָפּט מיט שטרוי — אויך בעטן. צוגעדעקט האָט מען זיך מיט קליידער, פעלצלעך, מיט וואָס עס האָט זיך געמאַכט אונטערן האַנט, וואָס מער, אַלץ וואַרעמער. צו דעם גרויסן געזינדל זענען נאָך צוגעקומען די הינער אין „פּאָדפּיעץ", פלעגט די לופט דורך דער נאַכט ווערן געדיכט, כאָטש שנייד מיט אַ מעסער".

אין 19טן יאָרהונדערט איז די „סלאָבאָדאָ" געווען אַ נעסט פון תורה און יראת־שמים. דורות האָבן מקבל־באהבה געווען זייערע ליידן און שלום געמאַכט מיטן רצון פון בורא־עולם, פון דאָרטן זענען אַרויסגעקומען „בני עניים שמהם תצא תורה". זיי האָבן געגעסן זייער אָרעם ברויט אויף די טישן פון גוטהאַרציקע אין

באָברויסק און אין אַנדערע שטעט און שטעטלעך; דאָרט זענען געזעסן פלאַמענדיקע חסידים, וואָס האָבן פאַרגעסן וועגן זייער הונגער אין התלהבותדיקע תפילות און נגונים פון צדיקים; פּרושים, וואָס האָבן יום ולילה געלערנט. ווען די נויט האָט זיך געשטאַרקט — די סיבות האָבן געקענט זיין: אַ שריפה, וואָס האָט אויסגעבראָכן און חרוב געמאַכט די אָרעמע הייזער פון אָט די אומגליקלעכע; אַ שלעכטע גערעטעניש, וואָס האָט געבראַכט הונגער און יקרות אויף עסנוואַרג; אַ קאַלטער אכזריותדיקער ווינטער אדג״ל — האָט אויסגעבראָכן אַ וויי־געשריי אויפן טראַדיציאָנעלן שטייגער. מען האָט מעכב געווען קריאת־התורה אין די שולן, געמאָנט ביי די „גבירים״ זיי זאָלן קומען צו הילף, אַחוץ דער געוויינלעכער צדקה, וואָס עס פלעגן געבן מיט אַ ברייטער האַנט אַ טייל פון די שטאָט־נגידים.

די אָרעמקייט האָט געבראַכט דערצו, אַז אַ סך האָבן אויסגעוואַנדערט, תחילת אין די שטעט פון דרום־רוסלאַנד און אין אַ צייט אַרום — קיין אַמעריקע. די דאָזיקע אויסוואַנדערונג האָט זיך כסדר געשטאַרקט אָנהייבנדיק פון די 80קער יאָרן. פון צייט צו צייט געפינען מיר וועגן דעם אָפּקלאַנגען אין דער פּרעסע, אַזוי גיט איבער דער „המליץ״, אין יאָר 1888, וועגן דער „ליידנשאַפט אויסצוּוואַנדערן אין די מדינות מעבר לים, בעיקר קיין אַמעריקע״, וואָס הערשט אין שטאָט און דערציילט, אַז „אין יעדער צייט זעען אונזערע אויגן אַ סך מענטשן פאַרלאָזן די שטאָט און זייער היימלאַנד און זעצן זיך אַריין אין שיפן, כדי צו געפינען פאַר זיך ערגעץ־ווו אַ מקום מנוחה״. באַזונדער ווערט דאָרט דערמאָנט אַ גרופּע, וואָס איז אין אַ געוויסן טאָג אַרויס פון דער „סלאָבאָדאַ״: „10 שניידערס, 5 אויוון־שטעלערס („פּעטשניקס״) און 6 אָן שום פאַך און באַרוף״. דער קאָרעספּאָנדע:ט דערציילט, אַז „נאָך אַ סך משפּחות זענען גרייט אויסצוּוואַנדערן פון דאַנען אין אַ וואָך אַרום״. אין 15 יאָר אַרום — אַרויסצוכאַפּן נאָר איין ידיעה פון אַ סך — שרייבט מען צו דער „הצפירה״ וועגן 16 יונגע עמיגראַנטן, בעלי־מלאכות, וואָס „פאָרן אַוועק אין ווייטע לענדער צו געפינען אַ שטיקל ברויט.״

ווייטער וועט נאָך דערציילט ווערן אין אַ באַזונדער קאַפּיטל וועגן די צדקה־חברות און דער סאָציאַלער הילף, וואָס זענען געווען אין באָברויסק, אָבער מיט דעם ווּקס פון דער צאָל תושבים אין דער „סלאָבאָדאַ״ איז די טראַדיציאָנעלע ראַם פון דעם דערציונג־וועזן און צדקה ניט געווען ביכולת צוריק צו ברענגען די תושבים פון אָט דעם „אָרעמקייט־פערטל״ צום פריערדיקן שטייגער, דהיינו, שלום צו מאַכן מיט זייער גורל און אָננעמען אים מיט הכנעה און ליבשאַפט.

אין דער „סלאָבאָדאַ״ האָט אָנגעהויבן אונטערצוואַקסן אַ יוגנט, אויף וועלכער די אָרעמע גייסטיקע שפּייז, וואָס זי האָט באַקומען אין די פאַרעלטערטע תלמוד־תורות, האָט ניט איבערגעלאָזן קיין רושם. די דאָזיקע יונגע־לייט, מייסטנס זענען זיי געוואָרן אַרבעט־געזעלן אָדער אַרבעטער, האָבן געפונען זייער באַפרידיקונג אין געהערן צו אַ חברה „יאַטן״, וואָס פלעגן אין די פרייע צייט און באַזונדער אין די שבתים אַרויסגיין אין גאַס און פירן געשלעגן.

מיר ווייסן וועגן צוויי אַזעלכע חברות: די „פּרוזשאַנער חברה״ (ווייזט אויס, די „חברה באַלעגאָלעס״, וועלכע ווערט דערמאָנט ביי ד. שמעונאָוויטש) און די „חברה קצבים״. די דאָזיקע חברות האָבן אָפּט אָנגעלערנט די שקצים פון קוואַרטאַל „מינסקער פלאַן״, וואָס פלעגן זיך טשעפּען צו די בערד און פיאות פון דורכגייענדיקע יידן אין גאַס. אַפילו די רוסישע פּאָליציאַנטן האָבן מורא געהאַט פאַר זיי. בראש פון דער „פּרוזשאַנער חברה״ איז געשטאַנען דעמאָלט לייבעטשקע קאָלעסניק (רעדער־מאַכער) און בראש פון דער „חברה קצבים״ — יאַנקל זובאַטין. א. גאָרעליק דערציילט אין זיינע זכרונות וועגן „צוזאַמענשטויסן צווישן די „גסים״ (גראָבע יונגען) פון „סלאָבאָדאַ״ מיט די „יאָלדן״ — קינדער פון מער מיוחסדיקע עלטערן. „די געשלעגן זענען געווען מוראדיקע, מען פלעגט שפּאַלטן קעפּ אָן אַ פאַרוואָס און פאַרווען, עס פלעגן אויסברעכן געשלעגן, וואָס פלעגן זיך פאַרציען אַ גאַנצן שבת ביז שפּעט אין דער נאַכט״.

אין באָברויסק איז אויך געווען אַ יידישע „אונטערוועלט״, ממש, זיכער אַ פּראָדוקט פון דעם פאַרדאַרבנדיקן דלות. מיר הערן וועגן דעם „רבי פון די גנבים״, וואָס פלעגט זיך פאַרנעמען מיט אויסגעפינען די גניבה און צוריקגעבן זי פאַר אַ געוויסן אָפּצאָל. שמריה לעווין דערציילט אין זיינע זכרונות וועגן די באָברויסקער גנבים, וואָס מען האָט געציטערט פאַר זיי אויך אין די אַרומיקע שטעטלעך. „צווישן זיי האָט זיך באַזונדער פּאָפּולער געמאַכט דער ראש פון דער

באַנדע גזלנים חיים גימל — גימל מיינט גנב, נאָר מענטשן האָבן עס פאַרשענערט. דער חיים איז געווען נישט בלויז אַ גנב, וואָס האָט געטאָן זיין אַרבעט אין דער שטיל, נאָר ער פלעגט אויך באַגזלען מענטשן אויף די וועגן. אָפט פלעגט טרעפן, אַז ער מיט זיין באַנדע פלעגן אָנפאַלן אויף אַ באַלעגאָלע, וואָס האָט געפירט סחורה פון באָברויסק אין די קליינע שטעטלעך, און ביי אים אַלץ אַוועקרויבן. ס'איז קיין מאָל ניט געקומען צו קיין בלוט־פאַרגיסונג, אָבער טרוקענע קלעפּ האָט ער געטיילט בשפע". אויך אַנדערע באָב־רויסקער יידן דערציילן אַ סך וועגן דער פּלאָג פון די גנבים, וואָס האָט אָנגעוואָרפן אַ פחד אויף די שטאָט־תושבים.

אינטערעסאַנט, אַז איינער פון די בני באָברויסק, אַ טיפער דענקער, אליעזר שיין, האָט געזען אין אָט דער דערשיינונג פון יידן־גנבים און רויבער, אַן אויס־דרוק פון סאָציאַלן פּראָטעסט קעגן דעם שווערן מצב פון די נידעריקע פאָלקס־שיכטן.

מחמת דער גרויסער צאָל סאָלדאַטן אין שטאָט, איז דאָרט געווען אויך ניט קיין קליינע צאָל „הייז־לעך", וואָס זייערע בעלי־בתים זענען געווען יידן, אויף די „מיידלעך" זענען געווען יידישע קינדער, מיינסטנס פון די אָרעמיקע שטעט און שטעטלעך, וואָס זענען געקומען זוכן אַרבעט און דאָ זענען זיי נכשל געוואָרן און אַריינגעפאַלן אין די „הייזלעך"; ניט וויני־ציק פון זיי זענען שפּעטער פאַרנאַרט געוואָרן קיין בוענאָס־איירעס און אַנדערע שטעט מעבר לים.

סוף 19טן יאָרהונדערט איז די „סלאָבאָדאַ" געווען אַ מין פּולווער־מאַגאַזין. געגוג געווען איין פונק פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, וואָס יונגע אינטעליגענטן זאָלן אַריינוואַרפן אין אָט דעם וויינונג־פּערטל, אַז דער פּולווער־מאַגאַזין זאָל אויפרייסן, דער־שיטערן די גאַנצע שטאָט און חרוב מאַכן דאָס אַלטע באָברויסק.

„סלאָבאָדאַ" — האָט געשריבן נאָך דער רעוואָ־לוציע אַ יונגער יידישער קאָמוניסט אין באָברויסק — איז אַ קרעניצע, וואָס פון איר האָט געצויגן די באָברויסקער אַרבעטער־באַוועגונג איר יניקה. סלאָ־באָדער אָרעמקייט האָט געליפערט מענטשן־מאַטעריאַל פאַר דער היגער אַרבעטער־באַוועגונג אין פאַרשיידענע צייטן — פריילעכע און ביטערע".

## 9. די שריפות און די „פייערלעשער־קאָמאַנדע"

מען קען ניט שרייבן וועגן באָברויסק און ניט אָפּשטעלן זיך אויף דעם פּלאָג פון די שריפות, וואָס זענען געוואָרן אומצעטיילבאַר פון דעם שטייגער־לעבן אין דער שטאָט. באָברויסק איז געווען געבויט כולה פון האָלץ, וואָרעם מחמת זיכערקייט־טעמים האָט מען ניט דערלויבט צו בויען געמויערטע בנינים. אַ טייל הייזער זענען געווען מיט שטרויענע דעכער, און דער קלענסטער פייער, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט איין שטוב, איז דורכן ווינט פאַרטראָגן געוואָרן פון שטוב צו שטוב און האָט פאַרצערט גאַנצע גאַסן.

חוץ די קליינע און געוויינלעכע שריפות, וואָס זענען געווען אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג, האָט באָברויסק דורכגעמאַכט עטלעכע גרויסע שריפות, וואָס האָבן פאַרלענדט גרויסע טיילן פון שטאָט. זיי זענען פאַרבליבן לאַנגע יאָרן אין זכרון פון די תושבים.

די ערשטע ידיעה פון אַזאַ גרויסער שריפה, בעת „די גאַנצע שטאָט איז אַוועק מיטן רויך", איז דער־גאַנגען צו אונדז פון סוף 1854. צוואַנציק יאָר שפּעטער, 1874, זענען פאַרברענט געוואָרן 150 הייזער, בתוכם דריי בתי־מדרשים. דער היזק איז אָפּגעשאַצט געוואָרן אויף צוויי מיליאָן רובל. אין שטאָט האָבן געבושעוועט גנבים און רויבער, וואָס האָבן צעשלעפּט דאָס האָב־און־גוטס, וואָס האָט זיך געוואַלגערט אין דרויסן. (אגב, אַזאַ מין ווילדעווען פון די גנבים, דווקא בעת אַ שריפה, איז געווען אַ געוויינלעכע באַגלייט־דער־שיינונג אין שטאָט).

אַ גרויסע שריפה האָט אויסגעבראָכן אין באָב־רויסק קורץ נאָך שבועות אין דעם באַקאַנטן „שריפות־זומער" פון יאָר 1881, ווען אַנטיסעמיטישע כוליגאַנעס האָבן אונטערגעצונדן יידישע הייזער אין שטעט און שטעטלעך אין תחום־המושב, אַ צוגאָב צו די פּאָגראָ־מען אין דרום־רוסלאַנד. הגם ס'איז שווער צו וויסן, צי די שריפה אין באָברויסק איז געקומען פון אונטער־צינדן אָדער ס'איז געווען אַ „נאַטירלעכע" שריפה.

אין די אַכציקער יאָרן איז דערגאַנגען דערצו, אַז די אַסעקוראַציע־געזעלשאַפטן פלעגן אָפט אָפּזאָגן צו פאַרזיכערן הייזער אָדער פאַרמעגנס. כדי צו פאַר־בעסערן דעם מצב האָט מען אין באָברויסק מיט דער הילף פון דער מאַכט געגרינדעט אין 1886 אַ „פריי־וויליקע פייערלעשער־קאָמאַנדע". אויף אַן אַלגעמיינער



מוסף מכבי־האש — דער דעפּאָ פון די פייערלעשער

פאַרזאַמלונג, וואָס איז זיך צונויפגעקומען יענעם יאָר אין חודש ניסן, מיט דער באַטייליקונג פונעם פעסטונג־קאָמענדאַנט, שטאָט־קאָמענדאַנט, דאָקטוירים, אַפּטייקערס און אָנגעזעענע בעלי־בתים יידן און קריסטן, איז באַשלאָסן געוואָרן גרינדן אַ פייערלעשער־קאָמאַנדע. ביישטייערס און אַקטיווע מיטגלידער זענען גערופן געוואָרן צו פאַרשרייבן זיך און אויפן אָרט איז געזאַמלט געוואָרן 500 רובל בערך און אַרום 200 מאַן האָבן זיך געמאָלדן אַלס פרייוויליקע, מערסטנס יידן. ס'האָבן זיך געשאַפן דריי אָפּטיילן: „איינע אַפּאַראַטעווען די כלים און חפצים פונעם פייער, די צווייטע איינצוואַרפן, צעשטערן די ברענענדיקע בנינים, און די דריטע צו לעשן די שריפה מיט וואַסער".

די פייערלעשער־קאָמאַנדע איז געווען אַ ברכה פאַר דער שטאָט. פון צייט צו צייט, לייענען מיר, אַז עס האָט אויסגעבראָכן אַ שריפה, הייזער זענען פאַרברענט געוואָרן, אָבער „ווען ניט די פייערלעשער־קאָמאַנדע, וואָלט דאָס פייער פאַרצערט נאָך און נאָך הייזער. נאָר אַ דאַנק דעם, וואָס די פייערלעשער האָבן געאַרבעט איבערגעגעבן, ממש איינגעשטעלט דאָס לעבן, האָט מען אָפּגעראַטעוועט אַ סך הייזער אין דעם שטח פון דער שריפה". די פייערלעשער־קאָמאַנדע האָט אויסגעפירט אַ געוויסע געזעלשאַפטלעכע פונקציע אין שטאָט. מענטשן פון פאָלק פלעגן זיך צונויפקומען און געפינען אַ באַפרידיקונג אין נוצלעכער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. דער אָפיציעלער קאָמענדאַנט פון דער „שטאָטישער פייערלעשער־בריגאַדע" — אַזוי האָט שפּעטער זיך גערופן די פייערלעשער־קאָמאַנדע — איז געווען אַרקאַדי זאַרובאַ, דער זון פון קריסטלעכן שטאָט־פּרעזידענט, אָבער פאַקטיש איז דער ראש המדברים און אַקטיווער טוער געווען טשערניאַק, אַ ייד אַ הויך־וווקסיקער, אַ ברייטפּלייציקער, וואָס האָט פאַרקויפט סאָדע אויף דער שאָסיינאַיאַ גאַס. ער איז שטענדיק געווען דער אָנפירער ביים לעשן די שריפות און האָט באַקומען אַ סך אויסצייכענונגען פון דער מאַכט. ער איז געווען דער זייל פון דער פייערלעשער־קאָמאַנדע העכער פערציק יאָר.

די שריפות האָבן ניט אויפגעהערט אין שטאָט, אָבער זיי האָבן זיך פאַרמינערט, ס'איז אַוועק דער פחד, און באָברויסקער תושבים האָבן געוווּסט, אַז ס'איז דאָ אַ היטער און שיצער, וואָס זאָרגט פאַר איינלעשן און לאָקאַליזירן די שריפות. באָברויסק האָט אָבער דאָך איבערגעלעבט, ווי מיר וועלן ווייטער זען, אַ גרויסע שריפה אין יאָר 1902, וואָס איז געווען אַ ווענד־פונקט אינעם לעבן און אין דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער שטאָט.

## 10. באָברויסק סוף 19טן יאָרהונדערט

די אַלגעמיינע פאָלקס־ציילונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין רוסלאַנד אָנהייב 1897, איז איינער פון די באַגלייבטסטע מקורות, וואָס גיט אונדז אַ קלאָר בילד וועגן רוסישן יידנטום אויפן שוועל פון 20סטן יאָרהונדערט.

אין באָברויסק זענען, לויט דער פאָלקס־ציילונג, געווען 34336 תושבים, צווישן זיי 20759 יידן, אַ 60,5% פון דער אַלגעמיינער שטאָט־באַפעלקערונג. אָבער פון דער אַלגעמיינער צאָל תושבים דאַרף מען אַראָפּרעכענען די 5572 מיליטער־לייט און זייערע משפחות (בתוכם 321 יידן). די שטאָטישע תושבים ממש, חוץ די פעסטונג־איינוווינער, האָבן געציילט, הייסט עס, 28764 נפשות, 20438 פון זיי זענען געווען יידן, 71% בערך פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג. לשם דער גאַנצקייט פונעם בילד דאַרף מען אָנווייזן, אַז די פאָלקס־ציילונג האָט איינגעשלאָסן אין די תחומים פון באָברויסק אַרום 7 פאַרשטעט, וווין־שטחים און פערמעס, וואָס האָבן זיך געפונען נאָענט פון דער שטאָט און געציילט אַ באַפעלקערונג פון 6743 נפשות, מייסטנס קריסטן. דאָרט האָבן, זעט אויס, אויך געוווינט די 1760 נפשות, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט לאַנדווירטשאַפט (93% פון זיי קריסטן). דאַרף מען, בכן, אָננעמען, אַז אין באָברויסק גופא, אָן די פאַרשטעט און די מיליטער־לייט, ווו עס האָבן געוווינט אַ 22000 מענטשן, האָבן צווישן זיי יידן אויסגעמאַכט 90% בערך.

לויט זייער רעליגיע זענען די תושבים (איינשליסלעך די סאָלדאַטן) געווען איינגעטיילט אַזוי:

| | | |
|---|---|---|
| יידן | 20760 | 60,5% |
| פראַוואָסלאַווע און אַנד. סעפּאַראַטע סעקטעס | 11514 | 33,5% |
| קאַטאָליקן | 1485 | 4,3% |
| פּראָטעסטאַנטן | 389 | 1,1% |
| מוסולמענער | 188 | 0,6% |
| סה״כ | 34336 | 100 % |

לויט דער אומגאַנג־שפּראַך זענען די תושבים געווען איינגעטיילט אַזוי:

| | | |
|---|---|---|
| יידיש | 20669 | 60,2% |
| רוסיש, ווייסרוסיש, אוקראַיניש | 11883 | 34,6% |
| פּויליש | 1054 | 3,1% |
| דייטש | 365 | 1,0% |
| טאַטעריש | 171 | 0,5% |
| אַנדערע שפּראַכן | 194 | 0,6% |
| סה״כ | 34336 | 100 % |

די אומגאַנגס־שפּראַך פון די תושבים איז, בכלל גענומען, געווען צוגעפּאַסט צו זייער רעליגיע: די יידן האָבן מערסטנס גערעדט יידיש; די פּראַוואָסלאַווע — רוסיש, ווייסרוסיש און אוקראַיניש; די קאַטאָליקן — פּויליש; די פּראָטעסטאַנטן — דייטש; די מוסולמענער — טאַטעריש.

כאַראַקטעריסטיש פאַר די יידן אין באָברויסק איז דער פאַקט, וואָס נאָר 90 יידן האָבן אָנגעגעבן פרעמדע שפּראַכן אַלס זייער רייד־שפּראַך (צווישן זיי 83 רוסיש, 6 דייטש און 1 פּויליש), 99,5% פון באָברויסקער יידן זענען געבליבן געטריי זייער שפּראַך. אמת, דאָס איז געווען אַ נאָרמאַלע דערשיינונג אין אַלע ערטער פון ווייסרוסלאַנד, דאָך האָבן איבער 1000 יידן אין מינסק (2% פון אַלע תושבים) אָנגעגעבן רוסיש אַלס זייער רייד־שפּראַך.

גאָר וויכטיק פאַר אונדז איז די איינטיילונג פון די יידן אין באָברויסק לויט זייער געשלעכט:

| עלטער | זכרים | נקבות | סה״כ |
|---|---|---|---|
| 0—9 | 2910 | 2932 | 5842 |
| 10—19 | 2396 | 2888 | 5284 |
| 20—29 | 1664 | 1910 | 3574 |
| 30—39 | 1087 | 1145 | 2232 |
| 40—49 | 732 | 864 | 1596 |
| 50—59 | 497 | 533 | 1030 |
| 60—69 | 389 | 398 | 787 |
| 70—79 | 190 | 143 | 333 |
| 80—89 | 37 | 28 | 65 |
| 90—99 | 2 | 6 | 8 |
| ניט באַוווּסט | 2 | 6 | 8 |
| סה״כ | 9906 | 10853 | 20759 |

דאָס ערשטע, וואָס וואַרפט זיך אונדז אין די אויגן, איז דער עודף פון פרויען לגבי מענער: אויף

יעדערע 1000 מענער — 1096 פרויען. און אויב אין עלטער ביז 10 יאָר און פון 60 אָן גלייכט זיך אויס די צאָל פון זכרים און נקבות, ווערט אין דעם יוגנט־עלטער און אין דעם אַרבעט־עלטער נאָך מער גע־שטערט דער באַלאַנס. דער אונטערשייד אין דעם עלטער 20—29 איז לכאורה אַ קליינער (פרויען נאָר מיט 246 מער), אָבער מיר מוזן אַראָפּרעכענען פון דער צאָל מענער 313 יידישע סאָלדאַטן, וואָס זענען געקומען פון דרויסן און זענען מיינסטנס געווען אין דעם עלטער, און דאַן וועט קלאָר ווערן, אַז 58,6% פון די יידישע שטאָט־תושבים אין אָט דעם עלטער האָבן געהערט צום שיינעם מין; און אויף יעדער 1000 יונגע לייט פון דעם עלטער האָבן זיך געפונען 1410 פרויען אין דעם אָ עלטער. אויך דער שטראָמער אַראָפּשטייג פון יאָרצענדליק צו יאָרצענדליק אין דער עלטער־ און געשלעכט־טאַבעלע לאָזט זיך דערקלערן נאָר מיט דעם פּראָצעס פון נאַטירלעכער שטערבלעכ־קייט. די דאָזיקע טאַבעלע איז טיפּיש פאַר אַ שטאָט, וואָס געפינט זיך אין פּראָצעס פון שטייגנדיקער אויס־וואַנדערונג — פאַר אַ שטאָט, וואָס אירע תושבים פאַרלאָזן זי און גייען זוכן פרנסה אין אַנדערע ערטער, אין די גרויסע שטעט און מעבר לים.

אַ געוויסן אינטערעס וועלן מיר געפינען אויך אין דער טאַבעלע, וואָס ווייזט דעם פאַמיליע־צושטאַנד פון די יידן אין באָברויסק (צונויפגעשטעלט וועדליק דער רייד־שפּראַך, נישט וועדליק דער רעליגיע).

| פאַמיליע־צושטאַנד: | זכרים | נקבות | סה״כ |
|---|---|---|---|
| בחורים און מיידלעך (נישט חתונה געהאַטע) | 6270 | 6527 | 12797 |
| חתונה געהאַטע | 3403 | 3583 | 6986 |
| אלמנים, גרושים | 184 | 693 | 877 |
| ניט באַוווּסט | 2 | 7 | 9 |
| | 9859 | 10810 | 20669 |

פון דער אָ טאַבעלע דערוויסן מיר זיך, אַז אין שטאָט זענען געווען בערך 4000 יידישע משפחות, צווישן זיי עטלעכע הונדערט משפחות, וואָס איינער פון די ראשי־המשפחה האָט געפעלט (ס׳רוב דער פאָ־טער); אַרום 180 משפחות האָבן געוווינט, ווייזט אויס, צוליב פרנסה־ענינים, מחוץ פון באָברויסק. די דורכ־שניטלעכע צאָל פון אַ משפחה איז געווען 5 נפשות.

## 11. די אַרבעטס־באַשעפטיקונג און די פרנסה־קוואַלן צום סוף 19טן יאָרהונדערט

די טאַבעלע פון די פרנסה־קוואַלן און די באַשעפ־טיקונגען, וואָס איז צוגעגרייט געוואָרן אין דער פאָלקס־ציילונג פון יאָר 1897 (וועדליק דער רייד־שפּראַך פון די אויסגעפרעגטע), גיט אונדז אַ קלאָר אַלגעמיין בילד וועגן דערווירטשאַפטלעכער אַקטי־וויטעט פון די יידן און קריסטן אין באָברויסק. נאָך דעם ווי מיר וועלן אַראָפּרעכענען די 5065 מיליטער־לייט, וואָס זענען פון ווירטשאַפטלעכן שטאַנדפּונקט געווען אַן איינהייט פאַר זיך גופא, וועלן איינגעטיילט ווערן די תושבים אויף „שפייזער" און אויף „אָפּהענ־גיקע פון זיי", אויף אַזאַ אופן:

| | אַלגעמיינע באַפעלקערונג | צווישן זיי יידן |
|---|---|---|
| שפייזערס | 10108 | 6644 |
| אָפּהענגיקע | 18654 | 13704 |
| | 28762 | 20348 |

פון די 6644 יידן־מפרנסים זענען געווען 4650 מע־נער און 1994 פרויען. די טאַבעלע פון די פרנסה־קוואַלן און פון דער פאָלקס־ציילונג אין רוסלאַנד אין 1897 האָט איינגעשלאָסן 65 פּראָפעסיעס, אָבער לגבי דעם אַלגעמיינעם בילד קען מען קאָנצענטרירן די דאָ־זיקע פּראָפעסיעס אין 7 קאַטעגאָריעס: לאַנדווירט־שאַפט, מלאכה און אינדוסטריע, טראַנספּאָרט, מסחר, באַדינונג און טאָג־אַרבעטער, פרייע פּראָפעסיעס און באַאַמטנטום (מלוכישע און געזעלשאַפטלעכע) און אומ־פּראָדוקטיווע און אומקלאָרע פרנסה־מקורות.

און דאָס איז די פאַרטיילונג פון שפייזערס (מפר־נסים) אין באָברויסק בכלל און פון די יידן אין שטאָט בפרט, לויט די ווייטערדיקע זיבן קאַטעגאָריעס:

| בראַנזשעס | אַלע שפייזערס | % | שפייזערס יידן | % |
|---|---|---|---|---|
| לאַנדווירטשאַפט | 530 | 5,2 | 70 | 1,0 |
| מלאכה און אינדוסטריע | 2964 | 29,2 | 2438 | 36,6 |
| טראַנספּאָרט | 587 | 5,8 | 349 | 5,3 |
| מסחר | 1802 | 17,8 | 1706 | 25,7 |
| באַדינונג און טאָג־אַרבעט | 2215 | 21,9 | 1034 | 15,7 |
| פרייע פּראָפעסיעס, באַאַמטנטום | 777 | 7,8 | 374 | 5,7 |
| אומפּראָדוקטיווע פרנסות | 1233 | 12,3 | 673 | 10,0 |
| סה״כ | 10108 | 100 | 6644 | 100 |

דער פאָלקס־ציילער שטעלט ניט פעסט דעם ווירטשאַפטלעכן מעמד פון די מפרנסים; מלאכה און אינדוסטריע זענען כולל: אינדוסטריעלער, זעלבשטענדיקע בעלי־מלאכות, אַרבעט־געזעלן און פאַבריק־אַרבעטער; אין מסחר זענען איינגעשלאָסן: הורט־האַנדל — רייכע לייט, קרעמער, האַנדלס־אָנגעשטעלטע, גאַסן־הענדלער אאַז״וו. דאָס באַשווערט דעם אַנאַליז פון די ציפערן, און דאָס בילד איז דעריבער ניט קלאָר.

דער גרעסטער אָפטייל זענען די וואָס לעבן פון מלאכה און אינדוסטריע, איבער 82% יידן. באַברויסק איז, בכן, געווען אַ שטאָט פון פראָדוקטיווער אַרבעט. קרוב אַ העלפט יידישע בעלי־מלאכות (1293 מענער און פרויען) האָבן זיך עוסק געווען אין באַקליידונג און באַשיכונג, דאָס הייסט, געווען שניידערס, שוסטערס, היטל־מאַכערס אדג״ל. 318 זענען געווען אין בוי־וועזן (בוי־מייסטערס, מאַלערס, גלעזער אאַ״וו), 236 אין דער האָלץ־בראַנזשע (סטאָליערס א״א).

די מעבל־אינדוסטריע האָט זיך אַנטוויקלט אין באַברויסק אין אָנהייב פון 20סטן יאָרהונדערט און האָט זיך דערוואָרבן אַ גוטן נאָמען אויך מחוץ פון מינסקער גובערניע, בעיקר אין די שטעט פון דרום־רוסלאַנד. 145 מאַן האָבן זיך פאַרנומען מיט מעטאַל־באַאַרבעטונג, מיינסטנס, זעט אויס, שלאָסערס און בלעכערס, ווייל פון אַן אַנדער מקור איז אונדז באַוווּסט, אַז אין דער פאַבריק פאַר אייזן־גיסעריי און מעכאַניק, וואָס האָט געהערט צו די פאָליאַקן שווענטאָזשיצקי און סאַמצוזשעווסקי, וואָס האָט באַשעפטיקט אין 1904 60 אַרבעטער, האָט געאַרבעט נאָר איין יידישער אַרבעטער. אין באַברויסק זענען אויך געווען סוף 19טן יאָרהונדערט איין טאַראַק און אַ יי״ש ברענעריי; אין די צוקערלעך־פאַבריקן, וואָס די צום מייסטן באַקאַנטע פון זיי איז געווען בעלענקיס פאַבריק, האָבן געאַרבעט עטלעכע צענדליק אַרבעטער און אַרבעטערינס, און אויף דער פראָדוקציע איז געווען אַ גרויסער נאָכפרעג, באַזונדערס יום־טוב־צייט, אין אַלע שטעט פון תחום־המושב. פון די אַנדערע פאַכן דאַרף מען דערמאָנען די יידישע דרוקער־אַרבעטער (96 מענטשן). די צאָל יידישע אַרבעטער אין דער טעקסטיל־בראַנזשע (69 מאַן) און אין דער טאַבאַק־בראַנזשע (12 מאַן) איז, ווי מיר זעען, געווען גאָר קליין, הגם די דאָזיקע בראַנזשעס זענען אין עטלעכע אַנדערע שטעט פון תחום־המושב געווען אַנטוויקלט.

דאָס אַלגעמיינע בילד פון באַברויסק איז פון אַ האַנטווערק־ און קליין־אינדוסטריע־שטאָט. צוזאַמען מיט זייערע משפחות האָבן די, וואָס לעבן פון האַנטווערק און אינדוסטריע, דערגרייכט די צאָל פון 7900 נפשות (39% פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג).

אין דער טראַנספאָרט־בראַנזשע איז גאָר קענטיק דער טייל פון די יידישע באַלעגאַלעס (289 אַקעגן 54 ניט־יידן); צוזאַמען מיט זייערע משפחות האָבן זיי געציילט 1121 נפשות. דאַקעגן זענען יידן געווען גאָר שוואַך פאַרטרעטן אין דער אייזנבאַן־אַרבעט (18 פון 148 אַרבעטער, און נאָך ווייניקער אין פאָסט (1 צווישן 45 אַרבעטער). קיין ווּנדער ניט: די אייזנבאַן און פאָסט האָבן געהערט צו דער מלוכה.

1034 באַדינונג־ און טאָג־אַרבעטער האָבן פאָרגעשטעלט מיט זיך דעם פראָלעטאַריאַט, די סאַמע אָרעמסטע שיכט, פון זיי 732 פרויען, די גרעסטע מערהייט זייערע — הויז־דינערינס אין די נגידישע הייזער און ביי דעם מיטלשטאַנד. אַ היפשער טייל פון די 562 קריסטלעכע פרויען־הויז־דינערינס זענען, זעט אויס, אויך געווען פאַרבונדן מיט יידישע משפחות, הגם אַ סך פון זיי האָבן געאַרבעט ביי די העכערע מיליטער־לייט און ביי דער קריסטלעכער אינטעליגענץ; צוזאַמען מיט זייערע משפחות האָבן זיי אויסגעמאַכט נאָר 8,5% פון דער שטאָט־באַפעלקערונג.

צו דער דאָזיקער שיכט געהערן אויך די שוואַרצע אַרבעטער, וואָס האָבן געזוכט טאָג־אַרבעט אין די פאָלוואַרקעס און פערמעס אין דער אומגעגנט. אַ קאָרעספאָנדענט אין „הצפירה" דערציילט, אַז נאָך אין יאָר 1881 האָט איינער פון די פריצים אָנגעהויבן קולטיווירן דעם האָפן־פלאַנץ (כמעל — хмель) ניט ווייט פון באַברויסק. אין עטלעכע יאָר אַרום האָט דער פאַרפלאַנצטער שטח אַרומגענומען 4 קוואַדראַט־וויאָרסט (איבער 400 העקטאַר) און ס'האָבן זיך געפאָדערט טויזנטער אַרבעט־הענט, באַזונדערס אין פרילינג, זומער און האַרבסט. „אַ 150 מענטשן פון אונדזער פאָלק, מענער, פרויען, יינגלעך און מיידלעך — שרייבט אַ באַברויסקער אין „הצפירה" — שטייען אויף אין פריען באַגינען און גייען אַרויס צו זייער שווערער אַרבעט, מיט אַלע כוחות שטרעבן זיי זיך אָן צו אַרבעטן טיכטיק און געפעלן ווערן דעם אדון".

70 יידישע משפחות האָבן זיך פאַרנומען מיט לאַנדווירטשאַפט. מען דאַרף אָננעמען, אַז די מערהייט

יידישע פויערים זענען געווען קליינע אַרענדאַרן, וואָס האָבן אויף זייערע קליינע באָדן־שטחים פֿאַרזייט גרינסן, אָדער סאַדאָווניקעס, וואָס האָבן אָפּגעדונגען סעדער און פֿאַרקויפֿט די פּרוכט. „באָברויסק — דערציילט א. אחימאיר אין זיינע זכרונות — איז געווען געבענטשט מיט אירע עפּל, דאָס זענען געווען די אַנטאַנאַווקע־עפּל טאָקע פֿון באָברויסק, וואָס האָבן געהאַט אַ שם אין מאָסקווע און פּעטערבורג. דער אַ מין עפּל איז שפּעט רייף געוואָרן און איינגעהאַלטן זיין טעם און אַראָמאַט ביז סוף זומער. די סאַדאָווניקעס האָבן עקספּאָרטירט די „אַנטאַנאַווקעס" פֿאַר די צוויי רוסישע הויפּט־שטעט."

דער מסחר איז כמעט אין גאַנצן געלעגן אין יידישע הענט. יידן האָבן אויסגעמאַכט 95% פֿון די סוחרים. דער איינציקער האַנדלס־צווייג, וואָס אין אים האָבן געהאַט אַן איבערוואָג די קריסטן, איז געווען דער פֿי־האַנדל (3 יידן צווישן 20 פֿיהענדלער), דאַקעגן זענען געווען אַזעלכע האַנדלס־צווייגן (תבואה, גאַסן־הענדלעריי), אין וועלכע ס'איז ניט געווען קיין גוי אויף אַ רפואה, אָדער ס'האָבן זיך פֿאַרוואַלגערט אַ פּאָר גויים (בוי־מאַטעריאַלן, אייזערנע כלים, לייוונטן און קליידער). 39 יידן האָבן פֿאַרקויפֿט שאַרפֿע געטראַנקען אַקעגן 5 ניט־יידן. הגם נאָר אַ פֿערטל פֿון די יידישע מפרנסים האָבן זיך פֿאַרנומען מיט מסחר און קרעמעריי, האָבן זיי מיט זייערע משפחות געציילט אַרום 7000 נפשות — העכער אַ דריטל פֿון דער יידישער באַפֿעלקערונג אין באָברויסק.

ווי שוין אויבן געזאָגט, איז שווער פֿון די פֿאָלקס־ציילונג־טאַבעלעס צו באַקומען אַ פֿול בילד וועגן דעם ווירטשאַפֿטלעכן מעמד פֿון די סוחרים, אָבער איין טאַבעלע ווייזט אָן, אַז אין באָברויסק זענען געווען 378 סוחרים, דאָס מיינט, מענטשן, וואָס האָבן געצאָלט די באַזונדערע שטייערן, וועלכע האָבן זיי געגעבן דעם טיטל סוחר פֿון ערשטער אָדער צווייטער גילדיע. אַ סברה, אַז כמעט אַלע זענען זיי געווען יידן (די גויים האָבן זיך ניט געניייטיקט אין די רעכט, וואָס די גילדיעס האָבן געגעבן), דאָס זענען געווען די נגידישע און פֿאַרמעגלעכע משפחות אין באָברויסק.

אין די פֿרייע פּראָפֿעסיעס און אין באַאַמטנטום איז קליין געווען די צאָל פֿון יידן. צו די האָבן געהערט אויך די „כלי קודש" פֿון כל המינים (אַ 57 מאַן בערך) און די באַשעפֿטיקטע אין שול־ און דערציונג־וועזן (259 מאַן), וואָס אַ היפּשער טייל פֿון זיי זענען געווען מלמדים. לויט אַנדערע קוואַלן האָט די צאָל מלמדים אין באָברויסק דערגרייכט סוף 19טן יאָרהונדערט „מער ווי הונדערט". ס'איז אָנצונעמען, אַז אַ קענטיקער טייל פֿון די 90 רוסיש־רײדנדיקע יידן האָט געהערט צו דעם קליינעם קרייז מעדיצין־אַרבעטער, אַדוואָקאַטן אדג"ל, וואָס נאָר 31 פֿון די 125 פּערזאָן האָבן אָנגעגעבן יידיש אַלס זייער אומגאַנג־שפּראַך.

דער פּראָצענט פֿון די וואָס זענען זיך מפרנס פֿון אומפּראָדוקטיווע אָדער אומקלאָרע מקורות (10%) זעט אויס אויפֿן ערשטן בליק צו זיין הויך, אָבער נאָך דעם ווי מיר וועלן צורעכענען די, וואָס זענען אָפּהענגיק פֿון זיי, וועט די צאָל דערגרייכן ביז 1310 נפשות, ד"ה 6,45% פֿון דער גאַנצער יידישער באַפֿעלקערונג אין שטאָט, אַ פּראָצענט גלייך צו דעם, וואָס איז פֿעסטגעשטעלט אין דער פֿאָלקס־ציילונג פֿאַרן גאַנצן יידישן שטאָטישן ישוב אין תחום־המושב. די אומקלאָרע הגדרות פֿון דער פֿאָלקס־ציילונג דערמעגלעכן ניט קלאָר צו מאַכן דעם גענויען צוזאַמענשטעל פֿון אָט דער שיכט. זי איז כולל, מן הסתם, אַ נישטיקן צאָל פֿון פֿאַרמעגלעכע מענטשן, וואָס לעבן פֿון זייערע פֿאַרמעגן־הכנסות, און אַ 182 פּערזאָן, וואָס באַקומען פּענסיע פֿון דער מלוכה און געזעלשאַפֿטלעכע אינסטיטוציעס, אַחוץ די 29 יידן, וואָס זענען אין טאָג פֿון דער פֿאָלקס־ציילונג געזעסן אויפֿן חשבון פֿון דער מלוכה אין באָברויסקער תפֿיסה און האָבן אויסגעמאַכט אַרום 4% פֿון די אסירים. אין דעם שיכט זענען אויך איינגעשלאָסן עטלעכע הונדערט נפשות, וואָס זענען אויסגעהאַלטן געוואָרן פֿון קרובים.

דאָס איז דער פּרצוף פֿון באָברויסק סוף 19טן יאָרהונדערט, געזען פֿון מאַטעריעלן און ווירטשאַפֿטלעכן קוקפּונקט, און דאָס איז געווען דער פּנים פֿון יעדער יידישער שטאָט אין תחום־המושב, מיט אירע סוחרים, בעלי־מלאכות, באַלעגאָלעס, מלמדים, משרתים אאַז"וו. דער דאָזיקער צוזאַמענשטעל האָט זיך ניט געענדערט ביז ס'איז אָנגעקומען אין די צוואַנציקער יאָרן די גרויסע איבערקערעניש און האָט אַלץ איבערגעדרייט מיטן קאָפּ אַראָפּ.

# דאָס אינעווייניקסטע לעבן פון דער קהילה באָברויסק אין 19טן יאָרהונדערט

## 1. „תורה, עבודה וגמילות חסדים"

אויף דריי יסודות איז געשטאַנען די וועלט פון דער אַלטער באָברויסק, וואָס האָט אָנגעהויבן ביסלעכווייז פאַרשווינדן מיטן אָנקום פונעם 20סטן יאָרהונדערט: אויף תורה, אויף דינען גאָט און אויף גמילות־חסדים. די באָברויסק פון 19טן יאָרהונדערט האָט געלעבט אַ פול יידיש לעבן; רעליגיעזע טראַדיציעס, לערנען תורה, אָפּהיטן מצוות — דאָס האָט געפורעמט די געשטאַלט פון דער יידישער וועלט, וואָס האָט אָפּגעהיט די גייסטיקע זעלבשטענדיקייט און אייגנטימלעכקייט אין אַ ים פון גויים, פרעמדע און פיינטלעכע. אָט דאָס דאָזיקע יידנטום האָט פאַרקערפּערט מיט זיך גייסטיקע שלמות און שטאַרקן אינערלעכן כוח, וואָס האָט באַוווּנדערט אַפילו די, וואָס האָבן זיך דערווייטערט פון אים. ישראל קאַפּילאָוו, אַ באָברויסקער ייד, וואָס האָט עמיגרירט קיין אַמעריקע אין די אַכציקער יאָרן און איז געווען אַן אַקטיווער אַנאַרכיסט און קעמפּערישער אַטעיִסט אין ניו־יאָרק, שרייבט אין זיינע זכרונות מתוך בענקשאַפט און לעכצונג וועגן „יענע טיפע, ריינע נשמהדיקע פרומקייט פון אונדזערע היימישע יידן, וועלכע זענען שטענדיק געווען מוכן ומזומן זיך מקריב זיין פאַר זייער גאָט און זיין ליבן פאָלק ישראל, און ביי וועמען דער באַוווסטזיין אַליין, אַז זיי זענען יידן, האָט זיי אָנגעפילט מיט אַ באַזונדערער גדלות און געהויבנקייט". מיט פיעטעט דערציילט ער וועגן יענעם באָברויסקער ייד, וואָס פלעגט „בהרחבותדיק גלעטן זיין שיינע באָרד, אַן איינציק הערעלע צערטלען, און פילן זיך בשעת מעשה גליקלעך און פרעגלען זיך פון נחת דערפאַר אַליין, וואָס ער איז זוכה צו זיין אַ ייד".

די אַ באָברויסק פון תורה און מיצוות איז געווען אונטער דער השפעה פון צוויי גייסטיקע צענטערס אין ליטע: פון איין זייט האָט משפיע געווען אויף איר די באַוועגונג פון לערנען תורה לשמה, וואָס אירע צענטערס זענען געווען סלוצק און וואָלאָזשין, און, פון דער אַנדער זייט, די חסידישע באַוועגונג, דער עיקר דער חב"דישער שטראָם אירער, וואָס די מנהיגים זיינע זענען געזעסן אין די שטעטלעך פון מזרח־ווייסרוסלאַנד — ליאַדי, ליובאַוויטש און קאַפּוסט.

די טרעגער פון אָט דער השפעה זענען געווען די רבנים און לומדים, די אדמו"רים און זייערע חסידים, אָבער אַלע בני באָברויסק זענען געווען באַטייליקט, אין אַזאַ אָדער אַנדער מאָס, אין תורה־לערנען און מקיים זיין די מיצוות, אַזוי אַז אַלע זענען געווען אין דער בחינה פון „כל ישראל קדושים". די פערציק בתי־מדרשים און שולן זענען געווען שטאָק פול מיט מתפללים, פון די תלמוד־תורות און חדרים האָט זיך געטראָגן אַ גאַנצן טאָג דאָס קול פון יידישע קינדער, חברות פון תורה־לערנען און צדקה האָבן איינגעשלאָסן אין זיך דעם רוב מנין פון די באָברויסקער יידן.

די בתי־מדרשים זענען צו יענער צייט געווען דער צענטער פון געזעלשאַפטלעכן לעבן אין שטאָט. דאָרט האָט מען גערעדט, דאָרט האָט מען געהערט דרשות פון די וואַנדערנדיקע מגידים, דאָרט האָט מען געלערנט תורה און דאָרט האָבן זיך פאַרזאַמלט „נאָכן דאַוונען און בין מנחה למעריב, בעלי־בתים פרייע פון זייערע געשעפטן אָדער סתם בטלנים און געשמועסט וועגן פּאָליטיק".

דעם שבתדיקן טאָג האָט מען אָפּגעגעבן פאַר תפילה און תורה לערנען. אין 19טן יאָרהונדערט האָבן די שמשים פון די שולן זיך נוהג געווען ערב שבת צו גיין איבער די גאַסן און מערק און אָנקלאַפּן אין די טירן פון די הייזער און קראָמען, אַז „ס'איז צייט איבערצורייסן דעם האַנדל לכבוד שבת". אין אַ שפּעטערער תקופה האָט מען דעם סיגנאַל, אַז דער שבת קומט, אָנגעגעבן דורך אַ פייף פון איינער פון די יידישע פאַבריקן אין שטאָט, וואָס דער אייגנטימער האָט אויף זיך גענומען מקיים צו זיין די דאָזיקע מצווה.

אין יענער צייט, ווען אין ווילנע און מינסק זענען שוין גאַנץ קענטיק צעטרייסלט געוואָרן די יסודות פון דער אַ אַלטער וועלט, זענען נאָך ניט צעשטערט געוואָרן אירע פונדאַמענטן אין דער קלענערער שטאָט באָברויסק.

ווי אַ פאָלקס־סימבאָל פאַר יענעם באָברויסק קען

דינען די געשטאַלט פון דעם „באָברויסקער פרוש״ ר׳ מרדכי צבי מאַנבי. קרוב צו פופציק יאָר איז דער „פרוש״ געזעסן אין זיין אָפּגעזונדערטן חדר, וואָס די גבירים פון דער ראַבינאָוויטש־משפּחה האָבן פאַר אים אויסגעבויט נעבן זייער בית־המדרש, געווען פאַרטיפט אין תורה און תפילה, גערעדט נאָר דברי־תורה און אויף לשון־קודש און האָט זיך דערנערט — אין די טעג, ווען ער האָט ניט געפאַסט — נאָר מיט עטלעכע קאַרטאָפל. פון צייט צו צייט פלעגט ער איבעררייסן זיין לערנען, כדי צו גיין איבערן שטאָט און קלייבן נדבות פאַר זיינע אָרעמע־לייט, מערסטנס „יורדים״ און געפאַלענע בעלי־בתים, וואָס פלעגן געניסן פון זיין מתן בסתר. איבער די גאַסן איז ער געגאַנגען מיט פאַרבונדענע אויגן, כדי ניט געשטרויכלט צו ווערן מיט אַ בליק אויף אַ פרעמדער אשה — און דערפאַר האָט מען אים אין שטאָט גערופן „דער בלינדער מגיד״. ער האָט געהאַט אַ גרויסע גייסטיקע השפעה, אַפילו אַ גרעסערע ווי די רבנים, וואָס אויך זיי האָבן פאַר־ערט דעם „בלינדן מגיד״ און פלעגן קומען צו אים „נהנה צו זיין פון דעם צדיקס לייכטנדיקער גע־שטאַלט און געבענטשט ווערן פון אים״. זיין פטירה אין דעם רעוואָלוציע־יאָר 1905 איז געווען אַ מין צייכן, אַן אָנדייט אויף אַ תקופה, וואָס איז פאַרביי, אַ תקופה וואָס דער תורה־וועג פון „פּת במלח ומים במשורה״ איז געווען דאַן דער חלום און באַגער פון גאָר אַ סך און פון די בעסטע.

## 2. די רבנים אין באָברויסק

„מאַן מלכי? — רבנן?״ — דאָס דאַזיקע גלייכ־ווערטל איז באַזונדער וועזנטלעך אין דעם אַלטן באָברויסק. אין סאַמע אָנהייב פון דער קהילה באָברויסק אין אַכצנטן יאָרהונדערט, בעת זי איז נאָך געווען איינע פון די קלענסטע קהילות אין דעם „גליל העליון״ פון ליטע, אונטערגעוואָרפן דעם רב הראשי, וואָס איז געזעסן אין סמילאָוויטשי ביי מינסק, האָט מען זיך ווייניק גערעכנט מיטן אָרטיקן רב. על כל פנים זענען ניט פאַרבליבן אין זכרון קיין נעמען פון באָברויסקער רבנים אין יענעם יאָרהונדערט.

דער ערשטער פון די שטאָט־רבנים, וואָס זיין נאָ־מען איז דערגאַנגען צו אונדז, איז ר׳ ברוך מרדכי עטינגאַ, וואָס איז געזעסן על כסא הרבנות פון באָב־רויסק קרוב פערציק יאָר, ביז ער האָט עולה געווען (1851) קיין ארץ־ישראל; דער רב, וואָס האָט גע־שטאַמט פון גאַליציע און חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פון הרב שמואל פון ווילנע, איז געווען אַ תלמיד פון ר׳ שניאור זלמן פון ליאַדי — דעם גרינדער פון חב״ד — און איז געגאַנגען אין זיינע וועגן. פונדעסטוועגן איז ער געווען זייער אָנגענומען ביי די מתנגדים אין שטאָט, אויך זיי האָבן זיך אונ־טערגעוואָרפן זיין אויטאָריטעט. פון דעם רבס זין, וואָס האָבן געטראָגן די פאַמיליע עטינגער, האָבן עט־לעכע געוווינט אין באָברויסק און זיך פאַררעכנט צו די מיוחסדיקע און רייכע משפחות אין שטאָט.

נאָכן עולה זיין פון ר׳ ברוך מרדכי קיין ארץ־ישראל זענען אין באָברויסק געווען שטענדיק צוויי רבנים, איינער פאַר די מתנגדים און דער צווייטער פאַר די חסידים, אָבער די גוטע באַציונגען צווישן די מתנגדים און די חסידים זענען ניט געשטערט געוואָרן, און אויב עס האָט אויסגעבראָכן אַ מחלוקת צווישן די צדדים אין ענינים פון דת און הלכה, האָבן זיך תמיד געפונען מענטשן צווישן די חשובע בעלי־בתים פון שטאָט, וואָס האָבן שלום געמאַכט צווישן די צע־קריגטע. אַזוי איז עס געשען, ווען אין די זיבעציקסטע יאָרן האָט זיך אָנגעהויבן אַ מחלוקה וועגן דער כשרות פון דער שטאָטישער מקווה און אויך וועגן דער פאָ־דערונג פון דעם מתנגדישן רב איינצושטעלן פאַר זיי אַ באַזונדערן שוחט און עפענען אַ באַזונדערע יאַטקע. איינער פון די מנהיגים פון די מתנגדים, דער נגיד מיכאל מאַרגאַלין, האָט זיך צוזאַמענגערעדט מיטן שוחט פון די חסידים, ר׳ טוביה, און ער האָט אויף זיך גענומען צו שעכטן פאַר די מתנגדים און מבטיח געווען מיט אַלע שאלות זיך ווענדן צו זייער רב. אויף אַזאַ אופן איז ווייטער אָנגעגאַנגען די שותפות־דיקע שחיטה אין שטאָט, און אויך די תביעה פון רב איז באַפרידיקט געוואָרן.

פון די חסידישע רבנים זענען געווען באַקאַנט ר׳ הלל פון פּאַריטש, וואָס איז געזעסן על כסא הרבנות אין באָברויסק פון תרי״ט (1851) ביז זיין פטירה אין יאָר תרכ״ד (1864). (וועגן אים וועט ווייטער גערעדט ווערן אין דעם פּאַראַגראַף וועגן חסידיזם אין באָב־רויסק). פון יאָר תר״ל (1870) ביז זיין פטירה אין יאָר תרפ״ג (1923), גאַנצע 53 יאָר, איז געשטאַנען בראָש פון דער חסידישער עדה אין באָברויסק דער רב (שפּעטער דער אדמו״ר) ר׳ שמריהו נח שניאורסאָן (אויך וועגן אים וועלן מיר רעדן ווייטער). דער לעצ־

טער רב פון די חסידים אין שטאָט איז געווען דער מאַן פון ר׳ שמריהו נח׳ס אייניקל ר׳ שמואל בעספּאַלאָוו, אַ געבוירענער אין פּאָלטאַווע, וואָס איז געווען געצווונגען אָפּצוזאָגן זיך פון זיין אַמט אונטערן דרוק פון דער סאָוויעטישער מאַכט אין 1929 יאָר. ער האָט אָבער ממשיך געווען משפּיע צו זיין אויף זיין עדה ביז ער איז געשטאָרבן ווי אַ קדוש, ווען די דייטשן האָבן איינגענומען די שטאָט.

פון די מתנגדישע רבנים איז באַקאַנט ר׳ אליהו גאָלדבערג פון קאַפּולע, אַ גרויסער גאון, למדן און ירא שמים, וואָס איז געווען רב אין באָברויסק אין די יאָרן תרי״ב—תרל״ה (1852—1875). ער האָט געגעבן סמיכה לרבנות אַ סך פון די ישיבה־בחורים אין באָברויסק און אומגעגנט. עטלעכע יאָר נאָר, תרל״ו—תרמ״ג (1876—1883), איז געזעסן אויף רבנות אין באָברויסק איינער פון די ליטווישע גאונים ר׳ יעקב דוד ווילאַווסקי, באַקאַנט אונטערן נאָמען הרידב״ז. ער איז געווען אַ שווערער מענטש, אַ מחמיר, און באָברויסק האָט אין זיינע אויגן אויסגעזען ווי אַ צו „פרייע״ שטאָט. ער האָט אויך געהאַט צוזאַמענשטויסן אין ענינים פון שחיטה און מקווה מיטן חסידישן רב ר׳ שמריהו נח. באָברויסק איז נאָר געווען איין סטאַציע אויפן לאַנגן וואַנדער־וועג פון דעם הרידב״ז פון קהילה צו קהילה, איינגעשלאָסן אַמעריקע און פאַרענדיקנדיק מיט צפת.

אָנהייבנדיק פון יאָר תרמ״ו (1886) זענען אויף דעם כסא הרבנות פון די מתנגדים אין באָברויסק געזעסן רבנים פון דער משפּחה שאַפּיראָ, וואָס שטאַמט פון ליטע און אירע תורה־וואָרצלען שטעקן אין וואָלאָזשינער ישיבה. דער ערשטער איז געווען דער גאון ר׳ רפאל שאַפּיראָ, דער איידעם פונעם נציב פון וואָלאָזשין, וואָס איז געזעסן אויף רבנות אין די יאָרן תרמ״ו—תרנ״ט (1886—1899). ר׳ רפאל שאַפּיראָ איז געווען אַן אייגנאַרטיקער טיפּ, אַן עניו, אַ נחבא אל הכלים און דערצו אַ גרויסער שווייגער. ער איז געווען דער רבי און מורה־דרך פון יחידי־סגולה, און ס׳איז קיין ספק ניט, אַז אין יענער צייט, ווען די השכלה און די באַוועגונגען אַרום איר האָבן ערשט אָנגעהויבן אַריינדרינגען אין באָברויסק, איז ער ניט געווען דער פּאַסיקער מענטש צו זיצן על כסא הרבנות אין אָט דער ברויזנדיקער שטאָט. „ווי אַ רב און מורה־דרך האָט מען כמעט אים ניט געפילט — שרייבט וועגן אים זיין שוואָגער ר׳ מאיר בערלין — זיין תמימות און בטלנות זענען געווען אַ שם־דבר אין שטאָט״, און אַז ער איז פאַרבעטן געוואָרן אין תרנ״ט (1899) צו קומען צוריק אין וואָלאָזשין און שטיין בראש פון דער ישיבה — איז ער אַוועק פון באָברויסק, טראָץ די ביטעס פון זיינע פאַרערער און זייערע הבטחות צו פאַרגרעסערן זיין געהאַלט.

אויף זיין אָרט איז באַשטימט געוואָרן פאַר אַ מתנגדישן רב זיין ייִנגערער ברודער ר׳ שמואל משה שאַפּיראָ. אויך ער, ווי זיין ברודער, האָט זיך באַצויגן מיט סימפּאַטיע צום ציוניזם און איז אַפילו געשטאַנען בראש פון „מזרחי״ אין שטאָט. נאָך זיין פּטירה אין תרע״ז (1917) האָט די רבנות איבערגענומען זיין זון ר׳ חיים צבי שאַפּיראָ, וואָס איז געקומען פון שטעטל לאַפּיטשי, ווו ער איז געווען רב אין די יאָרן פון סאָוויעטישן רעזשים.

אַחוץ די שטאָטישע הויפּט־רבנים איז ר׳ חיים גאָראָדענסקי געווען אַ באַזונדערער רב פאַרן שטאָט־פערטל „מינסקער פלאַן״ און נאָך אים איז אויפן כסא הרבנות געזעסן זיין איידעם ר׳ מרדכי זלמן ראַשעווסקי. אין יאָר תרל״ה (1878) האָט דער גביר יצחק ראַבינאָוויטש — נאָך דעם ווי ער האָט זיך צעקריגט מיטן הרידב״ז — אַראָפּגעבראַכט דעם רב נתן רובין פון כאַלוי און האָט אים אַוועקגעזעצט אין זיין פריי־וואַטן בית־המדרש, און נאָך דער ירידה פון די ראַבי־נאָוויטשעס האָט הרב רובין ממשיך געווען זיין רבנות; נאָך זיין טויט האָט געירשנט זיין אָרט ר׳ צבי דראַפּקין, וואָס איז אין יאָר תרפ״ט (1929) אַוועק קיין ארץ־ישראל.

אין די זעכציקער יאָרן איז, כידוע, אויפגעצווונגען געוואָרן אויף די ייִדישע קהילות דער רבנות־אַמט, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „קאַזיאָנער רב״. דער ערשטער „הרב מטעם״ פון באָברויסק דב בער ווילענסקי האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיינע מידות און וויסן, אויך מיט זיין גרויסער לומדות און קענטשאַפט אין לשון־קודש און רוסיש, באַזונדער אין דער דייטשישער שפּראַך. ער האָט פאַרטראָטן די קהילה לגבי דער מאַכט במשך פון 28 יאָר, ביז זיין פּטירה אין חשון תרמ״ט (אָקטאָבער 1888). אויף זיין אָרט האָט מען באַשטימט זיין פלימעניק, בתנאי, אַז אַ העלפט פון זיין געהאַלט זאָל ער אָפּגעבן פאַר דער אלמנה און אירע יתומים און ער זאָל נעמען פאַר אַ פרוי די טאָכטער פון זיין פעטער, איידער ער נעמט איבער דעם כסא־הרבנות. דער אָ ווילענסקי האָט

אַראָפּגענידערט דעם אַמט פון „קאַזיאָנעם רב" ביז דער לעצטער שטופּע. ער איז געווען אויסגעליידיקט פון תורה און מעשים־טובים און זיין התנהגות צווישן מענטשן און אין זיין היים האָט אַריבערגעשטיגן אַלע אָנגענומענע גרענעצן און איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ געזעלשאַפטלעכן סקאַנדאַל. ווילענסקי האָט געהאַט גוטע פאַרבינדונגען מיט דער רוסישער מאַכט און האָט צוליב דעם זיך געהאַלטן אויף זיין אַמט, ביז ער איז דורכגעפאַלן בעת די וואַלן סוף 1911, אַ דאַנק דער פאַרשטאַרקונג פון דער ציוניסטישער השפּעה אין דער קהילה.

### 3. תורה־לערנען און ישיבות

די גרינדער פון די ישיבות אין ליטע, וואָס צו ערשט האָבן זיי אויפגעשטעלט די ישיבה „עץ חיים" אין וואָלאָזשין אין יאָר תקס"ג (1803), זענען געווען גענייגט צו גרינדן זייערע ישיבות דווקא אין די קליינע שטעטלעך, כדי די ישיבה־בחורים זאָלן זיך אָפּגעבן מיט זייער לערנען, עס זאָל זיי ניט שטערן דאָס טומלדיקע געשעפט־ און מסחר־לעבן און מ'זאָל קענען אַכטונג געבן אויף זייער דערציִונג און זייער אויפפירונג. די ישיבות אין די מיטעלע און גרויסע שטעט זענען געשטאַנען אויף אַ נידעריקער מדרגה, גיכער זענען דאָס געווען צוגרייט־אַנשטאַלטן פאַר די גרויסע ישיבות אין וואָלאָזשין, מיר, טעלז וכו'. זיי האָבן זיך געשטיצט אויף די לערן־ און הדרכה־כוחות, וואָס זענען געווען אין שטאָט און אויף די בעלי־בתים, וואָס האָבן געגעבן געלט און פאַרבעטן די ישיבה־לייט, ס'רוב אָרעמע בחורים פון אַנדערע שטעט און שטעטלעך, צו עסן „טעג" ביי זיי.

דעם גייסט פון וואָלאָזשין האָבן צו ערשט אַריינגעבראַכט אין באָברויסק עטלעכע תלמידים פון ר' חיים וואָלאָזשינער, בתוכם ר' יוסף גרייעווער פון סלוצק און ר' דוד טבלע פון טורעץ (דער שפּעטערדיקער רב פון מינסק). ר' דוד טבלע איז פאַרבעטן געוואָרן אין יאָר תקע"ז (1817) צו לערנען גמרא מיט די זין פון דעם גביר ר' שמעון זימל עפּשטיין — און דער תלמיד זיינער ר' יהודה עפּשטיין דערמאָנט אים לשבח: „ער איז געווען איינער פון די ערשטע און בעסטע תלמידים אין דער ישיבה פון מורנו ורבנו הגאון ר' חיים זצ"ל אין וואָלאָזשין — — — און זיין לערנען איז געווען קלאָר און מיט גרויס פאַרטיפונג".

די ערשטע ישיבה אין באָברויסק האָט געגרינדעט ר' עקיבא אַלטשול, אַ בן סלוצק, אין יאָר תקפ"ג (1823). „ר' עקיבא — שרייבט אין זיינע זכרונות ר' יצחק ניסנבוים — האָט ניט נהנה געווען פון זיין ישיבה, קיין האָר ניט. אדרבא, ער האָט נאָך זי מהנה געווען פון זיין פאַרמעגן. זיין פרוי האָט געהאַט אַ גרויסע קראָם, וואָס האָט אים געגעבן פּרנסה. נאָך מער, ער איז אַרומגעפאָרן איבער די נאָענטע שטעט און דערפער און אויסגעפונען מנדבים פאַר דער ישיבה, און יעדעס יאָר פלעגט ער באַזוכן אָט די ערטער און איינמאָנען די באַשטייערונגען פון די מנדבים".

די ישיבה פון ר' עקיבא אַלטשול האָט עקסיסטירט אויך נאָך דעם ווי איר גרינדער האָט זיך אומגעקערט אין זיין געבורט־שטאָט. צווישן אירע ראשי־ישיבה זענען באַקאַנט ר' יחיאל מיכל עפּשטיין, דער מחבר פון „ערוך השלחן", אַ באָברויסקער, וואָס איז געווען ראש־ישיבה, ביז ער האָט איבערגענומען דעם כסא הרבנות אין נאָוואָזיבקאָוו (תרכ"ה — 1865). דאָ איז אויך געווען ראש־ישיבה ר' אברהם ברוך, אַ זון פון ר' יוסף בער סאָלאָווייטשיק, וואָס איז געווען אויף קעסט ביי זיין שווער ר' שאול קאַצענעלסאָן.

ר' יצחק ניסנבוים, וואָס האָט געלערנט אין אַלט־שולס ישיבה אין די יאָרן תרמ"א—תרמ"ג (1881—1883) דערציילט, אַז אין זיין צייט האָט די ישיבה געהאַט צוויי כיתות, אין דער ערשטער האָבן געלערנט בחורים, וואָס האָבן געקענט אַליין לערנען אַ בלאַט גמרא מיט רש"י, און אין דער צווייטער — די וואָס האָבן שוין געקענט לערנען מיט תוספות. אין דער ישיבה האָבן דעמאָלט געלערנט אַרום הונדערט תלמידים, אַ סך פון אַנדערע שטעט, וואָס האָבן געגעסן „טעג" אין די נגידישע הייזער און געוווינט אין אַ בנין, ספּעציעל אויפגעבויט נאָענט צום בית־המדרש. ראש־ישיבה איז דעמאָלט געווען ר' זלמן, „אַ הויך־וווקסיקער, אַ ברייט־פּלייציקער מיט לאַנגע באָרד און פאות און רבנישן לבוש. יעדן טאָג פלעגט ער זיך זעצן מיט אונדז צום טיש לערנען דעם שיעור. דער שיעור האָט געדויערט גאַנצע פיר שעה. ער האָט מסביר געווען די סוגיא מיט גרויס טיפזיניקייט — נאָך מיטאָג האָט דער רבי געזאָגט דעם שיעור אויפן „קליינעם טיש" און מיר, די תלמידים פון „גרויסן טיש", האָבן איבערגעחזרט דאָס וואָס מיר האָבן געלערנט אין דער פרי און געלערנט ווייטער — יעדן דאָנערשטיק האָבן מיר געהאַט אַ „וואַך־נאַכט", מיר האָבן געלערנט אַ גאַנצע נאַכט

ביז באַגינען. דער „רבי״ פלעגט אָפט אַריינקומען אין דער ישיבה זען וואָס מיר טוען״.

אין אַ שפּעטערער תקופה איז אַלס ראש פון דער אַלטשול־ישיבה באַשטימט געוואָרן ר׳ וואָלף ברודנער פון איליה. אין דער דאָזיקער ישיבה האָבן געלערנט עטלעכע פון די גרויסע רבנים אין רוסלאַנד, צווישן זיי דער עילוי פון סאָסניצע ר׳ חיים יהודה לייב ליטווין, וואָס איז דערנאָך געוואָרן ראש־ישיבה און מו״צ אין בראָדי און אב״ד אין סמאָרגאָן, אויך הרב יצחק יעקב אַראָנאָווסקי, אב״ד אין מוש־חדש נעבן באַראַנאָוויטש. אַן אַנדער תלמיד פון דער ישיבה, ר׳ ירוחם הלוי לייבאָוויטש, איז שפּעטער געווען משגיח אין די ישיבות סלאָבאָדקע און קעלעם, גייסטיקער מדריך אין מירער ישיבה און איינער פון די שפּיצן פון דער „מוסר־באַוועגונג״ אין רוסלאַנד.

מיט דעם וווקס פון דער קהילה באַברויסק האָבן זיך דאָרט געגרינדעט נאָך ישיבות. ד״ר י. ל. קאַצע־נעלסאָן (בוקי בן יגלי), וואָס האָט געלערנט אין די באָברויסקער ישיבות אין די זיבעציקער יאָרן פון 19טן יאָרהונדערט, דערציילט אין זיינע זכרונות וועגן „דריי הויכע ישיבות״, וואָס צוויי פון זיי האָבן זיך געפונען אין באַזונדערע בנינים, ספּעציעל אויסגעבויט נאָענט צו די גרויסע בתי־מדרשים פון די מתנגדים און די חסידים אויפן עק שאָסייאַיאַ גאַס. אין דער מתנגדי־שער ישיבה האָט געזאָגט זיינע שיעורים דער אויבן דערמאָנטער ר׳ מיכל עפּשטיין. „דער סדר פון די למודים אין דער ישיבה איז געווען אַזאַ — דערציילט בוקי בן יגלי: — יעדער תלמיד האָט געדאַרפט פאַרן שיעור אַליין לערנען די בלאַט גמרא, וואָס איז געווען אויפן סדר־היום מיט אַלע מפרשים: רש״י, תוספות, מהרש״א און מהר״מ. אין דער העכערער כיתה האָט דער ראש־ישיבה אַליין געזאָגט דעם שיעור און דער־קלערט די תלמידים זיינע פּרושים און פּילפּולים. אין דער נידעריקער כיתה האָט ער געלאָזן די תלמידים זאָגן דעם שיעור. איינער האָט געלייענט, למשל, די משנה און מסביר געווען אַזוי ווי ער האָט געקענט, אַ צווייטער האָט געלייענט און מסביר געווען אַ מאמר פון דער גמרא, אַ דריטער אַ שטיקל תוספות, אַ פערטער אַן אַנדער זאַך אַזוי. אויף דעם אופן האָט דער ראש־ישיבה געקענט די פעיִקייטן פון יעדן תלמיד און די מדרגה פון זיין תפיסה. אויב איינער פון די תלמידים האָט געהאַט עפּעס אַ קשיא אָדער האָט גע־פונען אַ סתירה אין אַ גמרא־מאמר, צי אין די מפרשים, האָט ער עס אַרויסגעבראַכט און דער ראש־ישיבה האָט זיך באַמיט צו פאַרענטפערן די קשיא, אָדער די סתירה. אָבער יעדן תלמיד איז געגעבן געוואָרן רשות צו פאַרענטפערן די פראַגעס, וואָס זענען געשטאַנען אויפן סדר־היום. על פּי־רוב פלעגט דער ראש־ישיבה אַליין פרעגן און ענטפערן, אַרויסברענגען אַ קשיא און געפינען אַ תרוץ, און אַלע חידושים, וואָס פלעגן אויפ־קומען בשעתן לערנען דעם שיעור, האָבן די תלמידים געדאַרפט גוט תופס זיין און פאַרגעדענקען״.

וועגן אופן פון לערנען אין די באַברויסקער ישי־בות אין די נייַנציקער יאָרן דערציילן צוויי תלמידים פון די אַ ישיבות, וואָס זענען געקומען פון די פּראָ־ווינץ־שטעט: יהושע מאַרגאָלין און ר׳ מנשה בנימין לעווין. צו יענער צייט האָט שוין די צאָל תלמידים אין די ישיבות זיך אָנגעהויבן פאַרקלענערן, און דאָך האָבן זיך נאָך געפונען אין באָברויסק 300 ישיבה־בחורים, מייַנסטנס פון די נאָענטע שטעטלעך. זיי זענען געווען צעשפּרייט איבער 20 קליינע ישיבות אין שטאָט.

אין 1901 האָט דער רב שמריהו נח שניאורסאָן געעפנט אין זיין הויף אַ ישיבה בנוסח חב״ד. דאָרט האָבן געלערנט יונגע ייִנגלעך אונטער דער השגחה פון אַ ספּעציעלן משגיח, און בחורים וואָס דער רב אַליין האָט זיך מיט זיי מטפּל געווען. חוץ גמרא, וואָס מען האָט געלערנט, פאַרטיפנדיק זיך אין דברי חכמים, און ניט אויסמיידנדיק דעם פּלפּול, האָבן די תלמידים יעדן טאָג געלערנט אַ פּרק אין „תניא״ אָדער אין אַנדערע חסידות־ספרים.

סוף 19טן יאָרהונדערט האָבן די ישיבות אָנגעהויבן זיך אויסליידיקן פון די תלמידים. די שטרעבונג צו אַלגעמיינער בילדונג, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין דעם באַגער אָנצוקומען אין אַ רעגירונג־גימנאַזיע, האָט זיך שוין געלאָזט מערקן אויך אין די פרומע קרייזן. דער כבוד פון דער תורה און אירע לערנערס האָט אַראָפּגענידערט. אין אַ קורצער צייט אַרום איז געקו־מען די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג און האָט אָפּגעריסן פון בית־המדרש אויך די „בני עניים שמהם תצא תורה״. אין די ישיבות זענען געבליבן בעיקר די בחור־רים פון די קליינע שטעטלעך, וואָס זענען געקומען לערנען אין דער גרויסער שטאָט. פאַר אַ גרויסן טייל פון זיי האָט די ישיבה געדינט ווי אַן איבערגאַנג צו השכלה און אַלגעמיינע לימודים. די יאָרן פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע (1904—1906) האָבן

געבראַכט מיט זיך אַ פולשטענדיקע צעשטערונג פון די ישיבות. די יונגע בית־המדרש־בחורים — אויך זיי — זענען ניט בייגעשטאַנען דעם נסיון און האָבן פאַרלאָזן זייער וועלט, זוכנדיק אַנדערע וועלטן.

כולם נשא הרוח, כולם סחף האור
שירה חדשה את בוקר חייהם הרנינה.
(ח. נ. ביאַליק)

(זיי אַלעמען האָט דער ווינט פאַרטראָגן, זיי אַלעמען האָט פאַרשלעפט דאָס ליכט. אַ נייע שירה האָט דעם פרימאָרגן פון זייער לעבן דערפרייט).

נאָר די ישיבה פון הרב ש. י. שניאורסאָן האָט זיך ווייטער אויפגעהאַלטן. די צאָל תלמידים האָט זיך, אמת, פאַרקלענערט אין יאָר 1910 אויף 50, אָבער די לימודים האָבן זיך געפירט נאָרמאַל, מיט געוויסע פשרות אין גייסט פון דער צייט, דהיינו, די דער־וואַקסענע תלמידים האָבן באַקומען אַ דערלויבעניש צו לערנען זיך רוסיש און אַנדערע וועלטלעכע לימו־דים, ווייל „אָן דעם קענען הײנטיקע צייטן אַפילו רבנים ניט אויסקומען".

טיפיש פאַר דער דאָזיקער איבערגאַנג־תקופה איז געווען ר' שמואל אַלעקסאַנדראָוו, אַ געבוירענער אין באָריסאָוו, וואָס האָט זיך באַזעצט אין באָברויסק אין יאָר תרמ"ט (1889), נאָך דעם ווי ער האָט חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פון מאָטע קאַצענעלסאָן, אַ חשובער תושב אין שטאָט. אַלעקסאַנדראָוו, אַ קענער פון דער תלמודישער ליטעראַטור און פון דער פאָר־שונג־ליטעראַטור פון מיטלעלטער, וואָס האָט זיך אויך אָפּגעגעבן מיט דער וועלטלעכער ליטעראַטור, איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג ניט נאָר מיט רבנים, נאָר אויך מיט „פרייע" דענקער (אחד העם, מ. ל. ליליענ־בלום, מ. י. בערדיטשעווסקי). ער האָט געהערט צו דער מזרחי־באַוועגונג, וואָס פאַקטיש איז זי פאַר געוויסע רעפאָרמעס אין די דרכים פון טראַדיציאָנעלן יידנטום. הגם אַלעקסאַנדראָוו אַליין איז געשטאַנען מיט ביידע פיס אויפן באָדן פון רעליגיעזער טראַדיציע, האָט ער זיך דערלויבט אַרויסצוברענגען אומפּאָפּולערע געדאַנקען, ווי למשל, דאָס אונטערשטרייכן דעם תלמו־דישן מאמר „מצוות בטלות לעתיד לבוא". אַלעקסאַנ־דראָוו האָט געפירט קליינע קרייזלעך פון ישיבה־בחורים און געלייענט פאַר זיי לעקציעס. צווישן זיינע תלמידים און פאַרערער איז געווען דער רב ד"ר מנשה בנימין לעווין, מחבר פון „אוצר הגאונים", וואָס דער־מאָנט אַלעקסאַנדראָוון צום גוטן אין זיינע זכרונות.

אין יאָר תר"ע (1910) איז צווישן די פרומע קרייזן אויפגעקומען אַ באַוועגונג צו „באַנייען די קרוין פון דער תורה" און מען האָט אָנגעהויבן פירן אַ ברייטע אַגיטאַציע צו לערנען תורה. לויט דער איניציאַטיוו פון הרב חיים גראָדענסקי פון „מינסקער פלאָן" און דעם אדמו"רס זון מנחם מענדל שניאורסאָן, האָט מען געעפנט אַ שול „תפארת בחורים", וואָס הונדערטער קינדער האָבן ביז דער רעוואָלוציע דאָרטן געלערנט. אַ נייע ישיבה איז אַנטשטאַנען אין דער צייט צווישן רעוואָלוציע און מלחמה, אויף דער איניציאַטיוו פון הרב רובין „צו לערנען תורה אָרעמע־לייט", אָבער עס איז שוין קלאָר געווען, אַז די תקופה, ווען תורה לער־נען איז געווען דער לעבנס־תוכן פון אַלט און יונג, איז פאַרביי — און מיט דעם האָט זיך אין גאַנצן איבערגעאַנדערשט דאָס גייסטיקע פנים פון דער קהילה באָברויסק.

## 4. חסידות אין באָברויסק

געווען אין ליטע און פוילן שטעט דורכויס מתנג־דישע (די טיפישסטע פון זיי — סלוצק, באַענט פון באָברויסק). געווען אויך שטעט, וואָס זענען געשטאַנען אונטער דער השפעה פון חסידות. אין באָברויסק איז תמיד געווען אַ מין גלייכגעוויכט צווישן אָט די צוויי גרויסע שטרעמונגען אין יידנטום און די אַ גלייכ־געוויכט האָבן סימבאָליזירט די צוויי גרויסע שולן אין שטאָט אויף דער שאָסיינאַיאַ גאַס — איינע קעגנ־איבער דער צווייטער; דער גרויסער בית־המדרש פון די מתנגדים, און קעגנאיבער דער גרויסער בית־המדרש פון די חסידים.

די באָברויסקער חסידים האָבן מיינסטנס געהערט צום שטראָם אין חסידות, וואָס האָט געהערשט אין ווייסרוסלאַנד, היינו, דער חב"ד־שטראָם. אין משך פון דריי דורות זענען געשטאַנען בראש פון די באָברויסקער חסידים דריי פערזענלעכקייטן, וואָס יע־דער פון זיי איז געווען פון די חב"ד־מנהיגים אין רוסלאַנד. אין אָנהייב פון 19טן יאָרהונדערט איז דאָס געווען הרב ברוך מרדכי עטינגאָ, אַ תלמיד פון אַלטן אדמו"ר; נאָך אים — ר' הלל פון פאַריטש, אַ מקורב צום מיטעלן אדמו"ר דוב שניאורסאָן און זיין יורש — ר' מנחם מענדל שניאורסאָן (דער „צמח צדיק"), און

צום סוף, אין די לעצטע יאָרן פון 19טן יאָרהונדערט און אין אָנהייב פון 20סטן יאָרהונדערט, ר׳ שמריה נח שניאורסאָן, זון פון דעם אדמו״ר יהודה לייב פון קאַפּוסט און דער פּערטער דור פונעם אַלטן אדמו״ר.

כאָטש די באָברויסקער חסידים זענען געווען אָנהענגער פון דער חב״ד־שיטה, האָבן זיי אָבער אויפגעהאַלטן זייערן אַן אייגענעם שטראָם; כידוע, איז דער הויפּט־שטראָם אין חב״ד געווען דער ליובאַוויטשער, וואָס זיינע גרינדער און גרונט־לייגער זענען געווען: דער זון פון אַלטן אדמו״ר דוב בער שניאורסאָן, וואָס האָט זיך באַזעצט נאָך זיין פאָטערס פּטירה (תקע״ג — 1813) אין שטעטל ליובאַוויטש; נאָך זיין טויט (אין יאָר תקפ״ח — 1828) האָט זיין איידעם מנחם מענדל שניאורסאָן ממשיך געווען זיין טעטיקייט. די אדמו״רים פון ליובאַוויטש האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייערע אָרגאַניזאַציאָנעלע פּעולות — און זיי האָבן עס אויפגעהאַלטן די נשיאות פון דעם שניאורסאָן־הויז ביז היינטיקן טאָג.

אָבער אין דער ערשטער צייט פון חב״דישער חסידות זענען געווען אויך אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַט באַוואָרענישן לגבי דער שליטה פון ליובאַוויטש. איינער פון די ערשטע פורשים, ר׳ אהרן הלוי הורוויץ, וואָס האָט זיך גערופן „ר׳ אהרן סטאַראָסעליער״ (געבוירן תק״ה — 1765, נפטר געוואָרן תקפ״ח — 1828), איז געווען פון די מקורבים צום אַלטן אַדמו״ר און נאָך זיין פּטירה ניט אָנערקענט דעם אויטאָריטעט פון זיין זון און געפּרוווט מקרב זיין די שיטה פון חב״ד פאַר דער שיטה פון דער מקורותדיקער חסידות — דער אוקראַינישער. נאָך זיין טויט האָט ער ניט איבערגעלאָזן קיין פּאַסיקן יורש, אָבער זיין שיטה, וואָס איז פאַרבליבן אין זיינע ספרים, איז געווען באַקאַנט אין די קרייזן פון חב״ד, און אַ טייל פון זיינע חסידים האָבן זיך ניט אומגעקערט נאָכן טויט פון זייער רבי צום ליובאַוויטש־הויז, נאָר אַוועק צום אדמו״ר פון קאידאַנאָוו.

און אַזוי געפינען מיר אין באָברויסק אַ „סטאַראָסעליער בית־המדרש״ אויפן נאָמען פון דעם מורד אין די שניאורסאָנס. געווען אויך אין שטאָט אַ קלענער קרייז פון קאַידאַנעווער חסידים.

כדאי אויך אָפּצומערקן, אַז ר׳ הלל פון פּאַריטש האָט זיך אויפגעפירט אין די לעצטע יאָרן לויטן מנהג פון אדמו״ר, און גאָר אַ סך פלעגן קומען „זיך שואל עצה זיין מיט אים סיי אין הימלישע ענינים און סיי אין וועלטלעכע פראַגן״. ווייזט אויס, אַז דאָס איז ניט געווען צום האַרצן די חסידים פון ליובאַוויטשער הויף, ווי דאָס קומט צום אויסדרוק אין די ווערטער פון ר׳ יצחק אייזיק הלוי, דעם האָמלער רב, וואָס ער האָט געזאָגט אויף ר׳ הלל פון פּאַריטש, כפי עס גייבן איבער די חסידים: „ביל פּאַכאַר אי סטאַל זנאַכאַר״ (ד. ה. געווען אַ פּויער און געוואָרן אַ רופא).

נאָך דער פּטירה פון „צמח צדיק״ האָט אָפּגעירשנט זיין כסא הרבנות זיין יינגערער זון ר׳ שמואל שניאורסאָן, אָבער ווייזט אויס, אַז אין באָברויסק האָט דער גרעסטער טייל פון די חסידים געהאַט אַ נטיה צו ר׳ יהודה לייב שניאורסאָן, וואָס האָט זיך באַזעצט אין קאַפּוסט, און נאָך דעם ווי עס איז נפטר געוואָרן ר׳ יהודה לייב (תרכ״ז — 1867), זענען זיי געגאַנגען מיט זיין זון, שלמה זלמן פון קאַפּוסט; אין עטלעכע יאָר אַרום האָבן זיי אַוועקגעזעצט אויפן כסא הרבנות זיין ברודער ר׳ שמריה נח שניאורסאָן — אַ דריי און צוואנציק יאָריקער יונגער־מאַן. נאָך דער פּטירה פון ר׳ שלמה זלמן אין יאָר תר״ס (1900) האָט שמריה נח אָנגעהויבן זיך נוהג זיין ווי אַן אדמו״ר, האָט געגרינדעט אַ ישיבה אין באָברויסק, און זיכער האָט ער מתכוון געווען צו שאַפן דאָ אַ צענטער פאַר חב״דער חסידות, וואָס זאָל זיך ניט האָבן צו שעמען פאַרן ליובאַוויטשער צענטער.

על כל פנים, האָט דער חסידישער עולם אין באָברויסק זיך ניט אָריענטירט אין די אַלע נגודים און סתירות צווישן זייערע מנהיגים און מורי־דרך. חב״דישע חסידות האָט ניט געשטעלט דעם טראָפּ אויף דער פּערזענלעכקייט פון דעם צדיק, נייערט אויף זיין תורה און שיטה. לגבי דעם חסידישן עולם האָט ר׳ שמריה פאַרקערפּערט אין זיך דעם אמתן קשר מיט דעם „הויז פונעם רבי״, דהיינו, דעם הויז פונעם אַלטן אדמו״ר, וואָס מיט אים איז חב״דישע חסידות געווען היסטאָריש פאַרבונדן.

צווישן די חסידים זענען, פאַרשטענדלעך, געווען פאַרשיידענע מדרגות און דרכים אין עבודת הבורא. אין די זכרונות פון ישראל קאָפּילאָוו, וואָס מיר האָבן אויבן דערמאָנט, ווערט באַשריבן דער באַזוך פונעם אדמו״ר ר׳ לייבעלע (יהודה לייב פון קאַפּוסט) אין באָברויסק. די חסידים, מיינסטנס אָנגעטאָן אין אַטלאַסענע קאַפּאָטעס, ברייטע גאַרטלען און שטריימלעך, זענען אַרויס אים מקבל פּנים זיין. ער איז געזעסן אין שטאָט קרוב אַ וואָך צייט, האָט געזאָגט תורה, גע־

דאַוונט מיט די חסידים און געבראַכט נייע נגונים. די פּאָליציי, וואָס האָט באַקומען „אין האַנט״, האָט זיך געמאַכט ניט זעענדיק די יידישע שמחה. דער רבי האָט אויפגענומען די, וואָס האָבן זיך געוואָנדן צו אים, גענומען פּדיונות און געטיילט ברכות. אַז ער האָט פאַרלאָזן די שטאָט, האָט ער איבערגעלאָזט נאָך זיך זכרונות און בענקענישן נאָך די דערהויבענע טעג, וואָס האָבן זיך געפילט אין שטאָט בעת ער האָט זיך דאָ אויפגעהאַלטן. צווישן די חסידים זענען געווען יחידים, באַרימטע און אָנגענומענע מיט זייער שטייגער לעבן אויך מחוץ פון באָברויסק. הרב י. ניסנבוים, אַ זון פון אַ מתנגדישער משפחה, באַשרייבט אין זיינע יוגנט־זכרונות ר׳ זלמן האַציסן (געמיינט ר׳ זלמן מאַרגאָלין) פון די שטאָט־גבירים, גבאי פון יידישן שפּיטאָל, וואָס פלעגט דאַווענען ביחידות אין בית־המדרש מיט אַזאַ דבקות און התלהבות, וואָס דאָס קינד האָט עס קיין מאָל ניט געזען. דער אדמו״ר יוסף יצחק שניאורסאָן פון ליובאַוויטש פלעגט דערציילן וועגן ר׳ אברהם פון באָברויסק, וואָס „האָט געהאַט אַ הדרת־פּנים און געווען אַ גרויסער בר־דעת אין נגלה און חסידות, און דערצו אַ בעל־מידות. זיין הדרת־פּנים איז געווען אַזאַ, אַז אַ פאַרגרעבטער מענטש האָט פּשוט געשעמט זיך צו קוקן אין זיין פּנים, באַזונדער ווען ער איז געווען פאַרזונקען אין עפּעס אַן ענין״.

קאַידאַנאָווער חסידות איז געווען, ווייזט אויס, פאַרשפּרייט צווישן די אָרעמסטע פאָלקס־שיכטן, און אין דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן פון שטאָט איז זי כמעט ניט קענטיק געווען. די קאַידאַנאָווער האָבן זיך קאָנצענטרירט אַרום דעם קאַידאַנאָווער בית־המדרש. זיי האָבן זיך געפילט פאַרבונדן מיט די אדמו״רים ר׳ אהרן קאַידאַנעווער (נפטר געוואָרן אין 1897) און מיט זיין זון ר׳ יוסף (נפטר געוואָרן אין 1915). עס איז אויך געווען אין באָברויסק אַ בית־המדרש פון די ליאַכאָוויצער חסידים, אָנהענגער פון דעם אדמו״ר ר׳ נח פון ליאַכאָוויץ (נפטר געוואָרן אין יאָר 1920).

נאָך דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע אין 1905, ווען די תורה־ און רעליגיע־אינסטיטוציעס און באַגריפן האָבן זיך שטאַרק אַ טרייסל געטאָן אין באָברויסק, זענען די חסידי־חב״ד געווען די ערשטע, וואָס האָבן פאַרהאַלטן די סכנה. בראש פון די, וואָס האָבן זיך פאַרנומען איינצוהאַלטן דאָס רעליגיעזע יידנטום אין שטאָט, האָט זיך געשטעלט דער איינציקער זון פונעם אדמו״ר ר׳ שמריה נח — ר׳ מנחם מענדל שניאורסאָן. אין זיין רבישן הויף און אונטער זיין השפּעה האָט ממשיך געווען איר קיום די חב״דישע ישיבה, וואָס — ווי מיר האָבן אויבן דערמאָנט — איז געבליבן די איינציקע אין שטאָט. די חסידים האָבן אָפּגעהיט די טראַדיציאָנעלע חדרים און די תלמוד־תורות, אַז פרעמדע ווינטן — השכלה און ציוניזם — זאָלן ניט אַריינדרינגען אַהין. זיי האָבן אַפילו זיך ניט אָפּגעהאַלטן פון אָנווענדן מאָדערנע מיטלען: ווען פון ליובאַוויטש איז אַרויס דער רוף צו אָרגאַניזירן די חסידישע קינדער און יוגנטלעכע אין איין פאַרבאַנד, וואָס זאָל זיך קאָנצענטרירן אַרום דער חב״דישער קינדער־צייטונג „האח״ — איז די גרעסטע אָפּטיילונג פון אָט דער אָרגאַניזאַציע געשאַפן געוואָרן אין באָברויסק. די אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט געציילט אַרום 350 קינדער און יוגנטלעכע, האָט זיך גערופן „אחי התמימים״.

אָט אַזוי האָט זיך די חסידות אין באָברויסק געראַנגלט מיט דעם נייעם גייסט פון דער צייט, וואָס צעשטערט דעם היכל פון אַלטן יידנטום, און געפּרוווט ראַטעווען וואָס ס׳האָט זיך געלאָזט אין יענער ביטערער צייט.

### 5. די צדקה־חברות און וווילטעטיקע אַנשטאַלטן

דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן אין באָברויסק האָט זיך אין 19טן יאָרהונדערט געדרייט אַרום פאַרשיידענע צדקה־חברות. אין שפּיץ פון די דאָזיקע חברות איז געשטאַנען די חברה „ביקור חולים״, וואָס, לפי דעם עדות־זאָגן פון איינעם פון די באָברויסקער שרייבער, „געדענקען ניט אַפילו די עלטסטע תושבים פון באָברויסק דעם טאָג, ווען מען האָט די חברה געגרינדעט״, אָבער נאָר אין יאָר 1863 האָבן זיך אַ נעם געטאָן די חשובע שטאָט־בעלי־בתים, בראש מיטן גביר מיכאל מאַרגאָלין, און אויסגעבויט אַ שפּיטאָל, וואָס האָט אָפּגעקאָסט אַ 4000 רובל. אין דעם דאָזיקן שפּיטאָל זענען אין 1890 געווען 28 בעטן און צוויי אָפּטיילונגען, איינע פאַר מענער און איינע פאַר פרויען. מען האָט אָנגעשטעלט אַ פעלדשער אַלס פאַרוואַלטער פונעם הויז און אַ דאָקטער פלעגט קומען צוויי מאָל אין טאָג. דער שפּיטאָל האָט געהאַט דרייצן חדרים „אַחוץ דער שול און באָד״. דער בודזשעט פון שפּיטאָל — 6000 רובל אַ יאָר, בערך — האָט מען געדעקט צום גרעסטן טייל פון דעם קאָראָבקע־שטייער. דער שפּי־

טאָל האָט זיך פאַרבונדן מיט אַן אַפּטייק, דעם גרעסטן אין שטאָט, ווו אָרעמע־לייט פלעגן באַקומען ביליק רפואות, לויט אַן אונטערשריפט פון דעם גבאי פון „ביקור חולים״. אגב, די דאָזיקע אַפּטייק איז פאַרברענט געוואָרן אין דער גרויסער שריפה אין 1874 און איז צוריק אויפגעבויט געוואָרן לויט דער איניציאַטיוו פונעם גביר מאַרגאָלין.

די „חברה־קדישא״, וואָס איז אַזוי אַלט געווען ווי די קהילה גופא, האָט זיך געפירט לויט דער אַלטער טראַדיציע, אירע גבאים, חברים און שמשים האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ געשלאָסענעם קרייז און דער פינקס אירער „איז געהיים און פאַרהוילן, און ניט יעדער וואָס וויל, קען קומען און אַריינקוקן אין אים״. ווי מען דערציילט, האָבן זיך אַ סך אַפּיקורסים איינגעשריבן אין אים אונטערן מוראדיקן נאָמען קח״י („קבורת חמור יקבר״). די חברה־קדישא האָט געהאַט איר אייגענעם בית־מדרש און ווי מען איז זיך נוהג געווען אין אַלע קהילות ישראל, פלעגט די חברה איינאָרדענען אַ גרויסע סעודה ט״ו כסליו, אַ סעודה, וואָס איז געוואָרן אַ שם דבר אין שטאָט. ביי דער חברה־קדישא איז געווען אַ „חברה־לוויה״, וואָס די מיינסטע חברים אירע זענען געווען „מענטשן פון דער נידעריקסטער מדריגה, ווי בעל־מלאכות און אַרבעטער״. די חברה איז געגרינדעט געוואָרן אין מיטן 19טן יאָרהונדערט. נאָך דעם ווי מען האָט אַנטדעקט געוויסע פּגמים אין דער אַרבעט פון דער חברה־קדישא, וואָס אירע שמשים האָבן אָפט פאַרנאַכלעסיקט און „ווינטערצייט, ווען זיי האָבן געהאַט אַ סך אַרבעט, פלעגן זיי באַגראָבן צוויי אין איין קבר, און אַ סך קינדער האָט מען געפונען אויפן בית־עלמין אין קופּעס שניי.״ מיטגלידער פון דער „חברה־לוויה״ פלעגן, לויט דער ריי, גיין זיך מטפל זיין מיט די מתים. „די מיטגלידער פון דער חברה קומט כבוד און לויב פאַר זייער פלייס און געשיקטקייט — שרייבט איינער אַ באָברויסקער אין יאָר 1890 — וואָרעם ווען עס שטאַרבט ווער, וואַרפט אַוועק דער שניידער זיין נאָדל, דער שוסטער לייגט אַוועק זיין קאָפּול און זיי לויפן צו זייער הייליקער אַרבעט צו טאָן דעם מת דאָס רעכט. ווען די חברה־קדישא וואָלט געדאַרפט דינגען מענטשן און צאָלן זיי, וואָלט די הוצאה געווען זייער אַ גרויסע״.

צווישן די לאַנגיאָריקע און גערן געזעענע חברות אין שטאָט איז געווען „לינת הצדק״, וואָס אירע מיטגלידער האָבן פרייוויליק זיך געמאָלדן צו נעכטיקן אין די הייזער פון אָרעמע קראַנקע, עלנטע אָדער פאַרלאָזענע.

אין תרמ״ב (1882) האָט מען געגרינדעט אין באָברויסק אַ „חברה גמילות־חסדים״. דער איניציאַטאָר איז געווען ברוך גאַלאַנט, וואָס האָט בייגעשטייערט 1000 רובל, צום אָנדענק פון זיין יונג־פאַרשטאָרבענער טאָכטער, צו גרינדן אַ חברה גמילות־חסדים. צו אים זענען צוגעשטאַנען אַנדערע גבירים מיט חיים בועז ראַבינאָוויטש בראש. לויט די תקנות פון דער חברה האָט מען געגעבן הלוואות פון 10 ביז 100 רובל אויף משכנות פון זילבער און גאָלד אָדער אויף ערבות פון זיכערע מענטשן. די אַנטלייער האָבן אויסגעצאָלט דעם חוב אין וועכנטלעכע ראַטעס במשך פון 25 וואָכן. די חברה האָט אַ סך געהאָלפן די אָרעמע־לייט פון שטאָט און אַ ביסל באַשרענקט די טעטיקייט פון די פּראָצענטניקעס, וואָס האָט באַזונדער שווער געטראָפן די קרעמער און קליינע בעלי־מלאכות.

אין יאָר תרמ״ג (1883) האָט חיים בועז ראַבינאָוויטש געגרינדעט אַ מושב זקנים־הויז צום אָנדענק פון זיין מוטער רבקה. אין הויז איז געווען אָרט פאַר 18 זקנים און 8 זקנות. אויך דער אנשטאַלט איז בעיקר אויסגעהאַלטן געוואָרן פון די קאָראָבקע־שטייערן, מיט אַ צוגאָב־ביישטייער פון דעם גרינדער.

איינער פון די באַשטענדיקע צדקה־אויפטוען אין שטאָט איז געווען צו באַזאָרגן מיט כשר עסן די יידישע סאָלדאַטן, וואָס האָבן זיך אין אַ גרויסער צאָל געפונען אין דער פעסטונג, באַזונדער בעת די מאַנעוורעס אין די זומער־חדשים. די גרינדונג פון דער חברה האָט זיך אַ געוויסע צייט אָפּגעהאַלטן צוליב דער קעגנערשאַפט פון דער אָרטיקער מיליטערישער מאַכט, אָבער נאָך אַ השתדלות אין די הויכע פענצטער האָט מען באַקומען די געהעריקע דערלויבעניש, און אין יאָר תרמ״ב (1882) איז אויפגעקומען די חברה, לויט דער איניציאַטיוו פון די גבירים דוב בער עטינגער, יוסף קאַצענעלסאָן און שמחה מאַרגאָלין. אַ 150 סאָלדאַטן האָבן געגעסן אין אַ כשרן רעסטאָראַן ווינטערצייט און אַ 300 זומער־צייט. די חברה האָט זיך אויסגעהאַלטן פון מיטגליד־באַשטייערונגען און לאָטעריעציונגען, וואָס האָבן אַריינגעטראָגן אַרום 600 רובל אַ יאָר. איינער פון די הויפּט־עסקנים אין דער חברה איז געווען יחזקאל לעווין, אַ פּשוטער בעל־בית, וואָס האָט זיך איבערגעגעבן דער אַרבעט און איר אָפּגעגעבן זיין גאַנצע פרייע צייט.

צוויי תלמוד־תורה־חברות זענען געווען אין שטאָט — איינע פאַר חסידים, די צווייטע פאַר מתנגדים. אין דער חסידישער תלמוד־תורה, וואָס האָט זיך אויך גערופן „ת״ת־ספרדים״, זענען אין 1890 געווען 6 מלמדים און אַ 130 תלמידים, איינגעטיילטע אין דריי כיתות. חוץ למודי־קודש האָט מען צוויי שעה אין טאָג געלערנט אויך די וועלטלעכע לימודים — אַ שעה העברעישע און רוסישע קאַליגראַפיע, אין דער פרי, און אַ שעה רוסיש און חשבון, אין אָוונט. די דאָזיקע לימודים זענען אַריין אין פּראָגראַם אויף דער פאָדערונג פון דער מאַכט, ווי אַ תנאי צו עפענען די תלמוד־תורות. די גבאים האָבן געפּרוּווט משפּיע זיין אויף דעם לערער, ער זאָל נעמען דעם געהאַלט און ניט קומען לערנען, אָבער דאָס איז זיי ניט געלונגען. דער לערער, אַ מענטש אַן איבערגעגעבענער צו זיין אַרבעט, האָט דערפילט זיין אויפגאַבע און פלעגט טאָג־טעגלעך קומען מרביץ־תורה זיין.

די תלמוד־תורה פון די מתנגדים איז געווען אַ קלענערע (4 מלמדים און 65 תלמידים).ביידע תלמוד־תורות האָבן זיך אויסגעהאַלטן פון נדבות, וואָס יחידים האָבן געגעבן, פון צדקה־קאַסעס, פון די „מי שברך״־געלטער אין די שולן, פון נדרים אויף בריתן און חתונות, אויך פון די צוגאָב־באַשטייערונגען פון די מיטגלידער.

אין יאָר תרל״ה (1875) האָט די גבירטע צביה לאָזינסקי „מיט דער הילף פון נאָך צוויי־דריי פרויען״ געגרינדעט אַ חברה „מלביש ערומים״. די חברה האָט צונויפגעקליבן אין שטאָט מלבושים פאַר אָרעמע־לייט. אַ קליינע חברה „לחם אביונים״ האָבן געגרינדעט די שוחטים פון דער קהילה. ביידע חברות האָבן געפירט אַ גאָר באַשרענקטע טעטיקייט און האָבן ווייט ניט באַפרידיקט די באַדערפעניש פון די שטאָט־אָרעמע־לייט.

געווען אויך אין באָברויסק חברות תהילים, חברות ש״ס (כמעט אין יעדער בית־מדרש) און פאַרשיידענע חברות פון אַרבעטער און בעלי־מלאכות (שניידער־חברה, שוסטער־חברה, סטאָליאַרעס־חברה, טרעגערס־חברה אאַז״וו). יעדע פון זיי האָט געהאַט איר אייגענעם בית־המדרש אָדער, לכל הפחות, אירן אַ „מנין״.

אין יאָר תרמ״ח (1888) האָבן עטלעכע חשובע שטאָט־בעלי־בתים זיך פאַרנומען צו שאַפן אַ „צדקה־גדולה־קאַסע״, כדי צו פאַרטיילן צווישן די אָרעמע־לייט, וואָס גייען איבער די הייזער, די נדבות פון בעלי־בתים יעדן חודש. די כוונה פון די גרינדער איז געווען: אַ סוף צו מאַכן צו דעם גיין איבער די הייזער און געבן שטיצע נאָר די, וואָס נייטיקן זיך באמת. אָבער דער רב שמריה נח שניאורסאָן איז געווען קעגן דעם, ווייל „אויב די אָרעמע־לייט וועלן אויפהערן טרעטן איבער די הייף פון די נדיבים, וועלן זיי מיט דער צייט פאַרגעסן ווערן פון האַרצן ווי טויטע, און דער באַדייט פון מיטלייד און רחמנות וועט פאַרנעפּלט ווערן אין האַרצן פון די געבער״.

זומער תרנ״ג (1893), בעת אַן עקאָנאָמישער קריזיס האָט געהערשט אין שטאָט, האָבן עטלעכע רייכע יונגע־לייט אין שטאָט, בראש מיט אברהם דב שניאור־סאָן, יוסף קליינערמאַן און אַדוואָקאַט אליהו גינזבערג, אויפגעשטעלט אַ ביליקע קיך, ווו מען האָט אַרויסגע־געבן מיטאָגן גאָר ביליק — פאַר דריי קאָפּיקעס אַ מיטאָג אָן פליישׁ און פאַר 5 קאָפּיקעס מיט פליישׁ. די אַרבעט פון קעכינס און קעלנערקעס האָבן אויף זיך גענומען באָברויסקער פרומע ווייבער. די קיך האָט עקסיסטירט אַ סך יאָרן און אַרום איר האָבן זיך קאָנ־צענטרירט די ציוניסטישע קרייזן אין שטאָט.

אַחוץ דעם אַלעם האָבן די רייכע לייט פון שטאָט געגעבן צדקה פּריוואַט, געטיילט געלט, עסנוואַרג, מלבושים, האָלץ צום הייצן א״א. באַזונדער האָט זיך מיט דעם אויסגעצייכנט דער גביר חיים בועז ראַבינאָ־וויטש. צו אים אין שטוב פלעגן יעדער ערב שבת שפּאַנען אָרעמע־לייט פון דער שטאָט און אומגעגנט צו באַקומען חלות און אַנדערע שפּייזן לכבוד שבת.

אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָבן די משכי־לים פון שטאָט אָנגעהויבן זוכן נייע וועגן פון הילף פאַר דער שטאָט־אָרעמקייט. דער ערשטער שריט איז געווען דער מנהג, וואָס מען האָט איבערגענומען פון די קריסטן, איינצואָרדענען פילאַנטראָפּישע אָוונטן. אַזעלכע אָוונטן פלעגן איינאָרדענען פון צייט צו צייט נאָך אין די אַכציקער יאָרן די אָפיצירן פון פעסטונג, און די פאַרמעגלעכע שטאָט־תושבים האָבן געמוזט קויפן בילעטן, מחמת דער ממונה אויף דעם בילעטן־פאַרקויף איז געווען ניט קיין אַנדערער נאָר דער פּאָליצמייסטער אַליין. די הכנסות פון די אָוונטן פלעגן גיין פאַר די אָרעמע־לייט פון דער גוישער באַפעלקע־רונג און דאָס האָט אַרויסגערופן פאַרדראָס און פאַר־ביטערונג צווישן דער יידישער באַפעלקערונג, ביז יידישע יונגע־לייט האָבן אַליין אָנגעהויבן איינאָרדענען אַזעלכע אָוונטן לטובת די יידישע צדקה־חברות. „עט־

לעצע מאָל אין יאָר — שרייבט ד״ר א. פּאַפּיערנאַ — פלעגט אין יעדער חברה אויסברעכן אַ קריזיס. די קאַסע איז פּוסט געוואָרן און מען האָט געמאַכט הלוואות, וויפל עס האָט זיך געלאָזט — דעמאָלט פלעגט מען איינאָרדענען אַן אוונט אָדער אַ פאַרשטע־לונג. און ווייל אַזעלכע קריזיסן זענען געווען ניט ווייניק, איז אויך די צאָל צדקה־אָוונטן געווען ניט ווייניק, על כל פּנים, ניט ווינציקער ווי אַ 12—15 אַ יאָר״.

אָבער אויך די אַלטע צדקה־שיטות, וואָס זענען געווען אַ טראַדיציע פון דורות, האָבן זיך איינגעהאַלטן אין דער נייער צייט. נאָך אין יאָר תר״ס (1900) „האָבן פרויען פון שטאָט געגרינדעט אַ צדקה־חברה צו באַזאָרגן אָרעמע־לייט מיט האָלץ צום הייצן און אַזוי אָרום ניט דערלאָזן דערצו, אַז די פּויערים זאָלן אויפשרויפן דעם פּרייז פון האָלץ מיטן אָנקום פון ווינטער״.

### 6. די השכלה־באַוועגונג אין באָברויסק

די השכלה, וואָס אירע ערשטע קנאָספּן האָבן אויפגעבליט אין אָנהייב פון 19טן י״ה, — ס׳רוב אין די גרעסערע שטעט פון תחום־המושב — איז מיט אַ פאַרשפּעטיקונג אָנגעקומען קיין באָברויסק. רבנות און חסידות האָבן זיך שטאַרק איינגעפעסטיקט אין שטאָט און זיך געראַנגלט מיט יעדן גילוי פון אַפּי־קורסות און אָפּנייג פון דרך־הישר.

דאָס לעבן האָט אָבער געטאָן זיינס. פאַר מענטשן פון מסחר און אויך אַנדערע באַרופן איז שוין אומ־מעגלעך געווען ניט צו קענען די לאַנד־שפּראַך, אַ ביסל חשבון אדג״ל און נאַטירלעכערהייט האָט זיך אָנגענומען די מיינונג, אַז סוחרים, אונטערנעמער, זייערע זין און אָנגעשטעלטע, איז דערלויבט צו לער־נען די וועלטלעכע למודים, וואָס זענען נייטיק פאַר זייערע אונטערנעמונגען. „זיי, די קינדער פון די רייכע לייט — שרייבט י. ל. קאַצענעלסאָן אין זיינע זכרו־נות — קען מען נאָך דאָס מוחל זיין. קענען רוסיש איז אַ סגולה צו פּרנסה און צוליב פּרנסה איז אַלץ דערלויבט״. שוין אין יאָר תר״ו (1846) געפינען מיר, אַז דער שרייבער, משכיל און דערציער אַהרן מרדכי גינזבורג פון ווילנע איז געבעטן געוואָרן צו שיקן צום „הנגיד המשכיל״ צבי לאַנדוי פון באָברויסק „אַן ערנסטן און גוטן מלמד פון לשון קודש און תלמוד אויך פון רוסיש און דייטש״. גינזבורג האָט רעקאָמענדירט דעם געבילדעטן שרייבער וואָלף (זאב) קאַפּלאַן.

אויף דער דערציונג פון די טעכטער האָט מען כלל וכלל ניט מקפּיד געווען און שטיצנדיק זיך אויף דברי חז״ל „כל המלמד את בתו תורה כאילו מלמדה תפלות״, האָבן זיי מתיר געמאַכט לערנען זיי שפּראַכן און וועלטלעכע למודים. זיי האָבן ניט פאַרשטאַנען, אַז דורך דעם צעשטערן זיי די יידישע טראַדיציע, ווייל גראָד די־אָ טעכטער זענען די ערשטע פאַר־שלעפּט געוואָרן מיטן שטראָם פון השכלה און אַסימי־לאַציע אין זייערע עקסטרעמסטע פאָרמען. „די טעכ־טער פון די רייכע לייט — ווייזט אָן י .ל. קאַצענעל־סאָן — האָבן שוין אין די זעכציקער יאָרן זיך אַליין גענומען אַ היתר צו לערנען פרעמדע שפּראַכן״.

מען האָט אויך אין באָברויסק ניט מקפּיד געווען אויף משכילים פון די גבירישע קרייזן און העכערע באַאַמטע, כל־זמן זיי האָבן בפרהסיה ניט איבערגע־טראָטן די גרענעצן פונעם אָנגענומענעם לעבנס־שטייגער. אַזוי, למשל, האָט אין באָברויסק געוווינט יעקב קאַצענעלסאָן (געשטאָרבן אין 1878), איינער פון די ערשטע משכילים אין רוסלאַנד, אַ פריינד און חבר פון אהרן מרדכי גינזבורג (1795—1846), וואָס האָט איבערגעשריבן די כתבים פון זיין גרויסן לערער און מיטגעהאָלפן צו פאַרעפנטלעכן זיי. וועגן יעקב קאַ־צענעלסאָן דערציילט י. ל. קאַצענעלסאָן — זיינער אַ קרוב — אַז ער איז געווען דעמאָלט דער איינציקער אין שטאָט, וואָס האָט אויפגעהויבן די פאָן פון השכלה, ניט מורא האָבנדיק פאַר לשון־הרע: „...ער איז געווען אַ גוטהאַרציקער און איידעלער מענטש, אַ פלינקער שרייבער אין העברעיש און אַן אמתער ירא־שמים. במשך פון די צוויי יאָר, וואָס איך בין געווען אַ בן־בית אין זיין הויז, איז ניט געווען קיין איין טאָג ער זאָל ניט דאַווענען בציבור און ניט לערנען משניות נאָכן דאַווע־נען — און דאָך האָט מען אים געהאַלטן פאַר אַן אַפּיקורוס, נאָר דערפאַר, ווייל ער האָט ליב געהאַט די העברעישע שפּראַך און ווייל זיין ווייב און זיינע קינדער האָבן גערעדט דייטש און געשפּילט פּיאַנאָ״.

יעקב קאַצענעלסאָן האָט באַזאָרגט פאַרבאָרגענער־הייט מיט השכלה־ביכער די וואָס האָבן זיי געוואָלט לייענען, און אַזוי אָרום האָט י. ל. קאַצענעלסאָן גע־לייענט „אהבת־ציון״ פון א. מאַפּו און „הריסות ביתר״ פון ק. שולמאַן.

אַזאַ פאַרבאָרגענער משכיל איז אויך געווען דער

גביר ר׳ יהודה בן ר׳ יחיאל (יודקע יחיאלס), וואָס האָט פאַר זיין געלט אויסגעבויט אַ בית־מדרש, ווו עס האָבן געדאַוונט די חשובע בעלי־בתים פון די ליובאַוויטשער חסידים. אין זיין הויז זענען געווען „צוויי גרויסע חדרים, וואָס אַלע ווענט זענען געווען פאַרשטעלט מיט שיינע הילצערנע שענק, פולע מיט ספרים פון דיל ביזן סופיט". צווישן די ספרים האָט דער ישיבה־בחור י. ל. קאַצענעלסאָן געפונען אין יאָר 1861 ניט בלויז דעם „כוכבא דשביט" פון ח. ז. סלאָנימסקי (אויף לערנען אַסטראָנאָמיע האָבן געקוקט דורך די פינגער אַפילו די גרעסטע קנאים, ווייל דאָס איז דאָך פאַרבונדן, כלומרשט, מיט אויסרעכענען די צייטן און מסדר זיין דעם יידישן לוח), נאָר אַפילו דעם „התעודה בישראל" פון דעם „גרעסטן אַפיקורוס אין דעם דור", יצחק בער לעווינזאָן. אונטער דער השפעה פון אָט די שרעקלעכע ביכער האָט י. ל. קאַצענעלסאָן אָרגאַניזירט אַ קרייז יוגנטלעכע, וואָס דער „התעודה בישראל" איז געווען זייער קאָראַן. זיי האָבן פלייסיק געלערנט תנ״ך, דקדוק פון דער העברעישער שפּראַך און איר מליצה. זיי האָבן אויך גענומען פאַר אַ לערער „זלמן דעם שרייבער" — אַ יונגער מאַן, וואָס האָט חתונה געהאַט מיט אַ באָברויסקער מיידל און האָט זיך מפרנס געווען פון דעם וואָס ער האָט געלערנט די נגידישע קינדער „שרייבן רוסיש מיט אַ שיינעם געקינצלטן כתב" און געגעבן זיי רוסישע לעקציעס אַ שעה אָדער צוויי יעדן טאָג.

דאַקעגן, האָבן די יידן אין באָברויסק געקעמפט קעגן יעדן פּרווו אויסצוברייטערן די תחומים פון השכלה און פאַרשפּרייטן זי צווישן פאָלק. אין פרילינג תרי״ג (1853) האָט די רוסישע מאַכט געעפנט אין באָברויסק, ווי אין אַנדערע גרעסערע שטעט פון מינסקער גובערניע, אַ יידישע „רעגירונג־שול" מיט אַ רוסישן אינספּעקטאָר און איין אָדער צוויי לערער, וואָס האָבן געענדיקט דעם ווילנער לערער־סעמינאַר. דעם בודזשעט האָט מען געדעקט פון די קאָראָבקע־געלטער. די אָפיציעלע ציפערן — וואָס זענען תמיד געווען איבערגעטריבן — ווייזן אונדז, אַז אין לערניאָר 1856/57 האָבן געלערנט אין דער שול 35 תלמידים און סוף 1863/64 האָט זייער צאָל דערגרייכט ביז 42. א. י. פּאַפּערנאַ שרייבט, אַז אין יאָר תרכ״ב (1862) האָבן אין דער שול געלערנט ניט מער ווי 20 תלמידים און „אויך זיי פון די אָרעמע שיכטן, יתומים און גאַסן־קינדער, וואָס זענען געפאַלן צו די טירן פון דאָזיקן הויז, ווי צו אַ שוץ־און אַנטרינונג־הויז פון זייער אָרעמקייט און נויט". אין יענעם יאָר האָבן די לערער זיך באַמיט צו העכערן דעם ניוואָ פון די למודים און אויך געעפנט אַ נאָכמיטאָג־שיכט. אַ דאַנק דעם האָט זיך די צאָל תלמידים פאַרטאָפּלט און דערגאַנגען ביז 40, אָבער קיין מאָל ניט דערגרייכט צו דער צאָל 70, ווי עס ווערט אָנגעגעבן אין דער אָפיציעלער סטאַטיסטיק פון יענעם יאָר. אויך דאָס באַשטימען אַלס נייעם פאַרוואַלטער שאול ווײַנשאָל האָט ניט געראַטעוועט דעם מצב.

וועגן דער באַציונג פון דער באָברויסקער קהילה צו דער רעגירונג־שול זאָגט עדות דער פאַקט, וואָס להיפוך צו אַנדערע קהילות האָט זיך אין באָברויסק ניט געפונען קיין איינער פון די אָנגעזעענע שטאָט־בעלי־בתים און גבירים, וואָס זאָל איינשטימען צו נעמען אויף זיך די פונקציע פון אַ „בכבודיקן אויפזעער" (פּאָטשאָטני בליוסטיטעל) איבער דער שול. אָנצונעמען אָט דעם בכבודיקן אַמט האָט די אָרטיקע מאַכט געפאָדערט פון די רייכע יידן און סוחרים, אָבער דאָס איז איר ניט געלונגען.

אין 1869 האָט באַזוכט באָברויסק דער באַרימטער משכיל פון מינסק יעקב געמייזע. אין אַ בריוו צום „המליץ" קלאָגט זיך גערמייזע אויף די באָברויסקער יידן, וואָס האָבן פיינט די השכלה און זייערע פאַרערער, „זיי האָבן נאָך ניט געעפנט זייערע אויגן, צו זען וואָס די צייט פאָדערט פון זיי, פאַר זייער טובה וועגן און זייער גליק". ער דערציילט וועגן שטרענגער השגחה אויף די וואָס זענען מזלזל אין תפילה בציבור, וואָס לייענען השכלה־ביכער און דער המון רופט זיי „היינטיקע", ער האַלט, אַז „בכלל שטייט די שטאָט באָברויסק צען גראַד נידעריקער פון מינסק", פאַרשטייט זיך, וואָס שייך דעם דערפאָלג פון דער השכלה אין אָט די צוויי שטעט.

אין 1865 איז דורך דער מאַכט געעפנט געוואָרן אין באָברויסק אַ ספּעציעלע שול, ווו מען האָט געלערנט רוסיש און אַ ביסל חשבון. אַזעלכע שולן האָט מען געעפנט אין ליטע נאָכן דערדריקן דעם פּוילישן אויפשטאַנד; די כוונה איז געווען, אויסצולערנען יידן, ווי ווייט מעגלעך שנעל, די רוסישע שפּראַך, כדי צו מאַכן זיי פאַר אַ רוסיפיקאַטאָרישן פאַקטאָר אין אָט דעם ראַיאָן, ווו די פּוילישע קולטור האָט נאָך געהאַט אַ גרויסע השפּעה. די לימודים זענען פאָרגעקומען נאָך מיטאָג, צוויי־דריי שעה אין טאָג. למעשה, איז דאָס גע־

ווען אַ צוגאָב צו די לימודים אין „חדר". די קאַרעס־פּאָנדענטין פון „הכרמל" גיט איבער, אַז דער רוב פון די 30 תלמידים, וואָס האָבן געלערנט אין דער נייער שול, זענען געווען „קינדער פון אַנגעזעענע און רייכע יידן פון שטאָט".

אָבער ווי אין גאַנץ רוסלאַנד, איז אויך אין באָב־רויסק געקומען דער גרויסער קריזיס, וואָס שייך דער באַציונג פון דער יידישער באַפעלקערונג צו דער רוסישער שול אין די זיבעציקער יאָרן. דער אָ קריזיס איז, כידוע, געווען פאַרבונדן מיטן איינפירן דאָס גע־זעץ פון אַלגעמיינעם מיליטער־דינסט אין רוסלאַנד (1874), וואָס האָט געגעבן גרויסע פריווילעגיעס מענטשן מיט רוסישער בילדונג און דערעיקרשט — קירצערע מיליטער־דינסט. איז געוואָרן הפקר פּעט־רישקע! אַפילו אין עקסטרעמע רעליגיעזע קרייזן האָבן זיך געמערט די „צוים־ברעכערס". אין 1878 איז אַ פּריוואַטער שול־אייגנטימער, צירעלסאָן, מודיע דער „חברה מפיצי ההשכלה" אין פּעטערבורג, אַז ער האָט אַריבערגעפירט זיין פּריוואַטע שול פון באָריסאָוו אין באָברויסק און ער בעט, אַז די חברה זאָל אים שטיצן, ווי אין די פריערדיקע יאָרן. דער בריוו איז געווען באַ־גלייט מיט אַ רעקאָמענדאַציע פון דעם אינספּעקטאָר איבער די שולן אין מינסקער גובערניע — און די „חברה מפיצי ההשכלה" האָט באַשלאָסן ווייטער געבן

דער שול איר יערלעכע שטיצע פון 100 רובל. פיר יאָר נאָך דעם הערן מיר שוין וועגן אַ פּריוואַטער שול פון לאַזאַרעוואַ, וואָס אויך זי האָט באַקומען שטיצע פון דער „חברה מפיצי השכלה". להיפוך צו די רעגירונג־שולן זענען די פּריוואַטע לערן־אַנשטאַלטן געווען באַ־שטימט פאַר די קינדער פון דעם רייכערן און מיטעלן קלאַס.

אין יענע יאָרן לערנען שוין יידישע קינדער אין די „מלוכישע פּראָגימנאַזיעס". אין יאָר 1880 שרייבט מען פון באָברויסק צום יידיש־רוסישן זשורנאַל „ראַזסוויעט", „אַז די קאָנסערוואַטאָרן, וואָס האָבן גע־קוקט אויף אייראָפּעישער בילדונג ווי אויף אַ צרה, וואָס מען דאַרף אויסמיידן, גיבן איצט אָפּ זייערע קינ־דער אין די אַלגעמיינע שולן. די פּאַרמעגלעכע שיקן זייערע קינדער אין דער אָרטיקער פיר־קלאַסיקער פּראָגימנאַזיע, וואָס עקסיסטירט דאָ שוין אַ סך יאָרן". די, וואָס האָבן געענדיקט די גימנאַזיע, זענען געווען געצוווּנגען — אויב זיי האָבן געוואָלט ממשיך זיין זייער לערנען — אַוועקצופאָרן אין די נאָענטסטע גו־בערניאַלע שטעט מינסק אָדער מאָהילעוו. אין יאָר 1881, הערן מיר, האָבן די פּראָגימנאַזיסטן געשאַפן אַ הילפס־קאַסע, „כדי צו העלפן אָרעמע קינדער, זין פון זייער רעליגיע, אַרויפצוגיין אויפן וועג פון השכלה". זיי האָבן געעפנט אַ קליינע ביבליאָטעק פון פאַרשיי־



בית־ספרה (הפרוגימנאַזיה) של לאַזאַרבה

די פּראָגימנאַזיע פון לאַזאַרעוואַ

דענע לערן־ביכער און פֿאַרטיילט, ווייזט אויס, צווישן אָרעמע ייִנגלעך, וואָס שטרעבן צו בילדונג.

פֿון יאָר צו יאָר איז גרעסער געוואָרן די צאָל תּלמידים אין די רוסישע שולן — מלוכישע און פּריוואַטע. אין 1886 זענען שוין צווישן די 176 תּלמידים אין דער אָרטיקער פּראָגימנאַזיע געווען 36 ייִדן. די פּראָצענט־נאָרמע, וואָס האָט באַגרענעצט דעם פּראָצענט ייִדן אין די מענער־שולן, האָט פֿאַרקלענערט זייער צאָל, אָבער דער נאָכפֿרעג האָט גורם געווען אַן אָנבאָט; אין שטאָט האָט זיך געעפֿנט אַ פּריוואַטע גימנאַזיע, און באָברויסקער זין און טעכטער זענען געפֿאָרן זיך לערנען אויך אין אַנדערע שטעט, ווו עס איז, צוליב פֿאַרשיידענע סיבות, ניט פֿאַרפֿולט געוואָרן די פּראָצענט־נאָרמע. די גימנאַזיע איז געוואָרן דער דרך־המלך פֿון דער ייִדישער יוגנט, די קינדער פֿונעם מיטעלן און פֿאַרמעגלעכן שטאַנד.

די אָ יוגנט האָט ביזן צען־יאָריקן עלטער געלערנט אין „חדר" און שפּעטער אַריבער אין דער רוסישער גימנאַזיע, וואָס האָט פֿאַרטראָטן די ישיבה; דאָס איז געווען אַ טענדענץ, וואָס איז אָנגעגאַנגען אין ברייטע קרייזן, און אַפֿילו די גאָר פֿרומע האָבן געשיקט זייערע זין אין גימנאַזיע און געקוקט דורך די פֿינגער אויף דעם, וואָס דאָרטן וועלן זיי שרייבן אום שבת. גרעסער איז געווען דער כּוח פֿון דער גימנאַזיע, אין יענער צייט פֿון יעדער איסור און רעליגיעזער אָדער נאַציאָנאַלער אָפּצוימונג.

אין די נײַנציקער יאָרן פֿון 19טן יאָרהונדערט קריסטאַליזירט זיך שוין אויס אַ גרופּע ייִדיש־רוסישע אינטעליגענטן, מיט דעם ציין־דאָקטער בענעדיקט געצאָוו בראש, וועלכער איז געקומען אין באָברויסק פֿון אַן אַנדער שטאָט. ביי געצאָוון אין הויז פֿלעגן זיך די נייע אינטעליגענטן צונויפֿזאַמלען אין די אָוונטן, שמועסן דער עיקר וועגן די מיטלען צו פֿאַרשפּרייטן השכּלה און די רוסישע שפּראַך צווישן דער יוגנט, וועגן אַרויסהעלפֿן פֿעיקע אָרעמע קינדער און יוגנטלעכע, וועגן גרינדן אַ פֿאָלקס־ביבליאָטעק אאז"וו. דער דאָזיקער אינטעליגענטן־קרייז איז אין זיין מערהייט געווען מעסיק און ליבעראַל, זיין השפּעה איז כּסדר געוואַקסן אין אָנהייב פֿון 20סטן י"ה.

## 7. אָנהייב פֿון טעאַטער אין באָברויסק

ווי אַ בולטע אַנטפּלעקונג פֿון דער נייער צייט דאַרף מען זען אין דעם אינטערעס, וואָס די באָברויסקער ייִדן האָבן אַרויסגעוויזן, אָנהייבנדיק פֿון סוף 19טן יאָרהונדערט, צום טעאַטער. היות באָברויסק איז געווען אַ קאָנצענטריר־פּונקט פֿון טויזנטער סאָלדאַטן און הונדערטער העכערע מיליטער־לייט, פֿלעגן אַמאָליקע זעלנער־טרופּעס פֿון צייט צו צייט איינאָרדענען אָוונטן פֿאַר ווילטעטיקע צוועקן; די פֿאַרמעגלעכע ייִדן זענען געווען געצוווּנגען צו קויפֿן בילעטן, כּדי ניט איינצורייסן מיט די מאַכט־האָבער, און אַ טייל פֿון זיי אָדער זייערע פֿאַמיליע־מיטגלידער האָבן אַפֿילו באַזוכט די אָוונטן. רוסישע טעאַטער־טרופּעס האָבן גאָר אָפּט באַזוכט די שטאָט, צווישן זיי די בעסטע פּראָווינציעלע טרופּעס, און אין די זומער־חדשים — בעת פּעריען־צייט אין די הויפּט־שטעט, — האָבן אויך באַרימטע טרופּעס פֿון פּעטערבורג און מאָסקווע געשפּילט טעאַטער אין באָברויסק. אַזוי דערציילט מ. עלקין אין זיינע זכרונות, אַז סוף נײַנציקער יאָרן האָט יעדן זומער געשפּילט אין באָברויסק די באַרימטע טרופּע פֿון דעם באַקאַנטן רעזשיסער און אַקטיאָר מאָטקאָווסקי מיט אירע בעסטע אַקטיאָרן פֿון דער רוסישער בינע. אַ ייִד מיט איניציאַטיוו, איטשע עפּשטיין, האָט אויסגעבויט אַ זאַל פֿאַר פֿאָרשטעלונגען און פֿלעגט אים פֿאַרדינגען פֿאַר אָרטיקע־און גאַסט־טרופּעס.

„איטשע עפּשטיין — שילדערט אים אין זיינע זכרונות מענדל עלקין — איז געווען באַוווּסט אין דער פּראָווינציעלער טעאַטער־וועלט אין רוסלאַנד. אַ ייִד אַ בן־שישים, מיט אַ הדרת־פּנים, מיט אַ לאַנגער באָרד, תּמיד אין אַ לאַנגן סורטוק, מיט אַ יאַרמלקע אויפֿן קאָפּ — אויך ווען ער האָט געקושט די הענט ביי רוסישע אַקטריסעס, האָט זייער פֿיל געטאָן, כּדי אַרויסצוהעלפֿן אַקטיאָרן אין צייטן פֿון נויט, הגם קיין הויכע מיינונג האָט ער וועגן זיי ניט געהאַט".

אַחוץ דעם אַלגעמיינעם טעאַטער פֿלעגן קומען אויף גאַסטראָלן אויך די ייִדישע טעאַטערס, וואָס האָבן שטאַרק געצויגן דעם ייִדישן עולם. מיר האָבן ידיעות וועגן דעם באַזוך פֿון אברהם גאָלדפֿאַדענס טרופּע אין באָברויסק (אַפּריל 1881). די טרופּע איז אויפֿגעטראָטן זעקס מאָל און האָט געשטעלט די באַקאַנטע פּיעסן אין דער בראשית־צייט פֿון ייִדישן טעאַטער: „קאָלדוניע" (די מכשפה) „ברײַנדעלע קאָזאַק", „דוואָשע די ספּלעטניצע" א"א. אין 1887 קומט אין שטאָט טאַנצמאַנס טרופּע און שפּילט פֿאַר אַ פֿולגעפּאַקטן זאַל „דאָקטאָר אַלמאָסאַדאַ".

קלאָר, אַז די אַלע ידיעות זענען צופֿעליקע, מחמת

דער יידישער טעאַטער איז, כידוע, געווען אומלעגאַל אין יענע יאָרן און האָט אויסגעמיטן רעקלאַמע.

אין 1892 הערן מיר שוין וועגן אַן אַרטיקער ליבּ־האַבער־טרופּע, אין וועלכער עס באַטייליקן זיך געביל־דעטע יונגע־לייט פון שטאָט און גימנאַזיע־מאַטוריסטן. די טרופּע האָט איינגעאָרדנט אַן אוונט פאַר ווילטע־טיקע צוועקן. אין יענעם יאָר איז מען שוין אַזוי ווייט אוועק, אַז מען האָט אַראָפּגעבראַכט צוויי טאַנץ־לע־רערס און „יידישע טעכטער האָבן זיך געלערנט הייבן די פיס און האָפּקען ווי מען דאַרף". גוזאַנג און טענץ האָט מען געלערנט פאַר אַ קליינעם פּרייז, אַ שעה אין טאָג, צו זיי זענען צוגעשטאַנען „אַ צוויי דריי בחורים". די לימודים האָט מען ניט מפסיק געווען אַפילו אין די ניין טעג; און יוסף דאַבקין, דער קאָרעספּאָנדענט פון „המליץ", אַנטדעקט דעם סוד, אַז „אויך אום תשעה באב האָט מען געטאַנצט, און ניט נאָר יידישע טעכטער, נאָר טאָקע בחורים און מיידלעך צוזאַמען".

סוף ניינציקער יאָרן האָט אין שטאָט זיך געביל־דעט אַ דראַמאַטישער קרייז. צווישן זיינע מיטגלידער איז געווען דער יונגער מענדל עלקין, וואָס האָט אַ סך געלערנט פון די באַקאַנטע רוסישע טרופּעס, וועלכע האָבן געשפּילט אין באָברויסק. אין 1898—1902 האָט עלקין רעזשיסירט די אויפפירונגען פון דעם דראַ־מאַטישן קרייז אין באָברויסק — אַ טרופּע ליבהאָבערס פון דער אָרטיקער אינטעליגענטער יוגנט, וואָס האָט געשפּילט אין רוסיש צוויי מאָל אַ חודש פאַר יידישע און רוסישע צושויערס.

די צייט האָט געטאָן אירס, און וואָס מ'האָט זיך ניט געקענט פאָרשטעלן אין באָברויסק מיט אַ 15—20 יאָר צוריק, איז איצט געטאָן געוואָרן בפרהסיא.

### 8. חיבת־ציון אין באָברויסק

אויף די חיבת־ציון־באַוועגונג האָט זיך געמוזט דורכשלאָגן אַ וועג דורך דעם אַלטמאָדישן שטייגער־לעבן אין באָברויסק. דער חובבי־ציון־פאַרבאַנד האָט זיך געגרינדעט אין באָברויסק אַנהייב תרמ"ו (סוף 1885). „כמעט אַלע חברים זענען יינגלעך און בחורים — קלאָגט זיך אַ חבר פון דער חובבי־ציון — מענטשן ערנסטע און אָנגעזעענע זענען ניט צוגעשטאַנען צו זיי". דער איינציקער פון די פּני אין שטאָט, וואָס האָט געשטיצט דעם פאַרבאַנד, און איז אַפילו אויסגעוויילט געוואָרן אַלס פאָרזיצער, איז געווען דער „אַלטער גביר" ישראל פאַפערנאַ (דער פאָטער פון דעם שרייבער א. י. פאַפערנאַ). ער האָט אַפילו געעפנט פאַר די חובבי־ציון־מענטשן זיין בית־מדרש, ווו זיי האָבן אָפּ־געהאַלטן זייערע אסיפות, אָבער אַז זיי האָבן געוואָלט דרשנען פאַר די מתפללים אין דער גרויסער שול, האָבן די גבאים דערצו ניט דערלאָזט, „אויסגיסנדיק עקל און פאַראַכטונג אויפן רעיון בכלל און אויף די וואָס זענען זיך עוסק אין אים בפרט". אַן אזכרה, וואָס די חובבי־ציון האָבן איינגעאָרדנט פאַר פּרץ סמאָלענסקין, דעם מחבר פון „השחר" און דוד גאָרדאָן, דעם רעדאַקטאָר פון „המגיד", האָט אויפגעוועקט גרימצאָרן אין שטאָט און געפירט דערצו, אַז „דאָס פאָלק האָט זיך אין יעדער בית־מדרש צעטיילט אויף גרופּעס, און יעדער איינער האָט אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג, אַז איצט איז משיח־צייט — מען דערלויבט זיך צו נעמען אַ ספר־תורה און מזכיר נשמה־זיין די גרויסע אַפּיקורסים, וואָס וועגן זיי ווערט געזאָגט: „מורידין ולא מעלין". צווישן די מנהיגים פון חובבי־ציון זענען געווען דער סעקרעטאַר שלמה פריד, איינער פון די שטאָט־משכילים און אַ שרייבער אין די העברעיִשע צייטונגען, דער באַקאַנטער מוכר־ספרים יעקב הכהן גינזבורג, לעאָן לאַזינסקי — „פון דער חשובער לאַזינסקי־משפחה" — און אליעזר לייזעראָ־וויטש — אַ העברעיִשער לערער, וואָס האָט געפּאָדערט אַ „יידישע מדינה מיט אַלע טיטלען און אָרדענונגען". אין דעם ערשטן יאָר פון זיין עקסיסטענץ האָט דער חובבי־ציון־פאַרבאַנד צונויפגעזאַמלט העכער 800 רובל און אָוועקגעשיקט עס צום ראש פון די חובבי־ציון ד"ר לעאָ פּינסקער אין אָדעס.

פון מאָל צו מאָל האָט מען אַראָפּגעבראַכט „כוחות פון דרויסן", אויפצוּוועקן די הערצער. אָנהייב 1888 איז געקומען קיין באָברויסק, „לויט אַן אָנווייז פון די וואָס האָבן זיך משתדל געווען לטובת דעם ישוב אין ארץ־ישראל", דער דיכטער און פאָלקס־זינגער אליקום צונזער, וואָס האָט געזונגען פאַרן עולם זיינע שירים. אַ העלפט פון די הכנסות איז אָפּגעגעבן געוואָרן „פאַר די קאָלאָניסטן אין הייליקן לאַנד".

אין כסליו תרנ"ז (1896) הערן מיר וועגן דעם באַזוך פון מטיף ר' יהודה צבי יעווזעראָוו. אויך דער מטיף צבי הירש מאַסליאַנסקי דערציילט וועגן זיינעם אַ באַזוך אין באָברויסק צו יענער צייט.

אין דער אַלגעמיינער אסיפה פון „חובבי־ציון" אין

רוסלאַנד, וואָס איז פאָרגעקומען אין דרוסקעניק אין חודש תמוז תרמ״ז (1887), האָט זיך באַטייליקט אין נאָמען פון די באָברויסקער חובבי־ציון ישראל פּאַפּערנאַ און האָט פאָרגעשלאָגן אין נאָמען פון זיין אָרגאַניזאַציע „צוצוגעבן דעם רעיון אַ רעליגיעזע צורה״; ער האָט זיך אויך באַטייליקט אין דער אַלגעמיינער אסיפה, וואָס איז צו שטאַנד געקומען אין ווילנע אין חודש אב תרמ״ט (1889).

אין די ניינציקער יאָרן האָט אָנגעהויבן זיין טעטיקייט יצחק אייזיק אסתרין, וואָס האָט זיך געשניטן צו פאַרנעמען אַ צענטראַלע פּאָזיציע אין דער ציוניסטישער באַוועגונג אין די קומענדיקע יאָרן. אין דעם רעקאָרד־יאָר פון דער ערשטער עליה (1891) זענען אויך אין באָברויסק אָנטשטאַנען צוויי פאַראיינען פאַר קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל, איינער — פון די רייכע לייט אין שטאָט, וואָס האָבן זיך מתחייב געווען אויפצוקלייבן זעקס טויזנט רובל און זיך געגרייט צו שיקן אַ דעלעגאַציע קיין ארץ־ישראל, צו געפינען דאָרט אַ פּאַסיקע נחלה. אין דעם צווייטן האָבן זיך פאַררעגיסטרירט אַרום הונדערט מענטשן, וואָס אויך זיי זענען גרייט געווען עולה צו זיין. מחמת דעם קריזיס, וואָס האָט אויסגעבראָכן אין ישוב בשייכות מיט דער קאָלאָניזאַציע, זענען זיך פונאַנדערגעפאַלן די דאָזיקע אָרגאַניזאַציעס און די חיבת־ציון־באַוועגונג האָט זיך צוריקגעקערט צו איר פריערדיקן שטייגער.

אין די ניינציקער יאָרן באַטייליקן זיך די חובבי־ציון אין באָברויסק אין דער „געזעלשאַפט צו שטיצן ערד־אַרבעטער און בעלי־מלאכות אין ארץ־ישראל און סיריע״, — דאָס איז דער „אָדעסער קאָמיטעט״, וואָס איז געווען דער צענטער פון לעגאַלער טעטיקייט פון די חובבי־ציון אין גאַנץ רוסלאַנד. אין דעם ערשטן גרינדונג־יאָר פון דער געזעלשאַפט, וואָס איז אויך געווען אַ יאָר פון התעוררות אין ישוב, זענען אַ סך באָברויסקער ציוניסטן צוגעשטאַנען צו דער געזעלשאַפט און די צאָל געלט־ביישטייערערס איז דערגאַנגען ביז 65. אָבער צוליבן קריזיס, וואָס איז אויסגעבראָכן אין ארץ־ישראל, איז דער פּרעסטיזש פון דער געזעלשאַפט געפאַלן און די צאָל ביישטייערערס האָט קוים דערגרייכט דריי צענדליק. אַ צאָל געטרייע און איבערגעגעבענע חובבי־ציון, מיטן באַפולמעכטיקטן פון דעם „אָדעסער קאָמיטעט״ יצחק אייזיק אסתרין בראש, האָבן דאָך ממשיך געווען זייער אַרבעט, ביז עס איז געקומען די גרויסע שעה פאַר דער באַוועגונג — דאָס דערשיינען פון ד״ר הערצל.

## פ ע ר ט ע ר   ק אַ פּ י ט ל

# די נייע באָברויסק — בונדיסטן און ציוניסטן

### 1. באָברויסק אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט

באָברויסק פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָט שוין אין גאַנצן אַן אַנדער פּנים, איידער די אַלטע שטאָט באָברויסק. די ענדערונגען, וואָס זענען פאָרגעקומען אין דער יידישער וועלט אין ניינצנטן יאָרהונדערט, זענען מיט אַ פאַרשפּעטיקונג אָנגעקומען קיין באָברויסק, כאָטש אין זייער פולן שוווּנג, אָבער דערגרייכנדיק די שטאָט, וואָס איז געווען איינגעדרעמלט אין שויס פון טראַדיציע, האָבן זיי אַריינגעבראַכט אין איר זייער האַרבע שנויים, און דאָס לעבן אין שטאָט האָט זיך ראַדיקאַל געביטן.

די היסטאָריקער זענען זיך נוהג אויפצוכאַפּן אַן איינצלנע דערשיינונג אין אַ געוויסן יאָר און מאַכן זי פאַר דעם אָנהייב פון אַ נייער תקופה. עס איז אָבער מער ווי קלאָר, אַז דאָס איז אַ קינסטלעכע פּראָצעדור, וואָרעם יעדער שינוי אין לעבן פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט איז על־פּי־רוב אַ פּראָדוקט פון אַ לאַנגער און פּאַמעלעכדיקער אַנטוויקלונג. דער מענטש האָט אָבער אַ טבע צו זוכן וועג־צייכנס אין דעם צייטשטראָם, וואָס פליסט אומאויפהערלעך.

וואָס איז די געשעעניש, וועלכע וואָלט געקענט באַצייכנט ווערן, ווי דער אָנקום פון אַ נייער תקופה אין באָברויסק? וועט דאָס זיין דער טאָג, ווען ס׳איז אַוועק דער רב רפאל שאַפּיראָ (אין חודש אייר תרנ״ט,




רחוב פושקין

די גאַס פושקינסקאַיאַ

1899) ? — אַט דער לעצטער פון די באַברויסקער רבנים, וואָס זיין נאָמען און דער לויב־קלאַנג וועגן זיין תורה זענען אַריבערגעשטיגן די גרענעצן פון דער שטאָט און האָבן זיך געהערט אין גאַנץ רוס־לאַנד — האָט ניט זיין אַוועקגיין סימבאָליזירט מיט זיך די ירידה פון דער השפעה, וואָס דער אַלטער בית־מדרש האָט געהאַט אין שטאָט ?

וועט דאָס זיין די פטירה פונעם גביר חיים בועז ראַבינאָוויטש (כסליו תרס״ד, 1903), דעם לעצטן פון די גבירים, וואָס די באַברויסקער תושבים האָבן געזען אין אים דעם פוסק־אחרון אין אַלע שטאָט־ענינים ?

וועט דאָס אפשר זיין די אַנטדעקונג פון דער אומלעגאַלער בונדישער דרוקעריי אין באַברויסק — אין יולי 1898 — אַן אַנטדעקונג, וואָס האָט אָנגעזאָגט דעם אויפקום פון נייע כוחות אין דער יידישער באַברויסק — כוחות, וואָס זענען עלול אויפצורודערן ביזן גרונט איר גייסטיקע וועלט במשך פון אַ פּאָר צענדליק יאָרן ?

וואָלט ניט גלייכער געווען צו נעמען פאַר אַ קען־צייכן פונעם סוף פון אַ תקופה די גרעסטע שריפה אין באַברויסק, אין ניסן תרס״ב (אַפּריל 1902) ? — אין פלוג אַן אויסערלעכע געשעעניש, וואָס האָט אָבער אין גאַנצן פאַרענדערט דאָס פנים פון שטאָט, דער־פירנדיק צום אויפבוי פון געמויערטע הייזער אויף אירע גאַסן, צום פלאַסטערן בריקן און טראָטואַרן, צו בויען פרעכטיקע האַנדלס־הייזער, קינעמאַטאָגראַפן און כלערליי אַנדערע אַטריבוטן פון דער נייער צייט ?

אַזוי אָדער אַנדערש — באַברויסק פון אָנהייב 20סטן יאָרהונדערט איז אַ פולשטענדיק נייע שטאָט אין אַלע פּרטים. דער אַלטער דור, וואָס איז געבונדן מיט טראַדיציע און תורה, איז נאָך אויך איצט דער רוב מנין ובנין פון דער קהילה, אָבער עס פילט זיך אין דער לופט, אַז ניט אים געהערט די צוקונפט. דער יונגער דור האָט פאַרלאָזן דעם אַלטן לעבנס־שטייגער און פאַרנעמט זיך אויף נייע וועגן. דער אַלטער בית־המדרש איז פאַרלאָזן, אויף זיין אָרט איז געקומען די עבודה־זרה, וואָס איר נאָמען איז די רוסישע גימנאַזיע. צו איר בוקן זיך, צו איר רייסן זיך אַפילו די אָנגע־זעענע און מיוחסדיקע משפחות אין שטאָט, וואָס זיי זענען געווען די געטרייע אויפהיטערס פון טראַדי־ציאָנעלער יידישקייט אין ניינצנטן יאָרהונדערט. אָנשטאָט די אַלטע אידעאַלן פון תורה און יראת־שמים — באַפעסטיקן זיך אין דעם אָנקומענדיקן דור נייע אידעאַלן, וואָס שטאַמען פון פרעמדע קוואַלן:

די סאָציאַליסטישע אידעע און דער נאַציאָנאַלער באַוווסטזיין. אַנשטאָט דעם אַלטן שטייגער לעבן, וואָס די ראשי המדברים זענען אין אים די גבירים און רבנים, און יידישע צדקה, אין איר אַלטן באַגריף, איז געקומען אַ נייער לעבנס־סדר, וואָס דאָס וואָרט האָט אין אים די אינטעליגענץ פון אַלע קאָלירן און ניואַנסן: סאָציאַל־דעמאָקראַטן, בונדיסטן, ציוניסטן, צעירי־ציון אאַז״וו. עס קומען אויף נייע אינסטיטוציעס, ווירטשאַפטלעכע און קולטורעלע, וואָס באַזירן זיך אויף אידעען פון דער נייער צייט.

די יידישע באָברויסק איז פול מיט געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן אויפברויז. זי דערגרייכט צום קלימאַקס פון איר אַנטוויקלונג סיי אין צאָל פון אירע תושבים, סיי אין איר ווירטשאַפטלעכן מעמד. אָבער מיט דער דאָזיקער אַנטוויקלונג קומט די האַק פון דער געשיכטע און חתמעט איר גזר־דין אויף דער שטאָט. נאָך העכער הונדערט יאָר שלום ושלוה ווערט באָברויסק אַריינגעשלעפּט אין אַ געווירבל פון רעוואָלוציע, מלחמה און בירגער־קריג און נאָך דעם אַלעם קומט דער שווערער ווינטער פונעם סאָוועטישן רעזשים און ברענגט אַ פולשטענדיקן שטילשטאַנד אין דער באָברויסקער קהילה, ווי אין אַלע אַנדערע קהילות פון אוקראַינע און ווייסרוסלאַנד.

### 2. די גרויסע שריפה

אויב מיר הייבן אָן די באַשרייבונג וועגן דער תקופה פון דער גרויסער שריפה, איז דאָס דווקא דערפאַר, ווייל די אָ פאַסירונג, וואָס האָט אַ סך מיטגעווירקט צו דער אַנטוויקלונג פון באָברויסק, איז ניט געווען קיין פועל־יוצא פון אַן אינעווייניקסטער אַנטוויקלונג, וואָס האָט איר אָנהייב און המשך, נאָר בלויז אַן אויסטערלישע פּלאָג, וואָס איז אַראָפּגעקומען אויף דער שטאָט און האָט משפיע געווען אויף איר סיי דרויסנדיק, סיי אינעווייניק.

די גרויסע שריפה האָט אויסגעבראָכן 10 אַ זייגער אין דער פרי, פרייטיק, כ״ה ניסן תרס״ב (19טער אַפּריל 1902). פונקען, וואָס זענען אַרויס פון דעם לאָקאָמאָטיוו־קוימען אויף דער באַן־סטאַציע בערעזינאַ, זענען פאַרטראָגן געוואָרן מיטן ווינט אויפן דאַך פון אַ שטאָל, נאָענט צו דער סטאַציע. אין עטלעכע מינוטן אַרום זענען אַלע אַלטע הייזער געווען אין פלאַמען. דאָס פייער האָט זיך צעשפרייט איבער די הייזער, וואָס ביי דער סטאַציע און פון דאָרטן — איבער דער שטאָט. די פייערלעשער האָבן ניט געקאָנט באַהערשן דעם ברייטן שטח און געמוזט אַנטלויפן. מפקיר זייענדיק זייערע מכשירים צום העלישן פייער, און דאַן האָט דאָס פייער, אָן שטערונג, זיך איבערגעטראָגן פון הויז צו הויז, פון גאַס צו גאַס און אין פינף שעה צייט פאַרצערט דעם גרעסטן טייל פון שטאָט.

די רעזולטאַטן זענען געווען שרעקלעכע. באַזונדער שווער איז געטראָפן געוואָרן דער צענטראַלער טייל פון שטאָט, וואָס איז געווען באַוווינט פון יידן. אַרום טויזנט הייזער, אין וועלכע עס האָבן געוווינט 2500 משפחות בערך, זענען אַוועק מיטן רויך, צווישן זיי 650 געשעפטן, דער גאַנצער מאַרק און אַ סך בענק. אויך אַלע בנינים פון די געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און צדקה־אַנשטאַלטן: דער יידישער שפּיטאָל, די שטאָטישע ביבליאָטעק, די ביליקע קיך אאַז״וו. ס׳זענען פאַרברענט געוואָרן 15 שולן און בתי־מדרשים מיט זייערע קרוב הונדערט ספרי־תורות. דאָס פאַרברענטע פאַרמעגן — ס׳רוב ניט אַסעקורירט — איז אָפּגעשאַצט געוואָרן אויף זיבן מיליאָן רובל, געווען אויך קרבנות אין מענטשן און אַ סך פאַרוווּנדעטע.

טויזנטער פליטים, מענער און פרויען, אַלטע, יונגע און קינדער זענען געקומען מיט רעשטלעך פון געראַטעוועטן האָב־און־גוטס צום „פּאַליגאָן״־פּלאַץ און צום ברעג פון דער בערעזינאַ. די ידיעה וועגן דעם גרויסן אומגליק האָט זיך בליץ־שנעל פאַרשפּרייט איבער דער גאַנצער מינסקער גובערניע און איבער גאַנץ רוסלאַנד. „מער פון צען טויזנט מענער און פרויען, זקנים און קינדער ליגן הונגעריקע און באָרוועסע אויף דער ערד״ — האָט געשריבן אין „המליץ״ יעקב הכהן גינזבורג.

שבת זענען, מיטן היתר פון די רבנים, אַרויסגעשיקט געוואָרן וועגענער אָנגעלאָדענע מיט ברויט פון מינסק, מאָהילעוו, האָמעל און אַנדערע שטעט און די מאַסן הונגעריקע האָבן זיך אַטחייעט מיט טרוקן ברויט. „עס צעגייט דאָס האַרץ — שרייבט דער „המליץ״ — צוקוקנדיק ווי קינדער, זקנים און זקנות באַפאַלן די וועגענער מיט ברויט, וואָס קומען פון די נאָענטע שטעט. מיט זייט און אַקסל שטופּן זיי אַוועק איינער דעם צווייטן, כדי צו קריגן אַ שטיקל ברויט און דערקוויקן די נשמה״.

באַלד נאָך דער שריפה האָט זיך געשאַפן אַ הילפס־קאָמיטעט פאַר די נשרפים בראש מיטן „פּרעד־

וואָדיטעל דוואָריאַנסטוואָ׳ (הויפּט פון אַריסטאָקראַטישן שטאַנד) קאָלאַגריוואָוו, אָבער פּאַקטיש זענען געווען אַקטיוו אין קאָמיטעט די יידישע מיטגלידער — ר׳ שמריה נח שניאורסאָן, הירש האַלבערשטאַט, יצחק אייזיק אסתרין, דער קאַזיאָנער רב י. ווילענסקי, ד״ר נ. רייגראָדסקי און פלטיאל קאַצענעלסאָן.

די ערשטע פּראַגע, וואָס איז געשטאַנען אויפן סדר־היום, איז געווען דאָס איינקוואַרטירן די טויזנטער היימלאָזע. „אין אַ הויז, וואָס פריער האָט דאָרט גע־ווינט אין ענגשאַפט איין פאַמיליע — שרייבט ד״ר א. פּאַפּערנאַ — וווינען איצטער דריי־פיר פאַמיליעס, הונדערטער פאַמיליעס וווינען אין שטאַלן און שפּייכ־לערס. ס׳זענען אויך אויפגעשטעלט געוואָרן צייט־ווייליקע באַראַקן. אַ סך האָבן זיך איינגעאָרדנט אין פאַרשיידענע קאַזאַרמעס, וואָס זענען צייטווייליק גע־בליבן שטיין ליידיק, נאָכן אַוועקגיין פון די סאָלדאַטן אויף מאַנעווורעס, ווי אויך אין די וווינונגען פון די אָפיצירן, וואָס מען האָט זיי פאַרדונגען צייטווייליק״.

ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ געלט־זאַמלונג פאַר די נשרפים אין אַ סך שטעט און שטעטלעך פון רוסלאַנד. דער אַלרוסישער רויטער קרייץ האָט זיך באַשטייערט מיט 3000 רובל פאַר דרינגענדיקער הילף. ס׳איז אויפ־געשטעלט געוואָרן אַ קיך־באַראַק, און דעם 21סטן מאַי האָט מען געעפנט אַ קיך. די קיך איז געווען אָפן ביזן 16טן אויגוסט — 87 טעג — און ס׳איז פאַר־טיילט געוואָרן דורכשניטלעך 700—900 פּאָרציעס אַ טאָג. אויך קליידער האָט מען פאַרטיילט צווישן די, וואָס האָבן זיך גענייטיקט אין דעם.

דער שרעקלעכער רושם, וואָס די שריפה האָט געמאַכט, האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע התעוררות צווישן יידן אין גאַנצן לאַנד צו קומען מיט באַלדיקער הילף. פון קעשעניעוו האָט די אָרטיקע צדקה־חברה אַריינגעשיקט 500 רובל — אַלץ וואָס האָט זיך געפונען אין קאַסע — און האָט גענומען קלייבן ווייטערדיקע באַשטייערונגען. אין בערדיטשעוו האָט מען אין די ערשטע טעג נאָך דער שריפה צונויפגעזאַמלט 2000 רובל. אין קיעוו האָט די געלט־זאַמלונג דערגרייכט די סומע פון 8000 רובל. גרויסע געלט־זאַמלונגען זענען דורכגעפירט געוואָרן מיט דער הילף פון דער יידישער פּרעסע. אויפן אַפּעל פון די צייטונגען האָבן זיך אָפּגערופן יידן פון גאַנץ רוסלאַנד און פון חוץ־לאָרץ, פון סיביר ביז אַמעריקע. די „יק״א״ האָט געשיקט פון פּאַריז 22000 פראַנק איינצושאַפן געצייג פאַר די בעלי־מלאכות. אַ שליח פון דער „יק״א״, דער היסטאָריקער פ. מאַרק, איז געקומען אין באָברויסק און געבראַכט 10,000 רובל צו גרינדן אַ ליי־קאַסע פאַר די נשרפים. אַ באַזונדערן רושם האָט געמאַכט דער ביישטייער פון צאַר ניקאָליי אויף אַ סומע פון 50,000 רובל. די מתנה פון צאַר איז צעטיילט געוואָרן צווישן די געליטענע לויט אַ רשימה, וועלכע איז צוגעגרייט געוואָרן דורכן גובערנאַטאָר, וואָס איז ספּע־ציעל געקומען צוליב דעם קיין באָברויסק דעם 5טן יוני. די יידן, וואָס זענען ניט געווינט געווען צו אַזאַ ברייטהאַרציקייט מצד דעם קייסערלעכן הויף, האָבן געזען אין דעם אַ צייכן צום גוטנס. בסך־הכל איז געזאַמלט געוואָרן פאַר די נשרפים פון באָברויסק אַ סומע פון 500,000 רובל.

די אייזנבאַן־דירעקציע, וואָס האָט זיך געפילט שולדיק אין דער שריפה, האָט דערלויבט די געליטענע פון דער שריפה צו פאָרן אומזיסט אין די וואַגאָנעס פון דריטן קלאַס און פירן בוי־מאַטעריאַלן און עסנ־וואַרג פאַר דעם ביליקן פּרייז פון $^{1}/_{100}$ קאָפּיקע פאַר אַ פּוד.

אָבער ניט בלויז די געזאַמלטע געלטער האָבן געהאָלפן צום גיכן אויפבוי פון דער שטאָט. באָברויסק האָט פונקט אין יענער צייט זיך געפונען אין דער סטאַדיע פון שטייגנדיקער אַנטוויקלונג, אַלס האַנדלס־שטאָט. נאָך אין 1896, ווען מען האָט אויסגעלאָדן דאָס געוועזער פון דער פעסטונג, איז דערלויבט געוואָרן צו בויען געמויערטע הייזער. נאָך דער שריפה, וואָס האָט אויסגעבראָכן אין שטאָט דעם 7טן אָקטאָבער 1901, האָט דער מאַגיסטראַט פאַרבאָטן צו בויען היל־צערנע הייזער אין די צענטראַלע גאַסן און דערלויבט אויפצושטעלן בנינים פון האָלץ נאָר אין די הויפן, בתנאי, אַז די דעכער זאָלן זיין געדעקט מיט בלעך. טראָץ דעם אַלעם זענען אויפגעבויט געוואָרן ביז דער גרויסער שריפה ניט מער ווי 25 געמויערטע הייזער. נאָך דער שריפה האָבן סוחרים און אַנדערע בעלי־בתים אָנגעהויבן צו באַקומען הלוואות אויף בויען הייזער, ס׳רוב הילצערנע, וואָס זענען צוליב דעם אויבן דער־מאָנטן איסור געבויט געוואָרן אין די הויפן און אין אַ גרויסער ענגשאַפט; אָבער טיילווייז האָט מען אויך געבויט הייזער פון ציגל און אין דעם זומער פון דעם שריפה־יאָר הערן מיר שוין וועגן איבער הונדערט נייע הייזער פון ציגל, וואָס זענען אויסגעבויט אין שטאָט

און „מ'זעט שוין אַן אויפלעב אין מסחר און אין יעדער מלאכה״.

דער אויפלעב פון שטאָט אין אַזאַ ברייטן פאַרנעם, און במשך פון שיינע עטלעכע יאָר, האָט פאַרזאָרגט מיט אַרבעט בעלי־מלאכות און אַרבעטער. די פיר ציגל־פאַבריקן פון ראָזנבערג, לאַזינסקי, די ברידער פרוזשינין און די שותפים י. כהן און טאָמאַשאָוו — זענען געווען איבערגעלאָדן מיט אַרבעט, און ציגל־טראַנספּאָרטן זענען אויך אָנגעקומען מיט דער באַן פון מינסק, לויט ביליקע טאַריפן. עס זענען אויך אויסגעבויט געוואָרן נאָך דער שריפה, מיט דער הילף פון „יק״א״, „ביליקע היגיענישע וווינונג־בנינים״, וואָס זענען געווען באַשטימט פאַר די פאַראָרעמטע משפחות. דאָס זענען געווען צווייסטאָקיקע הייזער, וואָס זייער אויפבוי האָט אָפגעקאָסט 180,000 רובל. די איינוווינער האָבן זיך אָבער געקלאָגט „אויף דער פייכטקייט אין די חדרים און אויף דעם וואָס מען האָט געמוזט אַרויפברענגען וואַסער פון דעם ברונעם ביז די העכערע שטאָקן״.

עטלעכע יאָר זענען פאַרביי און אויף די חורבות פון דער אָפגעברענטער באָברויסק — דער הילצערנער באָברויסק — איז אויפגעקומען אַ נייע שטאָט, וואָס אין איר האָט מען שוין געזען ניט ווייניק הייזער פון ציגל. די גרויסע שריפה איז — אין אַ געוויסער מאָס — געוואָרן אַ ווענדפונקט אין דער געשיכטע פון באָברויסק, אויבנאויף האָט זי נאָר געענדערט דעם דרויסנדיקן אויסזען פון דער שטאָט, אָבער מיט דעם דרויסנדיקן שינוי פון די הייזער האָט זיך געפילט אַ באַדערפעניש צו פאַרשענערן די גאַסן, פּטור צו ווערן פון די בלאָטעס האַרבסט־צייט, צו פלאַסטערן טראָטואַרן. הכלל — צו דערנענטערן זיך, ווי ווייט מעגלעך, צום אויסזען פון אַן אייראָפּעישער מאָדערנער שטאָט.

## 3. אָנהייב פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. דער בונד אין באָברויסק

די שריפה פון 1902 האָט חרוב געמאַכט די אַלטע באָברויסק און האָט געבראַכט צום אויפבוי פון אַ נייער און שענערער שטאָט. אָבער אַ גרעסערע שריפה האָט אין יענע יאָרן אויסגעבראָכן אין דעם אינעווייניקסטן לעבן פון דער יידישער באָברויסק. די איבעראַנדערונגען, וואָס זי האָט געבראַכט מיט זיך, זענען געווען אַ סך טיפער און האָבן אַריינגעדרונגען אין סאַמע האַרץ פון דעם געזעלשאַפטלעכן און קולטור־לעבן פון דער שטאָט.

אַ געפערלעכער אויפרייס־שטאָף האָט זיך אָנגעזאַמלט אין די אָרעמע געסלעך פון דער „סלאָבאָדאַ״, אָבער „אַ געבונדענער קען זיך אַליין ניט אויפבינדן״ — איז נייטיק געווען נאָר איין פונק, אַז אַ מוראדיקער אויפרייס זאָל אויפטרייסלען די אַלטע געזעלשאַפט, וואָס אירע מנהיגים זענען געווען די רייכע לייט, די וווילטוערס, די רבנים און לומדים, און אַרויפברענגען אויף דער אַרענע נייע געזעלשאַפטלעכע כוחות — די רעוואָלוציאָנערע אינטעליגענץ, די פאָלקסמאַסן און די יוגנט, וואָס איז זיי נאָכגעגאַנגען — דער אָ פונק איז געווען די סאָציאַליסטישע אידעע.

אין ווילנע און מינסק זענען אויפגעקומען קרייזן פון אַרבעטער און בעלי־מלאכות, ווו געבילדעטע יונגעלייט האָבן זיי געעפנט די אויגן און זיי מסביר געווען, לפי דער תורה פון לאַסאַל, מאַרקס און אַנדערע מורי־הוראות, אַז זיי זענען ניט קיין מענטשן־שטויב, וואָס זענען פאַראורטיילט צו דלות און נויט אויף דער וועלט און זייער איינציקע האָפענונג איז נאָר יענע וועלט, — נאָר זיי זענען מיטגלידער פון יענעם קלאַס — דעם פּראָלעטאַריאַט — וואָס צו אים געהערט די וועלט און ער איז בכוח אומצווואַרפן דעם אַלטן רעזשים, דעם רעזשים פון זעלבסטהערשונג, און איינשטעלן אַ רעזשים פון פרייהייט, גלייכהייט און ברידערלעכקייט — אַ גן־עדן אויף אונדזער וועלט.

סוף ניינציקער יאָרן האָט דער רעוואָלוציאָנערער שטראָם דערגרייכט אויך באָברויסק. עטלעכע אינטעליגענטן, צווישן זיי דער זון פון דעם אַפּטייקער בערנשטיין, דער אַפּטייקער פיין, דער יונגער דאָקטער כייקין, זענען די הויפּט־אַגיטאַטאָרן. צו זיי זענען צוגעשטאַנען עטלעכע יידישע סאָלדאַטן פון דער פעסטונג און עטלעכע בעלי־מלאכות. די אַגיטאַציע איז אַ פּרימיטיווע, אָבער ז'טרעפט אין פּינטל. „ניטאָ וואָס צו שעמען זיך מיט אָרעמקייט״ — קלערן אויף די אַגיטאַטאָרן — „און אויב ווער ניט איז דאַרף זיך שעמען, זענען עס די גבירים, דער רב, דער גלח און דער פּריץ, וואָס זיי זייגן אויס דאָס בלוט פון די אָרעמע־לייט״. צו דער מינדלעכער אַגיטאַציע קומען צו דינינקע בראָשורן, וואָס די עצם קאָנספּיראַציע זייערע גיט זיי צו חן און באַדייט.

„ווען איך האָב געלייענט דאָס ביכעלע „דאָמיק

נאַ וואָלגע״, וואָס אין אים ווערט דערציילט וועגן דעם אַטענטאַט אויפן צאַר אַלעקסאַנדער דעם צווייטן און וועגן דעם העלדישן טויט פון די פאַרשווערערס — דערציילט אין זיינע זכרונות איינער פון די ראשונים אין דער באַוועגונג, אַרטשע (אהרן) גאַרעליק — האָט זיך מיר געדוכט, אַז די ווענט הערן, די פענצטער זעען, און אַלע וויסן מיינע געדאַנקען — — — אין גאַס האָב איך זיך אַרומגעקוקט, צי מען גייט מיר ניט נאָך. איך האָב אויסגעמיטן צו באַגעגענען אַ גאָראָדאָוואָי און אַלע ווײַלע האָב איך געטאַפּט די קעשענע, צי האָב איך דאָס, חלילה, ניט פאַרלוירן״.

„מיר האָבן זיך דערוווּסט — דערציילט ער ווייטער, — אַז מיר זענען אַ פּראָלעטאַריאַט, וואָס פאַרמאָגט בלויז זיינע הענט, און אונדזערע אינטערעסן — עס מאַכט ניט אויס צו וועלכן פאַך ווער עס באַלאַנגט — זענען פון איין און דעם זעלבן קלאַס״.

מיט דער רעוואָלוציאָנערער ליטעראַטור איז געקומען די נייע יידישע ליטעראַטור — מענדעלע, ספּעקטאָר, דינעזאָן און פּרץ — וואָס האָט בולט אַרויסגעבראַכט די סאָציאַלע מאָמענטן. „די דערציילונג „באָנטשע שווייג״ פון י. ל. פּרץ — דערציילט גאַרעליק — האָבן מיר געלייענט מיט יעדן נייעם, דאָס הייסט, מיט די אַלע, וואָס מיר האָבן געוואָלט זיי „עפענען די אויגן״ וואָס גיכער״.

און אַזוי איז געשאַפן געוואָרן דער ערשטער „קרוזשאָק״ (קרייז) אין שטאָט. באַטייליקט זיך אין אים האָבן בעלי־מלאכות, שניידערקעס און „אַפילו דינסט־מיידלעך אויך״. און אַז עס האָט זיך פאַרגרעסערט די צאָל חברים אין דער באַוועגונג און ס׳האָבן זיך געמערט די קרייזלעך, האָט מען געשאַפן אַ צענטער און ס׳איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ קאָמיטעט.

ביסלעכווייז ווערן אָנגעבונדן קאָנטאַקטן מיט די צענטערס אין מינסק און ווילנע. עס קומען שליחים פון די אָ שטעט און טרעפן זיך מיט אויסדערוויילטע בחורים פון דער אָרטיקער אָרגאַניזאַציע. צווישן זיי משקע דער אָבאָישטשיק פון מינסק און איציק יפה, אַ בערשטער פון ווילנע, וואָס האָט געדינט אין מיליטער אין באָברויסק.

דאָס עצם זיצן צוזאַמען מיט די „אינטעליגענטן״, זין פון די מיוחסדיקע פאַמיליעס, האָט געהויבן דאָס געמיט פון די דערשלאָגענע סלאָבאָדאַ־לייט. „איך דערפיל זיך ווי אַ דערוואַקסענער — שרייבט גאַרעליק — מיט מענטשן גלייך. מיט אַזאַ ווי בערנשטיין אַלס חבר און לערער, האָב איך דערפילט אַ ליכטיקייט אין מיין נשמה, וואָס וועט שטענדיק באַלייכטן מיין קאַמף פאַרן אַרבעטער־קלאַס, פאַרן פּראָלעטאַריאַט. אַ כפרה קייסער, גענעראַלן און בעלי־בתים. כ׳געהער צום וועלט־פּראָלעטאַריאַט! אַ נייער טיטולירטער מענטש געוואָרן, פון אַזאַ קבצן, אַ נישטיקן יינגל — אַ גאַנצער פּראָלעטאַריאַט געוואָרן.״

מען האָט אויך געשאַפן קרייזלעך צו לערנען זיך רוסיש, וואָרעם „דער יידישער אַרבעטער וועט זיך ניט באַפרייען אַליין, נייערט מיט דער הילף פונעם רוסישן פאָלק״.

עס ברעכן אויס די ערשטע שטרייקן, די בעלי־בתים פּרווון רופן צו הילף די „חברה קצבים״ אָפּצורעכענען זיך מיט די שטרייקערס, אָבער די סאָציאַליסטן געפינען אויך אַ וועג צו עטלעכע פון די „יאַטן״ און ציען זיי אַריבער אויף זייער זייט. זיי האָבן דערפירט צו אַ שלום מיט די הויפּט־מאַכערס פון דער חברה קצבים און דער חברה באַלעגאָלעס — לייביטשקע קאָלעסניק און יאַנקל זובאַטין — און זיי איבערצייגט, אַז זיי דאַרפן זיך שטעלן אויף דער זייט פון די אַרבעטער.

אין דער אָ אַטמאָספער פאַלט אַראָפּ ווי אַ דונער פון הימל די ידיעה, אַז מען האָט אַנטדעקט אַ געהיימע דרוקעריי פון די רעוואָלוציאָנערן. דאָס איז געווען די אומלעגאַלע דרוקעריי פון דעם „פאַראייניקטן אַרבעטער־בונד אין רוסלאַנד״, באַקאַנט אונטערן פאַרקירצטן נאָמען „בונד״, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין ווילנע אין חודש אָקטאָבער 1897. עטלעכע חדשים נאָך דער גרינדונג האָט מען באַאויפטראַגט איינעם פון די גרינדערס פון „בונד״, ישראל מיכל קאַפּלינסקי, אויפצושטעלן אַ געהיימע דרוקעריי, וואָס זאָל באַדינען דעם „בונד״ און די רוסישע „סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער־פּאַרטיי״, וואָס איר גרינדונגס־קאָנפערענץ איז צו שטאַנד געקומען (מערץ 1898) אין מינסק. ווי עס ווייזט אויס, איז באָברויסק אויסגעקליבן געוואָרן ווי דער פּאַסיקסטער אָרט פאַר דער קאָנספּיראַטיווער דרוקעריי דווקא דערפאַר, ווייל די „באַוועגונג״ איז דאָרט געווען אַ שוואַכע און די אָרטיקע פּאָליציי האָט נאָך ניט געהאַט אַן אויג אויף איר.

קאַפּלינסקי און זיין פרוי מערע (מרים קריגעל) האָבן געדונגען אַ דירה אין הויז פון ר׳ יעקב נעמיעץ, בערל קאַצענעלסאָנס זיידע. געווען איז דאָס „אַ דירה פון דריי צימערן מיט אַ קיך. דער ערשטער צימער

האָט אויסגעזען ווי מען וואָלט דאָרט געוווינט און קיין שום זייטיקע זאַכן זענען דאָרט ניט געווען. אין דעם צווייטן צימער איז געשטאַנען אַ לענגלעכער טיש, די דעק פון דעם טיש האָט מען געקענט פונאַנדעררוקן, אונטער דער דעק איז געווען אַ קעסל אין דער לענג פון ׳גאַנצן טיש, צוויי ווערשקעס די טיף. אין אַט דער פאַרטיפונג האָט זיך געפונען דער דרוק־אַפּאַראַט מיט אַלע מכשירים צום דרוקן" (נ. בוכבינדער). דער דריטער חדר האָט געדינט ווי אַ מאַגאַזין פאַר פּאַפּיר, פּאַרן זאַץ און אָפּגעדרוקטן מאַטעריאַל.

אין דער דרוקעריי האָבן געאַרבעט קאַפּלינסקי און זיין פרוי, צוויי מיידלעך פון מינסק און צוויי בחורים, איינער פון ווילנע און דער צווייטער (הערשל דער סטאָליער אָדער גרישע סאָראָקע) פון מינסק. צווישן אַנדערע האָט מען אין דער דרוקעריי געדרוקט די „אַרבעטער־שטימע" און די גרינדונג־פּראָקלאַמאַציע פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פּאַרטיי, אין צוויי שפּראַכן: יידיש און רוסיש.

די צאַרישע אָכראַנקע (פּאָליטישע געהיים־פּאָליציי) אונטערן אָנפיר פון דעם באַקאַנטן זובאַטאָוו האָט פאַרשפּרייט אַ ברייטע שפּיאָנאַזש־נעץ און נאָכגעשפּירט די נייע באַוועגונג, וואָס האָט זיך צעוואַקסן אין גאַנץ ליטע און ווייסרוסלאַנד. שפּיאָנען האָבן זיך אַרומגעדרייט אין אַלע שטעט און שטעטלעך. זיי האָבן זיך דערוווּסט, אַז הערשל סאָראָקע פירט פון האָמעל קיין באָברויסק פיר פוד דרוק־פּאַפּיר. „די שפּיאָנען, וועלכע זובאַטאָוו האָט אַראָפּגעשיקט קיין באָברויסק, זענען זייער גיך דורכגעפאַלן. אין אַ קליין שטעטל, ווו יעדער נייער מענטש ווערט גיך באַמערקט, האָבן די אַגענטן צו זיך צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט: זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין דעם בעסטן האָטעל, געפירט זיך מיט אַ ברייטער האַנט, געגאַנגען אין טעאַטער. ביי יעדן צוג זענען זיי געווען אויפן וואָקזאַל, זיך אָפּגעזאָגט צו האָבן אַ מגע ומשא מיט די פאַרשיידענע קאָמיסיאָנערן, וואָס האָבן געהאַט אַ דריסת־הרגל אין דעם האָטעל. דאָס אַלץ האָט ביי דער האָטעל־אַדמיניסטראַציע אַרויסגערופן אַ חשד, די פּאָליציי האָט זיך מיט זיי פאַראינטערעסירט, אין שטאָט האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז די פרעמדע זענען שפּיאָנען, וועלכע וועלן קאָנפיסקירן אין די קלייטן דאָס גאָלד און זילבער פון אַ נידעריקער פּראָבע, אַז זיי קלייבן זיך צו באַרויבן קליינערמאַנס באַנק־הויז אאַז"וו. זובאַטאָוו האָט געמוזט אָפּרופן די אַגענטן און זיי פאַרבייטן מיט אַנדערע, וועלכע האָבן זיך דאָס מאָל שוין באַזעצט אין פאָרשטאָט" (נ. בוכבינדער).

אויך קאַפּלינסקי און זיינע חברים האָבן דערשפּירט, אַז מען שפּיאָנירט זיי נאָך און געמאַכט אַלע הכנות איבערצופירן די דרוקעריי אין גראָדנע, אָבער דעם 26סטן יולי 1898 איז געגעבן געוואָרן דער סיגנאַל און אין גאַנצן תחום־המושב האָט די פּאָליטישע געהיים־פּאָליציי דורכגעפירט רעוויזיעס און אַרעסטן. אין יענעם טאָג זענען אַרעסטירט געוואָרן קאַפּלינסקי מיט זיין פרוי און צוויי פון זיינע מיטהעלפערס: גרישאַ סאָראָקע און זיין פרוי מיכל סירקין.

דער רושם אין שטאָט איז געווען אַ געוואַלדיקער. „איך בין געווען אַן עדות פון דעם ערשטן געיעג, וואָס מען האָט געמאַכט אויף דער יידישער יוגנט" — האָט דערציילט אַ סך יאָרן נאָך דעם אַן אָפּשטאַמיקער פון באָברויסק, בערל קאַצענעלסאָן, וואָס איז בעת דעם דורכפאַל פון דער דרוקעריי אין באָברויסק געווען אַן עלף־יאָריק קינד. די חברים פון דער באַוועגונג האָבן תופס געווען, אַז דאָס וואָס זיי טוען איז אַ גאָר ערנסטער ענין און איז פאַרבונדן מיט ניט ווייניק סכנות. „שוואַכע און בעלי־בתישע קינדער פאַלן אָפּ — דערציילט אין זיינע זכרונות אהרן גאָרעליק — דאַקעגן, זענען די וואָס בלייבן — גרייט אָפּצוגעבן זייער לעבן". די באָברויסקער קרייזלעך פאַרבינדן זיך מיטן „בונד" און ווערן אַן אינטעגראַלער טייל פון דער באַוועגונג, וואָס איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. אַ טייל פון די ערשטע בונדישע טוערס פאַרלאָזן די שטאָט, אויס מורא פאַר דער פּאָליציי. אויף זייער אָרט קומען נייע און צווישן זיי רוקט זיך אַרויס גאָר גיך דער צוקונפטיקער אָנפירער פון „בונד" אין באָברויסק, נחקע יוכבד, וואָס איז צוגעשטאַנען צו דער באַוועגונג אין 1900, דעמאָלט — אַ 16־יאָריק יינגל.

### 4. די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג ערב דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע (1905)

די ערשטע טעטיקייט פון „בונד" איז געווען געווענדעט אויפצוהייבן דעם מצב פון די אַרבעטער אין באָברויסק. די אַרבעטער זענען אָרגאַניזירט געוואָרן אין פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, האָבן באַקומען אויפקלערונגען וועגן דעם פּראָפעסיאָנעלן און פּאָליטישן

קאַמף. סוף 1898 האָט זיך געגרינדעט איינער פון די שטאַרקסטע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אין שטאָט — דער סטאָליער־פאַראיין. דער דאָזיקער פאַראיין האָט זיך באַזונדערס פאַרשטאַרקט, ווען ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דער פיבערדיקער אויפבוי פון דער שטאָט נאָך דער שריפה. שטרייקן פון סטאָליערס און מאָליערס האָבן געפירט צו קענטיקער העכערונג פון די לוינען אין די אַ פאַכן און געהויבן דעם פּרעסטיזש פון „בונד". טיכטיקע אָרגאַניזאַציאָנעלע אַרבעט איז דורכגעפירט געוואָרן צווישן די שניידערס, זאָקן־מאַכערקעס א״א.

אַחוץ די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען איז געווען אַ קרייז פון „פּראָפּאַגאַנדיסטן־אַגיטאַטאָרן", וואָס האָט געציילט אַ 30—40 חברים. דער קרייז איז באַשטאַנען פון אינטעליגענטן און באַוווסטזיניקע אַרבעטער. פון צייט צו צייט זענען פאָרגעקומען אַרעסטן. דער ערשטער פון די באָברויסקער בונדיסטן, וואָס איז אַרעסטירט געוואָרן, איז געווען משה באַקשט, דער זון פון אַלטן דיין ר׳ יוסף באַקשט. ער איז פאַרמשפּט געוואָרן צו עטלעכע יאָר טורמע.

די פּאָליטישע געהיים־פּאָליציי האָט נאָכגעפּאָלגט די נייע אַנטוויקלונג אין באָברויסק און אין 1902 זענען אָנגעקומען אין שטאָט עטלעכע שליחים פון דער „יידישער אומאָפּהענגיקער אַרבעטער־פּאַרטיי", וואָס איז געשאַפן געוואָרן אויף דער איניציאַטיוו פון דער פּאָליטישער געהיים־פּאָליציי מיטן ציל צו גרינדן אַ פּראָפעסיאָנעלע אַפּאָליטישע באַוועגונג, וועלכע זאָל האַמעווען די פאַרשפּרייטונג פון רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם אויף דער יידישער גאַס. די דאָזיקע באַוועגונג איז באַקאַנט געווען צווישן יידישע אַרבעטער א. נ. „זובאַטאָווטשינאַ", אויפן נאָמען פון איר גרינדער, דעם שעף פון מאָסקווער געהיים־פּאָליציי זובאַטאָוו. סוף 1902 האָט די נייע באַוועגונג, וואָס האָט געהאַט די פולע אונטערשטיצונג פון דער צאַרישער מאַכט און געציילט אַ צוויי הונדערט מיטגלידער, געוואַגט אַרויסצוטרעטן עפנטלעך. דעם 4טן יאַנואַר 1903 האָט די באַוועגונג, מיט דער דערלויבעניש פון דעם פּאָליציי־שעף אין שטאָט, גערופן אַן אַרבעטער־פאַרזאַמלונג, אויף וועלכער ס׳איז דערשינען דער שליח פון דעם מינסקער קאָמיטעט פון דער „אומאָפּהענגיקער אַרבעטער־פּאַרטיי" (זובאַטאָווצעס). דער „בונד" האָט געשיקט אַהער אַ גרויסע צאָל חברים, וואָס האָבן אויפגעריסן די פאַרזאַמלונג און פאַרענדיקט מיט אַ געשלעג.

קלאַנגען וועגן די „דעמאָקראַטן", ווי מען האָט דעמאָלט גערופן די בונדיסטן אויף דער יידישער גאַס, האָבן זיך צעטראָגן איבער דער גאַנצער שטאָט. פון צייט צו צייט פלעגן פאָרקומען אומלעגאַלע פאַרזאַמלונגען, און הונדערטער פּראָקלאַמאַציעס אין יידיש און רוסיש פלעגן פאַרשפּרייט ווערן צווישן די פאַרזאַמלטע. אויף די פאַרזאַמלונגען פלעגן אין יענער צייט קומען פון הונדערט ביז 150 פּערזאָן. די דאָזיקע פאַרזאַמלונגען האָט מען איינגעאָרדנט בשייכות מיט פאַרשיידענע רעוואָלוציאָנערע געשעענישן: דעם 14טן דעצעמבער — צום אָנדענק פון בונט פון די דעקאַבריסטן אין 1825; דעם 19טן פעברואַר — צום טאָג פון באַפרייען די פּויערים אין 1861; דעם 1טן מערץ — טאָג פון אַטענטאַט אויף דעם צאַר אַלעקסאַנדער דעם צווייטן און, פאַרשטייט זיך, דעם 1טן מאַי. דעם 15טן מערץ 1903 איז דערשאָסן געוואָרן דער פּראָוואָקאַטאָר ראובן לובין, פאַר מסרן סאָציאַליסטן און אַרויסגעבן זיי צו דער פּאָליציי.

אין יענער צייט האָט שוין דער „בונד" געהאַט זיין „בירזשע" אין באָברויסק, ווי עס איז געווען דער מנהג אין אַלע שטעט, ווו דער „בונד" איז געווען אַקטיוו. די בירזשע איז געווען אויף דער מוראַוויאָור־גאַס, צווישן די גאַסן סקאָבעליעווסקאַיאַ און סטאָליפינסקאַיאַ. אין אָוונט פלעגן זיך די אָנהענגערס פון „בונד" — אַרבעטער, געזעלן, יונגע בעלי־מלאכות — דאָרט צונויפקומען, אַרומשפּאַצירן איבער דער גאַס, שמועסן, דיסקוטירן, אָפּרעדן וועגן פּאַרטייאישע צוזאַמענטרעפן אאַז״וו.

דער קישענעווער פּאָגראָם האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם אין באָברויסק, ווי אין אַלע אַנדערע יידישע קהילות אין רוסלאַנד. דער „בונד" האָט געשאַפן זיין „קאַמף־אָפּטייל" (באָיוווקע) וואָס דער עיקרדיקער ציל זיינער איז געווען זעלבשוץ. אין באָברויסק גופא איז ניט געווען קיין חשש פאַר אַ פּאָגראָם, אָבער אין סעפּטעמבער 1903, ווען עס איז אָנגעקומען די ידיעה וועגן פּאָגראָם אין האָמעל, איז אַרויס אַ גרופּע פון באָברויסקער זעלבשוץ צו אָנשליסן זיך אין דער יידישער זעלבשוץ פון האָמעל. אין דעם זעלבן יאָר (13.9.1903), ערב יום־כיפור, האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז פּויערים פון דער געגנט גרייטן זיך צו באַפאַלן די יידן אין באָברויסק. די

יידישע זעלבשוץ האָט צעשיקט אירע מענטשן אויף זייערע פּאָזיציעס, אַקעגנצושטעלן זיך די פּאָגראָמשטשיקעס, אָבער גאָר גיך האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ס׳איז געווען אַ פאַלשער קלאַנג.

אין יענעם יאָר (1903) איז דער „בונד״ אַרויס מיט די ערשטע גאַסן־דעמאָנסטראַציעס, אונטער דער מאַסקירונג פון לוויות. אַזאַ דעמאָנסטראַציע איז פאָרגעקומען דעם 17טן דעצעמבער 1903 אויף דער לוויה פון איינעם פון די פּאַרטיי־עסקנים לייב אבנר׳ס, וואָס איז יונג געשטאָרבן. עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו טראָגן די מיטה ניט דורך די זייטיקע גאַסן, הגם אַזוי אַרום וואָלט מען פאַרקירצט דעם וועג, נאָר דורך די צענטראַלע גאַסן, שאָסיינאַיאַ און מוראַוויאָווסקאַיאַ. „דער עולם האָט מאַרשירט אין געשלאָסענע רייען. אַרבעטער האָבן פאַרלאָזן די וואַרשטאַטן און אַ סך פון די תושבים האָבן זיך אָנגעשלאָסן צו דער לוויה־דעמאָנסטראַציע, אַזוי אַז אויף דער מוראַוויאָווסקאַגאַס איז שוין געווען אַן עולם פון עטלעכע טויזנט מענטשן. דער עולם איז געגאַנגען אין פולער שטילקייט — און אַ כוח, וואָס וואַרפט אָן אַ פחד, האָט זיך געפילט אין אָט דער געשפּאַנטער שטילקייט. פון די הייזער און די געשעפטן איז מען אַרויס אָנצוקוקן די דאָזיקע אויסערגעוויינלעכע מאַניפעסטאַציע״. ערשט ווען די לוויה איז צוגעקומען נאָענט צום בית־עלמין, האָט די פּאָליציי דערשפּירט דעם רעוואָלוציאָנערן כאַראַקטער פון דער לוויה און אַ פּאָליציי־אָפּטיילונג האָט זיך באַוויזן אויפן פּלאַץ. אַ טייל פון די מלווים זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען, אָבער אַ טויזנט מענטשן, צווישן זיי די אָרגאַניזירטע אַרבעטער און אַ סך פרייוויליקע, זענען פאַרבליבן אויפן פּלאַץ. מען האָט געהאַלטן „הספדים״, וואָס זענען געווען רעוואָלוציאָנערע רעדעס, און נאָך דעם האָט אַ פאָרשטייער פון „בונד״ געבעטן אַלע באַגלייטערס זיך רויק פונאַנדערגיין.

דער דערפאָלג פון די אָ פאַרמאַסקירטע דעמאָנסטראַציעס האָט צוגעגעבן מוט און פּרעסטיזש די אָרגאַניזאַטאָרן. דער 1טער מאַי 1904, וואָס איז אויסגעפאַלן אין רוסלאַנד דעם 18טן אַפּריל, איז אין באָברויסק געפייערט געוואָרן דורך אַן אַלגעמיינעם שטרייק. „אַפילו אויף ז׳ער באַן־סטאַציע, אין די בנינים, וואָס ווערן געבויט אונטער דער אויפזיכט פון שעף פון דער געהיים־פּאָליציי, האָט מען ניט געאַרבעט״ — שרייבט דער קאָרעספּאָנדענט פון דער צענטראַלער בונדישער צייטונג. גרויסע פאַרזאַמלונגען, אין וועלכע ס׳האָבן זיך באַטייליקט אַרום 700—800 פּערזאָן, זענען פאָרגעקומען אין די וועלדער הינטער דער שטאָט; פּראָקלאַמאַציעס זענען פאַרשפּרייט געוואָרן אין די טויזנטער. אַרום 1000 אַרבעטער זענען אַרויס אויף דער צענטראַלער גאַס, יום־טובדיק אָנגעטאָן. אַ סך אַרבעטער האָבן זיך אָבער ניט באַנוגנט מיט דעם און געפאָדערט אַ שאַרפערע אַקציע. „ניט אַזוי — האָבן זיי געטענהט צו מאָרגנס — דאַרף מען פייערן דעם 1טן מאַי. מיר האָבן געדאַרפט רעאַגירן דעמאָנסטראַטיוו אויף אַלץ וואָס אונדזער מאַכט טוט אָפּ״.

זומער 1904 האָט דער „בונד״ אין באָברויסק געציילט 700 חברים און איז געווען פאַררעכנט צווישן די 10 גרויסע בונדישע אָרגאַניזאַציעס אין גאַנץ רוסלאַנד. די מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע זענען געווען מוכן ומזומן צו יעדער רעוואָלוציאָנערער אַקציע. שבת, דעם 25סטן סעפּטעמבער 1904, איז אויסגעבראָכן אין באָברויסק אַ ספּאָנטאַנע רעוואָלוציאָנערע פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציע, נאָך דעם ווי די פּאָליציי האָט אַנטדעקט אַן אומלעגאַלע פאַרזאַמלונג פון 300 מענטשן אין וואַלד הינטערן שטאָט. די פאַרזאַמלטע האָבן זיך באַוואָפנט מיט שטעקנס און דראָנגען און זיך אומגעקערט אין שטאָט „אין אַן ענג געשלאָסענער מענטשן־מאַסע״. מיט אויסרופן: „נידער מיט דער זעלבסטהערשונג״, „נידער מיט דער מלחמה״ (געמיינט די רוסיש־יאַפּאַנישע מלחמה), „זאָל לעבן דער שלום״. די פּאָליציי, וואָס איז ניט געווען צוגעגרייט צו אַזאַ מין מאַניפעסטאַציע, האָט זיך געמאַכט ניט וויסנדיק „און זיך ניט באַוויזן פאַר די דעמאָקראַטן״.

דעם נאָענטן שבת, דעם 2טן אָקטאָבער 1904, האָט דער „בונד״ דורכגעפירט די ערשטע אָרגאַניזירטע דעמאָנסטראַציע אין די גאַסן פון באָברויסק, וואָס איז געקומען ווי אַן ענטפער אויף דעם אָנפאַל פון דער פּאָליציי אויף בונדישע דעמאָנסטראַנטן אין ביאַליסטאָק סוכות־צייט. אַרום 600 מענטשן האָבן זיך פאַרזאַמלט אויף דער מוראַוויאָווסקע־גאַס, וואָס איז דעמאָלט, נאָך עטלעכע טעג רעגנס, געווען איין גרויסע בלאָטע. די דעמאָנסטראַנטן האָבן מאַרשירט אויף די טראָטואַרן, געטראָגן אַ רויטע פאָן און געזונגען דאָס רעוואָלוציאָנערע ליד „וואַרשאַוויאַנקאַ״. פּראָקלאַמאַציעס אין יידיש און רוסיש זענען צעטיילט געוואָרן צווישן דעם עולם. „אין שפּיץ פון דעם דעמאָנסטראַציעצוג איז געגאַנגען די „באָיעוועקע״, „באַוואָפנט מיט רעוואָלווערן און באַגנעטן״. אַ פּאָליציאַנט, וואָס האָט

זיך געשטעלט אין וועג פון דער דעמאָנסטראַציע, האָט באַקומען קלעפּ. די פּאָליציי האָט געעפנט אַ פייער, און די „באַיוווקע" האָט געענטפערט מיט אַ שיסעריי. די איבערשיסונג צווישן דער פּאָליציי און דער „באַ־יוווקע" האָט ניט אויפגעהערט, ביז ס'איז אָנגעקומען אַן אָטריאַד סאָלדאַטן און מיט כוח צעטריבן דעם עולם.

די דאָזיקע דעמאָנסטראַציע האָט געפירט צו אַ סך אַרעסטן. דאָס האָט איינגעשרומפּט די בונדישע טעטי־קייט; אָבער די רעוואָלוציאָנערע כוואַליע, וואָס האָט פאַרפלייצט רוסלאַנד נאָך דער הריגה פון די רויקע דעמאָנסטראַנטן, וואָס זענען אַרויס בעטן רחמים ביים צאַר אין „דעם בלוטיקן זונטיק" („קראַוואַוואָיע וואָס־קרעסעניע"), דעם 9טן יאַנואַר 1905, האָט אויפגע־שטורעמט די סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין באָברויסק צו נייע רעוואָלוציאָנערע מעשים.

## 5. ציוניסטן און „פּועלי־ציון" סוף 19טן יאָרהונדערט

דאָס דערשיינען פון ד"ר הערצל האָט אַריינגע־הויכט אַ נייע נשמה אין דעם ענגן קרייז פון די „חובבי־ציון" אין באָברויסק. אין דעם ערשטן קאָנ־גרעס (1897) האָבן זיך באַטייליקט צוויי דעלעגאַטן פון באָברויסק — באַריס קאַצענעלסאָן און משה חיים לאַזינסקי. מ. ח. לאַזינסקי, אַ פעיקער יונגער־מאַן און אַ זון פון אַ פאַרמעגלעכער פאַמיליע, האָט גיך פאַר־נומען אַן אָנגעזען אָרט אין דער צענטראַלער ציוניס־טישער אַרבעט. ער האָט שטודירט יורי אין קיעוו און געווען דאָרט סעקרעטאַר פונעם מורשה איבערן קיע־ווער ראַיאָן, ד"ר מ. מאַנדעלשטאַם. ער איז אויך געשיקט געוואָרן קיין לאָנדאָן צו מטפּל זיין זיך מיט דער גרינדונג פונעם „אוצר התישבות היהודים". צוליב דער פאַרערגערונג פון זיין געזונט־צושטאַנד איז ער געווען געצוווּנגען זיך אומצוקערן אין זיין געבורט־שטאָט, ווו ער האָט זיך גערעכנט פאַר איינעם פון די אַקטיווסטע ציוניסטישע עסקנים, ביז זיין פטירה כ"ה כסליו תרס"ג (1902).

אין דער ציוניסטישער באַוועגונג האָבן אויך ממשיך געווען זייער טעטיקייט די אַקטיווע טוערס פון „חיבת ציון", יצחק אייזיק אסתרין און יוסף דאָבקין, צו זיי איז צוגעשטאַנען דער יונגער אריה לייב מזא"ה, וואָס האָט זיך באַזעצט אין באָברויסק אין 1897, נאָך דעם ווי ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ באָברויסקער טאָכטער, און איז געווען סעקרעטאַר רעפּרעזענטירט באָברויסק אויפן 5טן (1901), זעקסטן פון ציוניסטישן מרכז אין באָברויסק. מזא"ה האָט (1903) און זיבעטן (1905) קאָנגרעס. אויף דער צווייטער קאָנפערענץ פון רוסישע ציוניסטן אין מינסק האָבן זיך באַטייליקט פיר דעלעגאַטן פון באָברויסק: יחיאל דווידסאָן, מ. ח. לאַזינסקי, א. ל. מזא"ה און שרה קאַצענעלסאָן.

די גאַר וויכטיקע טעטיקייט אין דער ציוניסטישער באַוועגונג פון ד"ר ניסן קאַצענעלסאָן, אַ זון פון אַ רייכער און מיוחסדיקער משפחה אין באָברויסק, וואָס האָט געוווינט אין ליבאַווע, אָבער אָנגעהאַלטן גע־שעפטלעכע און פאַמיליע־פאַרבינדונגען מיט זיין מש־פחה אין באָברויסק — האָט געהאַט אַ השפעה צווישן די בעלי־בתישע קרייזן אין שטאָט לטובת דעם ציוניזם.

איינער פון די ציוניסטישע עסקנים און אירע מטיפים איז געווען שמואל אַלעקסאַנדראָוו — אַן אָרי־גינעלער טיפּ, וואָס איז געשטאַנען צווישן צוויי וועלטן — די וועלט פון תורה און די וועלט פון השכלה. ער איז געווען איינער פון די גרינדערס פון „מזרחי" אין רוסלאַנד. אין די יאָרן 1898—1899 האָט געוווינט אין באָברויסק דער באַקאַנטער מטיף שמעון משה דיסקין פון כאַסלאַוויטש. ער האָט געדרשנט פאַר ציוניזם ניט נעמענדיק קיין געצאָלט.

פון די צייטונגען אין יענער צייט דערוויסן מיר זיך וועגן דער פאַרצווייגטער טעטיקייט פון די ציו־ניסטן אין פאַרשפּרייטן דעם ציוניסטישן געדאַנק, אין פאַרקויפן שקלים און אַקציעס פון „אוצר התישבות היהודים", אין פאַרשפּרייטן העברעישע זשורנאַלן און ליטעראַטור.

פון מאָל צו מאָל פלעגן איינגעאָרדנט ווערן ציו־ניסטישע אָוונטן. „דער יום־טוב פון די מכבים — שרייבט אַ באָברויסקער אין „הצפירה" (תרס"ב — 1901) — איז געפייערט געוואָרן מיט גרויס פּאַראַד אין דעם גרויסן בית־מדרש, כדי די ברייטע פאָלקס־מאַסן זאָלן זיך קענען באַטייליקן אין דעם נאַציאָנאַלן יום־טוב. דער בית־מדרש איז געווען פול געפּאַקט מיט מענטשן פון אַלע פּאַרטייען. חזנים מיט זייערע כאָרן און מוזיקאַנטן האָבן געזונגען און געשפּילט ציון־שירים; די באַקאַנטע מטיפים ש. אַלעקסאַנדראָוו, ש. דיסקין און בערגער האָבן געהאַלטן רעדעס, וואָס האָבן געמאַכט אַ געוואַלטיקן רושם אויפן עולם, און

אַ סך האָבן זיך פרייוויליק געמאָלדן אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע״; פורים תרס״ג איז אײַנגעאָרדנט געוואָרן אַ פורים־אָוונט דורך דעם פאַראיין „בני־ציון״ און דאָרטן האָט געהאַלטן אַ רעדע י. ל. בערגער. די הכנסה פונעם אָוונט איז געווען באַשטימט פאַרן קרן קימת לישראל, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן מיט אַ יאָר פריער.

אין נאָוועמבער 1902 האָט זיך געגרינדעט אין באָברויסק אַ ציוניסטישער פאַראיין פון די פרומע א. נ. „שערי ציון״, וואָס האָט געציילט 250—300 חברים. די אַקטיוווסטע טוערס זענען געווען ש. אַלעקסאַנדראָוו און יוסף דאָבקין. אין פאַראיין זענען טעטיק געווען צוויי קאָמיטעטן — אַ „קאָמיטעט פאַר ציוניזם״, וואָס האָט געפירט אַ ריין ציוניסטישע אַרבעט (פאַרקויפט שקלים, מאַרקעס פאַרן קרן קימת לישראל און די אַקציעס פון קאָלאָניאַל־באַנק) און אַ „קאָמיטעט אויפצוהייבן דעם קרן התורה״, וואָס זיין ערשטע אַרבעט איז געווען אָרגאַניזירן קרייזלעך צו לערנען תורה אין די בתי־מדרשים.

מיר ווייסן אויך וועגן ציוניסטישע פרויען־פאַראיינען „אחיות־ציון״ און „בנות יהודה״. דער „אחיות־ציון״־פאַראיין האָט געפירט אַן אויפקלער־אַרבעט צווישן די אָרעמע שיכטן און די ניט־געבילדעטע. צו די „בנות יהודה״ האָבן געהערט די געבילדעטע און די פאַרמעגלעכע פרויען.

סוף 1903 האָט אָנגעהויבן זיין טעטיקייט אין באָברויסק, אויף דער איניציאַטיוו פון די ציוניסטן, דער פאַראיין „דוברי עברית״, וואָס זיין הויפט־ציל איז געווען צוצוגעווינען די חברים צו רעדן העברעיש און פאַרשפּרייטן די קענטשאַפט פון העברעיש צווישן די אָרטיקע יידישע תושבים. דער פאַראיין האָט ענערגיש געאַרבעט און אַ סך אויפגעטאָן אין פאַרשפּרייטן די העברעישע שפּראַך, בעיקר צווישן די מיידלעך פון באָברויסק.

די ציונים זענען געווען דער רוח החיה אין דער הילף־אַקציע פון באָברויסקער יידן נאָך דעם אומגליק, וואָס האָט געטראָפן די קישענעווער יידן. נאָכן פּאָגראָם האָבן די רבנים אויסגערופן אַ תענית־צבור און איינגעאָרדנט אַ טרויער־פאַרזאַמלונג. אין שטאָט האָט מען דורכגעפירט אַ געלט־זאַמלונג לטובת די קרבנות פונעם פּאָגראָם, אין וועלכן ס'האָבן זיך באַטייליקט רייכע און אָרעמע. מ'האָט צונויפגעזאַמלט 2000 רובל.

אין יאָר 1901 איז זאב גערשאָווסקי (גרשון) געשיקט געוואָרן פון מינסק דורך מיכל האַלפערין צו פירן אַ פּראָפּאַגאַנדע אין באָברויסק פאַר „פּועלי־ציון״. „מיט גרויס התלהבות דערמאָנט ז. גרשון זיין באַזוך אין באָברויסק — שרייבט מענדל זינגער, וואָס האָט געהאַט אַ געשפּרעך מיט ז. גרשון שוין אין זיין טיפן עלטער, און האָט עס פאַרעפנטלעכט אין זיין בוך „בראשית הציונות הסוציאליסטית״. — ער איז געשטאַנען דאָרט פאַר אַ ווונדערלעכער דערשיינונג: אַלע, וואָס האָבן געהערט צו די פּועלי־ציון, זענען געווען דורכגעדרונגען מיט אַ טיפן גלויבן אין דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער אידעע און גרייט געווען אָפּצוגעבן זייער לעבן פאַר איר. און די מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע — מייניסטנס האָרעפּאַשנע מענטשן — שוסטערס, שניידערס, בלעכערס, רימערס און בוי־אַרבעטער, און די מיטגלידערינס — שניידערקעס, זאָקן־מאַכערקעס, אַרבעטערינס אין טאַבאַקפאַבריקן — אַלע מענטשן פון שווערער אַרבעט, דאָרשטיקע צו לערנען און וויסן״.

„מיין מיטשמועסער האָט דערמאָנט די ערשטע פּ.צ.־חברים אין באָברויסק: אָט איז וועלוול לעווקאָוויטש, אַ יונגער־מאַן מיט אַ בלאָנדער באָרד, וואָס האָט נאָר געוואָלט וויסן, צי זענען מיר ניט קיין כופרים בעיקר און צי זענען מיר ניט מחלל שבת. אַ פרומער ייד, אַ גוטהאַרציקער, געניגט טיף בודק צו זיין מחשבות און מעשים; און אָט איז לייבקע פלאַקון, אַ בוי־אַרבעטער, אַ נאַיווער בחור מיט אַ געזונטן פּראָלעטאַרישן גייסט, וואָס האָט פשוט און אויפריכטיק באַנומען אונדזער עיקר; די צוויי ברידער ניימאַן זענען געווען קאַמאַשן־מאַכערס, וואָס האָבן זיך גערעכנט פאַר די אינטעליגענטן אין זייער פאַך; און איינער הערשל טימפין, וואָס אויך וועגן אונדזער ענין פלעגט ער ריידן מיט אַ גמרא־ניגון: „צוליב וואָס פּילפּלען זיך? מיר זענען דאָך יידישע אַרבעטער און מיר דאַרפן פאַרטיידיקן אונדזער ענין דאָ אין גלות און אפשר נאָך מער אין ארץ־ישראל. מיר דאַרפן אָרגאַניזירן אַ שטאַרקן כוח פון אונדזערע אַרבעטער אין דער גאָרער וועלט, כדי מיר זאָלן קענען, ווען עס וועט קומען די צייט, אַריבערפירן זיי קיין ארץ־ישראל און זיי וועלן דאָרט זיין אַ שעפערישער און בויעדיקער כוח״. ער געדענקט גאָר גוט בערעלען (בערל קאַצענעלסאָן), אַ יינגל פון אַ יאָר 13־14, מיט קרענקלעכע אויגן, שטענדיק וואַכזאַם, אָפט געהאַט עפּעס

צו זאָגן די דערוואַקסענע ציוניסטן, און אַלע פלעגן זיך צוהערן צו די רייד פון דעם שאַרפזיניקן יינגל — „דער עילוי אונדזוערער, בערעלע, איז גלייך צוגעשטאַנען צו דער גרופּע חברים. ער איז ניט געווען קיין אַרבעטער, נאָר אַ זון פון אַ בעל־הבתישער אינטעליגענטער משפחה און האָט זיך געלערנט. אָט דער בערעלע איז גיך געוואָרן דער באַוועגנדיקער גייסט אין דער גרופּע „פועלי־ציון" אין באָברויסק."

לויט זאב גרשונס מיינונג איז די אָרגאַניזאַציע אין באָברויסק אין די יאָרן 2־1901 געווען דער ווינקל־שטיין פון דעם פועלי־ציון־ענין אין רוסלאַנד און פוילן אין די קומענדיקע יאָרן.

די „פועלי־ציון"־אָרגאַניזאַציע איז געשטאַנען אין אַ שווערן קאַמף מיטן „בונד" פאַר דער נשמה פון די אַרבעטער און דער יוגנט. זי האָט זיך פאַרלייגט אויף די אַרבעטער־קרייזן, וואָס זענען געווען נאָענט צו דער יידישער טראַדיציע, וואָס האָבן באַקומען אַ בעסערע יידישע דערציונג. זי האָט זיך דערוואָרבן אַ סך אָנהענגער צווישן די האַנדלס־אָנגעשטעלטע, אָבער אויך צווישן אַנדערע אַרבעטער און בעלי־מלאכות. מיר ווייסן וועגן אַ פאַראיין פון מאלערס־ציוניסטן, פון 35 מיטגלידער, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט דעם, אַז איין מאָל אין וואָך פלעגן זיי זיך צונויפקומען לערנען תנ"ך און יידישע געשיכטע. די „פועלי־ציון"־פאַרטיי איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט דער אַלגעמיינער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין שטאָט דורך דער פאַרמיטלונג פון א. ל. מזא"ה, וואָס איז געווען זייער אָנגענומען ביי די ברייטע פאָלקס־שיכטן.

פון די זכרונות פון די ערשטע „פועלי־ציון" אין באָברויסק, מיכאל מאַרגאָליס און מאיר סאָלאָף (סאָלאָוויאָוו) דערוויסן מיר זיך, אַז אין אָנהייב פון 20סטן יאָרהונדערט איז געווען אין באָברויסק אַ שטאַרקע אָרגאַניזאַציע פון „פועלי־ציון", וואָס האָט געציילט אַ 300 חברים. די אָרגאַניזאַציע איז געווען איינגעטיילט אין קרייזלעך פאַר זעלבסטבילדונג. עס איז ניט לייכט געווען צו אָרגאַניזירן אַרום צוואַנציק קאָנספּיראַטיווע ערטער פאַר אָט די קרייזלעך. פון מאָל צו מאָל פלעגן זיך צונויפקומען אַלע חברים פון דער אָרגאַניזאַציע אויף אַ „סכאָדקע" (אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג) און פלעגן אויסקלייבן דעם קאָמיטעט. די וואַלן זענען פאָרגעקומען אויף אַ גאָר אייגנאַרטיקן אופן: יעדער קרייזל האָט איבערגעגעבן אַ רשימה פון קאַנדידאַטן איינעם אַ חבר, וואָס האָט זיך גערופן „פאַרטרויונגס־מאַן"; די ווייילערס פלעגן זיך צונויפקומען מיטן „פאַרטרויונגס־מאַן" און אים אָפּגעבן צעטלעך מיט די נעמען פון די חברים, וואָס זיי שלאָגן פאָר אַלס מיטגלידער פון קאָמיטעט — און ער פלעגט אויסקלייבן פון זיי די פּאַסיקסטע חברים, אַזוי אַז די פשוטע חברים האָבן ניט געוווסט, ווער ס׳זענען די קאָמיטעט־מיטגלידער.

די „בירזשע" פון „פועלי־ציון" איז צו ערשט אויך געווען אויף דער גאַס מוראַוויאָווסקאַיאַ, פון באַראַשעס אַפּטייק ביזן סוף גאַס. שפּעטער האָט מען זי איבערגעפירט אויף שאָסיינאַיאַ. „די בירזשע — שרייבט מאַרגאָליס — איז געווען דער לעבעדיקער דופק פון דער אָרגאַניזאַציע — — — אויף די בירזשעס האָט זיך שטענדיק געטומלט, דיסקוסיעס האָבן זיך אומאויפהערלעך געפירט דאָרט. פאַר אַ חבר און אַ חברטע, וואָס האָבן זיך געדאַרפט טרעפן אָדער טאָן עפּעס, איז די בירזשע געווען דער טרעפפונקט זייערער. עס האָט דאָרט גערוישט ווי אין אַ בינשטאָק, מען האָט שפּאַצירט הין און צוריק, אָן אויפהער."

אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען פלעגט מען ווינטערצייט איינאָרדענען אין פאַבריקן, אין סלאָבאָדאַ, און אַ וואָך פון חברים — יונגע פאָרלעך, בחורים און מיידלעך, פלעגן אַרומשפּאַצירן אין דרויסן און היטן, אַז די פּאָליציי זאָל ניט איבערראַשן די פאַרזאַמלטע. מאַרגאָליס דערציילט, אַז פאַר די פאַרזאַמלונגען האָט מען באַנוצט אַפילו ליידיקע קאַזאַרמעס, וואָס די סאָלדאַטן האָבן פאַרלאָזן צוליב פאַרשיידענע סיבות. זומער האָט מען אָפּגעהאַלטן פאַרזאַמלונגען אין די וועלדער פון יענער זייט בערעזינאַ. אויך דאָ זענען געשטאַנען וואַכן אַרום; מען פלעגט זיך אויך אַרויפּדראַפּען אויףביימער און אין לאָרנעטעס קוקן אַרום אין אַרום.

ביי די „פועלי־ציון" האָט עקסיסטירט אַ יוגנט־אָרגאַניזאַציע פון 15—18־יאָריקע יינגלעך א. נ. „פועלי־ציון ב׳". אין דער שפּיץ איז געשטאַנען דער חבר אליהו ניימאַן. אויך זיי האָבן געהאַט זייערע קרייזלעך און פאַרזאַמלונגען.

אי דער „בונד", אי די „פועלי־ציון" האָבן געהאַט אַ „קאַמפּס־אָפּטיילונג" (באָיוווקע). איר ציל איז געווען צו לערנען זיך באַגיין מיט געווער, אַטאַקירן שטרייקברעכערס, באַפרייען חברים, אַרעסטירטע דורך פּאָליציאַנטן און אַז"וו. פון איר האָט זיך, נאָכן קישענעווער

פּאָגראָם, אַנטוויקלט די זעלבשוץ־אָרגאַניזאַציע פון „פּועלי־ציון״, וואָס האָט פאַרמאָגט רעוואָלווערן און באָמבעס פון אייגענער אויסאַרבעטונג, באַהאַלטן אויפן אייבער־שטיבל פון דער תלמוד־תורה. געווער־איבונגען האָט מען געמאַכט אויף יענער זייט בערעזינאַ.

אין יאָרטאָג פון קישענעווער פּאָגראָם, אָדער, גענויער, אַ שבת פאַר דעם, האָבן די „פּועלי־ציון״ אָרגאַניזירט אַ פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציע. די דעמאָנסטראַציע האָט מען איינגעאָרדנט אויף אַזאַ אופן: די חברים זענען געקומען צום דאַוונען אין דער גרויסער שול אויף שאָסיינע־גאַס, נאָכן דאַוונען האָבן אַ פּאָר געזונטע בחורים זיך אַוועקגעשטעלט ביי די אַרויסגאַנגען פון שול און ניט געלאָזן קיינעם אַרויסגיין. מען האָט געהאַלטן רעדעס און געלייענט פראַגמענטן פון ביאַליקס „שחיטה־שטאָט״. דערנאָך זענען די בחורים אַרויס אין גאַס, וואָס איז, אגב, געווען פול מיט בלאָטעס, און האָבן מאַרשירט מיט אויפגעהויבענע פאָנען, פאַרהילכנדיק די גאַס מיט אויסגעשרייען קעגן דער צאַרישער מאַכט און מיט רעוואָלווער־שאָסן. די דאָזיקע דעמאָנסטראַציע, וואָס איז געווען די ערשטע פּאָליטישע מאַניפעסטאַציע אין שטאָט („דער „בונד״ האָט אָנגעהויבן זיינע דעמאָנסטראַציעס זומער 1904), האָט אויפגעמונטערט די חברים.

זומער 1903 זענען פאָרגעקומען וואַלן צום זעקסטן ציוניסטישן קאָנגרעס. באָברויסק האָט געשיקט צום קאָנגרעס זעקס דעלעגאַטן, בתוכם דריי פון די אַלגעמיינע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס: פּ. קאַצענעלסאָן, משה קאַצענעלסאָן און אריה לייב מזא״ה, צוויי פון „שערי־ציון״ (מזרחי) — יוסף דאָבקין און יוסף לוריע (לוריע האָט אָפּגעטראָטן זיין אָרט פאַר דעם רב חנוך הענדעל פרידלאַנד פון פּאַריטש), און פון די „פּועלי־ציון״ — זאב וועלוול לעווקאָוויטש.

הערצלס טויט כ׳ תמוז תרס״ד (1904) האָט טיף אויפגעטרייסלט די באָברויסקער יידן. מיט דער דערלויבעניש פון דער מאַכט איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַן אזכרה אויפן הויף פון בית־עלמין צו די שלושים נאָך זיין טויט. בשעת די הספּדים האָט דער גרויסער עולם אויסגעבראָכן אין אַ געוויין. עס איז געקומען אויך אַ גרופּע בונדיסטן, ווייזט אויס, אויפצורייסן די פאַרזאַמלונג. זיי האָבן זיך אָבער צוריקגעצויגן, זעענדיק אַזאַ גרויסן עולם. האָט זיך אָבער פאַרוואָלט די אָרגאַניזאַטאָרן פון דער טרויער־פאַרזאַמלונג צו פאַרענדיקן זי מיט אַ „מי שברך״ דעם צאַר, האָבן די בונדיסטן אויפגעהויבן אַ טומל און ס׳איז געקומען צו אַ געשלעג צווישן די „פּועלי־ציון״ און די בונדיסטן. דאָס האָט איבערגעלאָזן אַ שווערן געפיל און אַ ביטערע דערמאָנונג ביי אַ סך פון די וואָס זענען דאָרט בייגעווען.

דאָס ערשטע יאָר פון דער רעוואָלוציע איז געווען אַ יאָר פון באַרג־אַראָפּ אין דער ציוניסטישער באַוועגונג; פון איין זייט האָבן זיך צעשטורעמט די דיסקוסיעס וועגן אוגאַנדע; פון דער צווייטער זייט, האָט די רעוואָלוציע אָפּגעצויגן די יוגנט און אָפּגעשוואַכט די צוציונגס־קראַפט פון דער ציוניסטישער אידעאָלאָגיע. באַזונדער האָט עס געטראָפן די „פּועלי־ציון״־באַוועגונג, וואָס האָט זיך געשפּאָלטן: אַ טייל — און דאָס איז געווען דער רוב — איז אַוועק צו די טעריטאָריאַליסטן (ציוניסטן־סאָציאַליסטן — ס.ס.) און די איבעריקע זענען פאַרבליבן אין „פּועלי־ציון״.

## 6. אין דער צייט פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע (1905)

דאָס ערשטע יאָר פון דער רוסישער רעוואָלוציע איז אַדורך אין באָברויסק אונטערן צייכן פון דעם „בונדס״ העגעמאָניע אויף דער יידישער גאַס און ממילא — אין דער גאַנצער שטאָט. בראש פון „בונד״ איז געשטאַנען דער יונגער נחקע יוכבד, וואָס האָט זוכה געווען צו באַקומען דעם צונאָמען „נחקע פּאָליצמייסטער״. אַנדערע אָרגאַניזאַציעס: די רוסישע ס.ד. (מיינסטנס יידישע בחורים און מיידלעך), די ס.ר. (סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן), פּועלי־ציון, ציוניסטן־סאָציאַליסטן (ס. ס.) און די געזעלשאַפט צו דער־גרייכן רעכט פאַרן יידישן פאָלק אין רוסלאַנד״ (דער־גרייכער), וואָס האָט זיך געגרינדעט אין פרילינג 1905 און אַרומגענומען ליבעראַלע קרייזן — די אַלע האָבן געשפּילט אַ צווייטראַנגיקע ראָלע.

דער גאַנג פון די געשעענישן אין באָברויסק איז, פאַרשטענדלעך, געווען ענג פאַרבונדן מיט די געשעענישן אין גאַנץ רוסלאַנד, און אויף וויפל די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג האָט זיך געשטאַרקט אין די גרויסע שטעט, אויף אַזוי פיל האָט זי זיך אַנטוויקלט און געשטאַרקט אין באָברויסק.

אין אָנהייב פון דער רעוואָלוציע, אין יאַנואַר 1905, איז דער „בונד״ — נאָך דער כוואַליע פון אַרעסטן אין אָקטאָבער 1904 — געווען היפּש

אָפּגעשוואַכט. אַז עס איז אָנגעקומען די ידיעה וועגן דער הריגה, וואָס די צאַרישע דינערס האָבן דורכגעפירט אויף די פּעטערבורגער אַרבעטער דעם 9טן יאַנואַר, האָט דער „בונד" אָנגעהויבן אַ ברייטע פּראָפּאַגאַנדע־אַרבעט צווישן עטלעכע הונדערט אַרבעטער. די אָרטיקע פּאַרטיי־פירערס האָבן זיך אָפּגעהאַלטן פון פּראָקלאַמירן אַ שטרייק, נאָר נאָך דעם ווי זיי האָבן באַקומען אַ בפירושע אינסטרוקציע פון דעם צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד", האָבן זיי זיך געוואָנדן צו דער רוסישער ס.ד.־גרופּע, זי זאָל באַוועגן די קריסטלעכע אַרבעטער פון די פאַבריקן מיטצובאַטייליקן זיך אין דעם שטרייק. שבת איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ פאַרזאַמלונג אין דער גרויסער שול, אין וועלכער ס'האָבן זיך באַטייליקט אַ 700 פּערזאָן. די פאַרזאַמלונג האָט גערופן אָפּצושטעלן די מלחמה אויפן ווייטן מזרח און געבן דעם פאָלק אַ קאָנסטיטוציע. צו מאָרגנס זענען שליחים פון „בונד" געגאַנגען אין די וואַרשטאַטן און גערופן די אַרבעטער איבערצורייסן די אַרבעט. אַ טויזנט מענטשן זענען אַנטקעגנגעקומען דעם רוף. כדאי צו פאַרצייכענען, אַז די האַנדלס־אָנגעשטעלטע, וואָס האָבן געהערט צו „פּועלי־ציון", האָבן זיך אָפּגעזאָגט צוצושטיין צום שטרייק, ווייל זייער פּאַרטיי איז ניט געווען באַטייליקט אין אָרגאַניזירן דעם שטרייק. אָבער צו מאָרגנס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די רוסישע אַרבעטער פון די פאַבריקן האָבן גאָר ניט קיין חשק צו שטרייקן. די יידישע אַגיטאַטאָרן פון דער „רוסישער" ס.ד. האָבן אויף זיי ניט געהאַט קיין שום ווירקונג. „עס האָבן גערוישט די מאַשינען אין די פאַבריקן — האָט געשריבן אין אַ צייט אַרום איינער פון דער גרופּע ס.ד. — און אַ ביטערן ווייטיק האָט אַרויסגערופן אין די הערצער פון די באַוווסטזיניקע אַרבעטער דער פאַררעטערישער רויך פון די פאַבריק־קוימענס". דער דאָזיקער דורכפאַל האָט געמאַכט אַ שווערן רושם אויף די יידישע אַרבעטער, זייער מוט איז געפאַלן און אַ סך פון זיי האָבן זיך אומגעקערט צו זייער אַרבעט. אויף דעם זעקסטן טאָג פון דעם שטרייק איז קלאָר געוואָרן, אַז דער שטרייק גוססט — און ס'איז באַשלאָסן געוואָרן גלייך אים איבערצורייסן. „די אָרגאַניזירטע אַרבעטער האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט מיט גרויס שברון־לב".

דעם זעקסטן מערץ איז אויסגעבראָכן אין שטאָט אַ שטרייק פון די האַנדלס־אָנגעשטעלטע, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן, זעט אויס, דורך די „פּועלי־ציון". עס זענען אַרויסגעשטעלט געוואָרן עקאָנאָמישע פאָדערונגען (שליסן די געשעפטן 9 אָוונט, מיטאָג־איבעררייס, העכערער לוין א"אַ). נאָך דריי טעג האָבן די אַרבעטגעבער נאָכגעגעבן די פאָדערונגען פון די שטרייקערס.

די ביטערע דערפאַרונג מיטן דורכגעפאַלענעם שטרייק האָט באַוועגט דעם בונדישן פירער נחקע יוכבד און זיינע חברים אָנצוהייבן אַ פאַרשטאַרקטע אָרגאַניזאַציאָנעלע אַרבעט, וואָס זי האָט זיך געלאָזט פילן ערשט אין עטלעכע חדשים אַרום. עס איז צונויפגעשטעלט געוואָרן אַ „פאַראייניקטער קאָמיטעט פון אַלע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען" אין שטאָט, וואָס אין אים האָבן זיך באַטייליקט די בונדיסטן, די „איסקראַ"־לייט (אַלגעמיינע ס.ד.), „פּועלי־ציון" און ס.ר. (סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן). דאָס מאָל איז באַשלאָסן געוואָרן צו פּראָקלאַמירן אַן אַלגעמיינעם שטרייק אויף צוויי טעג. פּורים (8טער מערץ) האָט מען אָנגעהויבן אָרגאַניזירן פאַרזאַמלונגען פון סימפּאַטיקער, אויף וועלכע מען האָט אויפגעקלערט די אַרבעטער „דעם באַטייט פון עקאָנאָמישן קאַמף און די נויטווענדיקייט צוצוגעבן אים אַ פּאָליטישן כאַראַקטער". דערנאָך זענען איינגעאָרדנט געוואָרן זיבן פאַרזאַמלונגען, וועדליק פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, ווו עס זענען אַרויסגעטראָטן מיט אויפקלערונגען אויך פאָרשטייערס פון „פּועלי־ציון" און ס. ס.

דעם 13טן מערץ האָבן די בונדיסטן צונויפגערופן קרוב זעקס הונדערט אַרבעטער אין שול פון די בויאַרבעטער אין סלאָבאָדע. אַ פאָרשטייער פון „בונד" האָט געמאָלדן, אַז ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער פּאָליטישער שטרייק און גערופן די „פאַרזאַמלטע שוין צוצושטיין צו דער דעמאָנסטראַציע, צום אָפענעם קאַמף פאַר פרייהייט, דעמאָקראַטיע און סאָציאַליזם". די דעמאָנסטראַנטן זענען אַרויס אויף מוראַוויאָווסקע־גאַס, וואָס איז גראָד דעמאָלט געווען איין גרויסע בלאָטע, און ניט ווייניק געשטערט דעם מאַרש פון די דעמאָנסטראַנטן. אין שפּיץ פון דער דעמאָנסטראַציע איז געגאַנגען די „באָיעווקע", שיסנדיק פון מאָל צו מאָל מיט רעוואָלווערן. אַן אָפּטייל קאָזאַקן, וואָס איז אַלאַרמירט געוואָרן פון די איבערגעשראָקענע פּאָליציאַנטן, איז אָנגעקומען אויפן פּלאַץ, ווען די דעמאָנסטראַנטן האָבן זיך שוין אָנגעהויבן פונאַנדערגיין.

נאָך דער דעמאָנסטראַציע זענען די אַרבעטער

זיך צונויפגעקומען אויף די בירזשעס, געטיילט פּראָקלאַמאַציעס וועגן דעם שטרייק און זיין איבעררייס. „די תושבים — שרייבט די צענטראַלע צייטונג פון „בונד" — האָבן זיך באַצויגן מיט אָפענער סימפּאַטיע, די שטימונג פון די אַרבעטער — אַ געהויבענע, דער אויטאָריטעט פון דער אָרגאַניזאַציע („בונד") האָט זיך געשטאַרקט און די קאַמפּס־גרייטקייט פון די מאַסן איז געשטיגן".

דעם 1טן מאַי זענען די פּאָליציי־כוחות געשטאַנען אויף דער וואַך. די אַרבעט איז אָפּגעשטעלט געוואָרן אין אַלע וואַרשטאַטן און אין אַ טייל פאַבריקן. אַזוי ווי אין דעם טאָג איז אויסגעפאַלן די קריסטלעכע פּאַסכאַ, האָבן אויך די רוסישע אַרבעטער ניט געאַרבעט און די אינטערנאַציאָנאַלע סאָלידאַריטעט האָט דאָס מאָל ניט פאַרפירט. פּראָקלאַמאַציעס זענען פאַרשפּרייט געוואָרן אין שטאָט און אויך אין דער פעסטונג. גרופּעס אַרבעטער האָבן שפּאַצירט אויף די גאַסן און קאָזאַקן־אָפּטיילן — באַגלייטע פון אויסגעשרייען „נידער מיט דער זעלבסטהערשונג" — האָבן דאָ און דאָרטן פונאַנדערגעטריבן גרופּעס אַרבעטער.

אין מאַי האָט אויך באָברויסק דערגרייכט די כוואַליע פון שטרייקן, וואָס האָט אַרומגענומען גאַנץ רוסלאַנד. דעם 7טן מאַי האָבן פאַרשטרייקט די סטאָליער־וואַרשטאַטן, דעם 11טן — די שוסטערס, נאָך דעם די אַרבעטער אין די טאַרטאַקן (מיינסטנס קריסטן), וואָס האָבן, אין רעזולטאַט פון שטרייק, דערגרייכט אַ העכערן לוין און אַ קירצערן אַרבעט־טאָג. דער שטרייק פון די פליישער־אַרבעטער, וואָס די ס.ס. האָבן אָרגאַניזירט און וואָס האָט געדויערט מער ווי אַ חודש צייט, איז געווען אַ גאָר ערנסטער. אין שטאָט איז ניט געווען קיין פלייש. „זיי (די שטרייקערס) לאָזן אַפילו ניט שעכטן קיין עופות, סיידן פאַר קראַנקע און לויט אַ צעטל פון אַ דאָקטער" — שרייבט דער קאָרעספּאָנדענט פון „פריינד". די שטאָט־פאַרוואַלטונג האָט פאַרגעשלאָגן די שוחטים צו שעכטן אונטער דער וואַך פון קאָזאַקן, אָבער די שוחטים האָבן זיך אָפּגעזאָגט, אויס מורא פאַר די קצבים־געזעלן. כאַראַקטעריסטיש, אַז ניט נאָר אַרבעטער האָבן געשטרייקט אין יענע טעג: דעם 10טן מאַי איז אויסגעבראָכן אַ שטרייק אין דער פאַך־שול, וואָס „פּועלי־ציון" האָט אָרגאַניזירט. די תלמידים האָבן געפאָדערט: 1) אַ געהעריקע באַציונג; 2) אַ גרעסערן צוטייל און אַ פאַרבעסערונג פון דער שפּייז; 3) אָפּשאַפן די איינגעשטעלטע אָרדענונג, צו שיקן די תלמידים עסן ביי פרעמדע טישן; 4) אָפּשאַפן די שטראָף פון ניט געבן קיין פרישטיק אָדער מיטאָג. עס האָבן זיך אויך אָרגאַניזירט די קליינע סוחרים קעגן זייערע אויסנוצערס — די גרויסע סוחרים און די הורטאָווניקעס.

די פּאָגראָמען אין זשיטאָמיר (אַפּריל 1905) האָבן פאַרשטאַרקט די סימפּאַטיע צו דער רעוואָלוציע אויף דער יידישער גאַס בכלל. שבת, דעם צווייטן טאָג שבועות (28סטן מאַי), איז אויפן בית־עלמין פאָרגעקומען אַן אזכרה נאָך די פּאָגראָם־קרבנות אין זשיטאָמיר, אָרגאַניזירט דורך דער „געזעלשאַפט פאַר גלייכבאַרעכטיקונג", מיט דער דערלויבעניש פון דער מאַכט. כדאי צו באַמערקן ביי דער געלעגנהייט, אַז די שטאָטישע מאַכט, די ציווילע און מיליטערישע, האָבן זיך אויפגעפירט לגבי דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג מיט גרויס זעלבסטבאַהערשונג, רעכענענדיק זיך, ווייזט אויס, מיט דעם באַזונדערן כאַראַקטער פון דער שטאָט, וואָס איז געווען כמעט אין גאַנצן אַ יידישע. מעגלעך, אַז הינטער די קוליסן האָבן דאָ געשפּילט אַ ראָלע אויך אַנדערע פאַקטאָרן — פּערזענלעכע באַציונגען און „מתן בסתר". על־כל־פּנים האָבן אין באָברויסק די יידן ניט דורכגעמאַכט דאָס זעלבע, וואָס די יידן אין מינסק, ביאַליסטאָק, שעדלעץ און אין אַ סך אַנדערע שטעט.

די „נאָוואָיע ווערעמיאַ" האָט זיך געקלאָגט אין יענער צייט, אַז „די יידן (אין באָברויסק) דאַרפן ניט קיין דערלויבעניש צו באַוואָפענען זיך פאַר זעלבשוץ־צוועקן — זיי טוען עס אויף אייגענער אחריות... זיי איבן זיך אין שיסן, מחוץ דער שטאָט, און פאַלן אָן מיט זייערע ביקסן אויף סאָלדאַטן — — — זיי גייען איבער די גאַסן און שרייען „זאָל לעבן יאַפּאַן!".

דער „בונד" האָט באַשלאָסן אָנטייל צו נעמען אין דער פאַרזאַמלונג אויפן בית־עלמין. אַ 3000 מאַן האָבן זיך דאָרט פאַרזאַמלט. עס האָבן געהאַלטן רעדעס בונדיסטן, ציוניסטן און דער קאַזיאָנער רב. אַ בונדישער רעדנער האָט גערופן דעם גאַנצן עולם אַרויסצוגיין מיט אַ דעמאָנסטראַציע אין גאַס. ביים טויער פון בית־עלמין האָט אַ פּאָליציי־וואַך געפאָדערט זיך פונאַנדערצוגיין. אָבער עטלעכע פון די חשובע שטאָט־בעלי־בתים זענען צוגעגאַנגען צום פּאָליציי־שעף און אים איבערגעגעבן וועגן באַשלוס פון דער פאַרזאַמלונג. האָט ער גלייך אַוועקגענומען זיינע מענטשן. די פּראָ־

צעסיע איז געגאַנגען איבער די גאַסן פון שטאָט; די קאָזאַקן זענען געשטאַנען פון דער ווייטנס. נאָר אויף איין פּלאַץ איז פאָרגעקומען אַ צוזאַמענשטויס און די קאָזאַקן האָבן פאַרהאַלטן עטלעכע פּערזאָן. דעם זעלבן אָוונט האָט דער פּאָליצמייסטער זיך אַנטשולדיקט, אַז ס'איז געשען אַ פאַרדריסלעכער טעות, און די אַרעסטירטע זענען גלייך באַפרייט געוואָרן.

ווען עס זענען אָנגעקומען אין באָברויסק די ידיעות וועגן אויפשטאַנדן אין לאָדזש, אָדעס און אַנדערע שטעט, האָט דער „בונד" גערופן שבת, דעם 2טן יולי, אַ מאַסן־פאַרזאַמלונג אינעם גרויסן בית־המדרש. 1200 מענטשן האָבן זיך צונויפגעזאַמלט. אויף דער בינע האָבן געפלאַטערט צוויי פאָנען, אַ רויטע און אַ שוואַרצע; מ'האָט געהאַלטן רעדעס און געזונגען רעוואָלוציאָנערע לידער. ס'האָט זיך געשאַפן אַ פאַראייניקטער קאָמיטעט פון „בונד" און די רוסישע ס.ד. אויף צוצוגרייטן אַ גענעראַל־שטרייק דעם 7טן יולי. דאָס מאָל איז דער שטרייק געראָטן. די געוועלבער זענען געווען געשלאָסן. אויף דער פאָדערונג פון דער פּאָליציי צו עפענען זיי, האָבן די קרעמערס געענטפערט: „איר היט אונדז היינט, און זיי (די רעוואָלוציאָנערן אָדער, ווי מען האָט זיי גערופן אויף דער יידישער גאַס — די „דעמאָקראַטן") וועלן אונדז תמיד געפינען". אויף דער „טערקישער קאָנדיטעריי", וואָס איז געווען אָפן אין טאָג פון שטרייק אונטער אַ פּאָליציייִשער וואַך, האָט מען אויסגערופן אַ געזעלשאַפטלעכן באָיקאָט. אָבער אויך די מאַכט איז געווען גוט צוגעגרייט. די שטאָט איז פול געווען מיט פּאָליציאַנטן און קאָזאַקן און האָט אויסגעזען ווי אַ מיליטער־לאַגער. עס איז אוממעגלעך געווען דורכצופירן וועלכע ס'איז דעמאָנסטראַציע, „ווייל עס איז קיין שום מעגלעכקייט ניט געווען צונויפצוקלייבן אין איינעם אַפילו צען מענטשן".

פיר טעג נאָך דעם האָט אַ קאָזאַק דערהרגעט מיט זיין סאַבליע (שווערד), בעת אַ קריגעריי אין שטאָטישן מאַרק, דעם ברוקאָווניק בערל האַנקין, וואָס האָט בשעת־מעשה פאַרריכט דעם ברוק אויף דער מוראַוויאָווסקע־גאַס, דער דאָזיקער מאָרד האָט אויפגערייצט די גאַנצע שטאָט. עס האָט זיך געבילדעט אַ צווישנפּאַרטייאישער געזעלשאַפטלעכער קאָמיטעט איינצואָרדענען די לוויה פונעם הרוג.

די מיליטער־מאַכט, וואָס האָט זיך געפילט שולדיק אינעם מאָרד, האָט אָנגעבונדן אַ קאָנטאַקט דורך אַ פאַרמיטלער, דעם ציין־דאָקטער מענדל עלקין, מיט נחקע יוכבד און מ'איז געקומען צו אַ הסכם, אַז די פּאָליציי וועט זיך ניט אַריינמישן און ניט שטערן די לוויה — און די אָרגאַניזאַטאָרן האָבן זיך מתחייב געווען ניט צו טראָגן רויטע פאָנען, נאָר זינגען. אָנשטאָט פאָנער האָט מען געטראָגן די פאַרבלוטיקטע קליידער פון דעם הרוג און העכער צען טויזנט באַגלייטערס האָבן מאַרשירט אין פולשטענדיקער רו נאָכן אָרון. אויפן בית־עלמין איז דער הויפט־רעדנער אויף האַנקינס קבר געווען קאַליע טעפער, פון אָדעס, איינער פון די גרעסטע טריבונען אין יענער צייט, וואָס איז מיט עטלעכע יאָר פריער אַריבער פון ציוניסטישן לאַגער צום „בונד". ער האָט געהאַלטן אין שפּאַנונג דעם עולם צוהערערס עטלעכע שעה. אָוונט־צייט זענען די פאַרזאַמלטע זיך רויק פונאַנדערגעגאַנגען. כאַראַקטעריסטיש פאַר דער אַטמאָספער אין יענע טעג איז דאָס דערשיינען פון אַ פּאָליציי־אָפיציר, וואָס זיין קאָמאַנדיר האָט זיך פאַרענטפערט פאַר מענדל עלקין (ער איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן דורכפירן לאָיאַל דעם קעגנזייטיקן הסכם), אַז ער האָט געמוזט קומען מיט זיינע מענטשן, כדי צו מאַכן אַן אָנשטעל, אַז די פּאָליציי האָט דאָ געהיט די אָרדענונג. ער האָט געבעטן עלקינען צואיילן די פאַרזאַמלטע, זיי זאָלן זיך פונאַנדערגיין.

### 7. די בירגערלעכע קרייזן אין דער צייט פון דער ערשטער רעוואָלוציע

די רעוואָלוציע־שטימונג האָט ניט אויסגעמיטן אויך די בירגערלעכע און בעלי־בתּישע קרייזן, און דאָס איז אַ ביסל אויפפאַלנדיק אין אַזאַ שטאָט ווי באָברויסק, וווּ די דאָזיקע קרייזן זענען נוטה געווען צו קאָנסערוואַטיזם. די טראַדיציע פון געטריישאַפט צו רוסלאַנד האָט זיך איינגעהיט אין שטאָט נאָך פון נאַפּאָלעאָנס צייטן, ווען דער קדוש ניסן קאַצענעלסאָן איז אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די פראַנצויזן פאַר אַט דער געטריישאַפט. די עקאָנאָמישע פאַרבינדונגען פון באָברויסקער רייכע לייט מיט דער רוסישער מאַכט, ביים בויען די פעסטונג, פלאַסטערן סטראַטעגישע שאָסייען און צושטעלן אַלץ וואָס איז נייטיק פאַרן מיליטער — די אַ קשרים זענען געווען לאַנגיאָריקע און נאָענטע. אויך דער ביישטייער פונעם צאַר פאַר די באָברויסקער נשרפים אין יאָר 1902 איז געבליבן

אין זכרון. אַ קורצע צײַט פֿאַרן אויפֿשוווּנג פֿון דער רעוואָלוציע (21סטער דעצעמבער 1904) איז דער צאַר ניקאָלײַ דער צווייטער געקומען באַזוכן דעם מיליטערישן גאַרניזאָן אין באָברויסקער פֿעסטונג. אויף דער באַן־סטאַציע האָט אים מקבל־פּנים געווען אַ דעלעגאַציע פֿון דער יידישער קהילה אין באַשטאַנד פֿון קאַזיאָנעם רב, ווילענסקי, י. א. אסתרין, פּ. קאַצענעלסאָן און ד״ר פּייערטאַג. דער רב האָט געבענטשט דעם צאַר אין טראַדיציאָנעלן יידישן נוסח און די דעלעגאַציע האָט אים צוגעטראָגן אַ ספר־תורה אין אַ קליינעם אָרון־קודש — אַ קונסט־אַרבעט פֿון דעם באָברויסקער קינסטלער מענדל טאָקער.

עס זענען פֿאַרביי עטלעכע חדשים און די שטימונג אין גאַנץ רוסלאַנד האָט זיך אין גאַנצן געביטן, אַפֿילו די יידישע בירגערלעכע קרייזן זענען מיטגעצויגן געוואָרן מיטן גייסט פֿון דער צייט און אויך זיי האָבן אויסגעדריקט זייער פּראָטעסט. אמת, אין אַ באַשיידענער פֿאָרעם, קעגן דעם רעזשים פֿון אונטערדריקונג, וואָס די יידן האָבן פֿון אים באַזונדערס געליטן.

אין מיטן מערץ האָבן זיך פֿאַרזאַמלט די פֿאָרשטייערס פֿון פֿאַרשיידענע בירגערלעכע קרייזן אין ציוניסטישן קלוב און האָבן אַרומגערעדט דעם ענין וועגן דערלאַנגען אַ פּעטיציע צו דער מיניסטאָרן־קאָמיסיע, צו געבן גלייכבאַרעכטיקונג יידן.

סוף מערץ 1905 האָבן זיך פֿאָרשטייער פֿון דער באָברויסקער קהילה באַטייליקט אין אַ באַראַטונג, וואָס איז צו שטאַנד געקומען אין ווילנע און ווו ס׳איז געשאַפֿן געוואָרן אַ „פֿאַרבאַנד צו דערגרייכן פֿולע רעכט פֿאַרן יידישן פֿאָלק אין רוסלאַנד”. זיי האָבן אויך אונטערגעשריבן דעם מעמאָראַנדום, וואָס איז צוגעשטעלט געוואָרן דער רעגירונג, מבטל צו מאַכן אַלע באַגרענעצונגען קעגן די יידן. נאָך דעם האָט זיך געשאַפֿן אין שטאָט אַ מין אָפּטייל פֿונעם פֿאַרבאַנד (וואָס אין שטאָט האָט מען אים גערופֿן מיטן פֿאַרקירצטן נאָמען „בונד פֿון יידן”), וואָס אַרום אים האָבן זיך קאָנצענטרירט די ליבעראַלע קרייזן, וועלכע האָבן סימפּאַטיזירט מיט דער קאַדעטישער פּאַרטיי (די רוסישע ליבעראַלן).

אין שייכות מיט די וואַלן צו דער שטאָט־פֿאַרוואַלטונג, וואָס האָבן געדאַרפֿט פֿאָרקומען אין אויגוסט 1905, האָבן די בירגערלעכע קרייזן אַנטוויקלט אַ ברייטע טעטיקייט. זינט דעם יאָר 1892 האָט מען ביי די יידן צוגענומען דאָס רעכט צו וויילן זייערע פֿאָרשטייערס צו דער שטאָט־פֿאַרוואַלטונג. די אַדמיניסטראַציע האָט נאָמינירט יידן, לויט איר איינזען; די צאָל זייערע האָט ניט געקענט זיין מער ווי אַ צענט־חלק פֿון די פֿאַרוואַלטונג־מיטגלידער. אַזוי אַרום האָט זיך געשאַפֿן אַ משונהדיקע לאַגע, אַז אין דער שטאָט באָברויסק, ווי אין אַנדערע שטעט אין רוסלאַנד, ווו יידן זענען געווען אַ מערהייט פֿון דער באַפֿעלקערונג, איז דאָס פֿאַרוואַלטן מיט דער שטאָט געלעגן אין די הענט פֿון דער קריסטלעכער מינדערהייט, וואָס האָט זיך בכלל ניט גערעכנט מיט די באַדערפֿענישן פֿון די יידישע תּושבים און זיי דיסקרימינירט.

דעם 10טן מאַי האָט מען דערלאַנגט דער שטאָט־פֿאַרוואַלטונג פֿון באָברויסק אַ מעמאָריאַל, אונטערגעחתמעט פֿון 211 אָנגעזעענע יידן אין שטאָט, אין וועלכן ס׳ווערט געזאָגט, אַז שטיצנדיק זיך אויף דעם באַפֿעל פֿון 12טן דעצעמבער 1904, וואָס האָט גערופֿן די פֿאָרשטייער פֿון אַלע תּושבים מיטצואַרבעטן אין די שטאָטישע אינסטיטוציעס, פֿאָדערן די אונטערגעשריבענע „וואָס געהערן צו פֿאַרשיידענע שיכטן פֿון דער יידישער באַפֿעלקערונג”, איינצושליסן די יידן אין די רשימות פֿון די וויילערס „גלייך מיט די איבעריקע תּושבים”. די שטאָט־פֿאַרוואַלטונג איז אויך אויפֿגעפֿאָדערט געוואָרן „צו גיין אין די וועגן פֿון די שטאָט־פֿאַרוואַלטונגען אין אָדעס, קאָוונע און אַנדערע שטעט, וואָס האָבן זיך געוואָנדן צו דער רעגירונג מיט אַ ביטע וואָס גיכער אויסצוגלייכן יידן אין די מוניציפּאַלע רעכט מיט די אַנדערע תּושבים”, און אַז דער טערמין פֿון די וואַלן זאָל אָפּגעלייגט ווערן, „ביז עס וועט געלייזט ווערן די דאָזיקע פֿראַגע”.

דעם מאַטעריאַל פֿון די יידן האָט די שטאָט־פֿאַרוואַלטונג באַהאַנדלט דעם 16טן מאַי און ביי אַ געהיימער אָפּשטימונג האָט זי אָנגענומען אַ באַשלוס מיט אַ מערהייט פֿון 20 שטימען קעגן 3 „ניט צו באַהאַנדלען די ווענדונג, ווייל זי איז ניט באַפֿולמעכטיקט דערצו”. נאָך דער דאָזיקער החלטה האָט דער פֿאָרשטייער פֿון די יידן, וואָס איז נאָמינירט געוואָרן אין דער פֿאַרוואַלטונג, ז. מ. ראַבינאָוויטש, זיך אָפּגעזאָגט פֿון זיין אַמט.

אַלס ענטפֿער אויף דעם באַשלוס פֿון דער שטאָט־פֿאַרוואַלטונג (8טער יוני 1905), האָבן די יידן אָנגעוויזן, אַז „די, וואָס דער גורל פֿון דער שטאָט ליגט אין זייערע הענט, דעקן זיך בייזוויליק מיט דעם אויסרייד, אַז זיי זענען ניט באַפֿולמעכטיקט. דער אמת איז,

אַז זיי ווילן ניט האָבן צווישן זיך יידישע פאָרשטייערס, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר די הויפּט־באַפעלקערונג פון שטאָט און גיבן כמעט אַלע מיטלען אויפצוהאַלטן אירע אינסטיטוציעס״; זיי פּראָטעסטירן „קעגן דעם געזינדל רעאַקציאָנערן, וואָס האָט מיט כוח פאַרנומען די שטאָט־פאַרוואַלטונג״. דערביי האָבן זיי דערקלערט, אַז קיין ייד אין באָברויסק וועט ניט מסכים זיין אָנצונעמען דעם אַמט אַלס מיטגליד אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, סיידן ער וועט געוויילט ווערן דורך פרייע וואַלן, דורך דער יידישער באַפעלקערונג.

ווי אין גאַנץ רוסלאַנד האָט אויך אין באָברויסק דער פּראָטעסט ניט געבראַכט קיין רעזולטאַטן און די יידן זענען בייזוויליק דערווייטערט געוואָרן פון יעדער מיטאַרבעט אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, ביז עס האָט אויסגעבראָכן די צווייטע רוסישע רעוואָלוציע, וואָס האָט אַנולירט אַלע באַגרענעצונגען לגבי די רוסישע יידן.

די סימפּאַטיע פון די בירגערלעכע קרייזן צו דער רעוואָלוציע האָט זיך אויסגעדריקט אויך אין זייער גרייטקייט אָנטייל צו נעמען אין די פּאָליטישע שטרייקן, דורך שליסן זייערע געשעפטן בעת עס ווערט פּראָקלאַמירט אַ שטרייק, ווי אויך דורך ביישטייערונגען פאַר די פאָנדן פון די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען. אמת, אַז אין דער דאָזיקער גרייטקייט האָט געשפּילט אַ געוויסע ראָלע אויך די מורא פאַר דעם כוח פון די „דעמאָקראַטן״, ווי עס האָבן זיך דעמאָלט גערופן די רעוואָלוציאָנערן אויף דער יידישער גאַס, אָבער עס איז בלי ספק, אַז די פּאָגראָמען אויף יידן און די פּאָליטישע אונטערדריקונג האָבן באַוועגט די בירגערלעכע קרייזן צו שטיצן די פיינד פון דעם רעזשים, וואָס איז שולדיק אין דעם אַלעם — און ס׳איז שווער מבחין צו זיין, וויפל צוואַנג און וויפל פרייווילן ס׳איז דאָ אין זייער אָנטייל אין די שטרייקן און אין די געלט־ביישטייערונגען.

## 8. אין די קלימאַקס־טעג פון דער רעוואָלוציע — אָקטאָבער 1905

אין אָקטאָבער איז אויסגעבראָכן אין רוסלאַנד דער שטרייק פון די אייזנבאַן־אַרבעטער. באָברויסק, וואָס איז געשטאַנען אויף איינער פון די סאַמע באַוועגלעכסטע אייזנבאַן־ליניעס, האָט באַלד דערפילט דעם איבעררייס פון דער באַוועגונג. דער „פאַראייניק־

טער קאָמיטעט פון די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען״ האָט פּראָקלאַמירט אַ דרייטאָגיקן גענעראַל־שטרייק. ניט געקוקט אויף די באַפעלן פון דער פּאָליציי, האָבן זיך געשלאָסן אַלע געשעפטן אין שטאָט און די וואַרשטאַטן האָבן איבערגעריסן די אַרבעט. ווען עטלעכע קראָמען האָבן געפּרווט עפענען די טירן אין 3טן טאָג פון שטרייק, זענען קאַמפּס־אָפּטיילן פון די פּאַרטייען געקומען אויפן פּלאַץ און געצוווּנגען תיכף צו שליסן זיי. אין איינעם אַ הורט־געשעפט, ווו מען האָט געאַרבעט הינטער פאַרמאַכטע לאָדנס, האָבן זיך אַריינגעריסן עטלעכע יונגע־לייט און גענומען באַשעדיקן די סחורה, ביז דער אייגנטימער האָט געמוזט נאָכגעבן די פאָדערונג צו שליסן דאָס געשעפט. אין פליישמאַרק האָט איינער פון די קצבים באַקומען קלעפּ, און אַלע איבעריקע האָבן געשלאָסן די יאַטקעס. ביי אַ פּאָליציאַנט, וואָס האָט זיך באַוויזן אויפן מאַרק, האָט מען אָפּגענומען זיין רעוואָלווער און אים שטאַרק צעשלאָגן. אויף מוראַוויאָווסקע־גאַס האָט אַ קאָזאַקן־אָפּטייל אָנגעגריפן אַ „קאַמפּס־אָפּטייל״ און עטלעכע מיטגלידער גוט אָנגעהרגעט. אָבער דער ציל — אויפהאַלטן דעם שטרייק ביז דעם לעצטן טאָג — איז דערגרייכט געוואָרן.

די ידיעה וועגן דעם צאַרישן מאַניפעסט, וואָס האָט צוגעזאָגט אַ קאָנסטיטוציע, האָט אויפגערודערט די גאַנצע שטאָט. מען איז אַרויס אין די גאַסן. די מאַכט איז צעטומלט געוואָרן און אין די גאַסן האָט מען ניט געזען ניט קיין פּאָליציאַנטן און ניט קיין קאָזאַקן. אָוונט־צייט איז אויף שאָסיינע־גאַס אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ פאָלקס־פאַרזאַמלונג, וואָס איז דערנאָך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טריומפירנדיקע מאַניפעסטאַציע. די גאַנצע נאַכט האָבן אַרומגעשפּאַצירט אין די גאַסן יוגנטלעכע און אַרבעטער, געזונגען רעוואָלוציאָנערע לידער און זיך צוגעהערט צו די רעדנער. דאָ און דאָרט האָבן זיך געהערט שיסערייען, מיט וועלכע די „קאַמפּס־אָפּטיילן״ האָבן מקבל פּנים געווען די פרייהייט.

צו מאָרגנס איז אין טעאַטער־גאָרטן איינגעאָרדנט געוואָרן אַ גרויסע פאָלקס־פאַרזאַמלונג, אַ גרויסער עולם איז געקומען הערן די „דעמאָקראַטן״, וואָס דער מזל האָט זיי איצט צוגעשפּילט. די בונדיסטן, וואָס האָבן זיך געזען ווי די העלדן פונעם טאָג, האָבן מיט חוזק־אויסגעשרייען אויפגענומען די רעדנערס פון די קלענערע פּאַרטייען — די ס.ר., „פּועלי־ציון״ און

ס.ס. — די לעצטע האָבן פאַרלאָזט די פאַרזאַמלונג צוזאַמען מיט זייערע אָנהענגערס. נאָך אַזאַ ממשות־דיקער לעקציע אין הלכת דעמאָקראַטיע, און ווי אַ פועל־יוצא דערפון, איז דער „פאַראייניקטער קאָמיטעט פון די רעוואָלוציאָנערע פאַרטייען" זיך צעפאַלן. אין אָוונט האָט דער „בונד" גערופן אַ גרויסע פאַרזאַמלונג, וואָס האָט זיך פאַרצויגן ביז האַלבער נאַכט. ביים פאַרענדיקן די פאַרזאַמלונג איז אָנגעקומען די ידיעה וועגן דער הריגה, וואָס דער גובערנאַטאָר קורלאָוו האָט דורכגעפירט אויף דער מאַסן־דעמאָנסטראַציע אין מינסק, אויף דער אייזנבאַן־סטאַציע. די ידיעה האָט פאַרוואָלקנט די אַטמאָספער פון פרייד און גייסטיקער דערהייבנקייט.

קרוב אַ חודש צייט האָבן זיך געצויגן די „פריי־הייטס"־טעג. די פאָליציי האָט פאַרלוירן איר שליטה איבער דער שטאָט און זי איז איבערגעגאַנגען צו די רעוואָלוציאָנערן, למעשה צו נחקע יוכבד, וואָס אין די טעג האָט ער באַקומען דעם צונאָמען „נחקע פאָליצמייסטער". אין שטאָט האָט געהערשט אַ מין „חול־המועד"־שטימונג, די אַרבעטער און די געזעלן פלעגן אָפט איבעררייסן זייער אַרבעט און אַוועקגיין אויף פאַרזאַמלונגען און דעמאָנסטראַציעס.

די ידיעות וועגן דער פאָגראָם־כוואַליע, וואָס האָט פאַרפלייצט הונדערטער שטעט און שטעטלעך אין תחום־המושב, האָט צעשטורעמט די געמיטער. די פאַר־טייען האָבן אָנגעהויבן פאַרשטאַרקן זייערע „באָיווו־קעס". פאַרטיי־שליחים האָבן באַזוכט די פאַרמעגלעכע און רייכע יידן און געפאָדערט פון זיי באַשטייערן זיך פאַרן איינקויף פון געווער. דאָס געלט איז געגעבן געוואָרן מיטן בעסטן ווילן. מען האָט געקויפט ניי געווער און די זעלבשוץ־לייט האָבן זיך געלערנט באַנוצן מיט אים. מען האָט אויך פאַרטיילט קאַלט געווער, שמידן האָבן אויסגעאַרבעט שפיזן און באַג־נעטן; עס זענען פאַרגרייט געוואָרן נאַהייקעס מיט בליייענע גאַלקעס אין שפיץ. די פייערלעשערס האָבן געהאַלטן וואַך. ס'איז געשאַפן געוואָרן אַ „רויטער קרייץ", וואָס אין אים האָבן אָנטייל גענומען מיידלעך און שוואַכערע בחורים; דאָקטוירים האָבן זיי געגעבן לעקציעס אין געבן גיכע הילף. פאַטרולן זענען אין די נעכט אַרומגעגאַנגען אין די גאַסן פון שטאָט.

אָבער די פאָגראָם־כוואַליע האָט אויסגעמיטן באַב־רויסק. די מאַכט איז אין יענע טעג נאָך ניט געווען גרייט אָפן צו אונטערשטיצן די פאָגראָמשטשיקעס, און ווייל די, וואָס האָבן זיך געגרייט צו פאָגראָמען, האָבן גוט געוווסט, אַז זיי וועלן אָנטרעפן אויף אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד מצד די יידן, האָבן זיי ליבערשט ניט געמאַכט קיין שום פרווו. אגב, קיין פאָגראָמען זענען ניט געווען אין גאַנץ מינסקער גו־בערניע, אַחוץ אין רעטשיצע.

### 9. דער אויפשטאַנד אין פעסטונג

סוף 1905 האָט אויפגעטרייסלט די שטאָט באַב־רויסק דער אויפשטאַנד פון די סאָלדאַטן אין דעם „דיסציפלינאַרן פאָלק", וואָס זענען געזעסן אין דער מיליטערישער פעסטונג־טורמע. אין יענער צייט זענען אַ 800 מאַן, ס'רוב מאַטראָסן, געווען פאַרהאַלטן אין פעסטונג. זיי זענען געווען אונטערגעוואָרפן אַ שטרענגן רעזשים פון שלעכטער באַשפייזונג, קערפערלעכע שטראָפן און שווערער אַרבעט. אין איינעם אַ פרי־מאָרגן, אין חודש דעצעמבער, זענען די סאָלדאַטן ניט אַרויס פון זייערע קאַזאַרמעס, ווען דער פייף־סיגנאַל האָט זיי גערופן צו דער אַרבעט. שפעטער האָבן זיי זיך פאַרזאַמלט אין הויף פון דער מיליטערישער טורמע און געפאָדערט, אַז דער נאַטשאַלניק פון טורמע זאָל קומען אויסהערן זייערע טענות. זיי האָבן געפאָדערט: באַלד צו באַפרייען אַלע די, וואָס זענען שוין אָפגע־קומען זייער שטראָף; צו פאַרקירצן דעם אַרעסט פון די איבעריקע אסירים; בטל מאַכן קערפערלעכע שטראָפן און פאַרבעסערן די באַשפייזונג. דער נאַ־טשאַלניק האָט צוגעזאָגט איבערצוגעבן זייערע פאָדע־רונגען צו דער העכערער מאַכט.

ביז עס איז געקומען אַ תשובה אויף זייערע פאָדערונגען האָבן די אסירים באַהערשט די קאַזאַרמעס, אַרויסגעטריבן אַלע אָפיצירן פון דעם טורמע־שטח, פאַרכאַפט אַלע שפייז־מאַגאַזינען, אויך דעם וואָפן־אַרסענאַל, און געוואַרט אויף דעם ענטפער. די מאַכט האָט באַשלאָסן אונטערצודריקן דעם אויפשטאַנד מיט כוח. צו פאַרשטאַרקן דעם אָרטיקן גאַרניזאָן, וואָס איז שוין עטלעכע חדשים געווען אונטער דער השפעה פון רעוואָלוציאָנערער פראָפאַגאַנדע, איז געקומען אַ ספע־ציעלער שטראָף־באַטאַליאָן פון מינסק. אין די פרי־מאָרגן־שעהען האָבן מיליטערישע אָפטיילונגען אַרומ־גערינגלט די תפיסה־קאַזאַרמעס און האַרמאַטן זענען אָנגעשטעלט געוואָרן אויף די ווינקלען פון די אויפ־שטענדלערס. אַ טערמין פון דריי טעג האָבן זיי באַ־

קומען אָפּצוגעבן דאָס געווער און אַרויסגעבן די אָרגאַניזאַטאָרן פונעם איפּשטאַנד. נאָך דעם ווי זיי האָבן ניט אָנגענומען די פאָדערונגען, זענען אַריין אין הויף דריי אָפּטיילונגען און אָנגעהויבן אָפּנעמען ביי זיי דאָס געווער, ניט אָנטרעפנדיק אויף וועלכן ס'איז ווידערשטאַנד. פערציק מאַן פון די אָרגאַניזאַטאָרן זע־נען אַרעסטירט געוואָרן. עטלעכע פון זיי האָבן זיך אַליין איבערגעגעבן און די איבעריקע זענען אַרויס־געגעבן געוואָרן דורך אַנדערע סאָלדאַטן.

אין יאַנואַר 1906 איז צו שטאַנד געקומען דאָס מיליטערישע געריכט איבער דרייצן הויפּט־שולדיקע. צען פון זיי, מיט דעם אָנפירער פון אויפשטאַנד, דעם סאָלדאַט יאַקושעוו, זענען פאַרמשפט געוואָרן צום טויט און דריי צו קאַטאָרגע.

די רעוואָלוציאָנערן אין באַברויסק האָבן באַשלאָסן צו אָרגאַניזירן דעם אַנטלויף פון די צום טויט פאַר־משפטע. אין דער אַקציע האָבן זיך באַטייליקט מענטשן פון דער בונדישער „באָיעווקע" (צווישן זיי נחקע יוכבד, יצחק גאָרבאַטי, אפרים איטשע גאָרעליק און וו. נאָרקין) און מיטגלידער פון דער „מיליטעריש־רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע", וואָס אין איר האָבן אָנטייל גענומען עטלעכע פון די פעסטונג־מענטשן און עטלעכע פון דער „איסקראַ" אין באַברויסק.

דורך דער פאַרמיטלונג פון מענדל עלקין, וואָס איז געווען נאָענט מיט די בונדיסטן, האָט ד"ר אַלעק־סאַנדער פּאַפּערנאַ (אַ זון פון דעם שרייבער א. י. פּאַפּערנאַ), דאָקטער אין מיליטערישן שפּיטאָל, מסכים געווען צו געבן די צום טויט־פאַרמשפטע אַן אָפּפיר־מיטל און אַריינגעמען זיי שפּעטער, ווי פאַרדעכטיקע אין אַן אַנשטעקנדיקער קרענק, אין אַן איזאָליר־צימער פון שפּיטאָל. דאָס צימער איז געווען אויפן דריטן שטאָק און צוויי פאַרטרוילעכע סאָלדאַטן האָבן ביים אַריינגאַנג געהאַלטן וואַך טאָג און נאַכט.

מיט דער הילף פון דעם שפּיטאָל־קוכער, וואָס איז געווען אַ מענטש פון דער מיליטעריש־רעוואָלוציאָ־נערער אָרגאַניזאַציע, האָט מען די וואַך־סאָלדאַטן מכבד געווען מיט פּאַפּיראָסן, וואָס אין זיי איז געווען אַריינגעטאָן אַ שטאַרקער שלאָף־מיטל (דעם מיטל האָבן די אָרגאַניזאַטאָרן באַקומען פונעם אַפּטייקער ק. ראַגינסקי). נאָך האַלבער נאַכט האָבן די אָרגאַני־זאַטאָרן, אַ 10 מאַן, זיך צעשטעלט אַרום שפּיטאָל. די אַרעסטירטע האָבן איבערגעזעגט די אייזערנע קראַטעס פון זייער פענצטער און האָבן זיך אַראָפּ־געלאָזן אויף אַ שטריק פון דריטן שטאָק. זיי זענען אַריבערגעפירט געוואָרן אין זיכערע באַהעלטענישן, פון דאָרטן צו דער באַן־סטאַציע און מיט דער באַן — צו איינער פון די נאָענטע סטאַציעס. בסך־הכל זענען אַנטלאָפן 12 מאַן, צווישן זיי דריי, וואָס זייער משפט איז נאָך ניט פאַרענדיקט געוואָרן. דער רוב פון די אַנטלאָפענע איז אַריבערגעשמוגלט געוואָרן קיין אויס־לאַנד. דער אָנפירער פון די אויפשטענדלערס, יאַקושעוו, האָט זיך געפונען אין אַן איזאָלירטער קאַמער. זיין טויט־אורטייל איז שפּעטער פאַרביטן געוואָרן אויף אייביקער קאַטאָרגע.

## 10. די רעוואָלוציע אין ירידה

נאָכן אונטערדריקן דעם אויפשטאַנד אין דיס־ציפּלינאַרן פּאָלק האָבן די מאַכט־אָרגאַנען אויף ס'ניי אָנגעהויבן אויסצושפּרייטן זייער נעץ אויף דער שטאָט. די רעוואָלוציאָנערן זענען צוגעקומען צו אַ בלינד געסל; זיי האָבן גאָרנישט ניט געקאָנט אויפ־טאָן. באַזיגן די מאַכט אין קאַמף האָבן זיי ניט געהאַט קיין כוח. אין שטאָט האָט זיך אָנגעהויבן די תקופה פון „עקספּראָפּריאַציעס". אָנגעהויבן דער ערשטער האָט דווקא דער אָרטיקער „בונד". אַ קליינע גרופּע פון דעם „קאַמפס־אָפּטייל", אונטערן אָנפיר פון נחקע יוכבד, איז אַוועק אין שטעטל שטשעדרין, באַפאַלן דאָרט צוויי רעגירונגס־אונטערנעמונגען — די בראַנפן־קראָם, אַ מאָנאָפּאָל פון דער רעגירונג, און די פּאָסט און צוגערויבט פיר טויזנט רובל אין מזומן און אין פּאָסט־מאַרקעס. נחקע האָט דאָס צוגערויבטע געלט אַוועק־געפירט צום צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד" אין ווילנע, אָבער דאָרטן האָט ער באַקומען אַ שטרענגן פאָרוואורף פון די צ.ק.־מיטגלידער, וואָס האָבן אים געמאָלדן, אַז דער „בונד" וואַרפט אָפּ קאַטעגאָריש יעדן מין טעראָר. עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז דער צ.ק. האָט באַהאַנדלט די פראַגע פון פונאַנדערלאָזן די בונדישע אָרגאַניזאַציע אין באַברויסק. מען האָט גע־מאַכט אַ פשרה — דאָס געלט האָט דער צ.ק. צוגע־נומען, נאָר האָט שטרענג פאַרבאָטן אַזאַ טעטיקייט אויף ווייטער.

אָבער אין שטאָט האָבן די עקספּראָפּריאַציעס ניט אויפגעהערט אַזש ביזן סוף 1907. זיי זענען טיילווייז דורכגעפירט געוואָרן דורך מענטשן, וואָס האָבן זיך גערופן „אַנאַרכיסטן", און טיילווייז דורך דער אונטער־

וועלט־חברה, וואָס האָבן געפּראַוועט טעראָר אונטער דער מאַסקע פון פּאָליטישער טעטיקייט. אין איינעם פון די רויב־אָנפאַלן איז דערהרגעט געוואָרן דער אייגנטימער פון דער טאַבאַק־פאַבריק סאַטיסאָן. די רויבערס האָט מען געכאַפּט און עטלעכע פון זיי, בתוכם דער אַנאַרכיסט שמואל שאַפּיראָ, זענען אויפגעהאָנגען געוואָרן.

אויך דעם פּראָפעסיאָנעלן קאַמף האָט מען געפירט אין שטאָט מיט טעראָריסטישע מיטלען. בעת דעם שטרייק פון די בעקער־אַרבעטער אין האַרבסט 1906, וועלכע האָבן געפאָדערט אַ 10־שעהעדיקן אַרבעטס־טאָג און שבת צו נאַכטס אָנהייבן די אַרבעט נאָר נאָך האַלבער נאַכט — האָט אַ גרויסע גרופּע פון דער בונדישער „באַיוווקע" געפרוווט צווינגען די בעקער־אייגנטימערס, וואָס האָבן געאַרבעט אַן די אַרבעטער, צו שליסן די בעקערייען. אין דער בעקעריי פון די ברידער קאַראַבייעוו איז געקומען צו אַ צוזאַמענ־שטויס צווישן די באַיוווקע־קעמפערס און די בעקערס מיט זייערע משפחות. דער קאָמאַנדיר פון דער „קאַמפּס־אָפּטיילונג" (באַיוווקע) בערנשטיין האָט אויסגעשאָסן פון זיין רעוואָלווער און דערהרגעט איינעם פון די ברידער. די קעמפער האָבן זיך גלייך צוריקגעצויגן. בערנשטיין האָט זיך באַהאַלטן און שפּעטער אַנטלאָפן קיין אַמעריקע. דער שטרייק האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ פּשרה: די צאָל אַרבעט־שעהען איז פאַרקלענערט געוואָרן אויף 10, אָבער אויך דער אַרבעטס־לוין איז פּראָפּאָרציאָנעל פאַרקלענערט געוואָרן.

אין יאַנואַר 1906 איז פאָרגעקומען אין שטאָט דער „פּריזיוו" (די יערלעכע מאָביליזאַציע צו מיליטער־דינסט). צענדליקער יונגע־לייט, פון די אַקטיווע טוערס אין די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען, זענען גערופן געוואָרן זיך צו שטעלן צום „פּריזיוו", צווישן זיי נחקע יוכבד און די מיטגלידער פון דער „באַיוווקע" אברהם אשכנזי און העשל וואָלפּסאָן. יעדער איינער פון די מאָביליזירטע בונדישע מיטגלידער האָט אויף דער פראַגע „דיין רעליגיע" — געענטפערט „סאָציאַל־דעמאָקראַט". לויט אַנדערע ידיעות האָבן די מאָביליזירטע דעקלאַרירט, אַז זיי וועלן ניט באַנוצן די ביקסן קעגן פאָלק, נאָר קעגן די פאָלקס־שונאים און די שונאים פון פרייהייט. צווישן די „פּריזיוועניקעס" פון באָברויסק און פון די אַרומיקע נאָענטע שטעטלעך און דערפער זענען איינגעאָרדנט געוואָרן רעוואָלוציאָנערע פאַרזאַמלונגען, נאָר די מאַכט־אָרגאַנען האָבן געקוקט דורך די פינגער אויף די אַלע מאַניפעסטאַציעס. נאָכן מאָביליזירט ווערן צום מיליטער זענען אַ העלפט פון די מאָביליזירטע אַנטלאָפן (אין פאַל ווען אַ „פּריזיוניק" איז אַנטלאָפן איידער ער איז מאָביליזירט געוואָרן — אויב ער איז געווען אַ ייד — האָט די משפּחה געדאַרפט באַצאָלן אַ שטראָף פון 300 רובל). אַ טייל פון די אַנטלאָפענע האָבן געפונען אַ מקום־מקלט אין ווילנע, אָדעס און אַנדערע שטעט; אַ סך זענען אַנטלאָפן קיין אַמעריקע. נחקע יוכבד האָט זיך געשטעלט צום פּריזיוו אין ווילנע און טראָץ זיין שוואַכן געזונט־צושטאַנד איז ער אָנגענומען געוואָרן אין מיליטער. אין אַ חודש אַרום איז ער אַנטלאָפן פון קאַזאַרמע. ער האָט אַ צוויי יאָר אַרומגעוואַנדערט איבער פאַרשיידענע שטעט אין דרום־רוסלאַנד, ביז מ'האָט אים געכאַפּט און ווידער גענומען אין מיליטער. ער האָט געדינט צוויי יאָר אין ווילנע. נאָך דעם האָט מען אים באַפרייט. ערשט אין 1910 האָט ער זיך אומגעקערט און זיך באַזעצט אין באָברויסק.

אין פרילינג 1906 זענען פאָרגעקומען די וואַלן צו דער ערשטער דומע. דער „בונד" האָט באָיקאָטירט די וואַלן און זיך באַמיט אויפצורייסן די וואַל־פאַרזאַמלונגען און אָנוואַרפן אַ פּחד אויף די וויילערס, זיי זאָלן ניט גיין צו די וואַל־אורנעס. אין יענעם יאָר האָבן די בונדיסטן געהרגעט דעם פּאָליציאַנט קאַר־פּענקאָ, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין קאַמף קעגן די רעוואָלוציאָנערן. בעת זיין לוויה זענען אָפּטיילונגען פון זעלבשוץ געשטאַנען אויף דער וואַך, אויס מורא פאַר אָנפאַלן מצד דעם קריסטלעכן המון, אָבער נאָר איין רויב־אָנפאַל אויף אַ בעקעריי איז דורכגעפירט געוואָרן דורך די באַגלייטערס, צוריקגייענדיק פון דער לוויה, און דער המון איז באַלד צעטריבן געוואָרן דורך דער פּאָליציי און זעלבשוץ־מענטשן.

פון טאָג צו טאָג איז שוואַכער געוואָרן די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג. די אַקטיווע טוערס אירע, וואָס די פּאָליציי האָט זיי גוט געקענט, האָבן פאַרלאָזן די שטאָט. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ גרויסע עמיגראַציע פון די רעוואָלוציאָנערע עסקנים און זייערע נאָענטסטע קיין אַמעריקע. אויף דעם זיבעטן צוזאַמענפאָר פון „בונד" (זומער 1906) אין לעמבערג האָט דער דעלעגאַט פון באָברויסק רעפּרעזענטירט בסך־הכל 456 חברים. אָנגעהאַלטן האָט נאָר דער פּראָפעסיאָנעלער קאַמף, וואָס האָט, אַ דאַנק די נייע באַדינגונגען אין לאַנד, באַקומען אַ האַלב־לעגאַלן כאַראַקטער. אין 1907

האָט זיך געשאַפן אַ צענטראַל־ביוראָ פון אַלע פּראָ־פעסיאָנעלע פאַראיינען, וואָס זענען געווען פאַרבונדן מיטן „בונד״.

סוף 1907 זענען טעטיק געווען אין באָברויסק פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען פון סטאָליערס, שניידערס, מעטאַל־אַרבעטער, שוסטערס און קאָמאַשן־מאַכערס, בעקערס, פאַבריק־אַרבעטער און קעכינס, וואָס זיי אַלע האָבן געהערט צום אויבן דערמאָנטן צענטראַל־ביוראָ, אין וועלכן ס׳האָט זיך באַטייליקט אויך אַ פאָרשטייער פון „בונד״. דער מצב פון די פאַראיינען איז געווען גאָרניט קיין געהויבענער. נאָר אַ קליינע צאָל חברים האָבן געצאָלט מיטגליד־שטייערן. מ׳האָט ניט געפירט קיין שום קולטור־אַרבעט. צום בעסטן האָבן זיך גע־האַלטן די פאַראיינען פון די שוסטערס, סטאָליערס און מעטאַל־אַרבעטער. דער „בונד״ האָט געהאַלטן פאַר זיין אויפגאַבע אָפּצוהיטן, אַז אין די פאַראיינען זאָלן ניט אַריינדרינגען די ס.ס.ישע קרייזן, וואָס האָבן געקעמפט פאַר נייטראַליזירן די פּראָפעסיאָנעלע פאַר־איינען און מאַכן זיי פאַר אומפּאַרטייאישע אָרגאַני־זאַציעס.

אויך די בעלי־בתים האָבן עפּעס געלערנט, זיי האָבן זיך אָרגאַניזירט און אָפּט מאָל רעאַגירט אויף די שטרייקן מיט לאָקאַוטן. די סכסוכים האָבן זיך ס׳רוב פאַרענדיקט מיט פשרות. אַזוי האָט זיך אין יאָר 1906 פאַרענדיקט מיט אַ פשרה דער גרויסער אַרבעט־סכסוך צווישן די אייגנטימער פון די סטאָ־ליער־וואַרשטאַטן און זייערע אַרבעטער. די אַרבע־טער האָבן אָנערקענט דעם פאַראיין פון די אייגנ־טימערס פון די סטאָליער־וואַרשטאַטן, ווי דעם פאָר־שטייער פון אַלע זייערע אַרבעטס־געבערס און דער אַרבעטס־טאָג איז פאַרקירצט געוואָרן פון 11 אויף 9 שעה. אַ גרויסער שטרייק פון די מאָלערס איז דורכ־געפאַלן. דער לאַנגער קאַמף פון די נאָדל־אַרבעטער האָט זיך פאַרענדיקט אין 1908 מיט דער הסכמה פון די אַרבעטס־געבערס אויף אַן 8־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג. אין יאָר 1908 האָט זיך ענטגילטיק אָפּגעשטעלט אויך די פּראָפעסיאָנעלע טעטיקייט. די רעוואָלוציע איז פאַרשטיקט געוואָרן.

און דאָך איז אין שטאָט פאַרבליבן אַן אָרגאַניזיר־טער קערן פון בונדיסטן. אין די יאָרן 1908—1911 — די „ביטערע יאָרן״ פון דער רעוואָלוציאָנערער באַ־וועגונג, ווען ס׳זענען זיך צעפאַלן די מיינסטע אָרגאַני־זאַציעס און טויזנטער חברים זייערע זענען געוואָרן אומטעטיק, שרייבט אַ חבר פון בונדישן צ.ק. א. ליט־וואַק, אַז „נאָר אין די שטעט פּינסק, האָמעל, באָברויסק, לאָדזש און ריגע זענען פאַרבליבן ביי דעם „בונד״ גאַנץ שטאַרקע אָרגאַניזאַציעס״. אין אַ באַריכט פון יענער צייט ווערט איבערגעגעבן, אַז אין באָברויסק פאַרנעמט מען זיך מיט וויכוחים אין ענגע קרייזן „וועגן לעגאַלע און אומלעגאַלע פאָרמען פון בונדישער אַרבעט, דערווייל טוט מען גאָרנישט״. צו דעם אַכטן צוזאַמענפאָר פון „בונד״ (האַרבסט 1910) אין לעמבערג זענען געקומען דעלעגאַטן בסך־הכל פון 10 שטעט. באָברויסק האָט רעפּרעזענטירט בערל קאַצענעלסאָן.

פינפטער קאַפּיטל

## ערב דער ערשטער וועלט-מלחמה

### 1. באָברויסק ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה

נאָך דעם ווי עס האָבן זיך איינגעשטילט די כוואַליעס פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע זענען געקומען פאַר באָברויסק זיבן רויקע יאָרן, יאָרן פון וווקס און אַנטוויקלונג, וואָס זענען איבערגעריסן געוואָרן נאָר מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, זומער 1914, און נאָך מער, מיטן דערנענטערן זיך פונעם פראָנט צו דער שטאָט אין 1915.

„דער עקאָנאָמישער מצב פון אונדזער שטאָט, אין פאַרגלייך מיט אַנדערע שטעט אין תחום־המושב — שרייבט אַ באָברויסקער אין „הצפירה״ סוף 1912 — גיט ניט קיין פתחון־פה צו באַקלאָגן זיך, דאָס איז אָן ספק. אַחוץ דעם וואַלד־מסחר, וואָס שטייט דאָ אויף גאָר אַ הויכער מדרגה, אַנטוויקלט זיך אויך אויף אַ געוווּנטשענעם אופן קליין־האַנדל און מלאכה.

אוקראַינע האָט געשריען: גיט אונדז פאַליעס האָלץ צום בויען, האָלץ־מאַטעריאַל פאַר מעבל, שפּאָלן

פאַר אײַזנבאַן־ליניעס, הילצערנע פּאַדפּאַרעס פאַר די קוילן־גרובן פון דאָנבאַס און פאַר די אײַזן־גרובן פון קריוואָי ראָג — האָבן זין פון שענקערס און מילנערס זיך אַ נעם געטאָן פאַר די אור־וועלדער פון פּאַלעסיע, וואָס אין דרום פון ווייסרוסלאַנד און פאַר די בראשית־שטחים, וואָס אויף ביידע ברעגן פון דער בערעזינאַ״ — האָט געשריבן אין זיינע זכרונות וועגן יענער צייט אבא אחימאיר.

די צאָל תושבים פון באָברויסק, גויים און ייִדן, איז געוואַקסן אומאויפהערלעך, ווי עס זאָגן עדות די אָנגעגעבענע ציפערן פון דער ווייטערדיקער טאַבעלע:

| יאָר | תושבים | פון זיי ייִדן | % ייִדן |
|---|---|---|---|
| 1897 | 34336 | 20759 | 60.1 |
| 1905 | 38431 | 23465 | 61.1 |
| 1914 | 42309 | 25876 | 61.1 |

די צאָל הייזער אין שטאָט איז געוואַקסן פון יאָר 1895 ביז 1910, פון 2520 (126 געמויערטע הייזער) ביז 3549 (403 געמויערטע). די פאַרבעסערונג פון דער עקאָנאָמישער לאַגע אין שטאָט האָט געפונען איר אויסדרוק אין געוויסע ענדערונגען און חידושים, וואָס מען האָט געמאַכט צו פאַרשענערן די שטאָט. זומער 1909 האָט מען אָנגעהויבן ברוקירן עטלעכע צענטראַלע גאַסן. אין שייכות מיט דעם האָט מען אַרויפגעלייגט אויף דער באַפעלקערונג ספּעציעלע שטייערן, למשל, אַ שטייער אויף די סחורות, וואָס ווערן געבראַכט מיט דער באַן. אויף די הויפּט־גאַסן האָט מען אינסטאַלירט פאַנאַרן (לאַמטערנעס), צווישן זיי — גאַז־לאַמטערנעס (50 אין יאָר 1910) און נאַפט־לאַמטערנעס (192 אין דעם זעלבן יאָר). עס איז אינסטאַלירט געוואָרן אַ טעלעפאָן־נעץ, און פאַרמעגלעכע מענטשן, ווי אויך געשעפטן, האָבן איינגעפירט טעלעפאָנען. דאָ און דאָרט זענען אויפגעבויט געוואָרן געמויערטע הייזער פון צוויי און דריי שטאָקן. אַפילו דער גרויסער חידוש — דער קינעמאַטאָגראַף — האָט זיך באַוויזן אין באָברויסק, און מיר לייענען אין די מודעות פון די היגע צייטונגען וועגן צוויי עלעקטראָ־טעאַטערס (ווי מען האָט זיי דאַן גערופן) „וויעס׳ מיר״ (Весь Мир) וואָס האָט געהערט צו פיינבערגן און „גיגאַנט״, וואָס זיין אייגנטימער איז געווען ביעלענקי.

וועגן דעם וווּקס און דער אַנטוויקלונג פון שטאָט זאָגן עדות די פּרווון אַרויסצוגעבן דאָרט אָרטיקע צייטונגען. די דאָזיקע צייטונגען, וואָס זייער ציל איז געווען צו געבן די לייענער אַלגעמיינע און אָרטיקע אינפאָרמאַציעס, זענען דערשינען אין רוסיש, נאָר די אַרויסגעבערס, די רעדאַקטאָרן און דער רוב מיט־אַרבעטערס זענען געווען ייִדן.

נאָך אין זומער 1904 האָט דער מוכר־ספרים יעקב גינזבורג באַקומען אַ דערלויבעניש אַרויסצוגעבן אַ צייטונג א. נ. „באָברויסקי ליסטאָק״ (Бобруйский листок), אָבער ערשט אין אויגוסט 1911 האָט אָנגעהויבן צו דערשיינען די טעגלעכע צייטונג „באָברויסקער אָפּקלאַנגען״ (Бобруйские отклики), וואָס איז פאַרמאַכט געוואָרן נאָך 9 חדשים.

אין פעברואַר 1913 האָט ב. באַכראַך אָנגעהויבן אַרויסגעבן די צייטונג „באָברויסקער לעבן״ (Бобруйская жизнь), נאָר אויך די דאָזיקע צייטונג האָט ניט מאריך ימים געווען לענגער, ווי ביזן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. לענגער האָט אויסגעהאַלטן די צייטונג „באָברויסקער קוריער״ (Бобруйский курьер), וואָס האָט אָנגעהויבן דערשיינען אין דעם ערשטן חודש פון דער מלחמה און איז אַרויסגעגאַנגען ביזן סוף פון דער מלחמה. אין די יאָרן פון דער דייטשישער אָקופּאַציע (1918) איז דאָ דערשינען די צייטונג „באָברויסקער טאָג״ (Бобруйский день).

פּאַראַלעל מיט דער אויסברייטערונג פון דעם האָלץ־מסחר האָט זיך אויך אַנטוויקלט די האָלץ־אינדוסטריע אין אירע פאַרשיידענע צווייגן: טאַרטאַק, דיקטן־פאַבריקאַציע, מעבל־אינדוסטריע. כדאי צו דערמאָנען דעם גרויסן טאַרטאַק פון מירנבורג און ראַבינאָוויטש, וואָס האָט באַשעפטיקט אַרום 200 אַרבעטער. אין די יאָרן האָט זיך אַנטוויקלט אין באָברויסק אויך די שפּייז־ און ווירטשאַפט־אינדוסטריע, באַזונדערס די מילך־אויסאַרבעטונגען, וויין־ברענעריי און זיסוואַרג־אויסאַרבעטונגען.

אָפיציעל ווערט אָנגעגעבן, אַז פון יאָר 1900 ביז 1913 איז די צאָל אינדוסטריע־אונטערנעמונגען אין באָברויסק געשטיגן פון 8 ביז 26; די צאָל אַרבעטער אין די פאַבריקן — פון 345 ביז 1584 און די פּראָדוקציע זייערע האָט אָנגעטראָפן פון 833,800 רובל ביז 2,254,000 רובל. באָברויסק האָט פאַרנומען דעם דריטן אָרט אין דער גובערניע (נאָך מינסק און פּינסק), אַלס אינדוסטריעלער צענטער. טראָץ דעם איז די אָרעמקייט אין שטאָט ניט פאַרקלענערט געוואָרן, און דאָס איז

פאַרשטענדלעך — ס'איז געווען אַ קלאַנג זאָל זיך פאַרשפּרייטן, אַז ס'זענען דאָ פּרנסה־מעגלעכקייטן אין באָברויסק — און אָרעמע משפּחות פון פאַרשיי־דענע ערטער אין דער אומגעגנט פלעגן זיך אַ לאָז טאָן אַהין, צו געפינען דאָרט דאָס שטיקל ברויט. די שנאה צו יידן מצד דער אַדמיניסטראַטיווער מאַכט, וואָס האָט זיך באַזונדערס פאַרשטאַרקט בעת דער הער־שאַפט פון דעם גובערנאַטאָר גירס אין מינסקער גובערניע, האָט געפונען איר אויסדרוק אין שטרענגן קאָנטראָל איבער דער ווינרעכט פון יידן אין די דער־פער. אַ סך משפּחות, וואָס זענען יאָרן־לאַנג געזעסן אין דערפער אין באָברויסקער אומגעגנט, זענען אַרויס־געטריבן געוואָרן פון זייערע היימען. פיל פון זיי האָבן ניט געהאַט קיין אַנדער ברירה, ווי נאָר אויסצוואַנדערן




באָברויסק החדשה: בית הדואר
די נייע באָברויסק: די פּאָטשט

מעבר לים. אין באָברויסק האָט זיך געעפנט אַ געביט עמיגראַציע־ביוראָ פון דער יק"א, וואָס האָט זיך מטפּל געווען מיט די עמיגראַנטן, געגעבן זיי די נייטיקע אינפאָרמאַציע וועגן די רייזע־באַדינגונגען, געזאָרגט וועגן זייערע דאָקומענטן און וועגן דערליידיקן כל־ערליי פאָרמאַליטעטן, ווי אויך אַרויסצוקריגן שיף־קאַרטעס פאַר ביליקערע פּרייזן. דורכן ביוראָ זענען דורכגעגאַנגען עמיגראַנטן פון באָברויסק און אומ־געגנט. אין יאָר 1910 האָט זייער צאָל דערגרייכט ביז 900; אין 1911 — ביז 1197 און אין 1912 — ביז 1462. פון זיי 497 פערזאָן פון באָברויסק, מערסטנס בעלי־מלאכות און קליינהענדלערס.

די ערשטע וועלט־מלחמה האָט אָפּגעהאַלטן דעם פּראָצעס פון באַנייען און פאַרשענערן די שטאָט, וואָס האָט זיך ערשט אָנגעהויבן. די אַלטע באָברויסק, באָב־רויסק פון האָלץ און בלאָטע, איז נאָך ניט פאַרשוווּנדן אין דעם אַ קורצן פּעריאָד און האָט נאָך פאָרגעשטעלט מיט זיך דעם גרעסטן טייל פון שטאָט. דער גרויסער מאַרק, דער אָרעמקייט־קוואַרטאַל „סלאָבאָדאַ", די פערציק בתי־מדרשים, די פעסטונג און דער „פּאָלי־גאָן" — דאָס אַלץ צוזאַמען, מיט די צוויי באַן־סטאַציעס און דעם פייזאַזש פון דער בערעזינאַ, האָט דעצידירט וועגן דעם אויסזען פון דער שטאָט אויך אין די אַ יאָרן — און דאָך האָט זיך געפילט, אַז די שטאָט גייט פאָרויס, צו באַנייונג, אַנטוויקלונג און ראַדיקאַלער ענדערונג אין איר אויסזען.

## 2. די באָברויסקער אינטעליגענץ און אירע שטרעמונגען

די שיכט פון דער אינטעליגענץ (פון די געביל־דעטע), וואָס האָבן באַקומען זייער דערציִונג אין דער רוסישער שפּראַך, האָט זיך כסדר פאַרגרעסערט און איר השפּעה אויף די שטאָט־ענינים האָט איבערגעוויגן די השפּעה פון די רבנים און גבירים, וואָס האָבן געהערשט אין שטאָט אין 19טן י.ה. די אינטעליגענץ איז געוואָרן דער באַוועגנדיקער כוח אין דעם געזעל־שאַפטלעכן לעבן פון באָברויסק. די אַלטע וועלט האָט זיך שוין באַנוגנט דערמיט, וואָס זי האָט מיט עקשנות געפּרוּווט אויפהאַלטן אירע פּאָזיציעס.

יענע גוטע טעג, ווען די אינטעליגענץ איז געווען איין מאָנאָליטע גרופּע, וואָס האָט זיך גרופּירט אַרום דעם ציין־דאָקטער בענעדיקט געצאָוו, זענען אַוועק. איצט האָט זיך די אינטעליגענץ צעטיילט אויף אַ סך גרופּעס און פּאַרטייען, וואָס מען קען זיי גרופּירן אין דריי הויפּט־שטרעמונגען: די ערשטע שטרעמונג איז די „רוסישע" אינטעליגענץ — אַ שטרעמונג, וואָס האָט אַלץ געטאָן, כדי צו דערנענטערן זיך צו דער רוסישער קולטור און צום רוסישן פאָלק — און געזען איר הויפּט־אויפגאַבע אין פאַרשפּרייטן אַלגעמיינע בילדונג און קענטשאַפט פון דער רוסישער שפּראַך צווישן די פאָלקס־מאַסן. די דאָזיקע אינטעליגענץ האָט געהאַלטן פאַר גאָר וויכטיק צו פאַרבעסערן דעם מצב פון די בעלי־מלאכות און קליינהענדלערס דורך גרינדן אינ־סטיטוציעס פון קעגנזייטיקער הילף און זאָרגן וועגן פאַך־אויסבילדונג. זי האָט אָנגעהאַלטן פאַרבינדונגען

מיט די אַלטע חברות פון דער יידיש־רוסישער אינ־טעליגענץ — די חברה „מפיצי השכלה", וואָס האָט געעפנט אירע אָפּטיילונג אין באָברויסק זומער 1909; די געזעלשאַפט „אָרט" און יק"א. צווישן די אַקטיווסטע טוערס פון אָט דער אינטעליגענץ אין באָברויסק דאַרף מען דערמאָנען בענעדיקט געצאָוון און זײַן פרוי, ד"ר פּאַפּערנאָ, דעם פּאַרשטייער פון די קאַדעטן אין באָברויסק, גינזבורגן און מ. י. בראַדסקין, וואָס איז געקומען אין באָברויסק אין 1899 און געווען דירעקטאָר פון דער „פּאַראייניקטער באַנק". ער איז געווען דער געשוואָרענער שתדלן ביי דער מאַכט אין שטאָט און אין דער גובערניע פאַר די באָברויסקער יידן און איז געוויילט געוואָרן אַלס יידישער אַרביטר אין די וואַלן צו די צווײ לעצטע „גאָסודאַרסטווענע דומעס" — דער דריטער און פערטער.

די צווייטע שטרעמונג צווישן דער אינטעליגענץ איז געווען די ציוניסטישע. די ציוניסטן האָבן געשלאָגן טיפע וואָרצלען צווישן די יידישע פאָלקס־מאַסן אין באָברויסק און זענען געווען פאַרבונדן מיט די רעלי־גיעזע קרייזן אין שטאָט. אַחוץ זייער ריין פּאַרטייאי־שער אַרבעט — אָרגאַניזירונג און פּראָפּאַגאַנדע — האָבן זיי זיך פאַרנומען מיט העברעישן חינוך און געשטיצט דעם „חדר מתוקן" אין שטאָט. זיי זענען געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט דער ציוניסטישער וועלט־באַוועגונג, מיט דער העברעישער באַוועגונג אין לאַנד (חובבי שפת עבר) און מיט ארץ־ישראל. די ראשי־המדברים אין אָט דער שטרעמונג זענען געווען די לאַנגיאָריקע עסקנים: א. אסתרין, יוסף דאַבקין, שמואל אַלעקסאַנדראָוו און א. ל. מזא"ה (זע ווייטער דעם באַזונדערן אָפּטייל וועגן דער ציוניסטישער באַ־וועגונג אין באָברויסק).

די דריטע שטרעמונג איז געווען די יידישיסטיש־בונדישע. די אָ שטרעמונג האָט געשעפּט אירע כוחות פון די רעשטלעך, וואָס זענען פאַרבליבן פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און פונעם „בונד". נאָכן דורכפאַל פון דער רעוואָלוציע אין 1905, ניט האָבנדיק קיין מעגלעכקייט צו פירן אַן אָפענע רעוואָלוציאָנערע פּאָליטישע טעטיקייט, האָבן זיך אַלע עסקנים קאָנ־צענטרירט אויף קולטור־אַרבעט, איבערהויפּט אויף קולטיווירן די יידישע שפּראַך און ליטעראַטור. זיי האָבן געהאַט אַ השפעה אין דער „פאָלקס־ביבליאָטעק", וווּ זיי האָבן געפירט אַ קאַמף מיט די ציוניסטן. זיי האָבן אויך אַרויסגעגעבן אַ געזעלשאַפטלעך־ליטעראַ־רישן וואָכנבלאַט „באָברויסקער וואָכנבלאַט". ער איז דערשינען אין די יאָרן 1912—1913 און געטראָגן אַן אַלגעמיינעם כאַראַקטער, אָבער אין זיינע מאמרים האָט זיך געהערט אַן אַנטי־ציוניסטישער און אַנטי־העברעי־שער טאָן. דער דאָזיקער קרייז פלעגט אויך אַראָפּ־ברענגען קיין באָברויסק יידישע טעאַטראַלע טרופּעס. די הויפּט־עסקנים אין דעם קרייז זענען געווען מענדל עלקין, דער בונדישער מנהיג נחקע יוכבד און דער פאָרשטייער פון דער יוגנט א. ד. קירזשניץ.

סימנים פון אַ באַנייטער רעוואָלוציאָנערער טעטי־קייט האָבן זיך באַוויזן אין באָברויסק אין יאָר 1912 — זי איז געווען אַ פּועל־יוצא פון דעם אַלגעמיינעם אויפבריוז אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, נאָך דעם מאָרד פון די אַרבעטער אין די גאָלד־גרובן ביי דעם טייך לענאַ אין סיביר, וואָס די צאַרישע סאָלדאַטן האָבן אויסגעפירט אין פרילינג 1912. דער אַרטיקער „בונד", איינע פון די ווינציקע בונדישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָט געפירט אַן אונטערערדישע טעטיקייט אַפילו אין די פינצטערע רעאַקציע־יאָרן אין רוסלאַנד (זע ז. 175), האָט אָרגאַניזירט אַן איינטאָגיקן פּראָטעסט־שטרייק אין עטלעכע פאַבריקן קעגן דעם מאָרד ביי דער לענאַ. תיכף האָט מען דורכגעפירט רעוויזיעס ביי די פאַרדעכטיקטע אין אָרגאַניזירן דעם שטרייק און פינף מענטשן, וואָס מען האָט געפונען ביי זיי בונדישן מאַטעריאַל (צווישן אַנדערן דעם שטעמפּל „די באָברויסקער אָרגאַניזאַציע פון בונד"), זענען געשטעלט געוואָרן פאַר אַ געריכט אין ווילנע. צווישן זיי איז געווען דער סעקרעטאַר פון „בונד" אין באָב־רויסק מ. העלפאַנד.

אין האַרבסט תרע"ד, פאַר די ימים־טובים, האָט אַ כוואַליע פון שטרייקן פאַרפלייצט באָברויסק. עס האָבן געשטרייקט שניידערס, נייטאָרינס, רימערס און סטאָליאַרעס. די בעלי־בתים, אויס מורא צו פאַרלירן דעם יום־טוב־סעזאָן, האָבן נאָכגעגעבן די פאָדערונגען פון די אַרבעטער: א) אָנערקענען זייערע פּראָפעסיאָ־נעלע פאַראיינען; ב) אַ 9־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג; ג) אַ ריין פּאָליטישע פאָדערונג — אָנערקענען דעם 1טן מאַי אַלס יום־טוב.

וואָס שייך דער געשיכטע פון דער באָברויסקער אינטעליגענץ, קען מען ניט איבערהיפּן די „עקסטערנען־תקופה", וואָס איז אַדורך אין באָברויסק, ווי אין אַנדערע שטעט פון רוסלאַנד, אין די יאָרן 1907—1911. יענע יוגנט, וואָס פאַר דער רעוואָלוציע פון 1905 איז

זי געגאַנגען אין ישיבה, האָט איצט געזוכט אַ וועג צו אַלגעמיינער בילדונג און צו אַ „תכלית", וואָס מיינט אַ גימנאַזיע־מאַטורע. בחורים און מיידלעך פון באַברויסק און פון די אַרומיקע שטעטלעך און דערפער האָבן פאַרבראַכט טעג און נעכט אין „שטודירן" רוסישע לערן־ביכער, געלערנט רוסיש און לאַטיין, מאַטעמאַטיק און פיזיק און אַלע אַנדערע לימודים, וואָס זענען נייטיק געווען צו באַקומען די באַגערטע מאַטורע. יאָר נאָך יאָר געשטעלט זיך צום עקזאַמען, לויטן פּראָגראַם פון איין קלאַס אָדער צוויי מיט אַ מאָל. לערער מכל המינים האָבן זיך מפרנס געווען פון צוגרייטן די עקסטערנען צו די עקזאַמענס. עס האָט זיך אַפילו געגרינדעט אַן „עקסטערנען־פּאַראַיין", וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט באַזאָרגן לערער פאַר די ניט־פאַרמעגלעכע.

די „עקסטערנען־תקופה" האָט זיך פאַרענדיקט, כידוע, נאָך דעם ווי דער רוסישער בילדונג־מיניסטער האָט פאַראָרדנט אַנצוווענדן די „פּראָצענט־נאָרמע" אויך לגבי עקסטערנען. די תקופה האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ סך פאַרביטערטע יונגע־לייט (וואָס נאָר אַ קליינער טייל פון זיי האָט דערגרייכט דעם ציל — די מאַטורע); האַלבע און פערטל אינטעליגענטן, וואָס האָבן געגעבן לעקציעס אין באַברויסק און אומגעגנט, זענען געוואָרן באַאַמטע, סעקרעטאַרן, קאַנצעלאַריסטן אין פאַרשיידענע ביוראָען.

### 3. די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג

דער איינציקער געביט, וואָס לגבי אים איז ניט געווען קיין מחלוקת צווישן די פאַרשיידענע שטרעמונגען פון דער אינטעליגענץ, איז געווען די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג, וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו פאַרבעסערן דעם מצב פון די אָרעמקייט־שיכטן — בעלי־מלאכות און קליינהענדלערס — דורך אונטערשטיצן, אינסטרואירן און אַקטיוויזירן צווישן זיי קעגנזייטיקע הילף.

איינע פון די צענטראַלע קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען איז געווען די שפּאָר־ און ליי־קאַסע פאַר בעלי־מלאכות און קליינע הענדלערס, געגרינדעט אין נאָוועמבער 1900. די קאַסע האָט אַרויסגעלאָזן אַקציעס; יעדער איינער, וואָס האָט געקויפט אַן אַקציע פאַר 10 רובל, האָט געהאַט דאָס רעכט צו באַקומען אַ הלוואה ביז 30 רובל, אַן גאַראַנטיעס, און ביז 80 רובל, מיט גאַראַנטיעס. „די דאָזיקע אינסטיטוציע — האָט געשריבן די „הצפירה" — האָט אַ סך געהאָלפן די קרעמערס און די קליינהענדלערס. אויך בעלי־מלאכות, וואָס האָבן ביז איצט ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט איינצוקויפן דעם מאַטעריאַל, וואָס איז נייטיק פאַר זייער מלאכה". כדאַי צו באַמערקן, אַז צווישן די וואָס האָבן מיטגעהאָלפן שאַפן די קאַסע איז געווען איינער פונעם אַלטן דור, דער גביר בועז ראַבינאָוויטש, וואָס האָט בייגעשטייערט 3000 רובל פאַרן קאַסע־פאָנד. די קאַסע האָט זיך גוט אַנטוויקלט און איז גרעסער געוואָרן פון יאָר צו יאָר. אָנהייב 1902 האָט זי שוין געציילט 800 מיטגלידער, און אין אָקטאָבער 1907 האָט די צאָל דערגרייכט ביז 2681, צווישן זיי בערך 40% בעלי־מלאכות, 30% קליין־הענדלערס און די איבעריקע — באַאַמטע, לערערס אאַז"וו. אין יאַנואַר 1909 האָט שוין די קאַסע געהאַט 3000 מיטגלידער און די פאַרוואַלטונג האָט באַשלאָסן איינצופירן לעבנס־פאַרזיכערונג פאַר די מיטגלידער, וואָס ווילן דאָס. אין 1913 איז שוין די צאָל מיטגלידער דערגאַנגען ביז 4000 — צוזאַמען מיט די משפחות, אַ גאַר קענטיקער טייל פון דער באַברויסקער יידישער באַפעלקערונג, און זי האָט געהאַט אַ נאָמען אין דער יידישער וועלט, ווי איינע פון די רייכסטע און גרעסטע יידישע קאָאָפּעראַטיווע קרעדיט־אינסטיטוציעס; און ווען די קאַסע האָט געפייערט סוף 1910 איר 10־יאָריקע עקסיסטענץ, האָבן זיך אין דער פייערונג באַטייליקט פאַרשטייערס פון 35 שפּאָר־און ליי־קאַסעס, ווי אויך פאַרשטייערס פון יק"א, וועלכע האָט די גאַנצע צייט געגעבן הילף דער אינסטיטוציע.

אַן אַנדערע קאָאָפּעראַטיווע אינסטיטוציע, וואָס איז פּאָפּולער געוואָרן אויך מחוץ באַברויסק, ווי אַ מוסטער פון אַ הילף־אינסטיטוציע פאַרן יידישן בעל־מלאכה, איז געווען „דער געזעלשאַפטלעכער סקלאַד פון מעבל־פּראָדוקטן", וואָס מ'האָט געעפנט אין יאָר 1909. צום דאָזיקן סקלאַד פלעגן די סטאָליאַרעס איבערגעבן צום פאַרקויף זייער פּראָדוקציע, „כדי ניט אָנצוקומען צו דער פאַרמיטלונג פון די מעבל־סוחרים". די פאַרוואַלטונג פונעם סקלאַד האָט זיי אויסגעצאָלט 75% פון דעם ווערט פון זייער סחורה ביים באַקומען דאָס מעבל און דאָס איבעריקע גלייך נאָכן פאַרקויף, אַראָפּרעכענענדיק 5% אַדמיניסטראַטיווע הוצאות. דער סקלאַד האָט געזאָרגט דערפאַר, אַז די סטאָליאַרעס זאָלן קענען פּראָדוצירן כסדר, ניט זאָרגנדיק פאַרן פאַרקויף. חוץ

דעם האָט דער סקלאַד צוגעשטעלט די בעלי־מלאכות גוטן און טרוקענעם האָלץ־מאַטעריאַל דירעקט פון די פאַבריקן, פאַר ביליקע פרייזן.

דאָס ערשטע געלט צו פינאַנסירן די אונטערנעמונג האָט מען גענומען פון דעם איבערגעבליבענעם געלט, וואָס ס׳האָט בייגעשטייערט פאַר די נשרפים פון 1902 די „גצזעלשאַפט צו בויען ביליקע דירות פאַר די ייִדן״. דער סקלאַד־פאַרוואַלטונג איז געלונגען צו עפענען מערק פאַר דער פּראָדוקציע פון די סטאָליאַרעס אין פּאָלטאַווער, יעקאַטערינאָסלאַווער און טשערניגאָווער גובערניעס. אין 1921 האָבן זיך באַטייליקט אינעם סקלאַד 12 סטאָליאַרעס מיט 69 אַרבעטער און געזעלן. דער סקלאַד האָט צו יענער צייט פאַרקויפט מעבל פאַר 17,418 רובל.

אין 1908 האָט זיך געגרינדעט אין באַברויסק אַ „קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוו פאַר קרעמערס און קליין־הענדלערס״. מיר ווייסן זייער ווייניק וועגן אים. גאַנץ מעגלעך, אַז ער האָט זיך געשלאָסן נאָך אַ פאַר יאָר עקסיסטענץ.

## 4. די ציוניסטישע באַוועגונג און די העברעישע שפּראַך

די קריזיס־תקופה און די ירידה פון דער ציוניס־טישער באַוועגונג, וואָס זענען געקומען ווי אַ רעזול־טאַט פונעם אוגאַנדאַ־קריזיס און דער ערשטער רעוואָ־לוציע, האָבן זיך געצויגן ביז 1908. אין דעם יאָר האָט מען פאַרקויפט אין באַברויסק בסך־הכל 230 שקלים. פון דעם יאָר אָן האָט די באַוועגונג אָנגעהויבן קומען צו זיך. שליחים פון די צענטערס אין מינסק און ווילנע פלעגן קומען קיין באַברויסק, צונויפזאַמלען די ציון־געטרייע און זיי מעורר זיין צו ציוניסטישער טעטיקייט.

אַזוי ווי דער ציוניזם איז אין יענע יאָרן געווען פאַרבאָטן דורך דער מלוכה, איז די באַוועגונג אַריבער אין אונטערערד. צוזאַמענטרעפן פון אַקטיווע עסקנים פלעגן איינגעאָרדנט ווערן ס׳רוב אין פריוואַטע הייזער, באַזונדערס אין הויז פון יוסף דאַבקין. אָבער דער צענטער פון ציוניסטישער טעטיקייט איז געווען די ביליקע קיך, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורך מ. ח. לאַזינסקי. אין 1907 האָט מען אין בנין פון דער ביליקער קיך געעפנט אַ קליינע שול, וואָס די מתפללים אירע פלעגן זיך באַשטייערן ביים עולה־לתורה זיין און ביי אַנדערע געלעגנהייטן, און דאָס געלט אָפּגעבן פאַרן קרן הקימת לישראל. די דאָזיקע שול, וואָס איז געווען באַקאַנט אונטערן נאָמען „דער ציוניסטישער מנין״, האָט געדינט ווי אַ פאַרמאַסקירטער אָרט פאַר פאַרזאַמלונגען, באַגעגענישן און באַראַטונגען.

אין די ציוניסטישע צייטונגען ווערן דערמאָנט די רעפערענטן און רעדנערס פון דער ציוניסטישער באַ־וועגונג, וואָס האָבן באַזוכט באַברויסק, צווישן זיי ד. פאַסמאַניק, י. ל. בערגער פון פינסק, א. גאָלדשטיין, י. ל. מאַצקין. דעם ערשטן טאָג חנוכה תר״ע (1909) איז אין דער גרויסער שול פאָרגעקומען אַ פאַרזאַמלונג צום האַלבן יובל פון דער קאַטאָוויצער אַסיפה.

זומער 1908 האָט באַברויסק געהאַט די זכיה צו האָבן ביי זיך אויף אַ לענגערן באַזוך איינעם פון אירע זין, דעם ציוניסטישן מנהיג ניסן קאַצענעלסאָן, דעפוטאַט פון דער ערשטער מלוכה־דומע, וואָס איז פאַרמשפט געוואָרן אויף דריי חדשים תפיסה פאַר אונטערשרייבן, צוזאַמען מיט די איבעריקע דומע־דעפוטאַטן, דעם „וויבאָרגער אויפרוף״. ער האָט אויס־געדריקט זיין ווונטש אָפּצוקומען די טורמע־שטראָף אין זיין געבורט־שטאָט, ווו ער האָט, פאַרשטייט זיך, גענאָסן פון אַ לייכטערן טורמע־רעזשים און דאָס עסן האָט אים געשיקט אין טורמע זיין מוטער, די גבירטע ביילע קאַצענעלסאָן. ווען ער איז אַרויס אויף דער פריי, דעם 30סטן אויגוסט 1908, האָבן די ציוניסטן אים איינגעאָרדנט אַ האַרציקן קבלת־פנים.

דער גרעסטער טייל פון די ציוניסטן האָט זיך רעקרוטירט פון דעם מיטלשטאַנד, וואַלד־סוחרים און בכלל סוחרים, באַאַמטע, האַנדלס־אָנגעשטעלטע, העברעישע לערערס און אַ געוויסע צאָל גימנאַזיע־תלמידים. צווישן די ציוניסטישע פּראָפּאַגאַנדיסטן איז געווען באַקאַנט דער לערער י. ל. דאַבראָוו. ער האָט משפיע געווען אויף דער יוגנט זי זאָל זיך אָנשליסן אין דער באַוועגונג.

אין 1912 האָט זיך אָרגאַניזירט אין שטאָט אַ קרייז פון „צעירי־ציון״. אין דעם קרייז זענען געווען טעטיק און געווירקט די צוויי ענטוזיאַסטישע ציוניסטן ד״ר א. פרושינין און דוד שמעונאָוויטש, וואָס איז דעמאָלט צוריקגעקומען פון ארץ־ישראל. צווישן די אַקטיווע טוערס אין אָט דעם קרייז זענען געווען: אבא אחי־מאיר, ליפמאַן לעווינסאָן און פישל פרומקין. מיר הערן אויך וועגן איינעם אַ טעטיקן מיטגליד א. גאָלאַנט, וואָס איז געשטאָרבן יונגערהייט. די צעירי־ציון האָבן

געגאָסן פון דער הילף פונעם קאַזיאָנעם רב, מ. ראַבינזאָן, וואָס האָט אָפּגעגעבן אַ צימער אין זיין הויז פאַר צונויפטרעפונגען פון דער יוגנט. דאָרט האָט מען אויך געשאַפן די ביבליאָטעק, בעיקר פון ציוניסטישע און ארץ־ישראלדיקע ליטעראַרישע ווערק. „ער און זיין פרוי — שרייבט וועגן זיי ה. פרומקין — הגם זיי זענען געווען עלטער פון אונדז, האָבן זיך באַטראַכט ווי אַקטיווע חברים פון דער צעירי־ציון־באַוועגונג״.

ס'איז איבעריק צו זאָגן, אַז באָברויסק פלעגט שיקן רעגולער איין דעלעגאַט אָדער צוויי צו די ציוניסטישע קאָנגרעסן. צום 8טן קאָנגרעס (1907) זענען דעלעגירט געוואָרן פון באָברויסק אסתרין און בערגער; צום 9טן — י. קאַצענעלסאָן.

מיט דער ציוניסטישער באַוועגונג איז געווען פאַרבונדן די העברעיש־באַוועגונג. אין באָברויסק האָט עקסיסטירט אַ לעגאַלע אָפּטיילונג פון „חובבי שפת עבר״ און פון מאָל צו מאָל פלעגן עסקנים פון דער „חובבי שפת עבר״־צענטראַלע באַזוכן די שטאָט. אין 1909 האָט דער סעקרעטאַר פון דער צענטראַלע אין פעטערבורג יהודה סאָלאָדוכאַ געהאַלטן אַ רעפעראַט אין באָברויסק, אָבער די הויפּט־אַרבעט איז געטאָן געוואָרן דורך אָרטיקע כוחות, צווישן זיי איז געווען שמואל אַלעקסאַנדראָוו, וואָס האָט זיך באַרימט געמאַכט מיט זיינע רעפעראַטן און רעדעס. אין חודש טבת תרע״א (1910) האָבן „פאַרערערס פון אונדזער ליטעראַטור״ געפייערט דעם האַלבן יובל פון זיין ליטעראַרישער טעטיקייט און אים איינגעשריבן אין ספר הזהב. אויך די העברעישע לערערס אין באָברויסק האָבן זיך פאַרנומען מיט פאַרשפּרייטן די העברעישע קולטור. מיר הערן וועגן אַ רעפעראַט פון דעם לערער ציפּקין וועגן ריב״ל און סמאָלענסקין, וואָס הונדערט מענטשן זענען אים געקומען הערן און אין מיטן איז געקומען אַ פּאָליציי־באַאַמטער און געפאָדערט פונעם רעפערענט, ער זאָל האַלטן דעם רעפעראַט ניט אין העברעיש, נאָר אין רוסיש. ער האָט פונאַנדערגעלאָזן די פאַרזאַמלונג.

אין אַ קאָרעספּאָנדענץ פון זומער 1909 ווערט באַזונדער אונטערגעשטראָכן „די דערפרייענדיקע עובדה, אַז צווישן די שטענדיקע באַזוכערס פון די פאַרזאַמלונגען און לעקציעס זענען דאָ אַ היפּשע צאָל יוגנטלעכע פון די סאַמע עקסטרעמע פאַרטייען, וואָס האָבן זיך אומגעקערט צו אונדז מיטן גאַנצן האַרצן און זענען איבערגעגעבן בלב ונפש צו דער העברעישער שפּראַך״.

מיר הערן וועגן זאַמלביכער א. נ. „ביכורים״ און „תקופת השנה״, וואָס די „חובבי שפת עבר״ האָבן אַרויסגעגעבן אין באָברויסק. אין די יאָרן 1910—1913 איז צוריקגעקומען אין באָברויסק דער אַלטער שרייבער א. י. פּאַפּערנאַ און אָנטייל גענומען אין דעם קולטור־לעבן פון שטאָט.

אַ גרויסער יום־טוב איז געווען פאַר די ציוניסטן און העברעיסטן דער באַזוך פון דער העברעישער טרופּע, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן דורך דעם פּאָעט יצחק קאַצענעלסאָן. יצחק קאַצענעלסאָן, אַ זון פון אַן אַלט־איינגעזעסענער באָברויסקער משפחה, וואָס האָט געוווינט אין לאָדזש, איז אויפגענומען געוואָרן מיט אַ באַזונדער האַרציקייט. ער האָט אויפגעפירט דעם 9טן תמוז 1912 „אוריאל אַקאָסטאַ״ פון גוטשקאָוו. „דער זאַל — שרייבט מען צו דער „הצפירה״ — איז געווען געפּאַקט און דער עולם האָט מיט גרויס הנאה געהערט לעבעדיקן „לשון קודש״ פון די אַרטיסטן... דער זאַל האָט געשטורעמט פון די אויסרופן „הידד״ און „תחי השפה העברית״. די יידישיסטישע קרייזן אין שטאָט האָט דער דערפאָלג ניט געשמעקט, זיי האָבן אין „באָברויסקער וואָכנבלאַט״ ניט געזשאַלעוועט קיין שטעכווערטלעך אויפן אַדרעס פון די העברעיסטן, אָנווייזנדיק, אַז דער גאַנצער חידוש אין דער פאָרשטעלונג איז נאָר דאָס, וואָס „מען רעדט לשון קודש, די אַריסטאָקראַטישע שפּראַך״ — אַן אויסדרוק, וואָס האָט געקלונגען ווי אַ פאָרוווּרף פון יעדן בונדיסט אין יענע גוטע יאָרן.

אָבער די גרעסטע ברכה האָבן די ציוניסטן געזען אין זייער דערציונגס־אַרבעט צווישן די קינדער און דער יוגנט, וואָס איז געטאָן געוואָרן דורך דעם „חדר מתוקן״ „תושיה״ און דורך פּריוואַטע לערערס (דאָבראָוו, ציפּקין, סעגאַל א״אַ). אויך דאָס אַוועקשיקן אַ מנין יינגלעך אין דער גימנאַזיע „הרצליה״ אין תל־אביב, פאַרשטייט זיך, קינדער פון פאַרמעגלעכע עלטערן — איז אַ בולטער באַווייז פון דער ציוניסטישער השפעה אין שטאָט.

די עליה פון יחידים קיין ארץ־ישראל איז אָנגעגאַנגען אומאויפהערלעך. אין יאָר 1912 — הערן מיר — האָט זיך געפילט אַ התעוררות ביי דער יוגנט און ביי דער אַרבעטערשאַפט עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל.

## 5. די נייע חינוך־אינסטיטוציעס

שוין אין אָנהייב פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָט זיך געמערקט די ירידה פון אַלטן חדר, הגם ביזן אויסברוך פון דער קאָמוניסטישער רעוואָלוציע האָט נאָך דער גרעסטער טייל קינדער פון דער אָרעמקייט געלערנט אין לערן־אַנשטאַלט פונעם אַלטן טיפּ — אין חדרים און תלמוד־תורות.

די געזעלשאַפטלעכע תלמוד־תורה, ווו עס האָבן געלערנט קרוב צו 300 קינדער אין עלטער פון זעקס ביז צוועלף יאָר, איז געווען די פעסטונג פון די פרומע קרייזן, וואָס האָבן זיך געהאַלטן ביי די אַלטע טראַדיציעס, אויפגעהיט זיי מיט קנאות און ניט דערלאָזן, אַז די אינטעליגענץ זאָל זיך אַריינמישן אין די אַ ענינים. דעם גרעסטן טייל לערן־שעהען האָט מען אָפּגעגעבן די יידישע למודים און נאָר צוויי שעה אַ טאָג האָט מען געלערנט רוסיש און די איבעריקע אַלגעמיינע למודים. דער פּעדאַגאָגישער ניוואָ איז געווען אַ נידעריקער, און די תלמידים פלעגן גיך פאַרגעסן דאָס ביסל תורה, וואָס זיי האָבן דאָרטן געלערנט.

די יידישע רעגירונגס־שול, וואָס האָט עקסיסטירט נאָך פון ניקאָליי דעם ערשטנס צייטן, האָט אָנגענומען 10־יעריקע חדר־יינגלעך און זיי געלערנט אַ ביסל רוסיש און אַ ביסל אַריטמעטיק, אַלגעמיינע און רוסישע געשיכטע און געאָגראַפיע.

דער וויכטיקסטער און בעסטער צווישן די נייע לערן־אַנשטאַלטן איז געווען דער חדר מתוקן „תושיה", וואָס אַ גרופּע לערערס האָבן אים געגרינדעט אין יאָר 1900. דאָס זענען געווען די בעסטע לערערס אין באָברויסק, און גאָר ניט לייכט איז זיי אָנגעקומען צו פירן אַ מלחמה מיט די מלמדים, וואָס האָבן אויפגעהעצט די רבנים, די גבירים, אויך דעם „בלינדן מגיד" קעגן דעם נייעם לערן־אַנשטאַלט. דעם חדר מתוקן האָט מען מעבלירט מיט מאָדערנע מעבל, מ'האָט איינגעפירט נייע פּעדאַגאָגישע מעטאָדן, צווישן זיי די שיטה „עברית בעברית" און אויך אַלגעמיינע לימודים. אין לערן־יאָר תרע"ב (1911־12) האָבן געלערנט אין דעם חדר מתוקן 278 תלמידים אין זיבן כיתות (צוויי פון זיי פּאַראַלעלע). אין „תושיה" האָבן געלערנט אויך מיידלעך (אַרום 20% פון די תלמידים אין די נידעריקע קלאַסן). די גרעסטע צאָל תלמידים (65%) זענען געווען קינדער פון גבירים, סוחרים און פּאַרמעגלעכע קרעמערס, די איבעריקע — קינדער פון באַאַמטע, בעלי־מלאכות, לערערס אאז"וו.

דער חדר מתוקן האָט געבראַכט מיט זיך אַ העכערן לערן־ניוואָ אויך אין די חדרים. די צאָל מלמדים פונעם אַלטן טיפּ האָט אין יאָר 1912 אַראָפּגענידערט ביז 45, נאָר 10 פון זיי זענען געווען גמרא־מלמדים. „דער דורכשניטלעכער ניוואָ פון דעם חדר אין באָברויסק איז געווען אַ סך העכער ווי אין אַנדערע שטעט — גיט איבער פ. שאַפּירא, וואָס האָט אויסגעפאָרשט דעם מצב פון די חדרים אין מינסקער גובערניע אין יאָר 1912, אַלס שליח פון „חברת מפיצי השכלה" — ניט געווען כמעט קיין איין חדר, ווו מען זאָל ניט לערנען די העברעישע שפּראַך, ווי אַ באַזונדער לימוד". מ'האָט איינגעפירט די נייסטע העברעישע לערן־ביכער: „שפת ילדים", „בן עמי", „פרקים ראשונים", „זרעים", „הלשון", „הצעד הראשון", „הצעד השני". די קאָנקורענץ צווישן די לערערס האָט געטראָגן אַ ריין פּאָזיטיוון כאַראַקטער. זיי האָבן געטאָן אַלץ צו פאַרפולקאָמען די לערן־שיטות. כמעט אין אַלע חדרים האָט מען אַריינגעפירט נייע שול־בענק און טאָוולען, אויך בילדער. מ'האָט זיך באַנוצט מיט אנשאַיונג־מכשירים. נאָר אין די אָרעמקייט־קוואַרטאַלן זענען נאָך פאַרבליבן עטלעכע מלמדים פונעם אַלטן טיפּ, וואָס האָבן געלערנט לויט די אַלטע שיטות. כדאי צו אונטערשטרייכן, אַז די הכנסה פון די מלמדים אין באָברויסק איז געווען העכער ווי די הכנסות פון זייערע חברים אין אַנדערע שטעט און האָט דורכשניטלעך דערגרייכט ביז 760 רובל אַ יאָר. אין 10 חדרים האָבן געלערנט יינגלעך און מיידלעך צוזאַמען. די דורכשניטלעכע צאָל פון תלמידים אין אַ חדר איז געווען 30. פיר חדרים זענען געווען באַשטימט פאַר מיידלעך. זיי האָבן געטראָגן אַ כאַראַקטער פון נידעריקע שולן פאַר מיידלעך און געלערנט האָט מען אין זיי חוץ דאַוונען, חומש און שרייבן יידיש, אויך רוסיש און אַריטמעטיק. לויטן מוסטער פון באָברויסקער חדר מתוקן, האָט מען געגרינדעט ענלעכע לערן־אַנשטאַלטן אין די נאָענטע שטעטלעך — ראַגאַטשאָוו, פּאַריטש, הלוסק, אָסיפּאָוויטשי און שטשעדרין.

די תלמידים פונעם חדר מתוקן דערמאָנען נאָך עד היום מיט ליבשאַפט זייער חדר. איינער פון זיי, קדיש לוז, שרייבט אין זיינע זכרונות: „איך האָב געהאַט דאָס מזל צו לערנען אין אַ חדר מתוקן, מיין ציוניזם און עליה קיין ארץ־ישראל (דער איינציקער

פון אַלע מיינע ברידער און שוועסטער) שטעקן אין חדר מתוקן. איך האָב ניט זוכה געווען צו אַ וועלכער ס׳איז ציוניסטישער השפעה אין מיין שטוב און צווישן מיינע גימנאַזיע־חברים בין איך געווען דער איינציקער ציוניסט, אָבער טראַץ דעם זענען געבליבן איינגע־קריצט אין מיין נשמה די השפעות פונעם חדר מתוקן. נאָך אַ קורצער צייט (פון מיין לערנען אין חדר) איז געשען דער ווונדער פון רעדן העברעיש. העברעיש איז געוואָרן מיין נאַטירלעכע שפּראַך און האָט דע־גראַדירט רוסיש צו אַ שפּראַך פון מחשבה, טראָץ דעם וואָס אין שטוב האָבן געהערשט רוסיש און יידיש און מיט מיינע בני־בית האָב איך גערעדט נאָר רוסיש. די שפּראַך פון לייענען איז געווען העברעיש. כמעט אַ גאַנצן טאָג האָבן מיר גערעדט נאָר העברעיש און קומענדיק אַהיים האָב איך זיך געמוזט אָנשטרענגען, כדי אַריבערצוגיין אויף רוסיש. די קינדער אין חדר זענען געווען אָרגאַניזירט אין פאַראייבען: „פּרחי ציון״, „אוהבי ציון״ א״א. די עיקרדיקע ציוניסטישע טעטי־קייט איז געווען צו פאַרשפּרייטן די מאַרקעס פון קרן־קימת לישראל. אַ קליינער טייל פון די לימודים־שעהען איז אָפּגעגעבן געוואָרן פאַר אַריטמעטיק און די ערשטע באַגריפן אין געאָגראַפיע, — די הויפּט־לימודים זענען געווען די שפּראַך, תנ״ך און דקדוק, און דאָס האָבן מיר געלערנט גרינטלעך. געווען אין שול אויך אַ קליינע ביבליאָטעק און די לערערס האָבן זיך באַמיט צוגעווינען אונדז צום לייענען״.

אַ סך כוחות האָט די באַברויסקער אינטעליגענץ אַריינגעלייגט אין אויפהאַלטן די פּאָך־שול, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין 1899. די יק״א האָט געשטיצט די שול און אין 1904 האָט זי אַסיגנירט 8500 רובל פאַרן אויפבוי פון אַ געמויערטן בנין פאַר דער שול. זי האָט אויך סטאַביל זיך באַטייליקט אין דעם בור־דזשעט און אין איינקויף פון מאַשינען און אויסשטאַ־טונג בכלל. אין דער שול האָבן געלערנט טאָקעריי און שלאָסעריי יינגלעך אין עלטער פון 13—17 יאָר. פאַר דער שול איז אויפגעבויט געוואָרן אַ ספּעציעלער בנין פון צוויי שטאָק, אַ טייל פון אים האָט מען פאַרדונגען כדי צו דעקן דעם בודזשעט פון דער שול, וואָס האָט באַטראָפן אין שול־יאָר 1910—1911 11762 רובל. אַ דריטל פון אָט דער סומע האָבן געגעבן יק״א און „אָרט״, אַ דריטל איז אַריינגעפאַלן פון אויספירן באַ־שטעלונגען און פונעם פאַרקויף פון שול־אויסאַרבע־טונגען, 2200 רובל האָט מען גענומען פון די קאָראָבקע־געלטער. נאָר 5%, אַן ערך, האָבן אַריינ־געטראָגן די ביישטייערונגען פון די געזעלשאַפט־מיטגלידער צו שטיצן די שול.

אין 1903 האָט געענדיקט די שול דער ערשטער אַרויסלאָז און ביזן סוף 1911 האָט די צאָל געענדיקטע דערגרייכט ביז 105 פערזאָן; בסך־הכל האָבן געלערנט אין דער שול אין שול־יאָר 1910־11 44 תלמידים.

די פּאָך־שול האָט געקענט אַריינעמען אַ 60 תלמידים, אָבער די צאָל זייערע האָט זיך כסדר פאַר־קלענערט פון יאָר 1908 אָן און האָט ניט איבערגעשטיגן די צאָל פון 40—50 תלמידים, פון זיי קרוב אַ דריט־חלק פון מחוץ באַברויסק. די סיבות זענען געווען פאַרשיידענע: א) ביי די מער פאַרמעגלעכע שיכטן האָט זיך פאַרשטאַרקט די שטרעבונג צו „גימנאַזיע״; ב) די אָרעמע פאָלקס־שיכטן האָבן ניט געקענט גאַנצע פֿיר יאָר האַלטן די קינדער אין שול. חוץ דעם האָבן די מאַטוריסטן ניט געפונען קיין פּאַסיקע אַרבעט אין שטאָט און אַ העלפט פון זיי האָט געמוזט פאַרלאָזן באַברויסק.

די פּריוואַטע שולן פאַר מיידלעך, וואָס מען האָט געגרינדעט נאָך אין 19טן יאָרהונדערט, זענען, נאָך דעם ווי אין 1906 איז אויפגעקומען אַ רעגירונג־גימנאַזיע פאַר מיידלעך, געוואָרן פּראָגימנאַזיעס, באַ־שטעטיקטע דורך דער רעגירונג. אין דער פּראָגימנאַזיע פון לאַזאַרעווואַ האָבן געלערנט טעכטער פון די פאַר־מעגלעכע שיכטן; לויט די זכרונות פון די תלמידות, איז די שול־פאַרוואַלטערין געווען אַ שטרענגע און פּעדאַנטישע און פאַר איר האָבן געציטערט סיי די תלמידות, סיי די לערערס. אין דער צווייטער פּראָ־גימנאַזיע פון פרוי יקירסבערג האָבן געלערנט מיידלעך פון די אָרעמערע פאָלקס־שיכטן.

די געזעלשאַפטלעכע מיידל־שול איז געווען דער איינציקער לערן־אַנשטאַלט אין שטאָט, ווו ס׳האָבן געקענט זיך לערנען פאַר אַ סימבאָלישן אָפּצאָל (50 קאָפּיקעס אַ חודש) מיידלעך פון דער יידישער אָרעמ־קייט. די שול האָט געגרינדעט אין סוף פון 19טן יאָרהונדערט דער אַסימילאַטאָרישער פּרויען־פאַראיין, וואָס זיינע מיטגלידערינס זענען געווען גלייכגילטיק און אַפילו קעגנעריש לגבי יידישע לימודים, נאָר אויף דער דייטלעכער פאָדערונג פון דער „חברת מפיצי השכלה״, וואָס האָט טיילווייז געדעקט דעם בודזשעט פון דער שול, איז דאָרט איינגעפירט געוואָרן אַ מיני־מום־פּראָגראַם פון יידישע לימודים, לויט אַ הסכם

מיט דער חברה. דעם בודזשעט פון דער שול (אַרום 3000 רובל אין דעם לערן־יאָר 1910—11) האָט מען געדעקט טיילווייז (אַ דריטל בערך) פון מיטגליד־אָפּצאָל און הכנסות פון אָוונטן, וואָס די מיטגלידערינס האָבן איינגעאָרדנט. אַ זעקסט־חלק איז איינגעפלאָסן פון שכר־לימוד, דאָס איבעריקע — פון די קאַראָבקע־געלטער און די סובווענצן פון „חברת מפיצי השכלה" אין פעטערבורג.

אין 1910 האָט די אָרטיקע אָפּטיילונג פון „חברת מפיצי השכלה" דורכגעפירט אַ שטודיע איבער די תלמידים און לערערס אין די באָברויסקער יידישע שולן. היות ווי די פריוואַטע מלמדים האָבן זיך אָפּגעזאָגט מיטצואַרבעטן, האָט מען זיך געמוזט באַנוגענען מיט אַ שטודיע איבער די נייע שולן און אויך איבער דער שטאָטישער תלמוד־תורה. די שטודיע האָט אַרומגענומען זעקס לערן־אַנשטאַלטן: די שטאָטישע תלמוד־תורה, די יידישע רעגירונג־שול, די פּאַך־שול פּאַר יינגלעך, די געזעלשאַפטלעכע מיידל־שול און די צוויי פּראָגימנאַזיעס פּאַר מיידלעך פון לאַזאַרעוואַ און יקירסבערג, און אָט זענען די רעזולטאַטן פון דער שטודיע:

| נאָמען פון אַנשטאַלט | עלטער פון די תלמידים | די צאָל לערערס | די צאָל תלמידים |
|---|---|---|---|
| די שטאָטישע תלמוד־תורה | 6—12 | 8 | 289 |
| די פּאַך־שול פּאַר יינגלעך | 13—17 | 6 | 44 |
| די יידישע רעגירונג־שול | 10—14 | 4 | 158 |
| די געז. שול פּאַר מיידלעך | 13 — 9 | 8 | 226 |
| פּראָגימנאַזיע (לאַזאַרעוואַ) | 13 — 7 | 12 | 165 |
| פּראָגימנאַזיע (יקירסבערג) | 13 — 7 | 12 | 150 |
| סך־הכל | | 50 | 1032 |

פון אַן אַנדער מקור דערוויסן מיר זיך, אַז אין חדר מתוקן „תושיה" האָבן אין יענעם יאָר געלערנט 231 קינדער (פון זיי אַרום 20% מיידלעך). אין די אַלע געזעלשאַפטלעכע און האַלב־געזעלשאַפטלעכע שולן האָבן געלערנט, בכן, אין יענעם יאָר, 1263 קינדער (פון זיי אַ 700 יינגלעך און אַ 560 מיידלעך), נאָך 50 קינדער, בערך, האָבן געלערנט אין אַלגעמיינע פאָלקסשולן (שטאָטישע שול און מיידל־שול אין באָברויסקער פעסטונג).

די שטודיע שאַצט אָפּ די צאָל יידישע קינדער אין שול־עלטער (פון פאָלקסשול) אויף 3500, ווייזט זיך אַרויס, בכן, אַז קרוב צו 2200 קינדער זענען געווען מחוץ פון אָט די לערן־אַנשטאַלטן. מען דאַרף אָננעמען, אַז אַרום 1100 פון זיי, כמעט דורכויס יינגלעך, האָבן געלערנט אין חדרים, די איבעריקע — כמעט דורכויס מיידלעך פון אָרעמע פאַמיליעס — האָבן בכלל ניט געלערנט אין קיין שום שול.

בכלל גענומען, איז דאָס בילד ווייט ניט קיין אַנטציקנדיקס. די גרעסטע טייל אָרעמע קינדער לערנען ניט אין קיין שום שול (מיידלעך) אָדער לערנען אין חדרים און תלמוד־תורות פון אַלטן שניט, אַ היפּשער טייל לערנט אין אַ שול, וואָס די לערן־שפּראַך איז דאָרט רוסיש און נאָר דער חדר מתוקן „תושיה" און עטלעכע חדרים מתוקנים פון איינצלנע מלמדים גיבן אַ קליינער צאָל פּאַרמעגלעכע קינדער אַ פּאַסיקע העברעישע דערציונג אין גייסט פון דער נייער צייט.

באַזונדער טרויעריק איז געווען דער מצב פון די מיטלשולן. אין דער רעגירונג־גימנאַזיע איז איינגעפירט געוואָרן די „פּראָצענט־נאָרמע", וואָס האָט באַגרענעצט די צאָל יידישע תלמידים אויף 10% (שפּעטער אויף 15%). אַזוי אַרום פלעגט די גימנאַזיע אָננעמען יעדעס יאָר ניט מער ווי 4—6 נייע יידישע תלמידים, ס'רוב קינדער פון די רייכע משפּחות אין באָברויסק.

אין 1908 זענען צוגעקומען אין שטאָט צוויי פּריוואַטע גימנאַזיעס, איינע פון צווירקאָ — אַ קריסט פון דער אַריסטאָקראַטיע — וואָס האָט באַקומען מלוכה־רעכט, און די צווייטע פון ד"ר מ. ל. קאַצענעלסאָן, וואָס האָט זיך געמוזט שליסן אין צווייטן יאָר פון איר עקסיסטענץ, ווייל זי איז ניט אָנערקענט געוואָרן דורך דער מאַכט. אין דער גימנאַזיע פון צווירקאָ האָבן זיך געלערנט אויך יידישע קינדער, הגם דאָרטן האָט געהערשט אַן אַנטיסעמיטישער גייסט. צווישן די תלמידים זענען געווען ניט ווייניק, וואָס האָבן זיך באַנוצט מיט דעם רעכט, וואָס דאָס געזעץ האָט זיי געגעבן, ניט צו שרייבן אום שבת. ווען צווירקאָ האָט געפּרוווט אויפצווינגען אויף זיי צו שרייבן אום שבת, האָבן אַלע יידישע תלמידים פּראָקלאַמירט אַ שטרייק. נאָך עטלעכע טעג האָט ער געמוזט מוותר זיין אויף זיין פאָדערונג.

אַ סך יידישע קינדער, וואָס די עלטערן האָבן זיי ניט געקענט שיקן אין גימנאַזיע, האָבן זיך געגרייט צו עקסטערן־עקזאַמענס (מיר האָבן שוין גערעדט וועגן דעם). אין 1909 זענען אין שטאָט געווען פון 300




הגימנסיה הממשלתית לבנות אַלעקסעיעווסקע גימנאַזיע פאַר מיידלעך

ביז 400 יידישע „עקסטערנען". זיי האָבן געלערנט אין אָרעמקייט און פלעגן אָנטרעפן אויף אַ פיינטלע־כער באַציונג מצד די רוסישע עקזאַמענאַטאָרן, ווען זיי האָבן זיך געשטעלט צו די עקזאַמענס.

אין 1906 האָט זיך געעפנט אין באָברויסק אַ רעגירונג־גימנאַזיע פאַר מיידלעך א.נ. פונעם טראָן־יורש אַלעקסיי (Алексеевская гимназия). אין דער גימנאַזיע איז ניט געווען קיין פראָצענט־נאָרמע פאַר יידישע תלמידות און זייער צאָל האָט דערגרייכט ביז 50—70 פראָצענט פון דער אַלגעמיינער צאָל תלמידות.

אין אַ שפּעטערדיקער תקופה האָט זיך געעפנט אין שטאָט אַ פּריוואַטע גימנאַזיע פאַר מיידלעך. די פאַרוואַלטערין איז געווען מאַריאַ איליִנסקאַיאַ, פון אַ רוסישער אַריסטאָקראַטישער משפּחה. אין דער גימ־נאַזיע האָבן געלערנט קריסטלעכע און יידישע תלמי־דות. די באַציונג צו די יידישע תלמידות איז געווען אַן אומסימפּאַטישע.

פּריוואַטע לערערס האָבן געגעבן לעקציעס אויף העברעיש און לימודי־קודש אין פּריוואַטע הייזער פאַר די גימנאַזיע־תלמידים, זייער צאָל איז אין יאָר 1912 דערגאַנגען ביז 15, אָבער די השפּעה זייערע אויף די תלמידים איז געווען אַ נישטיקע און די מערהייט גימנאַזיסטן איז געווען ווייט פון יידישע ענינים.

## 6. קולטור־אינסטיטוציעס און קולטור־געזעלשאַפטן

סוף 19טן יאָרהונדערט איז אויף דער איניציאַטיוו פונעם רוסישן ריכטער פּעטראָוו און ד"ר פּאָפּערנאַ געעפנט געוואָרן אין באָברויסק אַ שטאָט־ביבליאָטעק אויף פּושקינס נאָמען. העכער אַכציק פּראָצענט פון די לייענער (קרוב צו 1000) זענען געווען יידן. צווישן די הויפּט־גרינדערס זענען געווען ח. מ. לאַזינסקי און אונטער זיין השפּעה האָט מען איינגעקויפט אין דער ביבליאָטעק אויך העברעישע ביכער. אָבער נאָך זיין טויט האָבן אין דער פאַרוואַלטונג פון דער ביבליאָטעק געהאַט אַ דעצידירנדיקע השפּעה די קריסטלעכע מיט־גלידערס און די אַסימילירטע אינטעליגענץ. ביי דער ביבליאָטעק איז געווען אַ לייען־זאַל, און אונטערן דרוק פון די ציוניסטן האָט די ביבליאָטעק געמוזט אַריינ־

ברענגען עטלעכע העברעישע צייטונגען. סוף 1909 האָבן 50 יידישע לייענערס זיך געוואָנדן צו דער ביבליאָטעק אָפּצושטעלן דעם אַבאָנעמענט אויף דער איינפֿלוסרייַכער אַנטיסעמיטישער צייטונג „נאָוואָיע ווּרעמיאַ". זייער ווענדונג איז אָפּגעוואָרפֿן געוואָרן, אָבער די ביבליאָטעק האָט זיך מתחייב געווען ווייטער אַבאָנירן די העברעישע צייטונגען און האָט נאָך צוגעגעבן דעם ציוניסטישן „Welt". עס האָט זיך אָבער דאָך געפֿילט אין דער ביבליאָטעק אַן אומנאָרמאַלע באַציִונג צו דער יידישער ליטעראַטור און פּרעסע. האָבן די מער נאַציאָנאַלע קרייזן פֿון דער יידישער אינטעליגענץ אָנגעהויבן זאַמלען ביכער פֿאַר אַ יידישער ביבליאָטעק. אַ געוויסע צייט האָבן די ביכער אַרומגעוואַנדערט איבער פּריוואַטע הייזער פֿון יידישע אינטעליגענטן (צווישן די ערשטע ביבליאָטעקאַרן איז געווען דער יינגל בערל קאַצענעלסאָן). אָבער אין יאָר 1901 האָט די ביבליאָטעק באַקומען אַ דערלויבעניש פֿון דער מאַכט און איז באַשטעטיקט געוואָרן אַלס טאָכטער־געזעלשאַפֿט פֿון דער „חברה צו העלפֿן אָרעמע יידן", און פֿון דעמאָלט אָן האָט זי זיך אַנטוויקלט און איז מיט דער צייט געוואָרן איינע פֿון די חשובֿסטע קולטור־אינסטיטוציעס אין שטאָט. אין 1910 איז שוין די ביבליאָטעק פֿאַררעכנט געוואָרן צווישן „די פֿיר גרעסטע געזעלשאַפֿטלעכע יידישע ביבליאָטעקן" (אין רוסלאַנד).

אין 1911 האָט די „יידישע פֿאָלקס־ביבליאָטעק" פֿאַרמאָגט 7119 ביכער (פֿון זיי 4090 אין רוסיש, 1455 אין העברעיש און 1574 אין יידיש). די צאָל אַבאָנענטן פֿון דער ביבליאָטעק האָט דערגרייכט ביז 1632, פֿון זיי 704 קינדער (ביז 12 יאָר), 498 עלטערע קינדער (ביז 16 יאָר), 157 יוגנטלעכע (ביז 20 יאָר) און 273 דערוואַקסענע. אין דער ביבליאָטעק האָבן געאַרבעט דריי ביבליאָטעקאַרן, צווישן זיי נחקע יוכבד און א. ד. קירזשניץ — אויסגעשפּראָכענע בונדיסטן און יידישיסטן.

די יידישע פֿאָלקס־ביבליאָטעק אין באָברויסק האָט געהאַט אַ גוטן שם אויך מחוץ באָברויסק. אין יאָר 1910 האָט די „חברת מפיצי השכלה" אַסיגנירט אַ סכום פֿון 800 רובל פֿאַר אָפּדרוקן אַ קאַטאַלאָג פֿון די ביכער. 300 עקזעמפּלאַרן פֿונעם קאַטאַלאָג זענען פֿאַרנאַנדערגעשיקט געוואָרן צו פֿאַרשיידענע יידישע ביבליאָטעקן אין גאַנץ רוסלאַנד.

אַ העלפֿט פֿונעם בודזשעט פֿון דער ביבליאָטעק (2655 רובל אין יאָר 1911) האָבן געדעקט די לייענערס, דאָס איבעריקע איז איינגעפֿלאָסן פֿון מיטגליד־אָפּצאָל, הכנסות פֿון אָוונטן, ביישטייערן און איינקונפֿט פֿון דער קאָראָבקע־קאַסע.

די פֿאַרשטאַרקטע השפּעה פֿון די ציוניסטן אין שטאָט האָט געפֿירט דערצו, אַז אין פֿרילינג 1913 זענען קאָאָפּטירט געוואָרן צו דער פֿאַרוואַלטונג פֿון דער ביבליאָטעק עטלעכע פֿאָרשטייערס זייערע (ד"ר ראַבינזאָן, ד"ר א. פּרוזשינין א"א). מיר האָבן שוין אויבן דערמאָנט, אַז די יידישיסטישע קרייזן האָבן סוף 1912 געגרינדעט אַ וואָכן־צייטונג א. נ. „באָברויסקער וואָכנבלאַט", וואָס האָט געטראָגן אַן אַלגעמיין יידישן כאַראַקטער, אָבער דער גייסט אירער איז געווען אַ יידישיסטישער. אין דער צייטונג האָבן מיטגעאַרבעט שרייבערס אויך מחוץ באָברויסק. לאַנג האָט זיך די צייטונג ניט געהאַלטן, מחמת דער גאָר קליינער צאָל אַבאָנענטן. עס איז אויך דערשינען אין שטאָט (1913)




שער העתון „באָברויסקער וואָכענבלאַט"
דער זשורנאַל „באָברויסקער וואָכענבלאַט"

אַ ליטעראַריש זאַמלבוך א. נ. „לכבוד יום־טוב״ („באָב־רויסקער זאַמלבוך״).

פון צייט צו צייט פלעגן באַזוכן באָברויסק יידישע טעאַטער־טרופּעס. דער יידישער טעאַטער איז צוליב פּאָליטישע טעמים גערודפט געוואָרן דורך דער צאַרי־שער מאַכט, אָבער די פאַרבינדונגען פון דעם טעאַטער־אייגנטימער אין באָברויסק, איטשע עפּשטיין, זענען אים בייגעשטאַנען און אים איז געלונגען ווייכער צו מאַכן די גזירה. ווינטער 1905 האָט גאַסטראָלירט די טרופּע פון געָנפער, אין מאַי 1910 האָט באַזוכט די שטאָט דער קונסט־טעאַטער פון פּרץ הירשביין, אויך אָרטיקע ליבהאָבער האָבן געגעבן פאָרשטעלונגען און די הכנסות זענען געווען באַשטימט פאַר פאַרשיידענע וווילטעטיקע צוועקן. מיר דערוויסן זיך, אַז אין פרילינג 1910 האָבן ליבהאָבער אויפגעפירט די פּיעסע פון שלום אַש „יחוס״.

דער באַוועג־כוח אין אָט דער טעטיקייט איז געווען מענדל עלקין, איינער פון די וואָס האָבן עוסק געווען אין יידישן טעאַטער־וועזן אין רוסלאַנד. ער איז געווען אַ פאַרמעגלעכער סוחר און ביי אים אין הויז פלעגט ער אויפנעמען קולטור־טוערס, שרייבערס, אַקטיאָרן, רעפערענטן, וואָס פלעגן באַזוכן באָברויסק. אויך באָריס קלעצקין, וואָס איז שפּעטער געוואָרן איינער פון די גרעסטע פאַרלעגערס אין ווילנע, איז געווען אַ באָברויסקער. ער האָט געהאַט אין דער סביבה אַ זומער־ווױנונג, וווּ ער פלעגט זומער־צייט אויפנעמען געסט — מענטשן פון די יידישיסטישע קרייזן. צוויי חשובע יידישע שרייבערס זענען געווען באָברויסקער „מחותנים״ — שמואל ניגער און זעליק קאַלמאַנאָוויטש; ביידע האָבן זיי גענומען פאַר ווייבער די טעכטער פון אַ פאַרמעגלעכן באָברויסקער תושב, לוריע. זומער־צייט פלעגן זיך צונויפקומען אויף קלעצקינס דאַטשע און ביי עלקינען אין הויז חשובע געסט, וווּ זיי פלעגן זיך טרעפן מיט באָב־רויסקער יוגנטלעכע, אויף וועלכע זיי האָבן געהאַט אַ גייסטיקע השפּעה.

דער באַזוך פון י. ל. פּרץ און י. דינעזאָן אין באָברויסק אין האַרבסט 1913 האָט ניט געטראָגן קיין פּאַרטייאישן כאַראַקטער. אין דעם קבלת־פּנים פאַר זיי האָט זיך באַטייליקט די גאַנצע אָרטיקע אינטעליגענץ, איינשליסלעך די ציוניסטן און אַסימילאַטאָרן.

זומער 1909 האָט זיך געגרינדעט אין באָברויסק אַן אָפּטיילונג פון „חברת מפיצי השכלה״, אין וועלכער ס׳האָבן מיטגעאַרבעט די קרייזן פון דער אַלטער אינ־טעליגענץ — דער „רוסישער״, און פון דער נייער — דער יידישיסטישער. די טעטיקייט פון דער חברה האָט אָנגעטראָפן אויף שוועריקייטן מצד דער אָרטיקער מאַכט, וואָס האָט געשטערט און צו נישט געמאַכט אַ סך אָרטיקע פּלענער אירע (קורסן פאַר דערוואַק־סענע, רעפעראַטן וכדומה).

## 7. די קהילה און אירע אינסטיטוציעס

דאָס געזעץ, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין די צייטן פון אַלעקסאַנדער דעם דריטן, האָט צוגענו־מען ביי די יידן, וואָס זענען געווען אַן איבערוויגנדיקע מערהייט אין שטאָט און האָבן אַריינגעבראַכט העכער 80% פון די שטאָט־שטייערן, דאָס רעכט אויף אַ גע־העריקער פאַרטרעטערשאַפט אין דער שטאָט־פאַרוואַל־טונג. דער פּראָטעסט, וואָס די יידישע פאָרשטייער אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג האָבן אַריינגעטראָגן אין




מודעת להקת החובבים של מ. אלקין
טעאַטער־אַנאָנסן פון מ. עלקינס אַמאַטאָרן טרופּע

די רעוואָלוציע־טעג פון 1905, האָט ניט געגעבן קיין רעזולטאַטן. דער דעצידירנדיקער רוב פון די מיטגלידער פון דער שטאָט־פּאַרוואַלטונג זענען געווען רוסן און כמעט אַלע אַנטיסעמיטן, מענטשן פון דער „שוואַרצער מאה", וואָס האָבן זיך סיסטעמאַטיש אַנטקעגנגעשטעלט יעדן פּרווו צו אַסיגנירן געלטער פאַר יידישע באַדערפעניש; זיי האָבן אויך געזאָרגט דערפאַר, אַז אַלערליי אַרבעטן פון דער שטאָט־פּאַרוואַלטונג זאָלן איבערגעגעבן ווערן נאָר צו קריסטלעכע אונטערנעמער און אַז קריסטלעכע אַרבעטער זאָלן אין זיי אַרבעטן.

די מאַכט האָט געפּרוווט פּאַרטושן דעם יידישן כאַראַקטער פון דער שטאָט און בעת די וואַלן צו דער מלוכה־דומע, זומער 1912, ווען מען האָט צוגעגרייט ליסטעס פון די וויילערס, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז צווישן די 5520 וואַל־באַרעכטיקטע אין שטאָט איז די צאָל יידן גאָר 3300 (60%). דאָס אינערן־מיניסטעריום האָט בטל געמאַכט די ליסטע, שטיצנדיק זיך אויף דעם, אַז עס איז ניט קאָנטראָלירט געוואָרן געהעריק, צי די אַריינגעטראָגענע אין דער ליסטע האָבן באַצאָלט די שטייערן — דער באַדייט צו באַקומען וואַל־רעכט. דאָך האָט מען תמיד אויסגעוויילט אין באָברויסק יידישע ראַטמענער, אָבער זייער השפעה איז געווען אַ נישטיקע אַקעגן דער גרויסער קריסטלעכער מערהייט סיי אין קרייז און סיי אין דער גובערניע.

די אינערלעכע יידישע ענינים זענען רעגולירט געוואָרן דורך דער קהילה, וואָס איר קאָמפּעטענץ איז געווען שטאַרק באַגרענעצט. דער הויפּט־מקור פון די קהילה־הכנסות איז געווען די קאָראָבקע, וואָס מ'פלעגט זי אַוועקגעבן אין אַרענדע אַלע פּאָר יאָר צו אַן אַנדער אַרענדאַר. אין 1904 איז די קאָראָבקע אָפּגעגעבן געוואָרן פאַר 23,000 רובל אַ יאָר, אַנשטאָט 16,000, ווי מ'האָט געצאָלט פריער. די קצבים האָבן דעריבער געהעכערט דעם פּרייז פון פלייש פון 15 קאָפּ. אַ פונט אויף 20 קאָפּ. — אַ זאַך, וואָס האָט באַזונדער געטראָפן די אָרעמע פאָלקס־שיכטן אין שטאָט. אָבער אויך די סומע האָט קוים געסטייעט צו דעקן די קהילה־הוצאות, און ס'איז גאָרניט געבליבן פאַר די געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס.

סוף 1911 האָבן די קצבים געפּרוווט שאַפן אַ „סינדיקאַט", וואָס זאָל נעמען אין אַרענדע די קאָראָבקע פאַר 20,000 רובל אַ יאָר אויף פיר יאָר 1912—1916. די קהילה האָט זיך אַריינגעמישט אין דער טראַנזאַקציע און געמאָלדן, אַז זי אַליין איז גרייט צו נעמען אין אַרענדע די קאָראָבקע. דער סינדיקאַט איז בטל געוואָרן און די קאָראָבקע איז פאַרדונגען געוואָרן פאַר 26,000 רובל, פון וועלכע 6000 האָבן געדאַרפט פאַרטיילט ווערן בעיקר צווישן די געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס.

פון די קאָראָבקע־געלטער האָט מען געצאָלט שכירות דעם קאַזיאָנעם רב, די „גייסטיקע" רבנים, די דיינים, שוחטים און די כלי־קודש. אויך די תלמוד־תורה און אַנדערע חינוך־אינסטיטוציעס האָבן באַקומען הילף צו דעקן זייערע בודזשעטן.

די טראַדיציאָנעלע צדקה־שיטות האָט מען אָנגעווענדט אויך אין דער נייער צייט. די חברה „לינת הצדק ומשען חולים" האָט מודיע געווען, אַז אין 1903 האָבן 750 מיטגלידער אירע באַזוכט קראַנקע, געגעבן אומזיסטע רפואות, פאַרטיילט שפּייז און אויסגעליען מעדיצינישע מכשירים צו אָרעמע קראַנקע. אין יאָר 1912 האָט די חברה געגעבן מעדיצינישע הילף 300 אָרעמע משפחות. דער טויט פון ד"ר פייערטאָג דעם 29טן אַפּריל 1912, נאָך 37 יאָר מעדיצינישער דינסט אין שטאָט, איז געווען אַ שווערער קלאַפּ פאַר די אָרעמע שיכטן, וואָס האָבן לאַנגע יאָרן גענאָסן פון זיין הילף און זיין האַרציקער באַנעמונג כלפּי די קראַנקע.

עס איז ווייטער אָנגעגאַנגען דאָס פאַרקויפן באַהייצונג־האָלץ פאַר דער אָרעמער יידישער באַפעלקערונג אין ווינטער 1903, כדי צו פאַרמיידן אַן אויפשרויף פון די פּרייזן מצד די האָלץ־סוחרים. מן־הסתם האָט מען אויך געגרייט מעות־חיטין אויף פּסח וכדומה... די אָרעמע־לייט פלעגן פון צייט צו צייט זיך באַנוצן מיטן טראַדיציאָנעלן מיטל פון מעכב־הקריאה זיין, כדי צו ציען די אויפמערקזאַמקייט פונעם דעת־הקהל אויף זייער ביטערן מצב.

אין יאָר 1900 האָט זיך געגרינדעט אין באָברויסק, ווי אין אַנדערע קהילות אין רוסלאַנד, אַ „חברה צו העלפן אָרעמע יידן". די אָ חברה איז למעשה געווען אַ מין דאַך־געזעלשאַפט, באַשטעטיקט דורך דער מאַכט, וואָס אונטער איר שוץ האָבן געקענט פירן זייער טעטיקייט אַלע צדקה־חברות און קולטור־אינסטיטוציעס אין שטאָט, וואָס האָבן זיך פאַררעגיסטרירט ווי אירע טעכטער־אינסטיטוציעס. אַזוי, למשל, איז די יידישע פאָלקס־ביבליאָטעק אין באָברויסק געווען רעגיסטרירט

ווי אַ פאָלקס־ביבליאָטעק אין די ראַמען פון דער „חברה צו העלפן אָרעמע יידן״.

אַן אַנדער זאַך, וואָס האָט באַאומרויִקט די באָברויסקער יידן, איז געווען דער ענין פון אַלטן בית־הקברות, וואָס איז געווען אַזוי איבערפולט, אַז מ׳האָט געמוזט אַרויסנעמען די ביינער פון אַ מת און דאָרט קובר זיין אַ נייעם מת. אין 1913 האָט מען אָפּגעגעבן די יידן אַ שטח פאַר אַ בית־הקברות ווייט פון שטאָט, וווּהין מען האָט געמוזט פאָרן מיט דער באַן. דאָס האָט גורם געווען, אַז ס׳איז פאַרשווּנדן פון דער שטאָט דאָס בילד פון אַ יידישער לוויה, וואָס גייט דורך די גאַסן מיט דער מיטה, געטראָגן אויף די אַקסלען, און יינגלעך פון תלמוד־תורה גייען נאָכן אָרון און זינגען תהלים־מזמורים.

איינער פון די סימנים, אַז מען האָט זיך באַמיט צו ענדערן לטובה דאָס פּנים פון דער קהילה, איז געווען דער קאַמף פון די ציוניסטן צו באַזייטיקן פון זיין אַמט דעם קאַזיאָנעם רב ווילענסקי. דער דאָזיקער ווילענסקי איז געווען אַ „קאַזיאָנער ראַווין״ (רב) פון דעם ערגסטן טיפּ, וואָס מען האָט זיך באַר געקענט פאָרשטעלן — אַ קאַריעריסט, אַ געלט־פרעסער און אַ טיפּישער צאַרישער טשינאָווניק. זיין אויפפירן זיך סיי אין פּריוואַטן לעבן, סיי אויף זיין אַמט האָט אַריבערגעשטיגן יעדע גרענעץ פון אָנשטענדיקייט און האָט אויפגערודערט די גאַנצע שטאָט. ער האָט אָבער געהאַט „פּלייצעס״ ביי דער מאַכט. אין די יאָרן 1905—1911 זענען צוויי מאָל פאָרגעקומען וואַלן צו קאַזיאָנער רבנות און ביידע מאָל איז ווילענסקי דורכגעפאַלן. די מאַכט אָבער האָט זיך אָפּגעזאָגט צו באַשטעטיקן די קאַנדידאַטן, וואָס האָבן געדאַרפט פאַרנעמען זיין אָרט. אַזוי אַרום האָט ער „געקיניגט״ ביז די וואַלן אין יאָר 1911, ווען די ציוניסטן האָבן אַרויסגעשטעלט קעגן אים די קאַנדידאַטור פון מרדכי ראַבינזאָן, אַן אָפּצווייג פון אַ באַרימטער רבנים־משפחה, אַ העברעישער שרייבער און אַן איבערגעגעבענער ציוניסט. ער האָט אָנגעצויגן די גרעסטע צאָל שטימען, אָבער די מאַכט האָט אויך דאָס מאָל זיך אָפּגעזאָגט צו באַשטעטיקן אים. ערשט אין מאַי 1912 איז ער סוף־כל־סוף באַשטעטיקט געוואָרן דורך דער מאַכט. מרדכי ראַבינזאָן האָט גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן פון דער שטאָט, באַזונדער אויפן געביט פון ציוניזם און פאַרשפּרייטונג פון דער העברעישער שפּראַך.

די באָברויסקער יידן האָבן זיך באַטייליקט אין דעם פּאָליטישן לעבן פון די רוסישע יידן, אויף וויפל דאָס האָט זיך נאָר געלאָזט אין די באַדינגונגען פונעם צאַרישן רעזשים. אין 1909 האָט די קהילה געשיקט דריי דעלעגאַטן צו דעם צוזאַמענפאָר פון יידישע קהילות אין קאָוונע, ווו עס זענען באַהאַנדלט געוואָרן פראַגן וועגן דער אָרגאַניזאַציע פון די יידישע קהילות אין רוסלאַנד און זייער טעטיקייט. די דעלעגאַטן זענען



רחוב מוראַביובסקאַיה ביום גשם
די גאַס מוראַוויאָווסקאַיאַ אין אַ רעגן־טאָג

געווען: געצאָוו, פּאָפּערנאָ און דער לערער יעזערסקי (ווייזט אויס, אַלס פאַרשטייער פון די לינקע). צום „יידישן כינוס״, וואָס איז זיך צונויפגעקומען אין פּעטערבורג, אין פרילינג 1910, זענען אויסגעוויילט געוואָרן י. א. אסתרין, ש. אַלעקסאַנדראָוו און הרב שמריה נח שניאורסאָן. נאָך דעם אָבער ווי עס איז באַשטעטיקט געוואָרן נאָר איין דעלעגאַט פאַר באָברויסק, איז געבליבן די קאַנדידאַטור נאָר פון הרב שניאורסאָן.

באָברויסק פון די יאָרן 1907—1914 האָט זיך איינגעקריצט אין זכרון פון די מיינסטע בעלי־

הזכרונות, וואָס באַטייליקן זיך אין אַט דעם בוך. אין דער ספּעציעלער אָפּטיילונג „זכרונות און בילדער" ווערט געשילדערט דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן פון דער שטאָט אין יענע יאָרן, ווען דער אַלטער לעבנס־סדר, אַט דער פון „תורה, עבודה וגמילות־חסדים", איז שטאַרק צעטרייסלט געוואָרן, און אויף זיין אָרט האָט אָנגעהויבן אַרויסשפּראָצן אַ גאָר נייער לעבנס־סדר, וואָס האָט זיך נאָך ניט באַוויזן אויסצוקריסטאַליזירן, ביז עס זענען אָנגעקומען די מלחמות און רעוואָלוציעס און האָבן איבערגעריסן זיין אַנטוויקלונג אין סאַמע אָנהייב פון זיין אויפבלי. מיר גייען איבער צום קומענ־דיקן קאַפּיטל, וואָס ער נעמט אַרום בערך זיבן גרויליקע יאָרן, אין וועלכע ס'איז געחתמעט געוואָרן דער גורל פון באָברויסק, ליידער, צום שלעכטנס.

## זעקסטער קאַפּיטל

# מלחמות, רעוואָלוציעס, בירגער־קריג

### 1. אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה

זומער 1914 האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויף דער מענטשהייט גאַנץ אומגעריכט די ערשטע וועלט־מלחמה. באָברויסק האָט רויִק אויפגענומען די מלחמה. צווישן דער אינטעליגענץ און די פאַרמעגלעכע שיכטן האָט זיך געמערקט אַ מין געפּעלשטער מלחמה־פּאַטריאָטיזם, „מען האָט געוואַרט פון שעה צו שעה — דערציילט א. מזא"ה אין זיינע זכרונות — אויף אַ באַפעל, וואָס זאָל בטל מאַכן אַלע געזעצן, וועלכע דיסקרימינירן די יידן לגבי די אַנדערע בירגערס פון רוסלאַנד", אָבער צווישן די „עמך"־קרייזן האָט מען זיך געוויצלט אויף „פּאַניעס" חשבון, אַז ער וועט, מן־הסתם, ניט קענען בייקומען דעם „פעטער ווילוואָל", געמיינט דעם מעכטיקן קייזער ווילהעלם.

אָבער גאָר גיך האָט די מלחמה זיך געלאָזט פילן אויך אין דעם רויִקן באָברויסק: דאָס ווירטשאַפט־לעכע לעבן איז פּאַראַליזירט געוואָרן, דער מסחר האָט זיך אָפּגעשטעלט און הונדערטער פאַמיליעס פון דער אָרעמער באַפעלקערונג, וואָס האָבן ניט געהאַט קיין שום אָפּשפּאָרונגען, האָבן ממש געהונגערט. לויט דער השתדלות פון דער „שפּאָר־ און ליי־קאַסע", האָט מען באַקומען עטלעכע באַשטעלונגען פאַרן רוסישן מיליטער (נייען בלוזעס, הויזן), וואָס האָבן טיילווייז גע־ראַטעוועט די סיטואַציע.

אין די קומענדיקע חדשים האָט דער ווירטשאַפט־לעכער מצב זיך פאַרבעסערט אַ דאַנק די פאַרגרע־סערטע מיליטער־באַשטעלונגען, באַזונדערס האָט זיך אַנטוויקלט די האָלץ־ און דיקטן־אינדוסטריע. „דער פאַבריקאַנט הערשל לאַזינסקי — דערציילט אין זיינע זכרונות יעקב אור — האָט געעפנט אַ סטאָליערי אויפן „פאַליגאָן"־פּלאַץ און האָט געדונגען 400 סטאָ־ליאַרעס, וואָס האָבן געמאַכט ראַמען און ווענט פון דיקט און אַריבערגעפירט די טיילן צום פראָנט, ווו מ'האָט זיי צונויפגעשטעלט זייער גיך און אויפגע־שטעלט באַראַקן". עס האָבן זיך אויך אַנטוויקלט די באַקליידונג־ באַשיכונג־ און באַשפייזונג־אינדוס־טריעס — אַלץ פאַר דעם הונגעריקן פראָנט.

באַזונדערס שווער זענען געטראָפן געוואָרן די וווילטעטיקע אינסטיטוציעס און די חינוך־אַנשטאַלטן, וואָס פלעגן זיך אויסהאַלטן פון באַשטייערונגען און קהילה־סובווענצן. דאָס אַלץ האָט זיך פאַרקלענערט, דער יקרות איז געשטיגן און דערעיקרשט — די באַגרענעצונגען פון פלייש־קאָנסומציע מצד דער רע־גירונג און דאָס איינפירן „טעג אָן פלייש" האָבן שטאַרק פאַרקלענערט די הכנסות פון די קאָראָבקע־אַרענדאַרן און זיי האָבן ניט געקענט האַלטן זייערע התחייבותן לגבי דער קהילה.

אין האַרבסט 1915 האָבן די געזעלשאַפטלעכע עסקנים אין שטאָט באַשלאָסן אַרויפצולייגן אויף די פאַרמעגלעכע תושבים אַ מין זעלבסט־באַשטייערונג „לויט זייער אייגענער אָפּשאַצונג, אַנטשפּרעכנדיק דעם עקאָנאָמישן מצב פון יעדן איינעם". אַלע עקסיסטירנ־דיקע צדקה־חברות האָט מען פאַרבאָטן זאַמלען געלט און די אָפּשאַצונג־געלטער זענען פעסטגעשטעלט גע־וואָרן אין דער ראָם פון דער „חברה צו העלפן אָרעמע יידן", וואָס אין אירע זיצונגען האָבן זיך באַטייליקט

פאָרשטייערס פון אַלע אינסטיטוציעס און אָנגענומען באַשלוסן וועגן דער פאַרטיילונג פון די געלטער.

דער דאָזיקער אויפטו האָט מצליח געווען מער ווי מען האָט פאָרויסגעזען. בעת פריער האָבן אַלע געזעלשאַפטן צוזאַמען אויפגעזאַמלט אַרום 800—900 רובל אַ חודש, האָט די פאַראייניקטע זאַמל־אַקציע באַוויזן צו הייבן דעם סכום פון די שפּענדונגען ביז 2500—3000 רובל אַ חודש, און מען האָט נאָך ממשיך געווען צו פאַרגרעסערן דעם סכום. חוץ דעם איז דאָס געווען דער ערשטער וויכטיקער שריט צו אָרגאַניזירן די קהילה אויף אַ מער דעמאָקראַטישן און מאָדערנעם אופן.

אַ ביז גאָר וויכטיקער ענין, וואָס האָט באַשעפטיקט די קהילה פון די ערשטע חדשים, זינט די מלחמה האָט אויסגעבראָכן, איז געווען די פראַגע פון די פּליטים — די יידישע פראָנט־פּליטים.

איןְ די ערשטע חדשים פון דער מלחמה האָבן שוין צענדליקער משפחות אָנגעהויבן אָנקומען פון די רוסיש־דייטשע און רוסיש־עסטרייכישע גרענעץ־געביטן. די קהילה האָט זיך איינגעשפּאַנט אין דעם שווערן הילפס־וואָגן. איינע פון די ערשטע הילפס־אינסטיטוציעס איז געווען די טאָג־היים פאַר קינדער, ווו די קינדער האָבן באַקומען באַהאַנדלונג און באַשפּייזונג, בעת זייערע עלטערן האָבן געמוזט זוכן אַרבעט. אין פעברואַר 1915 האָבן אין דער היים זיך געפונען 143 קינדער. דער פּליטים־שטראָם האָט זיך געצויגן אָן אויפהער, אַ טייל פּליטים זענען אַוועק פון באָברויסק אין טיף רוסלאַנד, די איבעריקע זענען פאַרבליבן אין שטאָט.

אָבער וואָס ווייטער איז די פּליטים־פראַגע געוואָרן האַרבער. אין אָנהייב מאַי 1915, נאָכן צעפאַלן פונעם רוסישן פראָנט, איז אַרויס דער גירוש־באַפעל אויף די ליטווישע יידן, און צענדליקער טויזנטער מענטשן זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן מיט די באַנען אין טיף רוסלאַנד.

די ערשטע כוואַליע פון פּליטים האָט דערגרייכט באָברויסק אין אַ שבת־טאָג. מיט דער דערלויבעניש פון די רבנים שניאורסאָן און שאַפּיראָ זענען יונגע־לייט אַרויס איבערן שטאָט צו קלייבן שפּייז, צו קאָכן און באַקן. מען האָט אויך געזאַמלט מעדיקאַמענטן. דאָס אַלץ האָט מען געבראַכט אויף דער באַן־סטאַציע. נאָך אַ השתדלות ביי דער מאַכט, אין וועלכער ס׳האָט זיך באַטייליקט דער מיליטערישער גלח אָרלאָוו, האָט מען באַקומען אַ דערלויבעניש אָפּצוהאַלטן די באַן און פרייוויליקע האָבן גיך פאַרטיילט די שפּייז צווישן די פּליטים, וואָס זענען געווען אין פאַרשלאָסענע וואַגאָנעס.

דאָס איז געווען איינע פון די גרויסע טעג אין דער געשיכטע פון באָברויסק, ווען דאָס יידישע האַרץ האָט זיך אַנטפּלעקט אין זיין גאַנצער פּראַכט. אין דער הילפס־אַרבעט האָבן זיך באַטייליקט רבנים און אינטעליגענטן, אָרעמע און רייכע, אַלט און יונג, ווייבער און קינדער. עס האָט זיך געשאַפן אַ הילפס־קאָמיטעט פאַר פּליטים, באַשטעטיקט פון דער מאַכט, וואָס איז געווען אַן אָפּטייל פון דער „צענטראַלער יידישער געזעלשאַפט צו העלפן די מלחמה־פּליטים” (יעקאָפּאָ).

דער פּליטים־שטראָם איז אין זיין גרויסער מערהייט דורכגעגאַנגען באָברויסק אויף זיין וועג אין וויטן רוסלאַנד, אָבער אַ טייל פון אים האָט זיך אָפּגעשטעלט אין באָברויסק און איז דאָ פאַרבליבן. טיילוויז האָבן די פּליטים זיך איינגעאָרדנט אין די אונטערנעמונגען, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט צושטעלונגען פאַרן מיליטער, די איבעריקע האָבן געלעבט אין גרויס נויט און באַקומען שטיצע פון דער קהילה.

אין יענעם יאָר האָט דער פראָנט זיך דערנענטערט צו באָברויסק, די דייטשן זענען אַריינגעדרונגען אין דעם צפון־מערבדיקן עק פון מינסקער גובערניע. ווילנע איז איינגענומען געוואָרן דעם 19טן סעפּטעמבער 1915 (י״א תשרי תרע״ו), אָבער דער דייטשער פאָרויסמאַרש איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין באַראַנאָוויטש, 210 קילאָמעטער מערבדיק פון באָברויסק, און דאָרט פאַרבליבן ביז אָנהייב 1918.

מיט דעם צוריקצוג פון דער רוסישער אַרמיי האָט זיך פאַרשטאַרקט דער שטראָם פון די פּליטים. „דורך באָברויסק — דערציילט אַן עד ראיה — גייען איצטער אַדורך הונדערטער טויזנטער פּליטים צו פוס און אויף וועגענער פון די גובערניעס כעלם, לובלין און גראָדנע. ווען מען האָט זיך דערוווּסט, אַז אין באָברויסק האָט זיך אָנגעהויבן די פאַרטיילונג פון אומזיסטע רייזע־בילעטן, האָבן די פּליטים גענומען פאַרקויפן זייער שאָף און די פערד און זיך קאָנצענטרירן אין שטאָט און אומגעגנט. די צאָל פּליטים, וואָס האָבן זיך פאַרהאַלטן אין באָברויסק דערגרייכט איצט צו 70000. דאָס אָפּטראַנספּאָרטירן זיי ווייטער ווערט אָפּגעהאַלטן מחמת עס פעלן באַנען. די מאַכט האָט צוגעגרייט לאַסט־

אויטאָס איבערצופירן די פּליטים". דער פאַרבאַנד פון דער „זעמסטוואָ" האָט אויפגעשטעלט אויף דער באַנסטאַציע פון באָברויסק אַ שפּייז־צענטער מיט אַכט קעסלען. רעכענענדיק זיך מיט דער גרויסער צאָל יידן צווישן די פּליטים, זענען פיר קעסלען געשטעלט געוואָרן אין רשות פונעם יידישן הילפס־קאָמיטעט, וואָס האָט גענומען אויף זיך אַ טייל פון די הוצאות. עס זענען מאָביליזירט געוואָרן יונגע־לייט און מיידלעך, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיטן צוגרייטן דאָס עסן און פאַרטיילן עס צווישן די פּליטים.

דאָס דערנענטערן זיך פונעם פראָנט האָט זיך געלאָזט פילן אין שטאָט, וועלכע איז געוואָרן אַ מין הינטער־באַזע פאַרן פראָנט. די שטאָט איז פול געוואָרן מיט מיליטער און אַלע בתי־מדרשים, אַחוץ צוויי, אויך אַלע געזעלשאַפטלעכע בנינים זענען קאָנפיסקירט געוואָרן פאַרן מיליטער. ראש השנה תרע"ו און אין די שפּעטערדיקע ימים־טובים זענען אַלע קראָמען און בעקערייען געווען אָפן, אויף די פאָדערונגען פון דער מיליטער־מאַכט און לויטן הכשר פון די רבנים, כדי צו באַפרידיקן די באַדערפענישן פון דער אַרמיי, וואָס סטאַציאָנירט אין שטאָט.

אין די טעג פון צוריקצוג פון דער רוסישער אַרמיי, זומער 1915, האָבן גרופּעס סאָלדאַטן און קאָזאַקן זיך געלאָזן ווילגיין איבער די יידן אין די שטעטלעך און דערפער פון באָברויסקער ראַיאָן.

אין באָברויסק גופא איז געשען נאָר איין ערנסטער אינצידענט. בעתן צוריקצוג פון דער רוסישער אַרמיי האָט אינעם גאַנצן ראַיאָן זיך געפילט אַ דוחק אין מעטאַל־געלט. אויס מורא, אַז מיטן אַריינדרינגען פון די דייטשן וועט דאָס רוסישע פּאַפּיר־געלט פאַרלירן זייער ווערט, האָט מען אָנגעהויבן באַהאַלטן דאָס קופּער־ און זילבער־געלט. די מאַכט האָט די גאַנצע שולד געוואָרפן אויף דער יידישער באַפעלקערונג. אין איינעם אַ טאָג האָט אַ סאָלדאַט געטרונקען אַ גלאָז סאָדע־וואַסער אין מאַרק, באַצאָלט מיט פּאַפּיר־געלט און געפאָדערט רעשט. ווען דער קרעמער האָט אים געזאָגט, אַז ער האָט ניט קיין קליינגעלט, האָבן די סאָלדאַטן אָנגעהויבן ראַבירן די קראָמען, צו זיי זענען צוגעשטאַנען פּויערים, אויך אַ המון קריסטן, וואָס האָבן זיך געפונען אין מאַרק. דער פּאָגראָם האָט זיך אַריבערגעטראָגן אין די שכנותדיקע גאַסן. געווען צעשלאָגענע און פאַרוואונדעטע יידן. גיך זענען אָנגעקומען מיליטער־אָפּטיילונגען און די אָרדענונג איז צוריקגעשטעלט געוואָרן.

דער דאָזיקער אינצידענט האָט גורם געווען אַן אומרו צווישן דער יידישער באַפעלקערונג אין שטאָט. פון צייט צו צייט האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען וועגן צוגרייטונגען צו אַ פּאָגראָם מצד פּויערים און סאָלדאַטן. די יידן האָבן אָרגאַניזירט אַ זעלבשוץ, אין וועלכער ס'האָבן אָנטייל גענומען גבורהדיקע יידן: באַלעגאָלעס, טרעגערס, קצבים — און דאָס האָט אָפּגעשראָקן די באַנדיטן און פּאָגראָמשטשיקעס.

אָבער ביסלעכווייז, ווען דער פראָנט האָט זיך סטאַביליזירט מערב־זייט פון מינסק און סלוצק, האָט זיך דער פּליטים־שטראָם איינגעשטילט און אין באָברויסק און אומגעגנט איז געוואָרן רויקער. דעם גרעסטן טייל פּליטים, וואָס איז פאַרבליבן אין שטאָט, האָט אַבסאָרבירט די ניי־אַנטוויקלטע מלחמה־ווירטשאַפט. אויף דעם צוזאַמענפאָר פון די הילפס־קאָמיטעטן, וואָס איז פאָרגעקומען אין דעצעמבער 1915 אין מינסק, איז אָפּגעמערקט געוואָרן, אַז „אין די מזרחדיקע געביטן פון דער גובערניע פירט זיך אַ רויקע אַרבעט, די פּליטים אָרדענען זיך איין".

בדרך־כלל איז אין די מלחמה־יאָרן פּאַראַליזירט געוואָרן דאָס פּאַרטייאיש־געזעלשאַפטלעכע לעבן אין שטאָט. מען קען אָננעמען, אַז קרוב 2000 באָברויסקער יידן, ס'רוב יונגע־לייט, האָבן געדינט אין דער רוסישער אַרמיי. אויף וויפל ס'איז געטאָן געוואָרן געזעלשאַפטלעכע אַרבעט אין שטאָט, האָט זי זיך קאָנצענטרירט בעיקר אויף הילף פאַר די פּליטים און מלחמה־געליטענע.

אין שייכות מיט דער טעטיקייט צווישן די פּליטים האָט זיך פאַרשטאַרקט די געזעלשאַפטלעכע וואַכזאַמקייט, ס'האָבן זיך געפירט וויכוחים אין די געזעלשאַפטלעכע און יוגנטלעכע קרייזן וועגן דער צוקונפט פון רוסישן יידנטום נאָכן פאַרענדיקן די מלחמה. עס איז אויך אָנגעגאַנגען אַ ליידנשאַפטלעכער וויכוח צווישן די עקסטרעמע יידישיסטן און די העברעיסטישע קנאים.

אין יאָר 1916 האָט זיך אָרגאַניזירט דער ערשטער קערן פונעם „החלוץ". ער האָט זיך פאַרנומען איינצופירן צווישן די חברים דאָס ריידן העברעיש און געזוכט וועגן מכשיר צו זיין זיי אין לאַנדווירטשאַפטלעכער אַרבעט. איינער פון די אַקטיוויסטע מיטגלידער אין דער גרופּע איז געווען שבתאי לאַזינסקי.

## 2. די טעג פון דער פעברואַר־רעוואָלוציע אין באָברויסק

די דעמאָקראַטישע רעוואָלוציע, וואָס האָט אויס־געבראָכן אין פעטראָגראַד סוף פעברואַר 1917, איז פאַר די תושבים פון באָברויסק, יידן און קריסטן, געווען אַ גרויסע איבערראַשונג. די ידיעה וועגן דער רעוואָלוציע איז געקומען מיט אַ פאַרשפּעטיקונג. דעם 28סטן פעברואַר האָבן זיך באַוויזן אין די גאַסן פון שטאָט באַקאַנטמאַכונגען פון דעם מיליטערישן קאָמאַנ־דיר פאַר מינסקער קרייז, באַראָן פאָן טיובענבערג, אַז אַ בונט האָט אויסגעבראָכן אין פעטראָגראַד און איז אונטערדריקט געוואָרן דורך מיליטער־אָפּטיילונגען און פּאָליציי; די תושבים פון שטאָט ווערן דערביי גע־וואָרנט, אַז יעדער פּרווו אויפצוהייבן אַ בונט וועט אונטערדריקט ווערן אומברחמנותדיק. דעם ערשטן מערץ זענען אָנגעקומען די ערשטע ידיעות קיין מינסק וועגן דער פעטראָגראַדער איבערקערעניש, און נאָך שבת, דעם 4טן מערץ (כ״ג אדר), זענען פּאָליציי־לייט, צעשראָקענע און צעטומלטע, אַרויס אין די גאַסן, אָנצוקלעפּן דעם צאַרס קאָמוניקאַט, אַז ער האָט אַבדי־קירט פון קייסערלכען טראָן און אַז אויך זיין ברודער מיכאַיל זאָגט זיך אָפּ פון זיין רעכט אויף דעם טראָן.

די גאַסן זענען איבערפולט געוואָרן מיט מענטשן, וואָס האָבן גערעדט וועגן דער גרויסער געשעעניש, אָבער קיינער האָט ניט געוווּסט וואָס ער האָט צו טאָן. אין שטאָט איז כמעט ניט פאַרבליבן קיין רעשטל פון די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען — זיי זענען זיך פאַר־נאַנדערגעפאַלן אין די ערשטע יאָרן נאָך דער רעוואָ־לוציע פון 1905 און אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. דעם זעלבן אָוונט, פינף אַ זייגער, האָבן גערופן אַ גרויסע מאַסן־פאַרזאַמלונג די אַרבעטער, וואָס האָבן געאַרבעט ביים בויען די באַראַקן פון „זעמסקי סאָיוז״, און נחקע יוכבד — דער לאַנגיאָריקער פירער פון „בונד״ — האָט געהאַלטן אַ רעדע וועגן דער רעוואָלוציע. נאָכן פאַרענדיקן די פאַרזאַמלונג זענען די אַרבעטער מיט רויטע פאָנען און מיטן געזאַנג פון רעוואָלוציאָנערע לידער אַרויס אויף מוראַוויאָוו־גאַס. פון פעסטונג זענען אַרויס סאָלדאַטן בראש מיט דעם מיליטער־אָרקעסטער און האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין די דעמאָנסטראַנטן. הוראַ־אויסגעשרייען האָבן זיך געטראָגן אין דער לופט און דאָס געזאַנג פון דער מאַרסעליעזע האָט פאַרהילכט די גאַסן.

אויף מאָרגן, זונטיק, דעם 5טן מערץ, איז אויך געווען אַ טאָג פון מאַסן־פאַרזאַמלונגען, וואָס האָבן פון אין דער פרי אָן אָנגעפילט די מוראַוויאָוו־גאַס, פון שאָסיינע ביזן ראָג פּריסוטסטווענאַיאַ. מענטשן האָבן געוואַרט אויף אינסטרוקציעס, אויף נייס, און ניט געוווּסט וואָס צו טאָן. 10 אַ זייגער אין דער פרי האָבן זיך באַוויזן דריי לאַסט־אויטאָס מיט באַוואָפנטע סאָלדאַטן. איבער דעם ערשטן אויטאָ האָט געפלאַטערט אַ רויטע פאָן. די אויטאָס האָבן זיך פאַרהאַלטן אויפן ראָג סעמיאַנאָווסקאַיאַ, און אַ סערזשאַנט האָט אָנגע־זאָגט דעם עולם די בשורה, אַז 200 סאָלדאַטן פון דעם שטראָף־באַטאַליאָן זענען באַפרייט געוואָרן און אויף זייער אָרט האָט מען איינגעזעצט די פּאָליציאַנטן. דער עולם האָט אויפגענומען די ידיעה מיט הוראַ־אויס־געשרייען און אַ גרויסער המון האָט זיך אַוועקגעלאָזט נאָך די אויטאָס, וואָס זענען געפאָרן אין דער ריכטונג פון דער פּריסוטסטווענאַיאַ־גאַס, צום הויף פון דער פּאָליציי, ווו עס האָבן זיך פאַרזאַמלט אַלע אַכציק פּאָליציאַנטן מיט זייערע אָפיצירן. זיי האָבן אָן שום ווידערשטאַנד אָפּגעגעבן זייער געווער צו די רעוואָ־לוציאָנערע סאָלדאַטן און זענען אַרויף אויף די לאַסט־אויטאָס, וואָס האָבן זיי אָפּגעפירט אין פעסטונג אַריין.

אַ פייערלעכע שטימונג האָט געהערשט אין שטאָט אַ גאַנצע וואָך, מענטשן האָבן געשפּאַנט אין די גאַסן, זיך אָנגעשלאָסן אין מאַסן־פאַרזאַמלונגען, מאַניפעס־טאַציעס. אין שפּיץ פון די דעמאָנסטראַציעס האָט מען געטראָגן פּלאַקאַטן און אויפרופן וועגן דער רעוואָ־לוציע, דער רעפּובליק און דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג.

דעם 12טן מערץ (ב׳ ניסן) האָבן די סאָלדאַטן פון דעם גאַרניזאָן אין באָברויסק אָפּגעגעבן אַ געטריי־שאַפט־שבועה דער צייטווייליקער רעגירונג אין פעטראָגראַד. די קריסטלעכע סאָלדאַטן זענען אַוועק אין קלויסטער בראש מיטן שטאָט־פּרעזידענט; די יידישע סאָלדאַטן — אין דער גרויסער שול, און דער רב מרדכי ראַבינסאָן האָט ביי זיי אָפּגענומען אַ שבועה פאַר אַן אָפענעם אָרון־קודש. נאָכן אָפּגעבן די שבועה איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ גרויסע מאַניפעסטאַציע. צוזאַמען מיט די געוויינלעכע לאָזונגען פון לויב פאַר דער רעפּובליק האָבן זיך געהערט אויך אַזוינע לאָזונ־גען ווי: „מלחמה קעגן מלחמה״ און „פרידן פאַר די אָרעמע כאַטעס, מלחמה מיט די פּאַלאַצן״.

ערב פסח איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז ס׳זענען בטל געוואָרן אַלע באַגרענעצונגען קעגן די יידן. דער

תחום־המושב עקסיסטירט ניט מער, די שולן זענען פאַר זיי אָפן. די יידן זענען געוואָרן פולבאַרעכטיקטע בירגערס אין דעם נייעם רוסלאַנד.

### 3. דערוואַכונג אין געזעלשאַפטלעכן לעבן

דער ערשטער קענצייכן פון דער ענדערונג, וואָס ס'האָט געבראַכט מיט זיך די רעוואָלוציע, איז געווען די באַנייונג פונעם געזעלשאַפטלעכן און פּאַרטייאישן לעבן אין שטאָט נאָך צען יאָר שטילשטאַנד, וואָס זענען געקומען נאָכן דורכפאַל פון דער רעוואָלוציע פון 1905.

אין שפּיץ פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע זענען געשטאַנען אסתרין, דאַבקין, לעווין. די הויפּט־מנהיגים פון „בונד" זענען געווען נחקע יוכבד, ראָזענטאַל, ב. קלעצקין, נאַרקין און באַרבאַש.

אויך אין די אָרטאָדאָקסאַלע קרייזן האָט זיך געפילט אַ התעוררות. די דאָזיקע קרייזן האָבן זיך גרופּירט אַרום צוויי רבנים — חיים צבי שפּירא און שמריה נח שניאורסאָן. באַזונדערס אַקטיוו אין דעם קרייז איז געווען דער זון פונעם אדמו"ר, מנחם מענדל שניאורסאָן. צוויי פאָרשטייער פון די אָרטאָדאָקסן, חיים צבי שפּירא און יהודה לייב באַרבאַש (אַן אייניקל פון אדמו"ר שמריה נח שניאורסאָן), האָבן זיך באַטייליקט אין דער גרינדונגס־קאָנפערענץ פון די אָרטאָדאָקסן אין רוסלאַנד „מסורת וחרות", וואָס איז זיך צונויפגעקומען אין מאָסקווע י"ד—כ"א תמוז (4—11 יולי).

עס האָבן זיך אויך פון דאָס ניי אָרגאַניזירט די קלענערע פּאַרטייען: „פּועלי־ציון" מיט קאַרפּ, גינזבורג און שמערלינג בראש; די ס.ס., אין דער שפּיץ מיט ווינער, מאַריסאָן און אַרלאָזאָראָוו; די מענשעוויקעס מיט יאַנשין און קאַצענעלבאָגען אין דער שפּיץ; געווען אויך גרופּעס ס.ר. (ד"ר דושמאַן) און פּ.פּ.ס.

די צעירי־ציון, וואָס זענען געווען אַ היפּשע גרופּע אין שטאָט, האָבן זיך באַטראַכט אין יענער צייט ווי אַן אָרגאַנישער טייל פון דער אָרטיקער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. די איינציקע פּאַרטיי, וואָס איז ניט דערשינען, איז געווען די באָלשעוויסטישע פּאַרטיי, וואָס האָט ניט געהאַט קיין אָנהענגער צווישן די יידן אין תחום־המושב. אָבער גאַר גיך האָט זיך אַנטפּלעקט דער כוח פון אָט דער פּאַרטיי, פון איין זייט — צווישן די סאָלדאַטן פון דער פעסטונג, איבער 8000 מאַן, וואָס גאָר אַ סך פון זיי האָבן זיך איבערגענומען מיטן לאָזונג פון די באָלשעוויקעס: שוין צו פאַרענדיקן די מלחמה, און פון דער צווייטער זייט — צווישן די פויערים אין דעם ראַיאָן, וואָס דער לאָזונג פון די באָלשעוויקעס — באַלדיקע קאָנפיסקאַציע פון דער פּריצישער ערד — האָט זיי גאָר שטאַרק אימפּאָנירט. מען דאַרף געדענקען, אַז ווייסרוסלאַנד, ווו ס'האָט זיך באַזונדערס פאַרשאַרפט דער סאָציאַלער, נאַציאָנאַלער און רעליגיעזער קאָנטראַסט צווישן די ווייסרוסישע פּראַוואָסלאַווע פּויערים און די פּויליש־קאַטוילישע פּריצים, איז געוואָרן איינער פון די באָלשעוויסטישע ברען־פּונקטן אין לאַנד.

אין אַ חודש שפּעטער איז אַנטשטאַנען אין באָברויסק אַן „אַרבעטער־ און סאָלדאַטן־ראַט", לויטן מוסטער פון באַרימטן פעטראָגראַדער ראַט. אין דעם ראַט איז געווען אַן איבערוויגנדיקע השפּעה פון „בונד", און זייער מנהיג, יוכבד, איז אויסגעוויילט געוואָרן אַלס פאָרזיצער. עס האָבן זיך באַטייליקט אין אים אויך פאָרשטייערס פון די סאָלדאַטן אין פעסטונג און צווישן זיי צוויי באָלשעוויקעס: בראַלניצקי און רייכנשטיין. דער ראַט האָט אַנגעהויבן אַרויסגעבן אַ רוסישע צייטונג א. נ. „גאָלאָס נאַראָדאַ" (שטים פון פאָלק). די הויפּט־אַרבעט פון דעם ראַט איז באַשטאַנען אין פירן פּאַרטייאישע וויכוחים. די צום בעסטן אָרגאַניזירטע פּאַרטיי איז געווען דער „בונד", וואָס האָט אויפגעהיטן זיין טראַדיציע נאָך פון די צייטן פון דער ערשטער רעוואָלוציע (1905). די בונדיסטן האָבן געעפנט אַ קלוב, וואָס איז געוואָרן דער זאַמלפּונקט פון די אַרבעטער, בעלי־מלאכות און יוגנטלעכע. מ'האָט פון ס'ניי אָרגאַניזירט און פאַרברייטערט די טעטיקייט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, וואָס האָבן זומער 1917 געציילט 2000 חברים. אין דעם זומער האָט דער „בונד" — מיט זיינע פאַרשיידענע אינסטיטוציעס — אַרומגענומען אַ 1200 מאַן.

איינער פון די ערשטע אויפטוען פון דעם „אַרבעטער־ און סאָלדאַטן־ראַט" איז געווען דאָס פּראָקלאַמירן אַן אַכט־שעהעדיקן אַרבעטס־טאָג אין אַלע פאַבריקן פון שטאָט. אַזאַ אַרבעטס־טאָג איז איינגעפירט געוואָרן צו ערשט אין די טאַרטאַקן פון קאַסטעלאַנסקי און נאַטאַנזאָן, לאַנדסבערג, ברידער עטקין, שוסטאַק, געצאָוו א"א. שבת, דעם 27סטן מאַי (9טן יוני), זענען זיך צונויפגעקומען אויף אַ פאַרזאַמלונג די אויוון־מאַכערס („פּעטשניקעס"), שטיין־האַקערס און אַרמאַטורשטשיקעס. זיי האָבן זיך אָרגאַניזירט אין אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין, וואָס זיין ביוראָ האָט זיך צייטווייליק געפונען אויף דער סקאָבעליעוו־גאַס.

די פאַרזאַמלונג האָט איינשטימיק באַשלאָסן — שרייבט „גאָלאָס נאַראָדאַ" — צו מעלדן די פּאַדריאַד־טשיקעס וועגן דעם איינפירן אַן אַכט־שעהעדיקן אַרבעטס־טאָג. ס'איז אויך אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס, אַז ס'איז פאַרבאָטן געבן אַרבעט און אָננעמען אַרבעט דורך פאַרמיטלערס, די אונטערנעמערס זענען מחויב צו ווענדן זיך דירעקט צום פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין וועגן צונעמען אַרבעטער.

סוף מאַי האָבן אַכט יידישע יונגע־לייט געגרינדעט אַן אָפּטיילונג פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין באָברויסק. די אָפּטיילונג האָט אַרויסגעשיקט דעם 2טן יוני אַ שליח קיין מינסק איינצושטעלן אַ קאָנטאַקט מיט די באָלשעוויקעס. ס'האָט זיך געעפנט אַ באָלשעוויסטישער קלוב אין אַ קליין צימער אויף פּושקינסקאַיאַ, דאָרט האָבן זיך באַגעגנט די אָרטיקע חברים מיט זייערע פּאַרטיי־חברים פון צווישן די סאָלדאַטן. אַ גרופּע אינטעליגענטן, בראש מיט ליפּעצן, שרגאיען, וואָלפסאָנען און געצאָוון, וואָס האָבן זיך באַטראַכט פאַר „אינטערנאַציאָנאַליסטן", האָבן געפּרוווט אָנשליסן זיך אין דער נייער אָרגאַניזאַציע, אָבער זיי זענען ניט געקומען צו אַ הסכם און האָבן גיך אויפגעגעבן דעם פּלאַן. די אָרגאַניזאַציע האָט זיך כסדר פאַרגרעסערט און אויף דער ערשטער באָלשעוויסטישער קאָנפערענץ פון צפון־מערבדיקן ראַיאָן, וואָס איז פאָרגעקומען אין מינסק, אין פעברואַר, האָבן זיך באַטייליקט צוויי פאָרשטייערס פון באָברויסק, איינער פון זיי — בראַלניצקי. זיי האָבן פאַרטראָטן 187 חברים — אַ גאַר באַשיידענע צאָל אין פאַרגלייך מיט די 1200 חברים אין מינסק און 820 אין האָמעל.

## 4. די טעג פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, 1917

ווען עס זענען אָנגעקומען סוף אָקטאָבער די ידיעות וועגן פאַרכאַפּן די מאַכט אין פּעטראָגראַד דורך די באָלשעוויקעס, האָט דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי־קאָמיטעט אַרויסגעלאָזן אַן אויפרוף אונטערן קעפּל: „ס'איז געשען!" (Свершилось). דער פאָרזיצער פונעם מיליטערישן רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט אין באָברויסקער פעסטונג האָט מודיע געווען אין נאָמען פון די פינף דיוויזיעס, וואָס האָבן סטאַציאָנירט אין שטאָט און אומגעגנט, אַז די סאָלדאַטן זענען גרייט אויפן ערשטן רוף פונעם פּאַרטיי־קאָמיטעט, צו שטעלן זיך מיט געווער אין האַנט און פאַרטיידיקן די סאָוויעטן, און זיי פאָדערן איבערצוגעבן זיי די מאַכט, כדי אויסצוברייטערן זייער השפעה. דער קאָמיטעט האָט איינגעאָרדנט אַן אָוונט מיט אַ לאָטעריע, וואָס האָט אַריינגעטראָגן אַ היפּשע הכנסה. פאַרן געלט האָט מען געדונגען אַ גרעסערע דירה אויפן ראָג פון די גאַסן פּושקינסקאַיאַ און סקאָבעליעוואַ. די דירה האָט מען אויסרעמאָנטירט און געמאַכט זי פאַר אַ קלוב. דער קלוב האָט זיך געעפנט דעם 12טן דעצעמבער א.נ. „אַרבעטער־ און סאָלדאַטן־קלוב".

דער זיג פון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע האָט זיך גיך געלאָזט פילן אין „בונד". די בונדישע אָרגאַניזאַציע אין באָברויסק איז געווען די ערשטע, צווישן אַלע בונדישע אָרגאַניזאַציעס אין גאַנץ רוסלאַנד, וואָס שוין אין דעם ערשטן חודש פון דער רעוואָלוציע האָט זיך אין איר געשאַפן אַ באָלשעוויסטישע פראַקציע. אויף דער פאַרזאַמלונג דעם 23סטן נאָוועמבער — גיט איבער די מינסקער צייטונג „סאָוויעטסקאַיאַ פּראַוודאַ" — האָבן זיך פאַרשריבן אין דער נייער אָרגאַניזאַציע פופציק חברים. דער נייער קאָמיטעט האָט אַרויסגעלאָזן אַן אויפרוף צו שטימען (אין די וואַלן צו דער גרינדונג־פאַרזאַמלונג) פאַר דער ליסטע נומ' 9 — פאַר די באָלשעוויקעס. דער אויפרוף איז געווען אונטערגעשריבן פון דעם „בונד־באָלשעוויקעס". די נייע פראַקציע האָט זיך באַטייליקט אין די דעמאָנסטראַציעס, וואָס די באָלשעוויקעס האָבן אָרגאַניזירט; זי האָט נאָר געטראָגן איר אייגענע פאָן און אויף איר אַן אויפשריפט אין יידיש: „די גאַנצע מאַכט די ראַטן". דער אָרטיקער קאָמיטעט פון „בונד" האָט פּראָטעסטירט אין זיין פרעסע קעגן דעם, וואָס די אַרויסגעטראָטענע דערלויבן זיך צו טראָגן דעם נאָמען „בונד" און רעדן אין זיין נאָמען. דאָס איז געווען אַן אָנהייב פון דער שפּאַלטונג, וואָס האָט שפּעטער שטאַרק געטראָפן דעם „בונד" אין גאַנץ רוסלאַנד און דערפירט צום צונויפגיסן זיך פונעם קאָמוניסטישן־בונד („קאָמבונד") מיט דער אַלגעמיינער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

דער ערשטער פּאָליטישער אַקט, וואָס איז פאָרגעקומען אין שטאָט נאָך דער אָקטאָבער־איבערקערעניש — זענען געווען די וואַלן צו דער גרינדונג־פאַרזאַמלונג סוף נאָוועמבער. די וואַלן האָט מען געפירט באַזונדער אין פעסטונג און אין שטאָט. אין פעסטונג איז דער זיג פון די באָלשעוויקעס געווען אַ פולשטענדיקער: 5517 וויילער פון די 8000 האָבן

אָפּגעגעבן זייערע שטימען פֿאַר לעניִנס פּאַרטיי. אין שטאָט זענען געגאַנגען צו די וואַלן 11135 פּערזאָן, וואָס די שטימען זייערע זענען געווען פּאַרטיילט צווישן 13 פּאַרטיי־ליסטעס:

1. די פֿאַראייניקטע יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי
2. די יידישע נאַציאָנאַלע ליסטע
3 אייגנטימער פון מאַיאָנטקעס
4. ?
5. „בונד" (מענשעוויקעס)
6. קאַדעטן
7. (?) אפשר די „פֿאַראייניקטע" ס.ס. און י.ס.
8. פּוילישע ליסטע
9. באָלשעוויקעס (2301 שטימען, 20.7%)
10. פּועלי־ציון
11. רוסישע דעמאָקראַטן
12. ס.ר. (סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן)
13. ווייסרוסישע סאָציאַליסטישע הראָמאַדע

די רעזולטאַטן האָבן די באָלשעוויקעס באַטראַכט ווי צופרידנשטעלנדיקע, נעמענדיק אין אַכט, אַז זייער אָרגאַניזאַציע עקסיסטירט ערשט אין גאַנצן זעקס חדשים. אמת, זיי זענען געווען שטאַרק, אויך די השפעה פון די סאָלדאַטן אין פעסטונג און פון די פּויערים אין דער סביבה איז געווען גרויס. זיי אַלע זענען געווען דורכגעדרונגען מיטן באָלשעוויסטישן גייסט (אין באָבּרויסקער ראַיאָן האָבן די באָלשעווי־קעס באַקומען — 64377 שטימען פון דער אַלגעמיינער צאָל 101622). דער אַרבעטער־ראַט האָט, אמת, באַ־שלאָסן צו טאַדלען שאַרף די אָקטאָבער־איבערקערעניש און געפאָדערט צוזאַמענצורופן די גרינדונג־פֿאַרזאַמ־לונג, אָבער די שטימונג איז פון טאָג צו טאָג געוואָרן שווערער פאַר די אָנהענגערס פונעם דעמאָקראַטישן רעזשים. דעם 18טן נאָוועמבער האָבן די סאָציאַליסטן דערקלערט, אַז זיי פאַרלאָזן דעם „סאָוויעט". דער באָלשעוויק בראַלניצקי איז אויסגעוויילט געוואָרן אַלס פאָרזיצער פונעם ראַט, און אויף דער קאָנפערענץ, וואָס איז אין יענער צייט פאָרגעקומען אין מינסק, האָט דער באָלשעוויסטישער באַפולמעכטיקטער געקענט מעלדן וועגן איבערגיין פונעם סאָוויעט אין זיין שטאָט צו די באָלשעוויקעס.

איינער פון די וויכטיקסטע אויפטוען פון דער באָלשעוויסטישער מאַכט אין שטאָט איז געווען די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון דער שול־יוגנט, אָנהייב יאַנואַר 1918, אין וועלכער ס'האָבן זיך באַטייליקט אַ 700 יינגלעך און מיידלעך און באַשלאָסן „איבער־צוגעבן די גאַנצע מאַכט צו די פעדאַגאָגישע ראַטן, וואָס צו זיי וועלן קאָאָפּטירט פאָרשטייערס פון די אַרבעטער־ סאָלדאַטן־ און פּויערים־ראַטן, פון די על־טערן און די תלמידים, פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג און דער „זעמסטוואָ". זיי האָבן אויך באַשלאָסן בטל מאַכן די אַמטן פון דירעקטאָר, אינספעקטאָר און אויפ־זעער אין די שולן און איינפירן דעם פּרינציפּ פון באַשטימען לערערס דורך דעם פעדאַגאָגישן ראַט. דער דאָזיקער באַשלוס איז אָנגענומען געוואָרן מיט אַ באַדייטנדיקער מערהייט, און נאָר פיר תלמידים האָבן געשטימט קעגן.

אין אַזאַ אַטמאָספער זענען פאָרגעקומען די וואַלן צו דער באָברויסקער קהילה. ס'האָבן זיך באַטייליקט אין זיי 4840 וויילערס.

דעם 9טן יאַנואַר האָבן די באָלשעוויקעס מיט שׂמחה אויפגענומען די ידיעה וועגן צעטרייבן די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג. זייער פרייד איז אָבער געווען נאָר אַ צייטווייליקע.

## 5. דער ערשטער פּוילישער רעזשים אין שטאָט (סוף יאַנואַר — סוף פעברואַר 1918)

אין יאַנואַר־פעברואַר 1918 האָבן זיך אין בריסק געפירט די אונטערהאַנדלונגען צווישן דער באָלשע־וויסטישער רעגירונג און די דייטשן וועגן שלום. שווער געווען צו וויסן, מיט וואָס וועלן זיך די אונטער־האַנדלונגען פאַרענדיקן. די דעמאָראַליזאַציע צווישן די סאָלדאַטן איז אַלץ מער און מער געוואַקסן; גאַנצע פּאָלקן זענען זיך צעפאַלן. די וואָס זענען טריי געבליבן האָט מען געהאַלטן אין גרייטקייט־צושטאַנד אויף די פראָנט־ליניעס; דעם מצב האָבן אויסגענוצט די פּוילישע אָפּטיילונגען (אין חודש יולי האָבן זיך אָרגאַניזירט אַ סך פּאָלקן אין דער רוסישער אַרמיי, לויט דעם נאַציאָנאַלן אָפּשטאַם פון זייערע סאָלדאַטן), וואָס האָבן סטאַציאָנירט אין ראַיאָן פון דער מינסקער גובערניע און האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט דעם „ערשטן פּוילישן קאָרפּוס", אונ־טער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל דאָווּבאָר־מוש־ניצקי און זיך פאַרמאָסטן צו באַהערשן דעם ראַיאָן, כדי צו פאַרזיכערן זיין אָנשלוס, ווען עס וועט קומען דער שלום צו דער פּוילישער מדינה. דעם 13טן (26סטן)

יאַנואַר 1918 האָבן די פּאָליאַקן פאַרנומען די שטאָט ראָגאַטשאָוו. די פּוילישע פּאָלקן, וואָס האָבן געלאַגערט אין באָברויסקער פעסטונג, האָבן זיך געגרייט צו פאַרכאַפּן די מאַכט אין דער שטאָט און אין די אַרומיקע געגנטן.

דער באָברויסקער „סאָוויעט”, וואָס האָט זיך באַטראַכט פאַרן פאָרשטייער און באַפולמעכטיקטן פון דער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג אין פּעטראָגראַד, האָט באַשלאָסן שטיין אויף דער וואַך. אַ סך געווער איז געבראַכט געוואָרן אין שטאָט און מאַשין־געווער האָט מען אַרויפגעבראַכט אויף דעם שפּיץ פונעם פייערלעשער־טורעם.

דעם 19טן יאַנואַר, דריי אַ זייגער פאַרטאָג, האָבן אָפּטיילונגען פון דער פּוילישער אַרמיי אַרומגערינגלט דאָס הויז פונעם „סאָוויעט” און אַרעסטירט די מענטשן, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען. צו מאָרגנס האָט מען אַנטוואָפנט די אָפּטיילונגען פון דער רוסישער אַרמיי, וואָס האָבן געלאַגערט אין שטאָט און די סאָלדאַטן האָבן באַקומען אַ באַפעל צו גיין אַהיים.

אין צוויי טעג אַרום האָט מען די אַרעסטירטע סאָוויעט־מיטגלידער באַפרייט און מען האָט זיי פאָרגעלייגט צו קומען צו אַ הסכם מיט די פּאָליאַקן וועגן פאַרטיילן די מיליטערישע און ציווילע מאַכט; דאָס אָנפירן מיט די ציווילע ענינים וועט ליגן אין די הענט פונעם סאָוויעט, בתנאי ער זאָל זיך ניט אַריינמישן אין מיליטערישע ענינים. און די מיליטערישע מאַכט וועט איבערגעגעבן ווערן די פּאָליאַקן. די סאָוויעט־מיטגלידער האָבן אונטערגעשריבן אַזאַ אָפּמאַך, אָבער גלייך נאָך זייער באַפרייונג זענען זיי אַוועק פון שטאָט און זי איבערגעלאָזן פאַר די פּאָליאַקן. די פּוילישע אַרמיי, וואָס איז געווען פאַרנומען מיט איר קאַמף קעגן די סאָוויעטישע אַרמייען, האָט זיך ניט אַריינגעמישט אין די ענינים פון שטאָט.

דעם 31סטן יאַנואַר (13טן פעברואַר) האָט מען צוריק אָפּגענומען ראָגאַטשאָוו ביי די פּאָליאַקן, אָבער דעם 16טן פעברואַר איז די פּאָליאַקן געלונגען צו באַזיגן די רויטע אַרמיי, וואָס איז אַרויס קעגן זיי פון אָסיפּאָוויטש צו פאַרנעמען באָברויסק. די שלאַכט איז פאָרגעקומען נאָענט פון דער באַן־סטאַציע יאַסין, וואָס ליגט מערב־זייט פון באָברויסק. צוויי טעג נאָך דעם האָבן די פּאָליאַקן איינגענומען די שטאָט מאָהילעוו אויפן דניעפּר און דעם 20סטן — מינסק. דעם 2טן מערץ איז אַרויס „דער באַפעל נומ. 1”, געחתמעט פון דאָוובאָר־מושניצקי, וואָס האָט בטל געמאַכט אַלע סאָוויעטישע געזעצן אין דעם ראַיאָן.

אָבער די הערשאַפט פון די פּאָליאַקן איז געווען אַ קורצע. דעם 21סטן פעברואַר זענען זיי געווען געצוווּנגען איבערצוגעבן באָברויסק דער דייטשער אַרמיי, וואָס האָט מאַרשירט פאָרויס צום סאַמע מיט פון רוסלאַנד, און דעם 3טן מערץ איז אין בריסק אונטערגעשריבן געוואָרן דער שלום־אָפּמאַך צווישן סאָוויעט־רוסלאַנד און דייטשלאַנד. באָברויסק און די אומגעגנט זענען איינגעשלאָסן געוואָרן אין די געביטן, וואָס זענען איבערגעגעבן געוואָרן דעם דייטשישן זיגער. די גרענעץ צווישן דעם אָקופּירטן דייטשישן ראַיאָן און סאָוויעט־רוסלאַנד האָט, לויטן הסכם, זיך געצויגן לענג־אויס דעם דניעפּר, פון אָרשע ביז זשלאָבין, און פון דאָרטן זיך אַ קער געטאָן מזרח־צו, איינשליסנדיק דעם האָמלער ראַיאָן און גאַנץ אוקראַינע.

## 6. באָברויסק אונטער דער הערשאַפט פון די דייטשן (מערץ—נאָוועמבער 1918)

די ניין חדשים דייטשישע הערשאַפט אין באָברויסק, צום סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, זענען, רעלאַטיוו גענומען, געווען רויקע טעג פאַר דער שטאָט. דער ראַיאָן איז געשטעלט געוואָרן אונטער דער הערשאַפט פון אַ דייטשישן מיליטער־קאָמאַנדיר, וואָס זיין הויפּט־זאָרג איז געווען היטן די אָרדענונג און צושטעלן שפּייז און רוי־מאַטעריאַל (פעל, האָלץ) פאַר דעם הונגעריקן דייטשלאַנד. די פּויערים אין די דערפער האָבן געטראָגן אויף זיך דעם שווערן יאָך פונעם רעזשים, די יידן — ווינציקער, באַזונדערס דערפאַר, ווייל זיי האָבן געהאַט אַ בשותפותדיקע שפּראַך מיט די הערשערס... יידיש. געווען, פאַרשטייט זיך, אַ גרויסער דוחק אין שפּייז און די דייטשן האָבן איינגעפירט אַ ראַציאָנירונג־סיסטעם און שפּייז־קאַרטעס. אין דעם אָרגאַניזירן די באַשפּייזונג האָבן עוסק געווען אויך די שטאָט־תושבים, צווישן זיי ליאַקאָמאָוויטש, וואָס האָט זיך שענדלעך אויפגעפירט אין דעם פּעריאָד, ווען די סאָוויעטישע מאַכט האָט זיך צוריקגעקערט אין שטאָט (סוף 1918).

אַ סך יידן האָבן אין יענער צייט זיך פאַרנומען מיט איבערשמוגלען סחורות פון דעם אָקופּירטן דייטשן געביט אין סאָוויעט־רוסלאַנד.

דער עקאָנאָמישער מצב האָט זיך פאַרבעסערט צוליב די ענגע פאַרבינדונגען מיט אוקראַינע, וואָס אויך זי איז געווען אונטער דייטשישער אָקופּאַציע.

אין דער תקופה פון דער דייטשישער הערשאַפט האָט עקסיסטירט אין שטאָט אַ דעמאָקראַטישע קהילה, וואָס אין איר האָבן אָנטייל גענומען אַלע יידישע פאַרטייען און קרייזן, פון די אָרטאָדאָקסן ביז די בונדיסטן.

די ציוניסטישע באַוועגונג אין שטאָט, וואָס אַן אימפּולס צו איר אַנטוויקלונג האָבן איר געגעבן די ערשטע טעג פון דער דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע, האָט זיך פאַרשטאַרקט מיטן אָנקום פון די ידיעות וועגן דער באַלפור־דעקלאַראַציע. יינגלעך און דערוואַקסענע האָבן זיך אָנגעהויבן אַנשליסן אין דעם „החלוץ" און געזוכט וועגן זיך מכשיר צו זיין צו לאַנדווירטשאַפטלעכער אַרבעט דורך פאַרנעמען זיך מיט גערטנעריי און מטפל זיין זיך מיט די פּרוכט־ביימער אין דער אַרומיקער געגנט.

דער קאָנטאַקט מיט ווילנע־וואַרשע האָט זיך באַנייט, און אַ טייל פּליטים, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין באָברויסק, האָבן אָנגעהויבן אומקערן זיך אין זייערע היימען.

אויך די באָלשעוויסטישע באַוועגונג האָט זיך באַנייט אין מינסק, אָבער אין אונטערערד. אין מאַי 1918 האָט זיך אָרגאַניזירט אין באָברויסק אַן אָפּטיילונג פון דער פאַרטיי, און אין דער שפּיץ איז געשטאַנען פּ. רובינסקי, (ראַיעווסקי), סעקרעטאַר איז געווען ב. ניימאַן. די הויפּט־אויפגאַבע פון דער אָפּטיילונג איז געווען: פירן אַ פּראָפּאַגאַנדע צווישן די פּויערים, וואָס האָבן באַזונדערס געליטן פון דער דייטשער אָקופּאַציע. די אָפּטיילונג האָט זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט די אַרומיקע דערפער און, פאַרשטענדלעך, מיט די צענטערס אין מינסק און האָמעל. אין אָקטאָבער 1918 האָט די אָפּטיילונג געציילט העכער 40 פאַרטיי־מיטגלידער, און דער קאָמיטעט האָט אָנגעהאַלטן פאַרבינדונגען מיט 160 דערפער אין דער סביבה.

## 7. די צווייטע סאָוויעטישע הערשאַפט (29.8.1919 — 29.11.1918)

גלייך נאָך דער ענדגילטיקער מפּלה פון דייטשלאַנד, אָנהייב נאָוועמבער 1918, האָט די רויטע אַרמיי זיך אָנגעהויבן גרייטן אָפּצונעמען צוריק די שטחים, וואָס די דייטשן האָבן צוגענומען פון רוסלאַנד. דעם 29סטן נאָוועמבער זענען אָפּטיילונגען פון דער רויטער אַרמיי אַריין אין באָברויסק אויף זייער וועג קיין מינסק. תיכף האָט זיך געשאַפן אין שטאָט אַ „רעוואָלוציאָנערער קאָמיטעט" („רעווקאָם"), וואָס האָט באַהערשט דעם גאַנצן ראַיאָן. בראש פון „רעווקאָם" איז געשטאַנען ריבינסקי און ער איז אויך געווען דער קאָמענדאַנט פון שטאָט. פון די אַנדערע „רעווקאָם"־מיטגלידער דאַרף מען דערמאָנען לוריען, וואָס איז נאָמינירט געוואָרן ווי דער קוראַטאָר איבער בילדונג־ און דערציונג־וועזן; וויטקעווען — דעם ממונה אויף סאָציאַלער הילף, און דעם סעקרעטאַר קאַפּעליאָוויטש. קורץ נאָך דעם איז באָברויסק איינגעשלאָסן געוואָרן אין די תחומים פון דער סאָוויעטיש־ליטוויש־ווייסרוסישער רעפּובליק.

די באָלשעוויסטישע הערשאַפט איז אויפגענומען געוואָרן מיט געמישטע געפילן. דער נייער רעזשים האָט העכער אַ יאָר צייט שוין עקסיסטירט אין רוסלאַנד און ידיעות וועגן זיין כאַראַקטער און זיינע מעטאָדן האָבן, ווייזט אויס, דערגרייכט אויך צו די באָברויסקער תושבים. די באָברויסקער בעלי־בתים — דערציילט אין זיינע זכרונות ד. שמעוני — ד"ה די סוחרים, קרעמער און כלי־קודש און אַלע אַנדערע „אומפּראָדוקטיווע עלעמענטן" האָבן געציטערט און געפּלאַטערט פאַר די אָנקומענדיקע ימי־הדין; דאַקעגן די אַרבעטער, און באַזונדערס די יונגע צווישן זיי, זענען פול געווען מיט האָפענונגען און בטחון. זיי האָבן זיך אָנגענומען מיט מוט און פאַרריסן די נעז. די ערשטע טעג פון נייעם רעזשים האָבן ממש פאַרשיכורט די לינקע קרייזן אין שטאָט.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אַגיטאַציע צווישן די מיטגלידער פון „בונד", זיי זאָלן זיך אַנשליסן אין דער זיגערישער קאָמוניסטישער פאַרטיי. אין גאַנץ רוסלאַנד האָט מען זיך גענומען אָרגאַניזירן אַ „קאָמוניסטישן בונד" („קאָמבונד"). „די וויכטיקסטע אָרגאַניזאַציע פון דעם קאָמוניסטישן בונד — דערציילט ש. אגורסקי — איז דעמאָלט געווען אין באָברויסק".

אין מיטן דעצעמבער האָבן די בונדיסטן־קאָמוניסטן אין באָברויסק פאַרעפנטלעכט אַ דערקלערונג, אַז היות די בונדישע פירערשאַפט ענדערט ניט איר באַציונג צו דער רעוואָלוציע — רייסן זיי איבער זייערע קשרים מיטן „בונד" און טרעטן אַריין אין דער קאָמוניסטישער פאַרטיי, ווי אַן אויטאָנאָמע פראַקציע.

דעם 14טן יאַנואַר האָבן די מיטגלידער פון אָט דער פראַקציע אָנגעהויבן אַרויסגעבן אַ וואָכנבלאַט א. נ. „אונדזער וואָכנבלאַט", אין וועלכן זיי האָבן געפירט אַ ביטערן וויכוח מיט דער „יעווסעקציע" און דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. וועלנדיק אויפהאַלטן און אָפּהיטן די טראַדיציע פון „בונד", האָבן זיי געעפנט אָפּטיילונגען פון זייער פראַקציע אין די שטעטלעך אַרום באָברויסק, אָבער פּאַקטיש איז די דאָזיקע פראַקציע געווען ניט מער ווי אַן איבערגאַנג־פּאַזע פונעם „בונד" צו דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, — און טאַקע גאָר גיך זענען אירע מיטגלידער פאַרשלונגען געוואָרן אין דער אַלגעמיינער קאָמוניסטישער באַוועגונג.

אַ סך פון דער ציוניסטישער יוגנט האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין די רייען פונעם זיגרייכן קאָמוניזם, „גלויבנדיק באמונה שלמה, אַז די גאולה פון דער וועלט קומט אָן, און אַז עס ווערט מקויים די נבואה פון אחרית הימים — און אויב אַזוי, איז שוין ניט נייטיק צו זאָרגן פאַר דער גאולה פון יידישן פאָלק, וואָרעם אין דער וועלט־גאולה איז אויך די גאולה פון יידישן פאָלק". די שיכרות האָט באַטויבט אויך יחידים פון די פאַרמעגלעכע קרייזן, ווי למשל, די משפחה עגול, וואָס וועגן איר דערציילט שמעוני, אַז אַ זון אירער, אַ סאָלדאַט אין דער רויטער אַרמיי, האָט נאָכגעשלעפּט נאָך זיך זיין פאָטער, אַ פאַרמעגלעכן פאָדריאַדטשיק, און זיינע צוויי שוועסטער. זיי אַלע האָבן פאַרנומען וויכטיקע פּאָזיציעס אין דער נייער שטאָט־פאַרוואַלטונג. „במשך פון דער קורצער צייט בערך, וואָס די באָלשעוויקעס האָבן זיך אויפגעהאַלטן אין שטאָט — שרייבט שמעוני — האָבן די עגולס באַוויזן אָפּצוטאָן גאַנץ ממשותדיקע זאַכן: די צוויי טעכטער האָבן חתונה געהאַט מיט רוסישע יונגע־לייט, אָבער נאָך מער האָט באַוויזן דער פאָטער — ער, וואָס איז געווען אַן אלמן, האָט צום צווייטן מאָל חתונה געהאַט, מיט דער הסכמה פון דעם זון און די טעכטער, נאָר די נייע פרוי איז טאַקע געווען אַ גויע, אַ רוסישע קאָמוניסטקע, וואָס האָט געאַרבעט אין „איספּאָלקאָם".

גלייך נאָכן איינעמען די שטאָט דורך דער רויטער אַרמיי איז קאָנפיסקירט געוואָרן דער גאַנצער זאַפּאַס פון סחורות, באַהאַלטענע אין די מאַגאַזינען און שיפן, וואָס האָבן איבערגעווינטערט אין באָברויסקער פאַרפּאָרענעם פּאָרט. אַ גרויסער קוואַנטום פון אָט דעם מלחמה־רויב, באַזונדערס דער גרויסער זאַפּאַס פון צוקער און זאַלץ, איז אַריבערגעפירט געוואָרן אין די הונגעריקע שטעט פון צענטראַל־רוסלאַנד. איינער פון די ערשטע אויפטוען פונעם „רעווקאָם" איז געווען אַן איינמאָליקער צוואַנג־שטייער פון צוויי מיליאָן רובל אויף דער „אָרטיקער בורזשואַזיע". שפּעטער האָט זיך אָנגעהויבן אַ סיסטעמאַטישע קאָנפיסקאַציע פון די פאַבריקן און סחורות־מאַגאַזינען. די קראָמען האָט מען פאַרחתמעט און אויפגעהאָנגען שלעסער אויף די טירן אין נאָמען פון דער מאַכט.

לגבי דעם דורכשניטלעכן יידישן מענטש האָט דער נייער רעזשים זיך פאַרקערפּערט אין דער פּערזאָן פונעם פאַרוואַלטער פון דער שפּייז־אָפּטיילונג ליאַקאָמאָוויטש, „אַן אַלטער בחור, אַ ייד מיט אַן אויסגעטריקנטער נשמה, וואָס האָט געלעבט נאָר מיט איין געפיל — שנאה אָן אַ גרענעץ צו דער יידישער בורזשואַזיע". ער איז געווען פריער אַן עקסטרעמער מענשעוויק, אָבער נאָכן באַהערשן די שטאָט דורך די באָלשעוויקעס איז ער אַריבער צו די נייע הערשערס און האָט ווייטער געאַרבעט אונטערן אָנפיר און קאָנטראָל פון אַ קאָמוניסטישן קאָמיסאַר, אין דער שפּייזאָפּטיילונג, ווו ער האָט געאַרבעט אויך בעת דער דייטשער אינוואַזיע. ליאַקאָמאָוויטש האָט אָנגעוואָרפן אַ פחד אויף די קליינע קרעמערס און קליין־הענדלערס. ער האָט זיי באַפוילן אַריינצופירן די סחורה פון זייערע קראָמען אין צוויי מאַגאַזינען, וואָס ער האָט באַשטימט, און האָט אַוועקגעשטעלט היטערס אויף די וועגן, וואָס פירן צו דער שטאָט, צו קאָנפיסקירן יעדער מין סחורה וואָס גייט אַרויס פון דער שטאָט אָדער גייט אַריין אין שטאָט. זיין באַנעמונג לגבי די יידן, וואָס האָבן געדאַרפט אָנקומען צו אים, איז געווען אַ באַליידיקנדיקע און אַ ציניש. דאַקעגן, האָט ער זיך איידל באַצויגן צו די פויערים, ווייל די סאָוויעטישע מאַכט איז געווען פאַראינטערעסירט אין זייער סימפּאַטיע.

נאָך דעם ווי אַלע געברויך־אַרטיקלען זענען קאָנפיסקירט געוואָרן, האָט זיך אָנגעהויבן אַן אומלעגאַלער ספּעקולאַציע־האַנדל אין שטאָט. „אין אַ קורצער צייט איז דער פּרייז פון זאַלץ אַרויף פון 30 רובל אויף 600—700 רובל". און שפּעטער — אויף 2000 רובל. מיטן אָנקום פון פרילינג האָט דער אומלעגאַלער קליין־האַנדל, וואָס איז געווען באַקאַנט דאַן אונטערן נאָמען „Мешочничество" — זיך שטאַרק צעוואַקסן. יידן פלעגן זיך אַרויסלאָזן אין די שטעטלעך און דערפער אַרום באָברויסק, מערסטנס פלעגן זיי פאָרן אויף פאַראַכאָדן (דאַמף־שיפן), וואָס האָבן ווידער אָנגעהויבן

קורסירן אויף דעם טייל פון טייך, וואָס ציט זיך פון פּאַריטש ביז באָריסאָוו. הונדערטער מענטשן פלעגן פאָרן מיט די אַ שיפן, אונטערקויפנדיק די מאַטראָסן וואָס האָבן זיי געפירט. פון מאָל צו מאָל פלעגט זיך אַ שיף אָפּשטעלן ביי אַ ברעג פון אַ שטעטל אָדער דאָרף און די ספּעקולאַנטן פלעגן אַראָפּגיין פון שיף איינצוקויפן אַ ביסל סחורה, ס'רוב — זאַלץ אָדער קאַרטאָפל. די צענטערס פון אָט דעם אומלעגאַלן האַנדל זענען דאַן געווען דאָס שטעטל סוויסלאָטש און דאָס ייִדישע דאָרף יאַקשיץ סעליבא.

אָבער די טעג פון דער סאָוויעטישער ליטוויש־ווייסרוסישער רעפּובליק זענען שוין געווען געציילטע. אין אַפּריל 1919 האָבן די פּאָליאַקן אָנגעהויבן אַן אָפענסיווע. דעם 11טן אַפּריל האָבן די קאָמוניסטן אין באָברויסק באַשלאָסן צו מאָביליזירן אַלע מיטגלידער פון דער פּאַרטיי אין עלטער פון 18 ביז 25 יאָר אין דער רויטער אַרמיי. די עלטערע חברים זענען אויפגעפאָדערט געוואָרן צו זיין גרייט אין פאַל פון דרינגענדיקער נויט. אין די חדשים מאַי־יוני זענען 94 מאַן פון באָברויסקער ראַיאָן אַוועק אויפן פראָנט. צווישן די פרייוויליקע האָבן זיך געפונען אויך געוועזענע חברים פון דער ציוניסטישער יוגנט, וואָס זענען פאַרשלעפּט געוואָרן מיטן רעוואָלוציאָנערן שטראָם. איינער פון זיי, סיאָמקע לעווין, אַ קאָמיטעט־מיטגליד פון דער אָרטיקער אָפּטיילונג פון „צעירי־ציון" איז געפאַלן אין די שלאַכטן ביי מינסק. ער איז געבראַכט געוואָרן צו קבורה מיט אַ געמישטן ייִדיש־סאָוויעטישן צערעמאָניאַל: „איינגעוויקלט אין אַ טלית און אין אַ רויטער פאָן. אויף זיין קבר האָט מען געזאָגט קדיש און געזונגען דעם אינטערנאַציאָנאַל". צווישן די געפאַלענע רויטאַרמייער אין די שלאַכטן ביי לידע איז געווען מאיר גייסינאָוויטש (דער ייִנגערער ברודער פון אבא אחימאיר).

דעם 19טן מאַי, ווען מינסק האָט שוין געדראָט אַריינצופאַלן אין די הענט פון די פּאָליאַקן, האָט די רעגירונג פון דער סאָוויעטישער ליטוויש־ווייסרוסישער רעפּובליק אַריבערגעפירט אירע אַמטן קיין באָברויסק, און די שטאָט איז צייטווייליק געוואָרן דער צענטער פון דער סאָוויעטישער מאַכט אויפן צפון־מערבדיקן פראָנט. דאָס קאָנצענטרירן די צענטראַלע רעגירונג־אינסטיטוציעס אין באָברויסק האָט געצוווּנגען די רעגירונג צו באַנוצן זיך מיט דער הילף פון „בורזשואַזע ספּעציאַליסטן" (ספּעצן) — בוכהאַלטאָרן, סעקרעטאַרן, ווירטשאַפט־קענערס וכדומה, צווישן זיי אויך ציוניסטן. מען האָט אויך ניט פונאַנדערגעלאָזן די קהילה־פאַרוואַלטונג, וואָס האָט ווייטער געפירט איר אַרבעט אויף אַ האַלב־לעגאַלן אופן.

אין באָברויסק, אין דער איצט צייטווייליקער הויפּט־שטאָט פון ווייסרוסלאַנד, האָבן זיך קאָנצענטרירט צענדליקער טויזנטער פּליטים פון די מערב־געביטן. אַ שרעקלעכע אַרבעטלאָזיקייט און אַ שטייגנדיקער יקרות האָבן געדריקט אויף דער שטאָט. אַ פּליט פון באָברויסק, וואָס איז געקומען אין מינסק, האָט דערציילט, אַז אַ פונט ברויט קאָסט דאָרט 20 רובל, אַ פונט פלייש — 35—40 רובל, אין דער זעלבער צייט פאַרדינט אַ טאַרטאַק־אַרבעטער 300 רובל אַ חודש.

פון מאָסקווע איז דעמאָלט געקומען אין באָברויסק דער קאָמוניסטישער פירער מיכאַיל קאַלינין, און דעם 19טן יוני האָט ער גערעדט פאַר אַ גרויסער פאַרזאַמלונג און ער האָט פאַרזיכערט זיינע צוהערערס, אַז „אונדזער דור וועט שוין געניסן פון אַלע גוטע זאַכן, וואָס דער סאָציאַליזם וועט ברענגען".

די רויטע אַרמיי האָט ניט געהאַט גענוג כוח אָפּצושטעלן דעם פאַרויסמאַרש פון די פּאָליאַקן. פּוילישע סאָלדאַטן האָבן אָנגעהויבן זיך צו פאַרפעסטיקן פון דער צווייטער זייט בערעזינאַ. דעם 29סטן אויגוסט 1919 זענען אַריין אין באָברויסק אייגהייטן פון פּוילישן מיליטער. עס איז געקומען אַ סוף צו דער סאָוויעטישער הערשאַפט אין שטאָט, וואָס האָט אָנגעהאַלטן ניין חדשים.

## 8. די צווייטע פּוילישע הערשאַפט
## (29סטער אויגוסט 1919 — 10טער יולי 1920)

די צען חדשים פון דער צווייטער פּוילישער הערשאַפט זענען געווען חדשים פון שרעק פאַר דער ייִדישער באַפעלקערונג און צעשטערונג פון דער שטאָט. די פראָנט־ליניע האָט זיך אָפּגעשטעלט ניט ווייט פון באָברויסק, לענג־אויס דער בערעזינאַ, וואָס אַלע בריקן איבער אָט דעם טייך זענען אויפגעריסן געוואָרן דורך דער רויטער אַרמיי בעת איר צוריקטריט. פון דאַנען האָבן די סאָוויעטן באָמבאַרדירט די פּוילישע פּאָזיציעס, טרעפנדיק גאַנץ אָפט אין בנינים פון שטאָט. זומער 1919, בעת דער סאָוויעטישער הערשונג, האָט מען ניט צוגעגרייט קיין זאַפּאַסן און איצטער האָט געהערשט אַן אמתער הונגער. די פאַרבינדונגען מיט דער סביבה

זענען איבערגעריסן געוואָרן. אין די טעג פון איבער־גאַנג פון איין מאַכט צו דער אַנדערער, ווען מצד דער מיליטערישער מאַכט איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אַ דרייטאָגיקער באַוועגונג־פאַרבאָט, האָבן די פּוילישע סאָלדאַטן ראַבירט די קראָמען און הייזער פון אַ סך יידן און דערנאָך זיי אונטערגעצונדן.

די דאָזיקע סאָלדאַטן, באַקאַנט אונטערן נאָמען „פּאָזנאַנטשיקעס", פון די פּוילישע מיליטער־אָפּטיילונ־גען אין פּויזן, — פאַרביסענע שונאי־ישראל, האָבן אונטער דער מאַסקע פון מאָביליזירן ציווילע בירגערס צו פאַרשיידענע מיליטער־דינסטן, געכאַפּט אין די גאַסן יידן — אַלטע און שוואַכע — און זיי געשלאָגן מכות־רצח. אַ באַזונדערע שטיפעריי־שפּיל פאַר אָט דעם „אַדעליקן" פּוילישן מיליטער איז געווען רייסן בערד ביי יידן און אָפּשערן זיי די האָר.

אין יום־כפור תר"פ (10.4.1919) האָבן די „פּאָז־נאַנטשיקעס" זיך אַריינגעריסן אין עטלעכע בתי־מדרשים, אַרויסגעטריבן די מתפללים הינטער דער שטאָט און זיי געצוווּנגען גראָבן די ערד און צונויפ־קלייבן גראָז און היי אויף די פעלדער, און בעת מעשה זיי געשלאָגן און זיך איזדעקעוועט איבער זיי.

„דאָס איזדעקעווען זיך איבער דעם שוואַכן — כאַראַקטעריזירט ד. שמעוני די אויפפירונג פון דעם פּוילישן אָקופּאַנט — דאָס העפלעך שמייכלענדיק פּנים, די שפּיגל־ריינע אויסמאַניקירטע נעגל, די דאָזיקע גראַב־יונגערישע חוצפּהדיקייט און מטורפדיקע פאַר־ריסנקייט, די הנאה פון באַליידיקן דיך, דערנידעריקן דיך, בעת דאָס מויל טריפט גלאַטינקע, מתיקותדיקע רייד; דאָס ניט אויפריכטיקייט, דאָס בייזוויליקייט, איינגעוויקלט אין זיסער העפלעכקייט און אכזריותדי־קייט לגבי דעם שוצלאָזן צערייסן דיר דיין האַרץ". נאָך דעם ווי די „פּאָזנאַנטשיקעס" זענען פאַרביטן געוואָרן אויף אַנדערע סאָלדאַטן, וואָס זענען געקומען פון וואַרשע, האָבן די ווילדע מעשים כמעט ווי אויפ־געהערט.

די פּוילישע פּאָליטישע געהיים־פּאָליציי האָט באַ־זונדערס נאָכגעשפּירט די קאָמוניסטישע אונטערערד־באַוועגונג, וואָס איז טעטיק געווען אין באָברויסק און אומגעגנט אונטער דער אָנפירונג פון פּ. פּיאַדאַראַוו, דעם ציין־דאָקטער פּאַלק קאַמינסקי, מאַקסים ליבאַקאָוו א"א און איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט 22 דער־פער אין דער סביבה.

די פּוילישע „אָכראַנע" האָט אָנגעהויבן איר טע־טיקייט באַלד נאָכן אָקופּירן די שטאָט. „אויפן סמך פון מסירות פון שונאים און קאָנקורענטן — גיט איבער דער קאָרעספּאָנדענט פון „דזשוואיש קראָניקל" — ווערן אַרעסטירט יידן, וואָס זענען פאַרדעכטיקט אין סימפּאַטיע צו די באָלשעוויקעס". צווישן די קרבנות איז געווען דער אַלטער רב נתן רובין, וואָס איז, אמת, שפּעטער באַפרייט געוואָרן. דעם 19טן סעפּטעמבער איז אַרעסטירט געוואָרן אויפן סמך פון אַ מסירה די משפּחה געקלער (אָדער גלעקל) — 9 מענטשן, צווישן זיי קליינע קינדער. די גאַנצע משפּחה האָט מען דער־שאָסן און זייער פאַרמעגן האָבן צוגענומען פאַר זיך די דעפענסיווע־לייט.

דעם 25סטן אַפּריל 1920 איז פאַרגעקומען אין שטאָט אַ ראַיאָן־קאָנפערענץ פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי. קורץ פאַרן פאַרענדיקן איר אַרבעט איז דאָס הויז אַרומגערינגלט געוואָרן פון זשאַנדאַרמען, דער גרעסטער טייל פון די דעלעגאַטן האָט באַוויזן צו אַנטלויפן, אויסער דריי פון די הויפּט־טוערס: פּ. ראָ־מאַנסקי, פּ. פּיאַדאַראַוו און מאַריאַ באַבראָווּאַ, 23 יאָר אַלט (געבוירן אין סלוצק). זיי זענען דערשאָסן גע־וואָרן נאָך שווערע פּייניקונגען.

די יידישע באַפעלקערונג האָט זיך געפילט, ווי זי וואָלט געווען צווישן האַמער און קאָוואַדלע. גלייך נאָך דער פּוילישער אָקופּאַציע האָט דער ראש הקהילה אייזיק אסתרין צונויפגערופן די פאַרוואַלטונג־מיטגלי־דער; די וויכטיקסטע פראַגע, וואָס איז געשטאַנען אויפן סדר־היום איז געווען אַ באַלדיקער קאָנטאַקט מיט מינסק, ווּהין ס'איז דעמאָלט געקומען דער ספּע־ציעלער שליח פון דזשאָינט, מאַרגענטוי. העשל פרומ־קין, פון די צעירי־ציון־עסקנים אין באָברויסק, איז געשיקט געוואָרן וועגן דעם ענין אין מינסק. ער האָט דאָרטן ניט געטראָפן מאַרגענטויען, אָבער ד"ר כורגין, פון די קהילה־עסקנים אין מינסק, האָט זיך געוואָנדן צו דער פּוילישער מאַכט און זיי געוואָרנט, אַז „אויב עס וועט קומען צו אַ פּאָגראָם אין שטאָט אָדער כולי־גאַנישע מעשים מצד די פּוילישע סאָלדאַטן, וועט ער אויפרודערן די געזעלשאַפטלעכע מיינונג אין די פאַראייניקטע שטאַטן".

ביסלעכווייז האָט דאָס לעבן אין שטאָט זיך אָנגע־הויבן צו נאָרמאַליזירן. עס האָט ווידער באַנייט איר אַרבעט די דעמאָקראַטישע קהילה, אָבער דאָס מאָל האָט דער „בונד" און זיינע סימפּאַטיקערס זי באָיקאָ־טירט, מחמת אַ סך פון זיי האָבן שוין געשיקלט צו

דער קאָמוניסטישער באַוועגונג, יוגנט־קרייזן, וואָס זענען ניט צוגעשטאַנען צו די קאָמוניסטן, האָבן זיך אָנגעשלאָסן צו דעם „החלוץ". פאַרמעגלעכע משפּחות האָבן אָנגעהויבן פאַרלאָזן באָברויסק און זענען אַוועק קיין מינסק און פון דאָרטן קיין פּוילן. די פאַרשטייערס פון באָברויסק האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דעם צוזאַמענפאָר פון די קהילות, וואָס איז פאָרגעקומען אָנהייב יאַנואַר 1920 אין מינסק, און אין דעם „יידישן נאַציאָנאַלן ראַט", וואָס האָט זיך געשאַפן לויטן באַשלוס פון צוזאַמענפאָר. די ציוניסטן האָבן אויך אָנטייל גענומען אין דער ציוניסטישער קאָנפערענץ פון ווייסרוסישן ראַיאָן, וואָס איז צונויפגערופן געוואָרן אין יענער צייט.

דעם 2טן מאַי האָט די קהילה־פאַרוואַלטונג אָפּגעהאַלטן אַ פייערלעכע זיצונג אין שייכות מיט דער גוטער בשורה וועגן דער באַשטעטיקונג פונעם ארץ־ישראל־מאַנדאַט אין סאַן־רעמאָ. אויף דער זיצונג איז איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע, פאָרמולירט דורך דער ציוניסטישער פראַקציע, וואָס אין איר ווערט אויסגעדריקט „די גרייטקייט מיטצוהעלפן מיט אַלץ אין דעם אויפבוי פון אַ פרייען יידישן צענטער אין ארץ־ישראל".

צו מאָרגנס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ גרויסע פאָלקס־פאַרזאַמלונג, אויף וועלכער עס זענען אַרויסגעטראָטן מיט רעדעס אברהם לעווינסאָן פון די „התאחדות"־מנהיגים אין פּוילן.

אין דער חלוצישער באַוועגונג אין באָברויסק האָט זיך פאַרשטאַרקט דער באַוווסטזיין, אַז מען דאַרף פאַרשנעלערן דעם טעמפּ פון דער עליה, סיי צוליב די ידיעות, וואָס זענען אָנגעקומען פון ארץ־ישראל און סיי מחמת דעם חשש, אַז די שטאָט קען ווידער אַרונטערפאַלן אונטער דער סאָוויעטישער מאַכט און די עליה־וועגן וועלן בלאָקירט ווערן. כדאי צו באַמערקן, אַז די אָרגאַניזאַטאָרן פון דער חלוצישער עליה, וואָס איז דעמאָלט אַרויס פון רוסלאַנד קיין ארץ־ישראל, זענען געווען צווי „החלוץ"־מענטשן פון באָברויסק: העשל פרומקין און אליהו דאָבקין.

פרילינג־צייט 1920 האָט זיך באַנייט די מלחמה אין באָברויסקער געגנט און האָט גאָר גיך אָנגענומען דעם כאַראַקטער פון אַ בירגער־קריג, בעת גרופּעס ווייסרוסישע פאַרטיזאַנער האָבן אָנגעהויבן אָנפאַלן אויף פּוילישע אָפּטיילונגען און באַשעדיקן אייזנבאַן־ליניעס. דעם 4טן יולי האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע אָפענסיווע פון דער רויטער אַרמיי אויפן ווייסרוסישן פראָנט — און דעם 10טן יולי איז באָברויסק ווידער אַריבער אין די סאָוויעטישע הענט. אין דעם שלום־אָפּמאַך, וואָס איז געשלאָסן געוואָרן צווישן סאָוויעט־רוסלאַנד און פּוילן אין אָקטאָבער 1920, איז די גרענעץ צווישן די ביידע מדינות פעסטגעשטעלט געוואָרן מערב־צו פון מינסק, און אַנטשפּרעכנדיק צו דעם איז באַשטימט געוואָרן דער גורל פון די באָברויסקער יידן, צו בלייבן אונטערן סאָוויעטישן רעזשים, מיט אַלע קאָנסעקווענצן וואָס זענען פאַרבונדן דערמיט פאַר זייער עקאָנאָמישן, געזעלשאַפטלעכן און נאַציאָנאַלן מעמד.

## 9. די תקופה פון באַנדיטיזם

צום לעצטן שטאַפּל איז דער בירגער־קריג אין ווייסרוסלאַנד דערגאַנגען נאָך דעם, ווי עס האָט זיך שוין פאַרפעסטיקט די סאָוויעטישע מאַכט אין די שטעט: דאָס יאָר 1921 איז אַדורך אין באָברויסק און אומגעגנט אונטערן צייכן פון אָרגאַניזירטן פויערישן באַנדיטיזם. דאָס איז געווען די צייט, ווען ס'האָט זיך פאַרענדיקט די תקופה פון מיליטערישן קאָמוניזם. די פויערים האָט מען געצוווּנגען צוצושטעלן קוואַנטומס תבואה און אַנדערע לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן אַלס צוואַנגס־שטייער, ניט געבנדיק זיי קיין שום עקוויוואַלענט פאַר זייער אַרבעט און פאַרמעגן. די פויערים האָבן באַהאַלטן די פּראָדוקטן און די מאַכט־אָרגאַנען האָבן געשיקט מיליטער־אָפּטיילונגען און שטראָף־באַטאַליאָנען, צו זוכן די פּראָדוקטן און קאָנפיסקירן זיי. דאָס ווייסרוסישע דאָרף, וואָס האָט אונטערגעשטיצט די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע, ווען זי האָט אים צוגעזאָגט די ערד און מאַיאָנטקעס פון די פּריצים, האָט זיך איצט צעבונטעוועט. טויזנטער יוגנטלעכע, וואָס זענען מאָביליזירט געוואָרן צו מיליטער־דינסט, זענען אַנטלאָפן אין די וועלדער און זומפּן, וואָס די דאָזיקע געביטן זענען געבענטשט מיט זיי, און האָבן זיך אָרגאַניזירט אין באַנדעס. די טריקעניש, וואָס האָט יענעם זומער געהערשט אין לאַנד, האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט די נויט. די באַנדעס האָבן זיך באַזאָרגט מיט געווער, זענען באַפאַלן רעגירונג־פערמעס, רעגירונג־באַאַמטע און סתם מענטשן אויף די וועגן. „דאָס גאַנצע ווייסרוסלאַנד, אַלע וועלדער זענען פול מיט באַנדיטן" — האָט געשריבן דער

„מינסקער וועקער". די באַנדיטן האָבן באַקומען געלט און געווער פון אַנטי־קאָמוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס זענען געווען טעטיק פון יענער זייט גרענעץ. די פויערים, וואָס זענען געבליבן אין די דערפער, האָבן געהאָלפן די באַנדיטן, באַזאָרגט זיי מיט שפייז און זיי איבערגעגעבן ידיעות וועגן די ערטער און באַוועגונגען פון די מיליטער־איינהייטן, וואָס האָבן זיי באַקעמפט. „אין דאָרף איז שוין ניטאָ קיין סאָוויעטישע מאַכט" — האָט באַמערקט איינער פון די קעפּ פון דער „יעור־סעקציע" מ. קיפער, אין אויגוסט 1921.

קלאָר, אַז דער פויער האָט געזען זיין שונא אין דעם שטאָטישן מענטש, פאַר וועלכן מען האָט געמאָנט ביי אים דעם שווערן תבואה־שטייער — און דער באַגריף שטאָטישער מענטש האָט זיך ביים ווייסרוסישן פויער אידענטיפיצירט מיטן באַגריף ייד — אַזוי אַרום איז דער ייד, אין דעם פויערס אויגן, געוואָרן דער הויפט־פיינט זיינער. „דער צוטרוי פון דעם דורכשניט־לעכן ייד צום גוי און פונעם גוי צום ייד איז פאַר־שוווּנדן". די באַנדיטישע באַוועגונג איז געווען באַזונ־דער שטאַרק אין די קרייזן איהומען, באָריסאָוו און באָברויסק.

דעם 11טן יולי, נאָך אַ יאָר סאָוויעטישער אָקו־פּאַציע פון דעם ראַיאָן, האָט זיך געשאַפן אין מינסק אַ „רעוואָלוציאָנערער מלחמה־ראַט", וואָס זיין הויפט־ציל איז געווען צו אונטערדריקן די באַנדעס. מיליטער־אָפּטיילונגען זענען געשיקט געוואָרן אין די פאַרשיי־דענע ראַיאָנען, איינצושטעלן דאָרט אָרדענונג. מ'האָט דערקלערט אַמנעסטיע פאַר די באַנדיטן, וואָס זענען אַרויס פון זייערע באַהעלטענישן און געלייגט דאָס געווער. זיי זענען מאָביליזירט געוואָרן אין דער רויי־טער אַרמיי. דאַקעגן, האָט מען שווער געטראָפן די אַלע, וואָס האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו אָנערקענען די אייבער־מאַכט פון דער סאָוויעטישער רעגירונג. די באַנדעס האָבן זיך אָנגעהויבן צוריקציען און אין יאָר 1921 האָט אַ גרויסער טייל פון זיי זיך קאָנצענטרירט אין באָברויסקער קרייז.

די באַנדעס, וואָס זענען ניט געווען בכוח צו פאַרמעסטן זיך מיטן רעגולערן סאָוויעטישן מיליטער, האָבן אויסגעגאָסן זייער צאָרן אויף די יידן אין די שטעטלעך און דערפער. גרויסע שחיטות זענען דורכ־געפירט געוואָרן אין יוני 1921 אין לובאַן, קאַזלאָוויטש, סעליבאַ, קורעניעץ, קוויטשיץ. די צאָל הרוגים האָט דערגרייכט הונדערטער. אַ שוידערלעכע שרעק איז באַפאַלן די יידישע תושבים.

„באַנדעס פון פויערים און דעזערטירן פון דער רויטער אַרמיי מאַכן ווייטער אכזריותדיקע פּאָגראָמען אויף יידן אין די שטעטלעך און דערפער פון ווייס־רוסלאַנד — שרייבט דער קאָרעספּאָנדענט פון „דיילי טעלעגראַף". — ס'זענען דערגאַנגען צו אונדז ידיעות וועגן 15 פּאָגראָמען, אַלע באַגלייט מיט גרויליקע מעשים: פּאַרגוואַלדיקונגען און מאָרדן. די צאָל קר־בנות אין יעדן באַזונדערן פאַל דערגייט צו צענדליקער און הונדערטער און אַפילו נאָך מער. די סאָוויעטישע מאַכט־אָרגאַנען זענען ניט בכוח צו מאַכן אַ סוף צו די גוואַלדטאַטן און זייער השפעה טרעט ניט אַריבער די גרענעצן פון אַ פּאָר גרויסע שטעט, ווו עס לאַגערן שטאַרקע אָפּטיילונגען פון דער רויטער אַרמיי. פליטים גיבן איבער, אַז די באַנדיטן פירן זיך אויף מיט דער גרעסטער אכזריותדיקייט: נאָך דעם ווי דאָס גאַנצע אָרעמע פאַרמעגן פון די יידן ווערט צערויבט אָדער פאַרטיליקט, פייניקט מען די יידן און מען מאָרדעט זיי אויף דעם גרויזאַמסטן אופן. גאָר אָפט מאָרדן די רוצחים זייערע קרבנות מיט העק, האַקן אָפּ די הענט און פיס, און נאָך די ענדגלידער ווערן אָפּגעהאַקט די קעפּ; רבנים און עלטסטע פון דער קהילה צווינגט מען אָנצוטאָן די טליתים און מ'שלעפּט זיי אַרויס אין גאַס באַדעקטע מיט קויט און בלאָטע. מען צווינגט זיי זיך צוצוקוקן ווי מען פאַרברענט די ספרי־תורות און נאָך דעם אַלעם דערהרגעט מען זיי מיט דער שרעקלעכסטער אכזריות. די דאָזיקע גרויליקע פאַר־ברעכנס ווערן אויסגעפירט דורך די באַנדיטן ביי ווילדע איראָנישע אויסגעשרייען „זאָלן לעבן די סאָ־וויעטן, נידער מיט די יידן".

אין דער צווייטער וואָך פון חודש יולי, נאָר אין דער וואָך אַליין, זענען פאָרגעקומען שחיטות אין קאַזלאָוויטש, רודאַבעלקאַ, גאַלאָבקאָוויטשי, בודקאַ, צאַלאַפּיטשי, טשאַרניצי, מאַלאַבקאָוויטשי, סאָקאָלאַ, ליטיטש. אַ צאָל יידן זענען דערהרגעט געוואָרן אויף די וועגן צווישן באָברויסק און צווישן הלוסק און סלוצק.

אין באָברויסק גופא האָבן די באַנדעס מורא געהאַט אַריינצוקומען, אָבער אין שטאָט, וואָס איז געוואָרן אָפּגעריסן פון דעם אַרום, האָט געהערשט הונגער. די מאַכט האָט געמוזט דערלויבן צו עפענען אַן „אויסבייט־מאַרק", ווו די יידן זאָלן קענען אויסבייטן סחורות,

דערעיקרשט זאַלץ אָדער קאַלירטע לייוונט (סיטץ) אויף שפייזן. אין יוני 1921 איז דער פרייז פון 2½ פונט פעטס, 2 פונט שטשאוו אָדער 3 פונט מעל געווען פאַר 1 אַרשין סיטץ. אָבער זייער ווינציק סחורה האָט מען געברענגט אויף דעם מאַרק.

פון צייט צו צייט פלעגן פאָרקומען געריכטן איבער די באַנדיטן, וואָס זענען אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דער מאַכט, און אַ סך האָט מען פאַרמשפּט צום טויט.

אין דער רשימה פון 22 באַנדיטן, פאַרמשפּטע צום טויט, וואָס די ווייסרוסישע „טשעקאַ" האָט וועגן זיי מודיע געווען דעם 11טן אויגוסט, זענען געווען 13 פון באָברויסקער קרייז, און צווישן זיי דער הערשט פון דער באַנדע מאַקאַנאָווסקי, אַ געוועזענער גוטבאַזיצער און אַן אַריסטאָקראַט פון דור־דורות.

מיט דער באַנייונג פונעם סאָוויעטישן רעזשים איז פונאַנדערגעלאָזן געוואָרן די יידישע קהילה. איצט, נאָכן גרויסן אומגליק, וואָס האָט געטראָפן די יידן פון באָברויסקער קרייז, האָבן די קאָמוניסטן געמוזט גרינדן אַ הילף־אינסטיטוציע א. נ. „אידגעזקאָם". די אַ אינסטיטוציע האָט זיך מטפּל געווען מיט 4500 פּליטים, וואָס זענען אַנטלאָפן קיין באָברויסק פון די שטעטלעך און דערפער אין דער אומגעגנט: 1100 פון זיי האָבן געגעסן יעדן טאָג אין אַ ביליקער קיך, וואָס מ'האָט פאַר זיי געעפנט. מ'האָט אויך געעפנט צוויי קינדער־היימען פאַר די פאָגראָם־יתומים. אויף אַ פאַרזאַמלונג, וואָס דער „אידגעזקאָם" האָט איינגעאָרדנט דעם 24סטן יולי, איז איבערגעגעבן געוואָרן, אַז די יידן האָבן געליטן פון די באַנדעס אין 70 פונקטן פון ווייסרוסלאַנד, די צאָל הרוגים האָט דערגרייכט 500 און פאַרוווּנדעטע — 200. דער רוב קרבנות איז געווען צווישן די דאָרפישע יידן.

נאָך דעם ווי ס'איז בטל געוואָרן דער קאָמוניסטיש־מיליטערישער רעזשים און נאָך דער רייניקונג און פאַציפיקאַציע, וואָס מען האָט דורכגעפירט אין די דערפער, איז די פאָגראָם־באַוועגונג פולשטענדיק אונטערדריקט געוואָרן, און דאָס לאַנד האָט רויק געלעבט צוואַנציק יאָר, ביז דער אינוואַזיע פון די נאַציס אין 1941.

## זיבעטער קאַפּיטל

# די סאָוויעטישע באָברויסק

### 1. די אַלגעמיינע אַנטוויקלונג פון באָברויסק ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה

שילדערן דאָס לעבן פון אַ יידישער עדה אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד איז איינע פון די שווערסטע אויפגאַבעס, מחמת דער יסודותדיקער מהות פונעם סאָוויעטישן רעזשים לגבי די יידן באַשטייט אין פאַראַליזירן דאָס גייסטיקע יידישע לעבן — אַ פאַראַליזירונג, וואָס איז אָנגעגאַנגען און האָט זיך אַלץ מער און מער פאַרשטאַרקט, ביז עס איז געקומען די היטלער־קאַטאַסטראָפע און פאַרענדיקט די גייסטיקע פאַרלענדונג, צוזאַמען מיט אַ פיזישער פאַרלענדונג פון די אַלע, וואָס האָבן ניט באַוויזן צו אַנטלויפן פון שטאָט. אין דעם דאָזיקן קאַפּיטל וועלן מיר זיך באַמיען צו קאָנצענטרירן דאָס ביסל, וואָס לאָזט זיך אויסשעפּן פון דער סאָוויעטיש־יידישער פרעסע. כידוע, אַלץ וואָס איז אין איר געשריבן, איז פעסטגעשטעלט און איינגעשטעלט ווערדליק אַ באַשטימטן וועלט־באַנעם און איז אָנגעצילט צו דינען אָט דעם באַנעם. צו דעם וועלן מיר צוגעבן דאָס, וואָס מיר וויסן פון די זכרונות־שריפטן, וואָס כמעט אַלע דערגרייכן זיי ביזן מיטן פון 20סטן יאָרהונדערט, און פון גבית־עדות, וואָס איז דערגאַנגען צו אונדז.

דריי פאָלקס־ציילונגען זענען פאָרגעקומען אין באָברויסק, ווי אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד בכלל, ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה — אין 1923, 1926 און 1939. די ערשטע שפּיגלט אָפּ דעם מצב אַ קורצע צייט נאָך דעם ווי ס'האָט זיך פאַרענדיקט דער בירגער־קריג; די צווייטע איז אויסגעפאַלן אין דער קורץ דויערנדיקער תקופה, וואָס איז באַקאַנט אונטערן נאָמען „נעפּ" (נייע עקאָנאָמישע פּאָליטיק). די דריטע — דערציילט וועגן דעם מצב ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה,

אָבער אין דער אַ פאַלקס־ציילונג איז אונדז ניט איבערגעגעבן געוואָרן די צאָל פון די יידישע תושבים צווישן דער אַלגעמיינער שטאָטישער באַפעלקערונג.

| יאָר | תושבים | פון זיי יידן | % פון די יידן |
|---|---|---|---|
| 1923 | 36656 | 19619 | 53.5 |
| 1926 | 51385 | 21558 | 42.0 |
| 1939 | 84078 | ? | ? (25—30%) |

פון דער טאַבעלע לערנען מיר, אַז אין רעזולטאַט פון די מלחמה־יאָרן און דעם מיליטעריש־קאָמוניסטישן פעריאָד, איז פאַרקלענערט געוואָרן די צאָל באַברויסקער יידישע תושבים אויף העכער 6000 נפשות, וואָס זענען בערך אַ פערטל פון דער צאָל יידן, וואָס זענען דאָרט געווען פאַר דער מלחמה. אַ היפשער טייל פון זיי זענען געווען פליטים; ס'רוב פון די פאַרמעגלעכע שיכטן, און אַ מינדערהייט פון זיי — ציוניסטישע יוגנט, וואָס האָט פאַרלאָזן באַברויסק און איז אַוועק אין די נאָענטסטע פוילישע שטעט, אַ טייל פון זיי, כדי צו באַזעצן זיך דאָרטן און אַ טייל, כדי פון דאָרטן אויסצוואַנדערן מעבר לים און אויך קיין ארץ־ישראל.

כדאי צו באַמערקן, אַז דער אַנטלויף פון באַברויסק איז געווען אַ סך אַ גרעסערער ווי עס זעט אויס לפי די אָנגעגעבענע ציפערן, וואָרעם אין די יאָרן פונעם בירגער־קריג האָבן זיך קאָנצענטרירט אין שטאָט פליטים, וואָס זענען געקומען פון די קליינע ישובים אין דער אומגעגנט, און ניט אַלע האָבן זיך אומגעקערט אין זייערע היימען נאָכן פאַרענדיקן זיך פון דער שווערער צייט. פרילינג 1920 האָבן זיך געפונען אין באַברויסק אַ 300 פליטים־משפחות, בתוכם אַלע תושבים פון די לאַנדווירטשאַפטלעכע ישובים סעליבאַ, איטעל און קאַוושיצי.

אין 1926 האָט זיך פאַרגרעסערט די צאָל שטאָט־תושבים און איז דערגאַנגען ביז העכער 50000, אָבער די צאָל יידן האָט זיך פאַרגרעסערט נאָר מיט 2000 נפשות בערך, און האָט אַפילו ניט דערגרייכט די צאָל פון מיט 20 יאָר צוריק, (אין 1905 האָבן געוווינט אין שטאָט 23500 יידן), אָבער נאָך וויכטיקער איז געווען די גרויסע ענדערונג, וואָס איז געקומען אין דעם רעלאַטיוון מעמד פון די יידן אין שטאָט. אַקעגן דער אַבסאָלוטער מערהייט פון דער יידישער באַפעלקערונג אין באַברויסק אין 19טן יאָרהונדערט און אין אָנהייב 20סטן, האָט זי אין 1926 געציילט נאָר 42% פון די אַלגעמיינע תושבים. מיר ווייסן ניט די צאָל יידן אין דער שטאָט אין די קומענדיקע יאָרן, אָבער אין 1939 האָבן געוווינט אין באַברויסק 84000 תושבים (אַ וווּקס פון 63% לגבי 1926), און מ'קען אָננעמען, אַז די צאָל יידן האָט זיך ניט פאַרגרעסערט אין אַזאַ טעמפאָ און זיין רעלאַטיווע וואָג איז כסדר געפאַלן און האָט אויסגעמאַכט אין 1939 ניט מער ווי אַ 30% און אפשר נאָך ווינציקער פון דעם. באַברויסק פון די דרייסיקער יאָרן האָט פאַרלאָרן איר יידישן אויסזען און איז געוואָרן אַ ווייסרוסישע קרייז־שטאָט מיט אַ קענטיקן יידישן מיעוט.

דער איבערגאַנג פון אַ יידישער מערהייט צו אַ ווייסרוסישער מערהייט איז ניט אַדורך אָן רייבונגען און צוזאַמענשטויסן, נאָר דער סאָוויעטישער רעזשים האָט אומברחמנותדיק אונטערדריקט אַזעלכע צוזאַמענשטויסן. נאָר איינצלנע קלאַנגען זענען צו אונדז דערגאַנגען וועגן אַנטיסעמיטישע אויסברוכן אין סוף פון די צוואַנציקער יאָרן. אַזוי גיט איבער דער „מינסקער אָקטיאַבר" וועגן שיכורע אַרבעטער פון דער ציגל־פאַבריק נומ' 2, וואָס זענען מיט שטעקנס באַפאַלן דורכגייענדיקע יידן, געשפאַלטן קעפ און געשריגן: „שלאָגט די יידן, ראַטעוועט רוסלאַנד". דער אָנפירער פון דער באַנדע האָט אויסגעשריגן, נאָך דעם ווי מ'האָט אים אַרעסטירט: „פיר יאָר וועל איך זיצן אין טורמע, און אַלע יידן וועל איך אויסשעכטן". זעקס פון די כוליגאַנעס זענען באַלד אויסגעשלאָסן געוואָרן פון זייער פראָפעסיאָנעלן פאַראיין, און אַ ספעציעלע קאָמיסיע האָט זיך פאַרנומען מיט אויספאָרשן דעם דאָזיקן אינצידענט.

אין ווינטער 1929 האָבן זיך באַנייט די אַנטיסעמיטישע אַוואַנטורעס אין שטאָט, איבערהויפט צווישן די אַרבעטער, וואָס האָבן געבויט די געביידע פון דעם האַלץ־קאָמבינאַט. די אַרבעטער זענען מייסטנס געווען פון די אַרומיקע דערפער, וואָס זענען געווען אָנגעזאַפט מיט יידן־שנאה. זיי האָבן זיך אָפגעזאָגט צו אַרבעטן אין אַקאָרד־גרופעס צוזאַמען מיט יידן, טענהנדיק, אַז די יידן דרייען זיך אַרויס פון דער אַרבעט. מ'האָט צוזאַמענגעשטעלט אַ באַזונדערע יידישע גרופע און ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די יידן האָבן אויסגעאַרבעט ניט ווינציקער פון די ווייסרוסן.

דעם 10טן אַפריל 1929 האָבן צוויי בוי־אַרבעטער געכאַפט אַ יידישן אַרבעטער — ניימאַן — אַריינגעשאָטן אים אויסגעלאָשענעם קאַלך אין די אויגן און

אים בלינד געמאַכט. דער דאָזיקער פּאַל האָט געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון דער מאַכט אין מינסק און אַ ספּעציעלע קאָמיסיע איז געשיקט געוואָרן אויפצוקלערן די שטימונג אין שטאָט. צווישן אַנדערע זענען אין שייכות מיטן קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם אָפּגעזאָגט געוואָרן פון זייערע שטעלעס דריי אַנטיסעמיטישע שול־לערערס.

די דאָזיקע קאַמף־מיטלען פון דער צענטראַלער מאַכט האָבן דערפירט צו דעם, אַז ס'איז פאַרשוווּנדן דער אַנטיסעמיטיזם פון דער אייבערפלאַך פון געזעלשאַפטלעכן לעבן. מען דאַרף אָננעמען, אַז דער אַנטיסעמיטיזם האָט נאָך ווייטער געווירקט אין אַ שטאָט, ווו די ווייסרוסישע תושבים זענען געוואָקסן אין צאָל פון טאָג צו טאָג, נייטיקנדיק זיך אין דירות און זייענדיק געצוווּנגען צו קעמפן פאַר זייער עקאָנאָמישן און געזעלשאַפטלעכן מעמד אין שטאָט. אָבער דער סאָוויעטישער רעזשים האָט מיט מעשים דערוויזן, אַז אַנטיסעמיטישע אַנטפּלעקונגען אידענטיפיצירט ער מיט יעדער אַנדערן קאָנטררעוואָלוציאָנערן אַקט, וואָס מען דאַרף אים אויסראָטן מיטן וואָרצל.

### 2. יידן אין דעם ווירטשאַפטלעכן איבערשיכטונג פּראָצעס און אין דער אַנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע אין שטאָט

דער גרויס־האַנדל, אַזוי ווי ער האָט זיך געפירט אין באָברויסק אין די יאָרן פאַר דער רעוואָלוציע, איז שוין פאַראַליזירט געוואָרן נאָך די יאָרן פון בירגער־קריג און איז שוין מער ניט געקומען צו זיך. דער נייער רעזשים האָט בהדרגהדיק ליקווידירט דאָס קרעמעריי און דעם קליין־האַנדל, וואָס זענען ביסלעכווייז אונטערגעגאַנגען אונטערן דרוק פון די ספּעציעלע שטייערן, ביז זיי זענען אין גאַנצן פאַרשוווּנדן צום סוף פון די צוואַנציקער יאָרן. אויף זייער אָרט זענען געקומען די קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוון פון דער רעגירונג. שוין אין יאָר 1927 האָט די קאָנסום־קאָאָפּעראַציע, וואָס צו איר האָבן געהערט אַלע מיטגלידער פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, באַשעפטיקט 222 מענטשן אין אירע קראָמען (איינגעשלאָסן צוויי געזעלשאַפטלעכע קיכן).

פאַר די משפחות, וואָס זענען מחמת די דאָזיקע ענדערונגען געבליבן אָן מיטלען צום לעבן, איז ניט געווען קיין אַנדער ברירה, ווי נאָר זוכן אַנדערע פּרנסה־מעגלעכקייטן. איינע פון די מעגלעכקייטן איז געווען לאַנדווירטשאַפטלעכע איינזידלונג אין דרום־רוסלאַנד און אין דער געגנט פון באָברויסק. מיר האָבן ניט קיין גענויע ידיעות וועגן דעם פאַרנעם, וואָס די דאָזיקע באַוועגונג האָט אָנגענומען אין באָברויסק. פון צופעליקע און אָפּגעריסענע ידיעות ווייסן מיר, אַז אין 1925 איז אויסגעטיילט געוואָרן פאַר דער יידישער לאַנדווירטשאַפטלעכער קאָלאָניזאַציע אין באָברויסקער קרייז אַ שטח פון 1200 דעסיאַטין (12000 דונאַם בערך), און אַז ס'זענען אויפגעשטעלט געוואָרן אין דער אומגעגנט פון באָברויסק אַכט ישובים: וועקער, אַרבעט, ערד, שטערן, פיאָנער, נייוועג, זאַנג, עמעס. אין וועקער און נייוועג, וואָס האָבן זיך געפונען אַ 15 ק"מ פון באָברויסק, האָבן געוווינט אין 1926 — 23 משפחות. ס'איז ניט באַוווּסט וועגן דעם מצב פון דער יידישער לאַנדווירטשאַפטלעכער קאָלאָניזאַציע אין די קומענדיקע יאָרן.

די בעלי־מלאכות (קוסטאַרן) זענען פאַררעכנט געווען פאַר אַן עלעמענט, וואָס איז מער נאָענט צום נייעם ווירטשאַפטלעכן סדר. מ'האָט זיי אויפגעפאָדערט זיך צוצופּאַסן צו די נייע באַדינגונגען סיי דורך מצמצם זיין די צאָל פון זייערע אַרבעטער און סיי דורך צושטיין צו קליינע קוסטאַרנע קאָאָפּעראַטיוון („אַרטעלן"). דער דאָזיקער פּראָצעס פון קאָנצענטרירן די בעלי־מלאכות אין אַרטעלן האָט זיך אָנגעהויבן אין 1926, און אין אָקטאָבער 1927 זענען שוין געווען אין שטאָט 70 אַרטעלן מיט 628 מיטגלידער.

צום סוף פון די צוואַנציקער יאָרן איז נאָך דער ווירטשאַפטלעכער מצב אין שטאָט געווען אַ שווערער. אינעם באַריכט פון שטאָטישן קאָמיטעט פאַר קעגנזייטיקער הילף ווערט אָנגעוויזן אויף דער נויטווענדיקייט צו געבן פּראָדוקטיווע הילף אָרעמע־לייט. מ'האָט אָרגאַניזירט אַ שוסטער־אַרטעל פון צווישן יענע, וואָס האָבן „געאַרבעט אונטערן פרייען הימל אויף קליינע טישלעך און פלעגן פאַרדינען 20 קאָפּיקעס אַ טאָג". אין דעם אַרטעל האָבן געאַרבעט 32 מאַן און זייער פאַרדינסט איז געווען פון 40 ביז 60 רובל אַ חודש. 12 פרויזן האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דעם אַרטעל פון וואָרשטן־מאַכערס; 12 פרויען האָבן זיך אָרגאַניזירט אין אַן אַרטעל צו נייען פוכענע קאָלדרעס, 14 מאַן האָבן געאַרבעט אין אַן אַרטעל צו פּראָדוצירן קראָכמאַל. 1000 רובל האָט מען צעטיילט צוזוגרייטן האַלץ צום קומענדיקן ווינטער. דער קאָמיטעט האָט

געגעבן הלוואות אויף פּראָצענט — פון 10 ביז 25 רובל — די וואָס האָבן זיך גענייטיקט אין דעם. עס איז אויך פאַרטיילט געוואָרן 964 רובל, אַלס אונטערשטיצונג פאַר אָרעמע קינדער און אַ סומע פון 700 רובל אויף מלבושים פאַר זיי.

אין 1927 האָט זיך אָרגאַניזירט אין שטאָט אַ יידישע מעדיציניש־סאַניטאַרע געזעלשאַפט („בעמסא"), וואָס האָט איבערגענומען די טעטיקייט פון דער חברה „לינת הצדק" אין די פריערדיקע יאָרן. די געזעלשאַפט האָט זיך מטפל געווען מיט 3000 מענטשן, אַ היפּשע טייל פון זיי ניט־יידן. זי האָט געגרינדעט אַן אַמבולאַטאָריע מיט אָפּטיילונגען פאַר דענטיסטיק, רענטגען, אויך לאַבאָראַטאָריעס. רפואות האָט מען געגעבן אומזיסט און דאָקטוירים האָבן געהיילט די קראַנקע אויפן חשבון פון דער געזעלשאַפט, וואָס איר טעטיקייט איז דערמעגלעכט געוואָרן אַ דאַנקביישטייערונגען פון מיטגלידער און זייער פרייוויליקער אַרבעט.

קורץ גערעדט — אין דעם צענטן יאָר פון דער סאָוויעטישער הערשונג איז נאָך אָנגעגאַנגען, הגם אין נייע ראַמען, די יידישע טראַדיציאָנעלע צדקה־אַרבעט.

שווער צו וויסן, ווי גרויס איז געווען דער אָנטייל פון די יידן אין דער אינדוסטריע, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט אין שטאָט, אָנהייבנדיק פון די צוואַנציקער יאָרן, און באַזונדערס אין די דרייסיקער יאָרן. אַ סברה, אַז יענע צווייגן, ווו יידן האָבן פאַרנומען אַ וויכטיקן פּלאַץ, ווערן דערמאָנט אַ סך מער אין די יידישסאָוויעטישע צייטונגען. אין דעם פּרט איז כדאי צו ברענגען ווי אַ מוסטער די נאָדל־אינדוסטריע, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט און, מן־הסתם, געטראָגן אַ יידישן כאַראַקטער מער ווי אַנדערע צווייגן.

אין 1924 — הערן מיר — האָט זיך אָרגאַניזירט אַ פאַראיין פון נאָדל־אַרבעטער אין באָברויסק, וואָס האָט געציילט 345 חברים. אין 1923 האָט זיך געעפנט אַ קאָלעקטיוון יידישער וואַרשטאַט, וואָס איז באַשטאַנען נאָר פון אַרבעטלאָזיקע; שפּעטער, אין יאָר 1925, איז ער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ וואַרשטאַט פאַר שניידעריי „באָברשוויי", אין וועלכן ס'האָבן געאַרבעט, אין 1927, 100 אַרבעטער. מ'האָט אויך אויפגעשטעלט אַ גרויסן וואַרשטאַט צו נייען וועש, „בעלשווייטרעסט", וואָס האָט באַשעפטיקט אין 1929 אַ 200 אַרבעטער (ס'רוב, מן־הסתם, פרויען).

אין 1930 איז פון די אַלע וואַרשטאַטן געוואָרן איין גרויסע מלוכה־פאַבריק, „באָברויסקער מלוכישע ניי־פאַבריק", און די אַרבעטער זענען אַריבער אין אַ גרויסן נייעם בנין. די דיכטערין סאַראַ קאַהאַן (שרה כהן) האָט געווידמעט אַ ליד לכבוד דער געשעעניש, פאַרגלייכנדיק די אַרבעט־באַדינגונגען פון די נאָדל־אַרבעטער פאַר דער רעוואָלוציע און נאָך איר. אין 1938 האָט די פאַבריק באַשעפטיקט 650 אַרבעטער, פון זיי 470 „סטאַכאַנאָווצעס", מייסטנס (אַ ⅔) יידן.

אַ נאָך גרעסערע אינדוסטריעלע אונטערנעמונג, וואָס האָט געהאַט אַ שם אין גאַנץ ראַטנפאַרבאַנד, איז געווען דער באָברויסקער האָלץ־קאָמבינאַט, וואָס אין אים האָבן זיך פאַראייניקט אין 1930 אַלע וויכטיקע האָלץ־פאַבריקן, צווישן זיי עטלעכע, וואָס האָבן עקסיסטירט נאָך אין די פאַררעוואָלוציע־יאָרן. דער צענטער פון קאָמבינאַט האָט פאַרנומען אַ גרויסן צענטראַלן בנין, וווהין ער האָט זיך אַריינגעצויגן אין יאָר 1930. דער בנין איז געשטאַנען אויפן ראָג פון די גאַסן קאַרל מאַרקס (פריער סטאָליפּין־גאַס) און דער סאָציאַליסטישער (פריער מוראַוויאָוו־גאַס). די תושבים פון באָברויסק וועלן אפשר קענען אידענטיפיצירן דאָס אָרט און אָנווייזן, וואָס איז געווען דאָ פאַר דער רעוואָלוציע. אין יאָר 1930 האָט דער האָלץ־קאָמבינאַט באַשעפטיקט 2000 אַרבעטער, און מען קען אָנווייזן, אַז אַ גרויסער פּראָצענט פון די אַרבעטער זענען געווען יידן. אין קאָמבינאַט האָט מען געעפנט אַן אָפּטייל פאַר באַאַרבעטן ווייסהאָלץ פאַר עקספּאָרט קיין מערבאייראָפּע. אין דעם אָפּטייל האָט מען פּלאַנירט צו אַרבעטן אין דריי שיכטן און צו באַשעפטיקן 600 אַרבעטער, איבערהויפּט פון דער יוגנט. פאַר אַ טייל פון די פאַבריק־אַרבעטער האָט מען אויסגעבויט אַ הייזערבלאָק א. נ. „פּראָלעטאַריער".

פון די איבעריקע אונטערנעמונגען דאַרף מען דערמאָנען דעם קאָמפּלעט פאַבריקן פאַר שפּייזפּראָדוקציע, צווישן זיי די פאַבריק „דער רויטער שפּייזער" („קראַסני פּישטשעוויק"), וואָס דער פאַרוואַלטער אירער איז געווען כאַזאַן (חזן); „דער רויטער מאַרמאָלאַד" — פאַר דער אויסאַרבעטונג פון קאָנפיטורן; די הייוון־פאַבריק, וואָס האָט עקסיסטירט פאַר דער רעוואָלוציע און איז שפּעטער אויסגעברייטערט געוואָרן, און די ברויט־פאַבריק.

מיר ווייסן אויך וועגן צוויי ציגל־פאַבריקן (אויך זיי, געגרינדעטע פאַר דער רעוואָלוציע), וואָס האָבן פּראָדוצירט 14 מיליאָן ציגל אַ יאָר שוין אין די צוואַנציקער יאָרן, אָבער ס'איז אָנצונעמען, אַז די אַרבעטער

אין די אָ פאַבריקן זענען כמעט אַלע געווען ניט־יידן. אויך אין דער גלאָז־פאַבריק „קאָמאינטערן", אין דער פאַבריק פאַר אייזן־גיסעריי און אין דער פאַבריק פאַר רעפעראַציע פון טייך־שיפן, איז דער רוב אַרבעטער מסתמא געווען ווייסרוסן.

סוף 1927 האָט מען זיך גענומען אויפשטעלן אַ גרויסע עלעקטראָ־סטאַציע אין באָברויסק. אַלס פאַרוואַלטער איז נאָמינירט געוואָרן דער אינזשינער א. א. ריוווקין.

איינער פון די אויסערלעכע סימנים פאַרן נייעם רעזשים איז געווען די ענדערונג פון די נעמען פון די שטאָט־גאַסן. קורץ נאָכן אָקופּירן די שטאָט האָבן שוין די הויפּט־גאַסן באַקומען נייע נעמען: סאָציאַליסטיטשעסקאַיאַ (פריער מוראַוויאָווסקאַיאַ), קאַרלאַ מאַרקסאַ (פריער סטאָליפּינסקאַיאַ), פּאַריזשסקאָי קאָמוני (פריער שאָסיינאַיאַ), אינטערנאַציאָנאַלנאַיאַ (פריער פריסוטסווענאַיאַ), קאָמסאָמאָלסקאַיאַ (פריער אַדאַמאָווסקאַיאַ) וכד׳. נאָר פּושקינסקאַיאַ איז פאַרבליבן ביים אַלטן נאָמען אונטערן סאָוויעטישן רעזשים.

## 3. די מלחמה מיטן יידישן דת

די מלחמה פון די יידישע קאָמוניסטישע קרייזן מיטן יידישן דת איז כאַראַקטעריסטיש ניט נאָר פאַר באָברויסק, אָבער מ׳דאַרף אונטערשטרייכן, אַז טראָץ דער אַנטי־רעליגיעזער הכשרה, וואָס אַ סך פון די באָברויסקער איינוווינערס האָבן באַקומען אין די רייען פון „בונד" און טראָץ דער ווולגאַרער דעמאַגאָגישער פּראָפּאַגאַנדע פון די יידישע קאָמוניסטן, וואָס האָט זיך געפירט מיט גרויס אימפּעט, דורך פאַרשטאָפּן דאָס מויל פון די קעגנערס און דערגיין זיי די יאָרן, האָבן די רעליגיעזע אינסטיטוציעס דאָך זיך געהאַלטן אין באָברויסק לענגער ווי אין אַנדערע שטעט אין סאָוויעט־רוסלאַנד. די קרייזן פון די אַטעיסטן (בעזבאָזשניקי) זענען טעטיק געווען אין יעדער פּראָפּעסיאָנעלן פאַראיין. זיי האָבן געהאַלטן רעפעראַטן, אָרגאַניזירט „אונטערנעמונגען", ווי למשל: די אונטערנעמונג פון אַוועקשענקען תשמישי־קדושה (זילבערנע לייכטער, טליתים, באַזונדערס די עטרות וכד׳) דעם מלוכישן פאָנד פאַר אינדוסטריאַליזאַציע, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן אין די ראַמען פונעם קוסטאַרן־פאַראיין אין פרילינג 1930, אַרויסגעגעבן „די רויטע האַגאָדע", וואָס איז דערשינען ערב פּסח 1924 אָדער די צייטונג „דער אַפּיקוירעס", דערשינען אין 1929 א. אַ. ליטעראַטור, וואָס האָט געוואָרפן שמוץ אויף אַלץ, וואָס איז הייליק דעם יידן.

די ערשטע טעג פונעם נייעם רעזשים זענען געווען טעג פון דעמאָנסטראַציעס און עפנטלעכע משפּטים. אין די זכרונות פון די באָברויסקער יידן ווערט דערציילט וועגן אַ „געזעלשאַפטלעכן משפּט קעגן גאָט", וואָס מ׳האָט אין יענע טעג אַראַנזשירט. „אין דער נאַכט פון יום־כיפּור — דערציילט איינער פון די בעלי־הזכרונות, אליהו קאַפּלאַן — האָט דער קאָמסאָמאָל אָרגאַניזירט אַ דעמאָנסטראַציע מיט פאַקעלן און מיט פּלאַקאַטן „מיר דאַרפן ניט קיין גלחים און רבנים". די דעמאָנסטראַציע, וואָס אין איר האָבן זיך באַטייליקט נאָר יידן, האָט זיך פאַרהאַלטן ביים בית־המדרש פון הרב שניאורסאָן אויף דער אַדאַמאָווסקע־גאַס, וואָס איז געווען פול מיט מתפּללים, און אַ האַלבע שעה האָט מען געהאַלטן רעדעס, וואָס האָבן אויפגעטרייסלט די מתפּללים. אין יענעם אָוונט האָט מען פונאַנדערגעקלעפּט מודעות אין אַלע גאַסן, אַז אַ סך רעסטאָראַנען וועלן יום־כיפּור שטיין צו דער דינסט פון דער פּראָגרעסיווער יוגנט, וואָס האָבן פאַרלאָזן אַלע זאַבאָבאָנעס".

דעם 24סטן יוני 1922 האָט מען אָרגאַניזירט אין שטאָט אַ „קינדער־דעמאָנסטראַציע" קעגן חדר, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט, ווי דער „עמעס" גיט אָן, העכער 2000 קינדער, וואָס האָבן געטראָגן רויטע פאָנען מיט אויפשריפטן: „נידער מיטן חדר, נידער מיטן רבין און זיין קאַנטשיק, זאָל לעבן די סאָוויעטישע שול!" אין שפּיץ פון דער דעמאָנסטראַציע האָבן מאַרשירט די חברים פון דער „קאָמיסיע צו שליסן די חדרים". ס׳איז איבעריק צו זאָגן, אַז גאָר גיך האָט דער חדר געמוזט אַראָפּגיין אין אונטערגרונט.

אַ לאַנגער קאַמף איז אָנגעגאַנגען וועגן די בתי־מדרשים. אין מאַי 1927 קלאָגט זיך איינער פון די קאָרעספּאָנדענטן אין מינסקער „אָקטיאַבר", אַז אין בית־מדרש פון די שניידערס האָט מען מיט גרויס שמחה אַריינגעבראַכט אַ נייע ספר־תורה, „געווען קלעזמערס און דער עולם האָט געטאַנצט". אַן אַנדער קאָרעספּאָנדענט קלאָגט זיך ביטער אויף די באַזוכן פון חזנים און אַפילו מגידים אין שטאָט.

אין פרילינג 1928 איז אָפּגעדרוקט אַ קאָרעספּאָנדענץ אין אַ מאָסקווער צייטונג, אַז אין באָברויסק

איז נאָך דאָ פערציק בתי־מדרשים, און אַז פאַרזאַמלונגען פון אַרבעטער און באַאַמטע זענען פאַרגעקומען און געפאָדערט איבערגעבן אַ טייל פון זיי צו אַרבעטער אין שטאָט פאַר וווינונגען און קלובן. אין אַפריל 1928 האָט דער שטאָט־ראָט באַשלאָסן צו שליסן 14 בתי־מדרשים, אָבער — קלאָגט זיך דער יעווסע־קישער קאָרעספאָנדענט — דער דאָזיקער באַשלוס ווערט ניט דורכגעפירט אין לעבן.

אין 1930 לייענען מיר וועגן אַ באַשלוס פון דעם פראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון די בוי־אַרבעטער צו רעקווירירן אַ בית־מדרש פאַר אַ פאַראיין־קלוב, אָבער דער דאָזיקער באַשלוס האָט אָנגעטראָפן אויף אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד מצד די מתפללים — און דער קאָרעספאָנדענט באַקלאָגט זיך, אַז דער פאַראיין האָט ניט קיין הילף מצד די געזעלשאַפטלעכע אינסטאַנצן.

אַ סברה, אַז אַ סך פרומע יידן, צווישן זיי ניט ווייניק בעלי־מלאכות, אַרבעטער און מיטגלידער פון פראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, האָבן שווער געקעמפט פאַרן קיום פון די בתי־מדרשים, אָבער דער פיינדלעכער רעזשים האָט דערגרייכט זיינס: בתי־מדרשים זענען קאָנפיסקירט געוואָרן און אויף זייער פלאַץ זענען געקומען קליינע מנינים, האַלב־לעגאַלע און אומלעגאַלע. אין די דרייסיקער יאָרן ווערט קלענער די צאָל אָנקלאַגעס פון דעם מין אין דער יידישער קאָמוניסטישער פרעסע.

אין 1930 אַליאַרמירט נאָך דער „ראַבקאָר" (אַרבעטער־קאָרעספאָנדענט), אַז אין די קראָמען פון דעם קאָנסום־קאָאָפעראַטיוו זענען פאַראַן „קאָשערע ווינקלען", וווּ מען פאַרקויפט כשרן ווורשט, און ער פאָדערט אָנצונעמען האַרבע מיטלען קעגן אָט דעם דורכברוך אין דער מויער פון באָברויסקער סאָציאַליזם. לויט אַן עדות־זאָגן, איז צום סוף פון די דרייסיקער יאָרן איבערגעבליבן איין בית־מדרש אין שטאָט — די שול פון די בוי־אַרבעטער (די בויערשע שול) אין ווינפערטל סלאָבאָדאָ. אין דעם בית־מדרש האָט געדאַוונט הרב שמואל בעספאַלאָוו, וואָס האָט זיך אַריינגעצויגן אַהער און געוווינט אין אַ קליין חדרל. אַ סך יידן פון אַלע טיילן פון שטאָט פלעגן קומען אין די יום־טובים דאָ מתפלל זיין. לויטן זעלביקן עדות, האָט אין סלאָבאָדאָ געוווינט אַ שוחט און מוהל, וואָס האָט געטאָן זיין אַרבעט אין אונטערגרונט.

אַ סך יאָרן האָט ממשיך געווען זיין טעטיקייט אויך שמואל אַלעקסאַנדראָוו, וואָס האָט פון באָברויסק זיך געוואָנדן צו אַלע רבנים אין רוסלאַנד, צו פאַרשפרייטן די קענטשאַפט פון יידנטום און די געטריישאַפט צו אים צווישן די יידישע פאָלקס־שיכטן. ער האָט געגרינדעט אין די צוואַנציקער יאָרן אַ חברה „אוהבי־תורה", וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט אָרגאַנִיזירן אין באָברויסק און אין די אַרומיקע שטעטלעך קרייזלעך, וואָס זאָלן „איינשטעלן שעהען פאַר תורה־לערנען און דינגען אַ רב ומורה, וואָס זאָל זאָגן פאַר זיי אַ שעור אין גמרא, אין משניות אָדער אין אגדה יעדן טאָג". אין איינעם פון זיינע בריוו האָט ער געשריבן: „דאָס איינציקע, וואָס איז מיר פאַרבליבן פון מיין גאַנצער מי און מאַטערניש, איז אַז איך זאָל קענען לערנען תורה מיט יידן אין דער שווערער צייט" — און ער האָט מעורר געווען די עלטערן זיי זאָלן דינגען מלמדים פאַר זייערע זין. ווייזט אויס, אַז אַלעקסאַנדראָוו האָט די דאָזיקע עבודה געטאָן די גאַנצע צייט, הגם אין קרייזן, וואָס האָבן זיך איינגעשרומפט פון יאָר צו יאָר, ביז ער איז אומגעבראַכט געוואָרן אין דער צייט פון דער נאַצישער הערשאַפט.

ווייזט אויס, אַז די רעליגיעזע טראַדיציע האָט זיך אויפגעהיטן אין אַ סך יידישע משפחות אויך אין די לעצטע דרייסיקער יאָרן, ניט געקוקט אויף דעם וואָס די גאַס איז באַהערשט געוואָרן פון דער אָפיציעלער אַפיקורסות.

דאָס איינמאַליקע בלעטל „דער אַפיקוירעס", וואָס דער „קרייז־ראָט פון אַפיקאָרסים־פאַרבאַנד" האָט אַרויסגעגעבן לכבוד דעם יום־טוב פסח תרפ"ט (1929), גיט אונדז אַ מעגלעכקייט אַריינצובליקן אין דעם וואָס עס האָט זיך געטאָן אין באָברויסק אין יענער צייט. דאָס בלעטל איז פול מיט גבורה־ און נצחון־דערציילונגען: די בתי־מדרשים שטייען ליידיק, דער בית־מדרש פון די קצבים אויף אַלכאָוויקע־גאַס איז איצט אַ קלוב פאַר שניידערס און שוסטערס, דער סטאַראָסיעלער בית־מדרש איז שוין העכער אַ יאָר אַ קלוב פאַר די האָלץ־אַרבעטער, וואָס האָבן אינוועסטירט 40,000 רובל אין רעפערירן און צוגרייטן אים צו זיין נייער אויפגאַבע. 600 חברים פון דעם האַנטווערקער־פאַראיין אין באָברויסק האָבן דערלאַנגט אַ פעטיציע איבערצוגעבן זיי איינעם פון די בתי־מדרשים, איינצואָרדענען דאָרט אַ קלוב פאַר זייער פאַראיין.

דעם 6טן אַפריל האָבן די האַנדלס־אָנגעשטעלטע גערופן אַ פאַרזאַמלונג פון די אַפיקורסים אין זייער קלוב. עס זענען געקומען אַ 300 יידן און ווייסרוסן און

מען האָט באַהאַנדלט צווישן אַנדערע די אַקציע קעגן פּסח (אַנטי־פּייסעך־קאַמפּאַניע).

צום סוף ברענגט דאָס בלעטל אַ ליד פון אַ יידיש מיידל שרה כהן (סאַראַ קאַהאַן), וועלכע איז אין אַ צייט אַרום געוואָרן אַן אָנערקענטע סאָוויעטיש־יידישע דיכטערין. דער שיר גופא איז גראָד ניט קיין געוואַלדיקע פּאָעזיע, אָבער צוליב דעם אמת, וואָס ער דריקט אויס, איז כדאי צו ברענגען אים דאָ. דורך דעם פריידיקן נצחון פון אַן אויפגעהעצטער יוגנט, רייסט זיך אַדורך די טראַגעדיע פון דעם אַלטן דור, וואָס זיינע קינדער זענען פון אים אָפּגעריסן געוואָרן דורך דער שטאַרקער האַנט פון דער נייער ווירקלעכ־קייט — און אָט איז דאָס ליד אין זיין פולן טעקסט:

### ביי סדר אליין

ס'האָט פאַרגעסן היינט רב זלמן
אָף דעם שיינעם גרויסן אַלמער,
וואָס ער האָט דורך נעכט געמאַכט —
ערשט נעכטן אויף דער נאַכט
אים פאַר האַלב אומזיסט פאַרקויפט.
ניט אויף שיך און ניט אויף ברויט,
נאָר צוליב דעם ליבן פּסח,
מצה, מרור און חרוסת
האָט ער היינט אין שטיבל, אַלץ —
מצה, פיש, פלייש און שמאַלץ.
וויַין דריי פלעשלעך גאָר אַ פרימע
מיט אַ כשרינקער חתימה.
און זיין שפרינצע איז צעהיצט,
אַזוי פיל כוחות היינט פאַרניצט,
נאָר אַרויס איז אַלץ געראָטן,
די יויך מיט פעטס פאַרגאָסן
און די פּסחדיקע פיש
איז אַ מאכל צוקער־זיס.
אַלץ פאַרטיק, אַלץ גרייט.
די זון אין וויַיטן רוים פאַרגייט,
באַלד איז אויך דער סדר,
נאָר ס'פעלט נאָך וואָס אין חדר.
ס'הייבט רב זלמן אָן צו קלערן,
דוכט זיך, אַלץ ווי געהעריק?
וואָס פעלט זשע? האַ! — די קינדער.
דאָס איז טאַקע גאָר אַ וווּנדער,
נאָך ערשט נעכטן מיט טאַטע־מאַמען
געגעסן וועטשערע צוזאַמען,
און היינט? אין יאָנטעווודיקער שעה
איז קיין איינער דאָ ניטאָ...
זיצט רב זלמן אַ צעמישטער,
די וויַין פאַרגיסט זיך אויפן טישטעך,
די פיש פאַרלאָרן האָט דעם טעם,
די קניידלעך ביטערע ווי סם,
די הגדה ליגט אַנטקעגן,
אַ צעקנייטשטע, ווי פון רעגן,
אין ווינקל זיצט פאַרכמורעט שפרינצע
און די ליכטלעך ברענען פינצטער,
אַ פוסטקייט רוקט זיך אום אין חדר
און צעשטערט דעם אַלטן סדר.

## 4. דאָס אַרויסגעבן ספרים פון רעליגיעזן כאַראַקטער

אַ באַזונדער קאַפּיטל איז געווען דאָס אַרויסגעבן און דרוק ספרי־קודש אין באָברויסק, כמעט ביז סוף פון די צוואַנציקער יאָרן. אַ דאַנק דער איניציאַטיוו און עקשנות פון דעם לאַנג־יאָריקן מוכר־ספרים יעקב הכהן גינזבורג, איז ווייטער אָנגעגאַנגען דאָס דרוקן סידורים, תהילימס, הגדות וכדומה, אויך נאָך דעם ווי ס'איז איבערגעריסן געוואָרן דאָס דערשיינען פון גע־דרוקטע העברעישע ספרים כמעט אין אַלע ווינקלען פון ראַטנפאַרבאַנד. גינזבורג האָט געוואַגט אויסצונוצן דאָס סאָוויעטישע געזעץ, וואָס האָט קיין איין מאָל ניט פאַרבאָטן בפירוש דאָס דרוקן ספרים פון אַ רעלי־גיעזן כאַראַקטער, און האָט געפונען וועגן גובר צו זיין אַלע שטערונגען וואָס די אַדמיניסטראַציע האָט אים געמאַכט. אַזוי ווי ס'איז שווער געווען אַרויסצובאַקומען אַ דערלויבעניש אויף אַ גרעסערן קוואַנטום פּאַפּיר אויף צו דרוקן די דאָזיקע יוצאי־דופנדיקע ספרים, האָט גינזבורג געדרוקט די ספרים פון אַלטע מאַטריצן, נאָך פון פאַר דער רעוואָלוציע־עפּאָכע, און ניט באַר אויף איין אָרט, נאָר אין עטלעכע שטעט. לויט ידיעות, וואָס זענען דערשינען אין דער סאָוויעטישער פרעסע אין די יאָרן 1928—1929, האָט גינזבורג געדרוקט זיינע ספרים אין באָברויסק, מינסק, סלוצק און אויך אין דער ווייטער פּאָלטאַווע, ווו מיט אים האָט מיטגע־אַרבעט דער פאַרלעגער א. מ. ראַבינאָוויטש, דער זון פון ר' עקיבא ראַבינאָוויטש (דער בעל „המודיע").

לויט דער „קאָמסאָמאָלסקאַיאַ פּראַוודאַ", האָט גינזבורג אָפּגעדרוקט אין די צוויי יאָר, 1927 און 1928, בערך 100,000 עקזעמפּלאַרן פון ספרי־קודש. „צו זיין דינסט — שרייבט די צייטונג — שטייען געשיקטע בוכהענד־לערס וואָס שטעלן צו זיינע ביכער דירעקט צו די גלייביקע. קיין שום אַגענט פון אונדזערן אַ פאַרלאַג וועט ניט קענען קאָנקורירן מיט זיי אין דער געשיקט־קייט צו פאַרשפּרייטן זיינע ביכער". אַ יאָר נאָך דעם האָט דער באָברויסקער „אַפּיקוירעס" שטאַרק פּראָ־טעסטירט, הלמאי די מאַכט־אָרגאַנען שטעלן צו פּאַפּיר גינזבורגן און דערלויבן אים פירן זיין קאָנטררעוואָ־לוציאָנערע טעטיקייט. „איר קענט אים טרעפן — טענהט דער אַנאָנימער מסור — אין אַלע העכערע אינסטיטוציעס אין אוקראַינע, ווו ער פאָדערט אַ דער־לויבעניש צו דרוקן זיינע סידורים אין דער מלוכה־

דרוקעריי אין פאָלטאַווע; איר קענט טרעפן יאַנקעלען אין כערסאָן, ווו ער דרוקט די הגדה פאַר זיין פסח; איר קענט אים טרעפן, יאַנקעלען, אין לענינגראַד, ווו ער קויפט איין פאַפיר — אין גאַנץ ראַטנפאַרבאַנד וועט איר אים געפינען, יאַנקעלען". און באַלד קומען פראַקטישע פאָרשלאָגן: אָפשטעלן די הנחות, וואָס גינזבורג באַקומט אויף דער פאָסט ביים איבערשיקן זיינע ביכער; פאַרבאָטן אים צו פאַרקויפן ביכער אין יידיש און רוסיש, און, דערעיקרשט, אַרויפלייגן אויף אים שווערע שטייערן, וואָס זאָלן אים ענדגילטיק ליקווידירן... און ווירקלעך, גאָר גיך האָט זיך געענדיקט גינזבורגס „פאַרלעגערישע" טעטיקייט. סוף תרפ"ח (1928) איז דערשינען זיין לעצטער ספר „לוח לשנת תרפ"ט", וואָס איז, אגב, דער לעצטער העברעישער ספר, וואָס איז דערשינען אין דער סטאַלין־תקופה אין גאַנצן ראַטנפאַרבאַנד.

אין באָברויסק זענען דערשינען אין יאָר 1928 די צוויי העפטן פון דעם זאַמלבוך „יגדיל תורה" וועגן „חדושי תורה פלפולים און הלכה", וואָס די רבנים יחזקאל אַבראַמסקי פון סלוצק און ש. י. זייווין פון נאָוואָזיבקאָוו האָבן אַרויסגעגעבן. דאָס באַקומען אַ דערלויבעניש אויף אַרויסגעבן דאָס זאַמלבוך איז אַ גרויסער ווונדער און לאָזט זיך נאָר דערקלערן מיט דער נויטווענדיקייט פאַר דער צענטראַלער סאָוויעטישער מאַכט צו באַווייזן די יידן אין חוץ־לאָרץ, און באַזונדערס אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אַז עס עקסיסטירט אין ראַטנפאַרבאַנד פרייהייט פון רעליגיע לגבי די יידן — און נאָך דעם ווי די צוויי העפטן זענען אַרויס פון דרוק און מען האָט זיי געקענט ווייזן די יידן פון אויסלאַנד, וואָס האָבן באַזוכט דעם ראַטנפאַרבאַנד, האָט מען אָפגעשטעלט דאָס דערשיינען פון דעם זאַמלבוך, לויט אַ ספעציעלן באַפעל.

על־כל־פנים האָט באָברויסק זוכה געווען צו זיין די לעצטע, ווו ס'איז אויסגעלאָשן געוואָרן דער לעצטער גליענדיקער פונק פונעם געדרוקטן העברעישן וואָרט אין ראַטנפאַרבאַנד, נאָך אַ 10־יאָריקער גסיסה.

## 5. דערשטיקונג פון דער ציוניסטישער באַוועגונג

אויבנאויפיק האָט די ציוניסטישע באַוועגונג באַקומען אַ שווערן קלאַפ נאָכן אָקופירן די שטאָט דורכן קאָמוניסטישן רעזשים, וואָס האָט געזען אין איר די פאַרקערפערונג פון קאָנטררעוואָלוציע אויף דער יידישער גאַס, ווען אַ סך פון דעם מיטעלן און פאַרמעגלעכן שטאַנד האָבן פאַרלאָזן די שטאָט און גרופעס פון די ערשטע חלוצים האָבן עולה געווען קיין ארץ־ישראל צום סוף פון בירגער־קריג. אָבער אין גיכן האָבן זיך געפונען מענטשן, וואָס האָבן ממשיך געווען די ציוניסטישע טעטיקייט, בעיקר צווישן דעם יונגן דור. אַ טייל פון זיי האָבן, ווי זייערע ברידער און קרובים, עולה געווען קיין א"י און די איבעריקע האָבן געפונען זייער וועג צו דער באַוועגונג אויס פראָטעסט קעגן דעם נייעם רעזשים, וואָס האָט זיך פאַרלייגט חרוב צו מאַכן דאָס יידנטום און אויפצווינגען אויף די יידן אַ פרעמדע און ווייטע קולטור. אַ סך פון זיי זענען פריער געווען תלמידים פון „חדר מתוקן", וואָס האָט איינגעוואָרצלט אין זיי ליבשאַפט צו דער העברעישער שפראַך און צו אַלץ וואָס איז מיט איר פאַרבונדן.

די ציוניסטישע אַרבעט האָט זיך געפירט אין פאַרשיידענע ריכטונגען. אַזוי, למשל, איז באַנייט געוואָרן די טעטיקייט פון „מכבי" — וואָס די מאַכט האָט אים ליקווידירט — אונטער דער מאַסקע פון אַ „ספאָרט־קלוב". דער אַ כשרער קלוב, וואָס האָט באַקומען פון דער מאַכט אַ סאָוויעטישן פאַכמענישן אינסטרוקטאָר, האָט פאַרנומען דעם ערשטן פלאַץ צווישן די ספאָרט־קלובן אין שטאָט. ער האָט איינגעאָרדנט אָוונטן און דווקא חנוכה אָדער אין אַנדערע יידישע יום־טובים. דער קלוב איז געווען אַ צוציונג־פונקט פאַר די יידישע יוגנטלעכע, וואָס אַ סך פון זיי, וועלכע זענען ראוי געווען דערצו, האָט מען מיטבאַטייליקט אין דער ציוניסטיש־חלוצישער אונטערגרונט־אַרבעט.

די אונטערגרונט־אַרבעט האָט זיך געפירט אין ענגע קרייזן, וואָס זענען מיינסטנס געווען פאַרבונדן מיט די צוויי טיילן פונעם אַלרוסישן „החלוץ", דעם לעגאַלן און אומלעגאַלן (דער לעגאַלער „החלוץ" האָט באַקומען דאָס רעכט צו פירן זיין אַרבעט נאָר אין די קהילות פון סאָוויעטישן רוסלאַנד: אין ווייסרוסלאַנד און אוקראַינע איז אים געווען פאַרבאָטן יעדע טעטיקייט).

עס האָבן אויך עקסיסטירט יוגנט־קרייזן ביים „החלוץ" און אין די ראַמען פון דער ציוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „קדימה" (וואָס האָט זיך אַנגעשלאָסן אין 1924 אין דער „פאַראייניקטער אָרגאַניזאַציע פון ציוניסטישער יוגנט אין רוסלאַנד"). ביים „השומר הצעיר" (געגרינדעט אין רוסלאַנד אין מאַי 1922 אַלס ציוניסטישע סקויטן־אָרגאַניזאַציע) און ביים

„פֿאַרבאַנד פון יידישער סאָציאַליסטישער יוגנט" (א. ס. י. פ.) וכדומה. די אַלע אָרגאַניזאַציעס האָבן געציילט ניט מער ווי עטלעכע צענדליק מיטגלידער, וואָס זענען געווען איינגעטיילט אין גרופּעס פון 5—6 חברים.

די טעטיקייט — לייענען ציוניסטישע ליטעראַטור, געשפּרעכן, הדרכה־אַרבעט צווישן קינדער און יוגנט — האָט מען געפירט אין די וועלדער פון יענער זייט בערעזינאַ, אויף שיפלעך, וואָס זענען געשווּומען אויף דער בערעזינאַ, און אין פּריוואַטע הייזער פון סימ־פּאַטיקערס און פון ציוניסטן פונעם אַלטן דור.

ניט לאַנג האָט געדויערט און עס האָבן זיך אָנ־געהויבן אַרעסטן, געריכטן און גירושים קיין צפון־רוסלאַנד, סיביר און טורקעסטאַן. די ערשטע אסירים האָבן געהאַט דאָס גליק צו באַקומען, נאָך אַ געוויסער צייט, אַרויספאָר־דערלויבענישן קיין ארץ־ישראל. אין די יאָרן 1924—1925 איז דערמעגלעכט געוואָרן אַ לעג־גאַלע עליה און עטלעכע משפחות פון באָברויסק און דער סביבה האָבן אויסגענוצט די געלעגנהייט און האָבן עולה געווען קיין ארץ־ישראל.

סוף צוואַנציקער יאָרן האָט אויפגעהערט יעדער אָרגאַניזירטע ציוניסטישע אַרבעט אין שטאָט, און נאָר איינצלנע, וואָס זייער צאָל איז, זעט אויס, ניט קליין, האָבן געטראָגן אין האַרצן דעם זכר פון ארץ־ישראל, ניט וואָגנדיק אָבער צו פירן אַ וועלכע ס'איז טעטיקייט אין דער אַטמאָספער פון טעראָר, וואָס האָט זיך אַלץ מער געשטאַרקט כלפּי יעדער מין אַנטפּלעקונג פון יידישער זעלבשטענדיקייט.

## 6. די אָרגאַניזאַציאָנעלע און קולטורעלע אויפטוען פון דער „יעווסעקציע"

אויף די חורבות פון דער יידישער קולטור, דער רעליגיעזער און נאַציאָנאַלער, האָבן די יידישע קאָמו־ניסטן זיך באַמיט אויפצושטעלן אַ יידיש־סאָוויעטישע קולטור. אין באָברויסק, מיט איר יידישן ישוב, האָבן זיי לכאורה געפונען דעם אידעאַלסטן אָרט פאַר זייער אַרבעט. אַ גרויסע אונטערשטיצונג האָבן די קאָמו־ניסטן געהאַט מצד דעם „בונד", וואָס אַ גרויסער טייל זיינער האָט זיך פאַרבונדן בלב ונפש מיט דער קאָמו־ניסטישער פּאַרטיי און מיט די אָרגאַניזאַציעס, וואָס געהערן צו איר.

אַן אינטענסיווע אָרגאַניזאַציאָנעלע־ און קולטור־טעטיקייט האָט זיך געפירט צווישן די בעלי־מלאכות (קוסטאַרן — אין לשון פון נייעם רעזשים) און אַרבע־טער. די אַרבעט האָט ניט ווייניק געליטן פון דעם, וואָס עס האָבן אויסגעפעלט ספּעציאַליסטן, ווייל אַ סך פון זיי זענען אַוועק פון באָברויסק, ווער קיין אויס־לאַנד און ווער אין די גרויסע צענטערס — מינסק און מאָסקווע.

אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען זענען אויפ־געקומען קאָמוניסטישע קעמערלעך: קעמערלעך פון קאָמוניסטישער יוגנט, קעמערלעך פון „אַפּיקאָרסים" וכדומה. עס זענען אַנטשטאַנען קלובן אין יעדער פּראָ־פעסיאָנעלן פאַראיין.

אין איר פּראָפּאַגאַנדע האָט די „יעווסעקציע" זיך געשטיצט אויף די אָרעמע פאָלקס־שיכטן, די בעלי־מלאכות און אַרבעטער, וואָס הגם זיי האָבן ניט זוכה געווען תיכף ומיד צו אַ גן־עדן אויף דער ערד, איז אָבער קענטיק פאַרבעסערט געוואָרן זייער געזעל־שאַפטלעכער מעמד — און אַ בעסערע צוקונפט איז


פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פאַראייניקט זיך!

אנהייב

ליטעראַרישע זאַמלונג
פון ליטגרופּע
„יונגער אַרבעטער"

באָברויסק
(ווייסרוסלאַנד)
1927

מאסף ספרותי קומוניסטי שיצא לאור בבוברויסק
אַ קאָמוניסטישער ליטעראַרישער זאַמלבוך, אַרויסגעגעבן אין באָברויסק

פאַרזיכערט געוואָרן, אויב ניט זיי, איז זייערע קינ־דער...

אין דעם ליטעראַרישן זאַמלבוך פון אַ קרייז „יונגע אַרבעטער", וואָס איז דערשינען אין באָברויסק אין יאָר 1927 א.נ. „אָנהייב", איז געווידמעט אַ גרוי־סער טייל דער שילדערונג פונעם שווערן לעבן פון די אָרעמע פאָלקסמאַסן אין דער פאַררעוואָלוציאָנערער תקופה. אַ צענטראַלן אָרט פאַרנעמט אין דעם זאַמלבוך די פּאָעמע פון לעווין „סלאָבאָדאַ", וואָס אין איר ווערט געשילדערט די אָרעמקייט פון דעם באַקאַנטן „אָרעמ־קייט־קוואַרטאַל אין באָברויסק", אין פאַרבן, וואָס דער־מאָנען דאָס „אָרעמקייט־ליד" פון ח. נ. ביאַליק.

פאַר דער יוגנט איז געווען קלאָר, אַז דער איינ־ציקער וועג, וואָס קען זיי פאַרזיכערן אַ צוקונפט אין לעבן, איז גיין אין שפּאַן מיט דעם נייעם רעזשים. דאָס אַלטע — די רעליגיע, דער ציוניזם — איז אָרעם, דערשלאָגן, האָפענונגלאָז. און דער יונגער פּאָעט הענעך שווועדיק האָט עס אויסגעדריקט אין איינעם פון זיינע לידער:

„מיין טאַטע ציט מיך צו דער ערד / ער לאָזט ניט שטייגן מיך / ער לאָזט ניט וואַקסן". און נאָך דעם ווי דער פּאָעט קומט צום געדאַנק, אַז זיין פּאָטער סימבאָליזירט ניט עפּעס אַנדערש, ווי נאָר דעם טויט, וואַרפט ער אים אַריין אין אָפּגרונט, און פילט זיך פריי פון דעם עבר־באַלאַסט: „און ס'ווערט מיר אַזוי גרינג — ס'איז פריי". און דאָך פאַרענדיקט זיך דאָס ליד מיט אַ שורה, וואָס זאָגט עדות דערויף, אַז אַ פאַר־באָרגענער ווייטיק דריקט אויף דער נשמה פונעם פּאָעט:

„מיין טאַטע קייקלט זיך אַ שטומער אינעם אָפּ־גרונט"...

אין די דרייסיקער יאָרן ציט זיך איין דער „אי־דעאָלאָגישער" גאַרטל. אין אָנהייב האָט מען געפירט אַ רייניקונג־אַקציע קעגן געוועזענע „ציוניסטישע עלעמענטן", זיי ווערן אַרויסגעוואָרפן פון אַלע שליסל־פּאָזיציעס אין קוסטאַרן־אַרטעלן און אַלגעמיינע געזעל־שאַפטלעכע אינסטיטוציעס, און די פרעסע רופט אַרויסצורייסן מיטן וואָרצל דעם „יידישן שאָוויניזם"; שפּעטער ווערט געפירט אַ פּראָפּאַגאַנדע צו פאַרדאַמען דעם „בונד" ווי אַן אַנטי־רעוואָלוציאָנערן פאַקטאָר — דאָס איז געווען אַ זייער וויכטיקער ענין, אָבער גאָר ניט קיין לייכטער אין אַזאַ געוועזענעם בונדישן צענ־טער, ווי באָברויסק, ווו אַ גרויסער טייל פון די אַק־טיווע טוערס אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי איז געקומען פון די בונדישע רייען.

כאַראַקטעריסטיש פאַר דער דאָזיקער אַקציע איז אַ קאָרעספּאָנדענץ, געשריבן אין „עמעס" אָנהייב 1934, וועגן אַ סקאַנדאַל, וואָס איז פאָרלאָפן אין דער שטאָט־ביבליאָטעק, ווען מען האָט אַרויסגעגעבן איינעם אַ לייענער די ביכער פון די קאָנטררעוואָלוציאָנערע בונדיסטן מעדעם און מיכאַלעוויטש. דער ביבליאָטע־קאַר, באַשולדיקט אין „בונדישער קאָנטראַבאַנדע", איז אָפּגעזאָגט געוואָרן פון זיין אַמט, און די „לעניניש־ע ריינקייט" איז צוריקגעשטעלט געוואָרן. אַ קאָמיסיע פון לערערס האָט זיך גענומען קאָנטראָלירן די ביכער אין דער ביבליאָטעק און אַרויסגעוואָרפן אַלע „פּסולע" ביכער.

אַ מעגלעכקייט צו ברענגען צום אויסדרוק וועלכע ס'איז נאַציאָנאַלע געפילן איז געגעבן געוואָרן די יידן פון באָברויסק אין אָנהייב פון די דרייסיקער יאָרן אין שייכות מיט דער אַקציע אויפצושטעלן אַ יידישן אויטאָנאָמען ראַיאָן אין ביראָבידזשאַן. מיר ווייסן, אַז יוגנטלעכע פון באָברויסק (צווישן זיי דער יונגער פּאָעט הענעך שווועדיק) זענען געווען צווישן די ביראָ־בידזשאַנער חלוצים. די אָפּטיילונג פון אזע"ט (וואָס האָט געגעבן הילף פאַר ביראָבידזשאַן) אין באָברויסק, איז געווען צווישן די אַקטיוועסטע אין ווייסרוסלאַנד. זי האָט געפירט אַן אויפקלערונג־ און פּראָפּאַגאַנדע־אַרבעט סיי אין די פאַבריקן, סיי צווישן דער יוגנט און אין די שולן. מיט דער ליקווידירונג פון אזע"ט אין 1938 האָט זיך געענדיקט די יידישע געזעלשאַפט־לעכע טעטיקייט אין באָברויסק.

### 7. די יידישע שולן

אויפן אָרט פון די „חדרים", וואָס מ'האָט געשלאָסן, איז אַנטשטאַנען אין שטאָט אַ נעץ פון יידישע שולן, און שוין אין לערן־יאָר 1924/25 זענען געווען אין באָברויסק 12 יידיש־סאָוויעטישע שולן, מיט 1775 תל־מידים. צוויי יאָר נאָך דעם איז זייער צאָל געשטיגן ביז 2400. אַ שאָד, וואָס מיר האָבן ניט די צאָלן לגבי די קומענדיקע יאָרן. אָבער ס'איז קלאָר, אַז אין באָב־רויסק און אומגעגנט האָבן זיך די שולן געהאַלטן לענגער ווי אין אַנדערע שטעט, ווייל די ווייסרוסישע שול האָט ניט געקענט קאָנקורירן מיט זיי. אסתר פעלדמאַן דערציילט אין אירע זכרונות, אַז נעמענדיק

אויף זיך אין אינסטיטוט פאַר „וויסנשאַפטלעכער פאָר־
שונג פון די ניט־רוסישע שולן אין ראַטנפאַרבאַנד״,
אין מאָסקווע, צו שרייבן אַ דיסערטאַציע אויף דער
טעמע „דער מצב פונעם לערער אין דער יידישער
פאָלקסשול״, איז זי אַוועק קיין מינסק און דאָ האָט
דער פאַרוואַלטער פון דער יידישער שול, איינע פון
די ווינציק נאָך פאַרבליבענע אין שטאָט, איר געעצהט
„אַריבערפאָרן אין קרייז און צוגרייטן זיך אין די
אָרטיקע שולן, אין יענע ראַיאָנען, וווּ יידיש איז נאָך
געווען די הערשנדיקע שפּראַך״, און לויט זיין עצה
איז זי אַוועק אין באָברויסקער קרייז...

אין דער סאָוויעטישער אָפיציעלער פּרעסע געפי־
נען מיר, אמת, גוטע ידיעות וועגן דעם מצב פון דער
יידיש־סאָוויעטישער דערציונג, און אין „עמעס״ פון
סעפּטעמבער 1936 ווערט דערציילט וועגן אַ באַזוך
אין אַ יידישער שול א. נ. פון סטאַלין, וואָס איז אויס־
געבויט געוואָרן אין יענעם יאָר און איר פאַרוואַלטער
איז „חבר כיניטש״. לויט דער רשימה האָבן דאַן
געלערנט אין די יידישע שולן 3000 קינדער פון די
12000 תלמידים אין שטאָט, אָבער ווייניקער ווי אין
אַ יאָר אַרום לייענען מיר אין „עמעס״, אַז אין באָב־
רויסק זענען געשלאָסן געוואָרן יידישע גרופּעס אין
די קינדער־גערטנער און די יידישע קינדער זענען
אַריבערגעפירט געוואָרן אין רוסישע און ווייסרוסישע
קינדער־אַנשטאַלטן. אַפילו אין דער ניי־פאַבריק, וווּ
עס האָבן געאַרבעט הונדערט יידישע אַרבעטער, איז
געשלאָסן געוואָרן דער יידישער קינדער־גאָרטן, אויף
דער איניציאַטיוו פון דער פאַרוואַלטערין, וועלכע האָט
צוגערעדט די עלטערן זיי זאָלן פאַרלאַנגען אַריבער־
צופירן זייערע קינדער אין דעם רוסישן קינדער־גאָרטן.

אַן אַנדער עדות דערציילט, אַז אין 1939 האָט מען
געשלאָסן אין שטאָט אַלע יידישע שולן און די תלמי־
דים האָט מען אַריבערגעפירט אין רוסישע און ווייס־
רוסישע שולן. דערמיט האָט זיך פאַרענדיקט אין
באָברויסק, ווי אין אַנדערע שטעט פון ראַטנפאַרבאַנד,
דער חלום פון אַ קאָמוניסטישער שול אויף יידיש.
יענע עסקנים, וואָס האָבן מיט גיפטיקער שנאה דער־
שטיקט דעם „חדר״ און די העברעישע שול, האָפנדיק
אויפצובויען אויף זייערע חורבות אַ וועלטלעכע שול
אויף יידיש, האָבן באַקומען זייער לוין — על דאטפת —
אטפוך...

דער איינציקער איבערבלייב פאַר יידישער קול־
טור־טעטיקייט איז געווען דער דראַמאַטישער קרייז
אָדער די דראַמאַטישע קרייזן, וואָס וועגן זייער עק־
סיסטענץ ווייסן מיר פון פאַרשיידענע קוועלן.

### 8. די קאַטאַסטראָפע

ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה
איז די יידישע באָברויסק געווען פאַרזונקען אין
אַ לעטאַרגישן שלאָף פון נאַציאָנאַלן און געזעלשאַפט־
לעכן קוקפונקט. די שטאָט, וואָס האָט זיך צעוואַקסן
און געוואָרן אַן אינדוסטריעלער צענטער, האָט באַ־
קומען אַ פולשטענדיקן רוסיש־ווייסרוסישן כאַראַקטער,
הגם די יידן האָבן גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין
איר ווירטשאַפטלעכן און געזעלשאַפטלעכן לעבן, אָבער
דאָס אַלץ אין אַלגעמיינע סאָוויעטישע ראַמען. צו אַ
געוויסער אויפלעבונג האָט געבראַכט דער אָנקום פון
אַ גרופּע פליטים, אַנטלאָפענע פון דעם טייל פּוילן,
וואָס די נאַציס האָבן אָקופּירט. פון דעם וואָס די פליטים
דערציילן איז קלאָר, אַז זיי זענען אויפגענומען געוואָרן
זייער וואַרעם פון די באָברויסקער יידן, האָבן באַקומען
הילף ביים זוכן אַרבעט און דירות. די עלטערע מענטשן
האָבן זיך געפרייט צו באַגעגענען יידן איינגעוואָרצלטע
אין דער יידישער שפּראַך און קולטור און אָנגעוויזן
אויף זיי ווי אויף אַ מוסטער פאַר זייערע קינדער,
וואָס זענען דערצויגן געוואָרן אין דער סאָוויעטישער
תקופה און זייער יידישער גייסטיקער באַגאַזש איז
אַזוי נעבעכדיק.

אין כ״ז סיון תש״א (22.6.1941) האָבן היטלערס
רוצחישע באַנדעס זיך אַריינגעריסן אין ראַטנפאַרבאַנד
און אין עטלעכע טעג אַרום זענען זיי שוין געווען
אין באָברויסק. דער ווידערשטאַנד פון דער רויטער
אַרמיי האָט זיך איינגעבראָכן אונטערן אָנגריף פון די
דייטשע טאַנקען און האַרמאַטן און די שטאָט איז צע־
שטערט געוואָרן בעת די שלאַכטן. „שוואַרצע סקעלעטן
פון הייזער, צעריסענע טעלעפאָן־דראָטן, איינגעפאַלענע
פלויטן. וואָס נעענטער ס׳קומט צו צום צענטער, אַלץ
שרעקלעכער דאָס בילד פון צעשטערונג און חורבן,
צעקרימטע טירן און פענצטער; מעבל און אַנדערע
שטוב־זאַכן אַרויסגעוואָרפן אויפן ברוק; די צענטראַלע
גאַסן בלאָקירט מיט אויטאָמאָבילן, מיט וועגענער.
אומעטום זענען זיי געווען, די נאַציס. מיט ווילדע
קולות האָבן גערודערט די מאָטאָרן. ס׳האָבן זיך גע־
הערט גרילצנדיקע געשרייען־באַפעלן. די לופט איז
געווען אָנגעזאַפּט מיט רויך און סאַזשע״ — אַזוי

שילדערט באָברויסק אַ סאָוויעטישער אָפיציר, וואָס איז צופעליק אָנגעקומען אין שטאָט קורץ נאָך איר פאַלן.

באלד איז אַרויס אַ באַפעל, אַז אַלע יידן דאַרפן טראָגן אויף די אַרבל געלע באַנדן. לויטן עדות־זאָגן פון דער פאַרטיזאַנערין כאַשע בערקאָוויטש, האָבן די דייטשן שוין דעם 5טן אויגוסט 1941 צונויפגעזאַמלט 800 מענער און זיי אַרויסגעפירט אין אַן אומבאַוווּסטן אָרט, פון וואַנען זיי זענען ניט צוריקגעקומען. אין עטלעכע טעג אַרום זענען די יידן קאָנצענטרירט געוואָרן אין „געטאָ". די דייטשן האָבן געהאַט מיטהעלפערס צווישן די ווייסרוסן. די דאָזיקע לייט האָבן געטראָגן ווייסע באַנדן אויף די אַרבל — אַ צייכן, אַז זיי איז איבערגעגעבן געוואָרן די מאַכט. אין אַ צייט אַרום האָט מען פון זיי אָרגאַניזירט דריי פּאָליציי־אָפּטיילונגען, אונטער דער קאָמאַנדע פון אַ דייטשן אָפיציר, און זייער אויפגאַבע איז געווען צו היטן די אָרדענונג און די זיכערקייט אין שטאָט.

קנאַפּע צוויי חדשים איז באָברויסק געווען נאָענט צום פראָנט, ביז דעם 19טן אויגוסט, ווען האָמעל איז איינגענומען געוואָרן דורך די נאַציס און דער פראָנט האָט זיך אַ רוק געטאָן צו מזרח־זייט. אין יענע טעג האָט באָברויסק געדינט ווי אַ באַזע פאַר דער דייטשער אַרמיי, וואָס האָט געקעמפט אין ראַיאָן פון דניעפּר. אין שטאָט האָט מען געעפנט פראָנט־שפּיטאָלן. יעדן טאָג זענען געשטאָרבן פון די ווונדן צענדליקער דייטשע סאָלדאַטן און אָפיצירן. דער שטאָט־גאָרטן איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ בית־עלמין, ווו מען האָט אַוועקגעשטעלט מצבות פון בעריאָזע־האָלץ און אויף זיי שטאָלענע העלמס. די דייטשן האָבן געזוכט סטאָליאַרעס צו מאַכן טרומנעס. די געוועזענע פאַבריק „דער רויטער מעבל־סטאָליער" איז געוואָרן דער צענטער, ווו מען האָט אויסגעאַרבעט טרומנעס. די סטאָליאַרעס זענען געווען יידן.

מיט דעם דערווייטערן זיך פון פראָנט איז די מאַכט איבערגעגאַנגען צו דער געסטאַפּאָ און אַנדערע אָפּטיילונגען פון דער נאַצישער געהיים־פּאָליציי. אין דעם גאַנצן אָקופּירטן ראַיאָן האָבן די נאַציס געמאַכט צוגרייטונגען צו אַ גרויסער שחיטה פון דער יידישער באַפעלקערונג. אין דעם יאָרטאָג פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, דעם 7טן נאָוועמבער 1941 (י"ז חשון תש"ב), האָט מען אין די וועלדער דרום־מזרח פון שטאָט געגראָבן לאַנגע גריבער. די קאָמוניסטישע אונטערערד אין באָברויסק, וואָס האָט געשטעלט דאַן די ערשטע שריט צו אָרגאַניזירן זיך, האָט געוואָרנט די יידן און זיי געעצהט צו פאַרלאָזן די שטאָט, גיין אין די וועלדער און זוכן אַ פאַרבינדונג מיט די פאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען, וואָס האָבן שוין געקעמפט דאָרטן, אָבער ניט קיין סך זענען געגאַנגען מיט דעם וועג.

אין אַ ידיעה, פאַרעפנטלעכט אין „פּראַוודאַ" אַ יאָר בערך נאָך דער שחיטה, ווערט איבערגעגעבן: „די באָברויסקער תושבים וועלן קיין מאָל ניט פאַרגעסן די גרויליקע טעג פון דעם לעצטן נאָוועמבער, ווען די נאַצישע מענטשן־פרעסער האָבן אויסגעהרגעט אַלע יידן, וואָס זענען געבליבן אין שטאָט. אַלטע לייט און קינדער זענען גענומען געוואָרן ביינאַכט אין לאַסט־אויטאָס און אַוועקגעפירט געוואָרן אין דאָרף יעלאָוויקי, נאָענט צו באָברויסק. דאָרטן זענען שוין געווען צוגעגרייט טיפע גריבער. די יידן האָט מען אַרויסגעוואָרפן פון די לאַסט־אויטאָס און זיי אויסגעשטעלט אין 2־3 שורות אויפן ראַנד פון גרוב. נאָך דעם האָט מען אויף זיי געעפנט אַ פייער פון מאַשין־געווער. אַ סך זענען אַריינגעפאַלן אין גרוב שוין טויטע, און די וואָס זענען לעבן געבליבן זענען אַריינגעוואָרפן געוואָרן דורך די נאַציס לעבעדיקערהייט. קינדער האָט מען בגוואַלד אַרויסגעריסן פון די אָרעמס פון זייערע מוטערס און זיי צעשמעטערט אָן די ווענט פון גרוב. ס'איז אוממעגלעך צו באַשרייבן די גרויזאַמע צעיושעטקייט פון די נאַצישע ווילדע בעסטיעס. אַז די גריבער זענען פול געוואָרן מיט מענטשן, האָבן די נאַציס געבראַכט טאַנקן און טראַקטאָרן, וואָס זענען אַדורך און „אויסגעגלייכט" די ערד. לויט ניט־קאָמפּלעטע ציפערן, זענען אויף אַזאַ אופן פאַרטיליקט געוואָרן צוואַנציק טויזנט יידן אין באָברויסק. אַן אַלגעמיינע הריגה איז אויך דורכגעפירט געוואָרן אין הלוסק, פאַריטש, אוזאָריטש און דראָגאַנאָווקאַ". צווישן די געהרגעטע איז אויך געווען ר' שמואל אַלעקסאַנדראָוו און דער לעצטער באָברויסקער רב — ר' שמואל בעספּאַלאָוו.

און אַזוי שילדערט די שחיטה אַ רוסישער עדראיה:

„די אָקופּאַנטן האָבן געמאַכט פאַר אַ געטאָ די קוואַרטאַלן, וואָס זענען געווען נאָענט צום פלי־פעלד, דרום־מזרח־זייט פון באָברויסק. דעם פינפטן נאָוועמ־

בער אין דער פרי האָט מען אָנגעהויבן טרייבן אַהין פון אַלע עקן שטאָט המונים פרויען, קינדער און זקנים, האַלב־נאַקעטע.

„שנעל, שנעל!" — האָבן גערישטשעט די צעוויל־דעטע געסטאַפּאָ־לייט. פרויען האָבן געיאָמערט, קינ־דער האָבן געוויינט, ווי זיי וואָלטן געפילט, אַז יעדער טריט דערנענטערט זיי צו אַ פּיל־יסורימדיקן טויט. אַ געדיכטער שניי איז געפאַלן, דער ווינט האָט גע־שמיסן אין פּנים. דער גרויזאַמער מאַרש האָט זיך געצויגן ביז די שפּעטע נאַכט־שעהען. אין די הייף און הייזער, וואָס זענען אויסגעליידיקט געוואָרן פון זייערע איינוווינערס, האָט זיך אָנגעהויבן אַ רויבעריי.




לוח זכרון על קבר האחים של יהודי בוברויסק בכפר יילוביקי
אָנדענק־טאָוול אויפן מאַסן־קבר פון באָברויסקער יידן
אין דאָרף יעלאָוויקי

דורך די אויסגעבראָכענע פענצטער און טירן זענען געפלויגן שטוב־זאַכן. די נאַציס האָבן צוגערויבט אַלץ וואָס איז זיי געקומען אין האַנט.

צו מאָרגנס האָט מען זיך דערוווּסט אין שטאָט, אַז די מענטשן שלעפּט מען אַוועק אין וואַלד און דאָרטן דערשיסט מען זיי נעבן די קאַנאַלן, וואָס מען האָט ספּעציעל אויסגעגראָבן. די ידיעות וועגן אויס־הרגענען די יידן האָבן זיך באַשטעטיקט דערמיט, וואָס עטלעכע טעג שפּעטער האָבן זיך געעפנט געשעפטן, ווו די דייטשן האָבן פאַרקויפט די זאַכן, וואָס מען האָט אַראָפּגעצויגן פון די הרוגים — און איצט האָט מען זיך אויסגעקליבן „מתנות" פאַר די משפחות אין דייטשלאַנד". צו דער דאָזיקער באַשרייבונג דאַרף מען צוגעבן, אַז אַ טייל פון די ווייסרוסישע תושבים האָבן זיך באַטייליקט סיי אין אָרגאַניזירן דעם מאַסן־מאָרד און סיי אין רויבן דאָס יידישע האָב־און־גוטס און האַנדלען דערמיט.

אין דעם זעלבן טאָג האָט מען אויך דורכגעפירט אַ שחיטה איבער די סאָוויעטישע קריגס־געפאַנגענע, קרוב 20000, וואָס זענען געווען פאַרשלאָסן אין די קאַ־זאַרמעס פון באָברויסקער פעסטונג. די נאַציס האָבן אונטערגעצונדן עטלעכע קאַזאַרמעס און געשאָסן פון מאַשין־געווער אויף די, וואָס האָבן זיך געפּרוּווט ראַ־טעווען פונעם פייער. די צאָל פאַרברענטע און דער־הרגעטע האָט דערגרייכט צו 4000.

דירעקט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די אַלע פאַר־ברעכנס — פאַרטיליקונג פון די יידן און מאָרד פון די סאָוויעטישע קריגס־געפאַנגענע — איז דער דייטשי־שער קאָמענדאַנט פון באָברויסק גענעראַל־מאַיאָר האַמאַן.

צווישן די ניט־יידן זענען געווען יחידים, וואָס האָבן געפּרוּווט מיט עפּעס העלפן זייערע יידישע שכנים. מיר האָבן שוין פריער דערמאָנט די וואָרענונג פון די אונטערגרונט־מענטשן. געווען פאַלן, אַז ווייס־רוסישע משפחות האָבן באַהאַלטן, אַפילו אַדאָפּטירט יידישע קינדער. „עס איז צוגעקומען אַ נייער מיטגליד אין דער משפחה — דערציילט אַ רוסישער עד־ראיה. — דאָס איז געווען אַ פינף־יאָריק מיידעלע, גאַליע. אירע עלטערן האָבן די נאַציס דערהרגעט. סאַבאַטאַיעוואַ האָט באַוויזן צו ראַטעווען דאָס קינד פון טויט. איינשטעלנדיק דאָס לעבן, האָט זי געבראַכט גאַליען, איינגעוויקלט אין אַ מאַנטל, צו זיך אין שטוב. דאָס קינד האָט אַ לענגערע צייט געוויינט, גערופן דער מאַמען, האָט געבענקט נאָך איר שוועסטער, וואָס אויך זי האָבן די נאַציס דערשאָסן. סאַבאַטאַיעוואַ האָט זיך מטפל געווען מיט דעם קינד, האָט עס געשפּייזט מיט די בעסטע מאכלים — — — גאַליע איז אַרומ־גערינגלט מיט ליבע און זאָרג. זי האָט זיך ביסלעכווייז באַרויקט און רופט איר רעטערין סאַבאַטאַיעוואַ ,מומע־מאַמאַ'".

אַזוי איז אומגעקומען דער רוב פון די באָברויס־קער יידן. לעבן געבליבן זענען די, וואָס האָבן באַוויזן באַצייטנס צו אַנטלויפן פון שטאָט. די וואָס האָבן געפונען אַ שוץ־באַהעלטעניש ביי געטרייע רוסישע שכנים און די וואָס זענען פאַר דער מלחמה מאָביליזירט געוואָרן אין דער רוסישער אַרמיי. נאָך צוואַנציק יאָר פון גייסטיקער פאַרניכטונג איז געקומען אַ פיזישע פאַרניכטונג און האָט פאַרשניטן די באָברויסקער יידישע קהילה.

## 9. די אונטערגרונט־ און פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג אין באָברויסק און אומגעגנט

דריי יאָר (יולי 1941 — יולי 1944) האָבן די נאַציס געוועלטיקט אין באָברויסק. די שטאָט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ וויכטיקער מיליטער־באַזע. פון דאַנען האָבן די דייטשן אָנגעוואָרפן זייער הערשאַפט אויפן גאַנצן ראַיאָן, באַמיענדיק זיך דער עיקר צו היטן די קרייצוועגן און די אייזנבאַן־ליניעס וואָס גייען דאָ דורך. „אַחוץ דעם אַרבעט־לאַגער פון דער אָרטיקער קאָמענדאַטור און דעם פּליטים־לאַגער — דערציילט אַ רוסישער עד־ראיה — זענען דאָ געווען אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער און עטלעכע טורמעס פון דער ס.ד. און דעם „אַבווער" (די שפּיאָנאַזש־אָפּטיילונג)".

אין די וועלדער אַרום באָברויסק האָט זיך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן אַ פּאַרטיזאַנישע באַוועגונג. די ערשטע פּאַרטיזאַנער זענען געווען די רעשטלעך פון די אָפּטיילונגען פון דער רויטער אַרמיי, וואָס זענען צופעליק געבליבן אין דעם ראַיאָן און ניט געקענט פאַרבינדן זיך מיט זייערע חברים, וואָס זענען אָפּגעטראָטן מזרח־צו. צו זיי זענען צוגעשטאַנען די אַקטיוויסטן פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און די מענטשן פונעם סאָוויעטישן אַפּאַראַט, וואָס זיי האָט געדראָט אַ טויט־סכנה מצד די נאַציס. די פּאַרטיזאַנישע באַוועגונג איז אַלץ מער געוואַקסן, וואָס מער די נאַציס האָבן אַנטפּלעקט זייער בעסטיאַלישקייט און שווערער געמאַכט דאָס לעבן פון דער באַפעלקערונג. אין אַ סך געגנטן זענען די פּאַרטיזאַנער געווען שטאַרקער פון די דייטשן, אויך אין באָברויסק האָבן זיי געהאַט אַקטיווע אונטערגרונט־אָרגאַניזאַציעס. זיי האָבן געפירט אַ שווערן קאַמף מיט די עלעמענטן, וואָס האָבן מיטגעאַרבעט מיט די דייטשן, באַפאַלן נאַצישע פּאָסטנס און באַשעדיקט אייזנבאַן־ליניעס. די באַוועגונג האָט זיך צעוואַקסן — סוף 1942 איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ ספּעציעלער פּאַרטיזאַנען־פּאָלק אין באָברויסקער ראַיאָן, און אין פרילינג 1943 — אַ צווייטער פּאָלק. די דאָזיקע צוויי פּאָלקן האָבן פאַרגעשטעלט מיט זיך „די ערשטע באָברויסקער פּאַרטיזאַנישע בריגאַדע", וואָס האָט זיך איינגעשלאָסן אין דער אַלגעמיינער פּאַרטיזאַנען־באַוועגונג אין ווייסרוסלאַנד.

אין פרילינג 1943 איז נאָך באָברויסק געווען „אַ וויכטיקער מיליטערישער אָנהאַלט־פּונקט פון דעם שונא. דאָ האָט מען פון דאָס ניי צוזאַמענגעשטעלט און אָרגאַניזירט די אַרמייען, וואָס זענען געשיקט געוואָרן צום פראָנט און אויך איינהייטן פון די פאַררעטערס צום קאַמף מיט די פּאַרטיזאַנער. אין פאַרשיידענע ערטער האָט מען אָרגאַניזירט קורסן צוצוגרייטן שפּיאָנען און סאַבאָטאַזשניקעס, כדי אַריינצופירן זיי אין סאָוויעטישן הינטערלאַנד. דאָ האָט מען אָרגאַניזירט די שטראָף־עקספּעדיציעס קעגן די פּאַרטיזאַנער".

אין פאַרלויף פון יאָר 1943, מיטן דערנענטערן זיך פון דער רויטער אַרמיי צו ווייסרוסלאַנד, האָבן די נאַציס געמאַכט גרויסע אָנשטרענגונגען אָקעגנצושטעלן זיך דעם אָנגריף אויף דער דניעפּער־ליניע, און באָברויסק איז געוואָרן אַ רינג אין דער קייט פון מיליטערישע באַזעס, וואָס האָבן געשאַפן דעם „ווייסרוסישן בריקן־קאָפּ". אין דער צייט ווען די רויטע אַרמיי האָט אָנגעגריפן דעם דאָזיקן פּונקט פון דרויסן, האָבן די פּאַרטיזאַנער פאַרשאַרפט זייערע אָנגריפן פון אינעווייניק, אָרגאַניזירנדיק די „אַטאַקעס אויף די באַן־שינעס", וואָס האָט פּאַראַליזירט די דייטשע קאָמוניקאַציע־וועגן. אין אָט די אַטאַקעס אויף די באַן־שינעס האָט די באָברויסקער בריגאַדע דערפילט אַ גאָר וויכטיקע אויפגאַבע, באַשעדיקנדיק שטאַרק די לעבנסוויכטיקע באַן־ליניעס, וואָס זענען אַדורכגעגאַנגען באָברויסק. די געשיכטע פון דער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג אין באָברויסקער ראַיאָן ווערט דערציילט פון דעם פּאַרטיזאַנען־פירער, העלד פון סאָוויעטן־פאַרבאַנד, וויקטאָר ליוואָנצאָוו, אין זיין בוך „דאָס לאַנד פון די פּאַרטיזאַנער".

סוף 1943 האָבן די צעטומלטע נאַציס אָנגעהויבן טראַכטן וועגן אויסבאַהאַלטן זייערע פאַרברעכנס. די קערפּערס פון די דערהרגעטע יידן, וואָס זענען געווען באַגראָבן אין די גריבער נאָענט צו די דערפער קאַמינקאַ, יעלאָוויקי און אויך לעבן יידישן בית־עלמין אין באָברויסק גופא, האָט מען אַרויסגענומען פון די קברים, איינגעלייגט קופּעסווייז און פאַרברענט. די דאָזיקע אַרבעט האָט מען געצוואונגען צו טאָן סאָוויעטישע געפאַנגענע, וואָס זענען דערשאָסן געוואָרן נאָך דעם ווי זיי האָבן פאַרענדיקט זייער אַרבעט. „און ווייל עס איז געווען ווייניק צייט צו פאַרענדיקן די דאָזיקע אַרבעט, האָבן די נאַציס געפּרוּווט פאַרווישן די שפּורן פון די מאַסן־קברים. זיי האָבן פאַראַקערט דעם באָדן און פאַרזייט ווייץ וכדומה".

## 10. די רויטע אַרמיי נעמט איין באָברויסק

אין פרילינג 1944 איז געקומען די ריי פאַר דער באַפרייונג פון באָברויסק פונעם נאַצישן יאָך. אין באָברויסקער ראַיאָן האָבן דעמאָלט געלאַגערט 12 בריגאַדעס פון דער דייטשער אינפאַנטעריע, אַ טאַנקן־בריגאַדע און אַ סך הילף־אָפּטיילונגען — זיי אַלע האָבן געבילדעט די פאַרטיידיקונג־ליניע, וואָס איז געגאַנגען לענג־אויס די טייכן דרוט און דניעפּר (פון ראָגאַטשאָוו ביז זשלאָבין) און פון דאַנען זיך אַ קער געטאָן מערב־צו, דורכגעשניטן די בערעזינאַ דרום־זייט פון פּאַריטש און דערגאַנגען ביזן פּריפּעט. די דאָזיקע פאַרטיידיקונג־ליניע איז באַשטאַנען פון 5—6 ליניעס טראַנשייען, באַהעפטע דורך אַ סך קאַנאַלן, וואָס האָבן געדעקט אַ פּאַס אין דער לענג פון 6—8 קילאָמעטער. צוימען פון שטעכלדראָט, מינען־פעלדער און מכשולים קעגן טאַנקען האָבן פאַרטיידיקט די ליניע, וואָס האָט זיך געצויגן פאַר די טראַנשייען. די שטאָט באָברויסק גופא איז באַזונדער שטאַרק באַפעסטיקט געוואָרן: צוויי פאַרטיידיקונג־ליניעס האָבן אַרומגערינגלט די שטאָט, אַלע געמויערטע הייזער און קעלערס זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין פייער־פּונקטן, אין די גאַסן האָט מען אויפגעשטעלט באַריקאַדעס.

דעם 24סטן יוני 1944 האָבן די סאָוויעטישע כוחות אָנגעהויבן זייער אָנגריף מיט אַ שווערער באָמבאַרדירונג און דעם זעלביקן טאָג האָבן זיי דורכגעבראָכן די פיינטלעכע ליניעס דרום־זייט פון פּאַריטש. צוויי טעג נאָך דעם האָבן זיי איינגענומען הלוסק און ס׳איז איבערגעשניטן געוואָרן דער פּאַראַלעלער שאָסיי פון באָברויסק צו סלוצק. צו מאָרגנס (27.6) איז געפאַלן די סטאַציע מיראַדינאַ און די אייזנבאַן־ליניע פון באָברויסק צו אָסיפּאָוויטש איז איבערגעריסן געוואָרן. אין דער זעלבער צייט איז אויך בלאָקירט געוואָרן דער שאָסיי, וואָס פירט פון מאָהילעוו צו באָברויסק און די שטאָט איז פון אַלע זייטן אַרומגערינגלט געוואָרן דורך דער רויטער אַרמיי.

אין דער צייט, ווען די עיקרדיקע כוחות פון דער רויטער אַרמיי האָבן מאַרשירט צו מינסק און סלוצק, זענען געבליבן עטלעכע בריגאַדעס צו פאַרענדיקן דאָס איינעמען באָברויסק. אַ שטאַרקער אָנגריף פון דער אינפאַנטעריע, באַגלייט פון טאַנקען און געשטיצט דורך עראָפּלאַנען און טייך־שיפן האָט איבערגעשניטן דעם דייטשן בריקן־קאָפּ אויף צווייען, דער פרווו פון די דייטשן דורכצורייסן זיך דורכן באַלאַגערונג־רינג אין דער ריכטונג פון צפון־מערב — איז דורכגעפאַלן. נאָך אַ מעכטיקן אָנגריף פון עראָפּלאַנען, וואָס נאָך אים איז געקומען אַ שנעלער פאָרויסמאַרש פון דער אינפאַנטעריע, זענען פולשטענדיק ליקווידירט געוואָרן דעם 28סטן יוני די נאַצישע כוחות מזרח־זייט פון דער בערעזינאַ. 10000 פון זיי זענען פאַרטיליקט געוואָרן און 6000 זענען אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט. אין שטאָט גופא האָבן 10000 דייטשן זיך פאַרטיידיקט. דעם 29סטן יוני אין דער פרי האָט אַ גרויסער טייל פון דעם דייטשישן מיליטער (אַכט טויזנט מאַן, בערך) זיך דורכגעשלאָגן אַ וועג צו שטשעדרין, אָבער דאָ האָט מען זיי ווידער אָנגעגריפן און ליקווידירט (במשך פון צוויי טעג), און די שטאָט איז באַפרייט געוואָרן דעם זעלבן טאָג. צו מאָרגנס איז געפאַלן סלוצק און דריי טעג נאָך דעם איז די זיגערישע רויטע אַרמיי אַריין אין מינסק.

צווישן די געפאַנגענע איז געווען דער הערשט פון די רוצחים, דער מיליטעריש־נאַצישער קאָמענדאַנט פון באָברויסק, דער גענעראַל מיט דעם סימבאָלישן נאָמען — האָמאַן.

די „באָברויסקער אָפּעראַציע” פאַרנעמט אַ בכבודיקן אָרט אין דער געשיכטע פון דער סאָוויעטישער באַפרייונג־מלחמה. די אָפּטיילונגען, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט בעתן אַרומרינגלען די דייטשע אַרמיי, פאַרטיליקן זי און פאַרכאַפּן דעם באַן־קנופּ און די שטאָט באָברויסק זענען — לויט סטאַלינס באַפעל — באַשאָנקען געוואָרן מיטן ערן־טיטל „באָברויסקער”.

## 11. דער אָנטייל פון יידן אין דער אונטערגרונט און אין דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג

מיר האָבן מאָגערע ידיעות וועגן דעם אָנטייל פון יידן אין דער אונטערגרונט־ און פּאַרטיזאַנישער־באַוועגונג אין באָברויסקער ראַיאָן. ניט שווער צו פאַרשטיין די סיבות דערפון. אין אָנהייב נאָוועמבער, בעת די אַנטי־נאַצישע אונטערגרונט־באַוועגונג איז נאָך געווען אין וויקעלעך, איז שוין דער גרעסטער טייל יידן פון באָברויסק אומגעבראַכט געוואָרן. „עטלעכע טעג פאַר דעם מאַסן־מאָרד — דערציילט אין זיין עדות־זאָגן דער באָברויסקער פּאַרטיזאַן ב. פייגין — האָט אַ קליינע גרופּע באָברויסקער יידן פאַרלאָזן די שטאָט און אַוועק אין די וועלדער אָנצושליסן זיך אין די

פאַרטיזאַנישע אײנהײטן, אָבער װוּ די פאַרטיזאַנער געפינען זיך האָט קײנער ניט געװוּסט, װײל ביז פרילינג 1942 איז זײער צאָל געװען אומבאַדײטיק. זײ זענען ניט געװען אַקטיװ און ס'איז אוממעגלעך געװען צו דערװיסן זיך אין װעלכע װעלדער זײ באַהאַלטן זיך. די מענטשן האָבן זיך אַרומגעדרײט אין די װעלדער אַ סך צײט הונגעריקע און אױסגעמאַטערטע, נאָר אײנציקע האָבן דערגרײכט זײער ציל און זיך פאַראײניקט מיט די פאַרטיזאַנער".

אין דער צײט װען אין מינסקער געטאָ האָבן געלעבט צענדליקער טױזנטער ײדן ביז מאַי 1942, און אַ סך טױזנטער זענען נאָך געװען אין דעם מינסקער אַרבעט־לאַגער ביז מען האָט זײ ענדגילטיק פאַרלענדט אין אָקטאָבער 1943 — זענען שױן קײן המונים ײדן אין באָברױסק און אומגעגנט ניט געװען. ניט קײן װוּנדער, בכן, װאָס אין מינסקער קרײז האָבן הונדערטער און טױזנטער ײדן גענומען אַן אַקטיװן אָנטײל אין דער אונטערגרונט און אין דער פאַרטיזאַנער־באַװעגונג. אין באָברױסק האָבן זיך ײדן באַטײליקט אין דער פאַרטיזאַנער־באַװעגונג װי יחידים, און נאָך װײניקער אין דעם שטאָטישן אונטערגרונט, און דאָס איז פאַרשטענדלעך: אין דער צײט װען לגבי די װײסרוסן האָבן די נאַציס זיך באַנוגנט מיט פאַרשקלאַפן און דערנידעריקן זײ, און כל־זמן זײ האָבן ניט באַװיזן קײן צײכן פון אָפענעם װידערשטאַנד, האָט מען זײ געלאָזט לעבן, איז דאָך דאָס עצם אַנטפלעקן אין עמעצן, אַז ער איז אַ ײד, גענוג געװען צו פאַרמשפּטן אים צום טױט.

אױך אין די װעלדער, צװישן די פאַרטיזאַנער, איז געזינטער געװען פאַר אַ ײד ניט צו באַטאָנען זײן נאַציאָנאַלן אָפּשטאַם, װײל די אַנטיסעמיטישע פּראָפּאַגאַנדע איז אַרײנגעדרונגען אױך אין די קרײזן, װאָס זענען געװען קעגן דעם נאַצישן רעזשים, און מען קען אָננעמען, אַז אײנצלנע ײדישע קעמפערס, װאָס האָבן זיך געפונען אין די װעלדער, האָבן זיך געסטאַרעט אױסצומישן מיט די קריסטלעכע פאַרטיזאַנער און פאַרביטן זײערע ײדישע נעמען אױף רוסישע.

צװישן די ײדישע פאַרטיזאַנער אין באָברױסקער קרײז, װאָס זײערע נעמען זענען דערגאַנגען צו אונדז, דאַרף מען דערמאָנען כאַשע בערקאָװיטש — אַ פרױ פון העכער זעכציק יאָר, װאָס איז אַנטלאָפן פון באָברױסק נאָך דעם װי איר מאַן און זון זענען אין אױגוסט 1941 אַװעקגענומען געװאָרן פון שטוב און זענען ניט צוריקגעקומען. זי האָט זיך אָנגעשלאָסן אין אַ פאַרטיזאַנער־גרופּע, האָט געקאָכט פאַר זײ, געװאַשן זײערע װעש, האָט זיך מטפּל געװען מיט די פאַרװוּנדעטע און איז געגאַנגען איבער די דערפער, פאַרשטעלט פאַר אַ װײסרוסישע פרױ, געבראַכט װיכטיקע ידיעות װעגן די באַװעגונגען פון די דײטשן אין דער סביבה און אַרױסגעקראָגן רפואות און באַנדאַזשן פאַר אירע חברים. אין דער באַשטעטיקונג, װאָס זי האָט באַקומען פון 257סטן אָפּטײל פון דער 8טער בריגאַדע, פון ראָגאַטשאָװ, איז אָפּגעמערקט, אַז: „די בירגערין כאַשע בערקאָװיטש איז ניט אײן מאָל געגאַנגען אין אױספּירונג אין טיכיניטשי און זליטשי, און האָט געבראַכט זײער װיכטיקע ידיעות. װען די דײטשן האָבן בלאָקירט די װעלדער, פלעגט זי אונדז ברענגען שפּײז און געװער".

מיר געפינען אױך צװישן די פאַרטיזאַנער אין װײסרוסלאַנד װיקטאָר איזראַילעװיטש מיקאָרסקי, װאָס האָט זיך באַטײליקט אין דער פאַרטיזאַנער־באַװעגונג אין באָברױסקער ראַיאָן פון 1941. ער איז געװען קאָמאַנדיר פון דער דיװערסאַנטן־אײנהײט בײ דער באָברױסקער פאַרטיזאַנער־בריגאַדע, האָט באַקומען דעם ערן־צײכן פון ערשטער מדרגה פון דער „מלחמה פאַרן פאָטערלאַנד" און פיר אַנדערע מעדאַלן. פון זײנע זכרונות, װאָס אַ טײל פון זײ האָבן מיר געבראַכט אין דעם דאָזיקן בוך, איז שװער צו װיסן, צי איז ער געװען אַ ײד אָדער ניט, און נאָר דער נאָמען פון זײן פאָטער: איזראַיל — ישראל — װײזט אָן, אַז ער איז געװען אַ זון פון אַ ײדישער משפחה.

אין אײנעם פון זײנע שירים שרײבט אַ ײדישער קעמפער, אַ באָברױסקער תושב, פּיניע פלאָטקין:

דאָס איז געװען אין פערציק צװײטן, אַ גאַנצן טאָג
האָט דער פײנט זיך געריסן אין אונדזער זײט,
האָט אײנער פון אונדז דעם זאַמפּאָליט געזאָגט:
כ'װיל װערן אַ קאָמוניסט אין דער שװערער צײט.

מע האָט אים אַ פערטל פּאַפּיר דערלאַנגט,
אַ שטיקל בלײער האָט ער אַלײן געהאַט,
די קורצע מעלדונג איז פאַרטיק, און באַלד
זענען מיר אַלע אַװעק אין שלאַכט.

אַרום איז געװען פײער און פלאַם,
נאָר װײט האָט געהילכט דעם חברס שטים,
ער איז געגאַנגען דער ערשטער, און דאַן
האָט קײנער ניט געװאָלט אָפּשטײן פון אים.

ער איז געפאַלן אױף דער זוניקער ערד,
ניט װײט פון האַלב־פאַרברענטן דאָרף,

און די, וועמען לעבן געווען איז באַשערט,
האָבן פאָרויס זיך געגעבן אַ וואָרף.

דער פיינד איז אַוועק פונעם דאָזיקן אָרט —
סאָלדאַטן געלאָזט און פיל געווער.
דאָס איז געשען אין פערציק צווייטן יאָר,
ווען אונדז איז געווען נאָך זייער שווער.



קבר האחים של יהודי בוברויסק בכפר קאַמינקה
מאַסן קבר פון באָברויסקער יידן אין דאָרף קאַמיענקאַ

## 12. יידן אין באָברויסק נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה

אַ האַלבער יובל איז פאַרביי זינט דעם טאָג, ווען מען האָט אומגעבראַכט די יידן פון באָברויסק. זייער ווינציק ווייסן מיר וועגן דעם מצב און גורל פון באָברויסקער יידן היינט צו טאָג. ווייזט אויס, יידן האָבן אָנגעהויבן זיך אומקערן אין זייער שטאָט באַלד ווי זי האָט זיך באַפרייט פון די נאַציס. אין אַ ידיעה, וואָס האָט זיך באַוויזן אין דער פרעסע אָנהייב 1946, ווערט דערציילט, אַז אין באָברויסק זענען שוין דאָ 6500 יידן. אין אַ בריוו, פאַרעפנטלעכט אין „איינע־קייט" אין דער זעלבער צייט, מיט דער אונטערשריפט אייזיק קאַהאַן, ווערט געשילדערט די רעסטאַווירונג פון באָברויסק נאָך דער מלחמה, דער אָפּבוי פון פאַבריקן, פּראָדוציר־קאָאָפּעראַטיוון וכד'. לויט דעם בריוו־שרייבער זענען שוין דאַן געווען אין שטאָט 18000 יידן. אין דער שפּיץ פון פיל פּראָדוציר־קאָאָפּעראַטיוון זענען געשטאַנען יידן, אויך די הויפּט־אינזשי־ניערן פון דער פלאַניר־אָפּטיילונג זענען געווען די יידן שוסטער און זיין געהילף מייזלס.

לויט דער פאָלקס־ציילונג פון יאַנואַר 1959 האָבן זיך געפונען אין גאַנץ ווייסרוסלאַנד 150000 יידן (אַקעגן 407000 אין יאָר 1926). אין מאָהילעווער גו־בערניע, וואָס לויט דער נייער אַדמיניסטראַטיווער חלוקה געהערט צו איר באָברויסק, זענען געווען 28438 יידן (נאָר 7634 פון זיי האָבן אָנגעגעבן יידיש ווי זייער רייד־שפּראַך).

מען קען אָננעמען, אַז ניט ווייניקער פון 15000 יידן זענען דאָ צווישן די 98000 באָברויסקער תושבים (היינט צו טאָג ציילט די באַפעלקערונג פון דער שטאָט 100000 נפשות). אַנדערע שאַצן די צאָל יידן אין שטאָט ביז 30000 נפשות.

ווייזט אויס, אַז אין שטאָט איז דאָך פאַרבליבן אַ הייפל פרומע יידן. אָנדענק־טאָוולען אין יידיש און העברעיש זענען אויפגעשטעלט אויף די קברים פון די הרוגים אין אונדזער גרויסן חורבן. אין אַ בריוו, וואָס איז דערגאַנגען צו אונדז פון באָברויסק, ווערט איבער־געגעבן, אַז אין יאָרטאָג פון דער מאוימדיקער הריגה, י"ז חשון, „צינדט מען אָן ליכט אין די מנינים און מ'איז מזכיר נשמות". אין 1959 איז באָברויסק געווען צווישן די שטעט, וואָס מ'האָט דאָרט פאַרבאָטן צו באַקן מצות אויף פּסח. מ'שרייבט אויך אין בריוו וועגן הערן די זענדונגען פון „קול ישראל" וכדומה. ביז היינטיקן טאָג איז נאָך באָברויסק ניט איינגעשלאָסן אין דער רשימה פון די שטעט, וואָס ס'איז דערלויבט טוריסטן און געסט פון אויסלאַנד צו באַזוכן זיי.

קורץ און בינדיק: טויזנטער יידן לעבן נאָך אין באָברויסק אין דעם פינפטן צענדליק פון סאָוויעטישן רעזשים. אָבער, ווי ביי אַלע יידן אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד, איז אויך ביי זיי צוגענומען געוואָרן דאָס רעכט אויסצוהאַלטן וועלכע ס'איז רעליגיעזע אָדער נאַציאָנאַלע אינסטיטוציעס. זייער צוקונפט און די צו־קונפט פון זייערע קינדער איז געבונדן מיטן אַלגע־מיינעם גורל פון די יידן אין ראַטנפאַרבאַנד.

לאָמיר זיי געדענקען, לאָמיר זיי דערמאָנען און לאָמיר האָפן, אַז אויך זיי וועלן דערלעבן טעג פון אויפלעב און גאולה.

(איבערגעזעצט: א. ל. פינעס)

הרב ברוך אפשטיין

# אגדת המבצר*

במאה העברה למספר המדינה, במלכות הקיסר ניקולאי הראשון, החלו לבנות על־יד עיר בוברויסק, עיר מגוריו של אבי־זקני ומשפחתו, מבצר גדול, אדיר וחזק, ממדרגה ראשונה ומתכנית היותר נאדר ונהדר; ועליו מצודות ומסגורות, סלעי מגור וחומות בצורות, צריחים, מצפות, מגדלים, בקעים, גבעות ותלי־תלים, וכולם כאחד גדולים וכבירים, עצומים ואדירים — — והכל ביד רחבה ובמידה רוחה כיד המלך, לא עצמה ממנו כל הוצאה, ולא שגבה ממנו כל עבודה. ידים של כמה אלפים עשו במלאכה ובעניניה, אמנים וחכמי־חרשים לרוב מאד ומפקחים ומשגיחים לאין מספר.

ותהי התכונה רבה מאד גם בעיר פנימה ובסבי־בותיה, כי לרגל החומר הרב שהיתה דורשת עלילה כבירה זאת — — ולמרבית השרים והפקידים, החרשים והאומנים, הפועלים בהמון רב מאד, אשר קבעו דירתם בתוך העיר, בבתי התושבים, לרגל כל אלה מצאו להם לחמם לשובע וגם להותיר לכל התושבים, זה בכה וזה בכה. והיתה למלה בפי התושבים, כי למען תקח העיר בוברויסק חלק בהבטחת התורה „כי לא יחדל אביון מקרב הארץ" עליה לדרוש למספר אביונים מערים אחרות שיתישבו בתוכה, כי היא מִשֶׁלָה אין לה ממין זה כלל.

ועוד היום מסורה מדור לדור, אבות לבנים יספרו מרוח החיים השאננים וההומים, עמוסים וטעונים משא נחת ורצון, עונג, נעימות, שמחת לב ומשוש נפש, נלוים אל שפע פרנסה וברכת ד' ביד רחבה, אשר כנחל שוטף פרצו בהמון לתוך עיר בוברויסק; והיא כפורחת עלתה נצה, ותיף ביפיה ותשגשג בהדרה, ומיום ליום גדלה ותרבה ותעל במעלה, בעושר ובגדולה, ומברכותיה נתברכו גם אחיותיה־שכנותיה, העיירות אשר סביבותיה.

* ב. אֶפשטיין, מקור ברוך, וילנה 1928, עמ' 907—908.

יוסף אייזנשטדט

# בניית המצודה*

כשבנו את המצודה בבוברויסק היו ילדי היהודים מתאספים המונים סמוך למקום ומסתכלים מתוך סקר־נות במעשי הבניה. הקיסר היה משגיח מזמן לזמן על עבודת הבנין והיו הילדים נדחקים למקום עמידתו והיה סבא יצחק קורא לילדים ומזהיר אותם במלים: „קינדער, קריכט ניט אין פייער" („ילדים, אל תיכנסו לתוך האש").

* יוסף אייזנשטדט, „מן הקבלות המשפחתיות" (ש. אייזנשטדט, „החלוץ במערכה, לזכר האב והמורה", ת"א 1965, עמ' 255). משפחת אייזנשטדט עברה בשנת הששים למאה הי"ט מבוברויסק לבריסק־דליטא.

יהודה הלוי אפשטיין

# דרך תורה*

בווילנא ובסביבותיה כבר אחזו סדר הלימוד של רבינו אליהו הגאון החסיד זלה"ה, ואחר־כך ערך ותיקן מרן הרב חיים את הלימוד הישר הזה בישיבתו בוואַ־לאזין. לא כן בערינו, אשר היינו רחוקים משם, הלכו עוד הלומדים חושך ולא אור. ולא למדתי גם אני רק בלימוד ובסדר העקום והמקולקל, עד אשר בא אלינו שאר בשרי הרב המובהק מו"ה יוסף גרייאווער מסלוצק זצלה"ה, שהוא כבר טעם וקלט שם את הלימוד הישר

* י. עפשטיין, מן ההקדמה לספר „מנחת יהודה", ורשה 1877, עמ' 4.

והאיר את עיני עד אשר עולם חדש ראיתי לפני, בלמדי מסכת ברכות עם פירוש רש״י ותוספות והרא״ש, והייתי יכול ללמוד השולחן ערוך, אורח חיים עם פירושי המ״א והט״ז וביאורי הגר״א ז״ל, והבנת דעת כל אחד ואחד מהפוסקים ז״ל ומדוע זה פוסק כך וזה כך, כל אחד ואחד לפי שיטתו בגמרא.

והאחרון הגדיל הלא הוא הרב החריף מו״ה טעביל זצלה״ה, אשר היה אז רק כבן כ״ד שנה, ונתפרסם אח״כ לגאון בישראל, והוא היה חד מתלמידי קמאי הגדולים אשר בישיבת מרן הגאון ר׳ חיים זצלה״ה בוואלאזין, ולקחו מר אבא למורה לפני בשנת תקע״ז (1817), ואם כי היה הרב הנ״ל לא הרבה גדול בשנים ממני בכל זאת הכרתי מעלתו הגדולה וסרתי למשמעתו, ולימודו היה ברור בהעמקה גדולה, ולמדנו יחד כמה מסכתות לפי דרכו, אחר־כך הסכמנו ללמוד יחד את הש״ס כסדר למַגרס והדר ליסבר, בכדי להגדיל את בקיאותנו. והיה הרב ר׳ טעביל בביתנו שנה וחצי ולמדנו יחד עד אשר נתפרסם שמו ונתקבל לרב בעיר שטופיץ.

ואני הייתי אחר כך לאיש סוחר כמה שנים ובכל זאת לא נתרוקן לבבי לגמרי מגירסתי, ואחר־כך טולטלתי טלטלה גבר לק״ק בריסק דליטא בשנת תקצ״ג (1833) והצלחתי עמדה לי שם בעזרת השם כמה שנים בעסקי הפאדראטין (הקבלנות)...

**אליקום צונזער**

# מיין אייגן לעבן*

## א
## אַ מלמד אין אַ דאָרף לעבן באַברויסק

ראש חודש אלול (תרי״ד) בין איך נאָך לאַנגן וואַנדערן אָנגעקומען אין דער שטאָט באַברויסק, מינסקער גובערניע. ווי עס איז געווען צו דערוואַרטן, האָב איך דאָרטן ניט געפונען קיין שמוקלער, ביי וועלכן איך זאָל קענען אַרבעטן און פאַרדינען מיין ברויט. עטלעכע טעג בין איך אַרומגעגאַנגען אין די באַברויסקער גאַסן און האָב געזוכט „דעם נעכטיקן טאָג״. ענדלעך האָב איך דעם „נעכטיקן טאָג״ געפונען אין דער געשטאַלט פון דעם חזן יואל איהומענער (אַ חזן מפורסם אין יענער צייט!), וואָס פלעגט אַלע יאָר קומען דאַווענען „מוספים״ אין באַברויסק. „אויב ניט קיין אַרבעט ביי אַ שמוקלער, פאַר וואָס ניט עפעס וואָס פאַרדינען ביי אַ חזן?״ — האָב איך זיך געטראַכט און בין אַוועקגעגאַנגען צו יואל איהומענער. ער האָט מיך פאַרהערט און האָט געפונען, אַז איך האָב אַ פיינע שטימע און אַ גוטן „געהער״, דאָס הייסט: אַ חוש־השמיעה. ער האָט מיך צוגענומען פאַר אַ משורר פאַר דעם פרייז פון צוויי רובל (הערט אַ גליק!) איבער אַלע ימים־טובים. קעסט האָט ער מיר פאַרזאָרגט ביי דעם גבאי פון שול מיט דער דערלויבעניש די גאַנצע צייט צו שלאָפן אין שול אויפן באַנק.

די ימים־טובים האָבן זיך געענדיקט, דער חזן האָט מיר באַצאָלט די צוויי רובל און האָט מיך געהייסן גיין. וווהין? — דאָס האָבן מיר ביידע ניט געוווּסט! און פאַרקערט, וואָס איז מיר געווען דער חילוק וווהין? די וועלט איז גענוג גרויס, און יידן זענען דאָ, אָן אַן עין־הרע, אַ סך, וואָס מאַכט מיר אויס, וווהין איך וועל גיין!...

עס איז שוין אָבער זייער קאַלט געווען נאָך די ימים־טובים און איך האָב אויף מיין לייב נאָר געהאַט מיין דינעם זומערדיקן בגד. און ווייל איך האָב פּאַרמאָגט „אַ קאַפּיטאַל״ מיט געלט (די צוויי רובל פון יואל איהומענער), האָב איך מיר געקויפט אויפן מאַרק אַ „פוטער״. מענטשן מיט שוואַכע נערוון קענען חלילה חלשן פאַר שרעק פון דעם וואָרט „פוטער״, דעריבער אייל איך זיך זיי צו באַרויִקן מיט דער דערקלערונג, אַז אין יענער צייט האָט אַ פוטער געהייסן „פוטער״, נאָר דערפאַר, ווייל דער בגד האָט נאָר געהאַט אַ פוטערנעם קאָלנער: די איבעריקע חלקים פון דעם אַזוי גערופענעם „פוטער״ האָבן אַ האָר אין זייערע אויגן ניט געזען. עס זענען דעמאָלט געווען „פוטערס״, וואָס האָבן אַפילו אַ פוטערנעם

* א. צונזער, אַלע ווערק ניו־יאָרק 1920, דריטער באַנד, ז. 20—31.

קאַלנער אויך ניט געהאַט. נאָר אַ „לעתיד לבוא־קאַלנער", דאָס הייסט: אַ קאַלנער, וואָס האָט געהאַט די האָפענונג, אַז ער וועט, בעזרת השם, ווען עס איז באַדעקט ווערן מיט אַ שטיקל קאַץ אָדער פוקס.

אין עטלעכע טעג אַרום, ווען איך האָב שוין אַרומגעשטאָלצירט אין די באָברויסקער גאַסן אין מיין „פוטער", האָב איך זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט אַ ישובניק, וואָס האָט געוווינט אין אַ דאָרף פינף וויאָרסט פון שטאָט. ער האָט געזוכט אַ מלמד פאַר זיינע קינדער. איך האָב זיך אים אָנגעבאָטן אָנצונעמען די „שטעלע" און בין מיט אים באַלד איינִיק געוואָרן. מיינע שכירות זענען געווען: 25 רובל פאַר דעם גאַנצן זמן (זעקס חדשים), מיט דעם רעכט צו שלאָפן אויף דעם וואַרעמען אויוון.

עס איז אַ כלל אין דער וועלט, אַז דער ייד עסט, כדי ער זאָל קענען לעבן; ביי דעם קריסט איז דער כלל פאַרקערט: ער לעבט, כדי ער זאָל קענען עסן. מיין נייער בעל־הבית האָט זיך אויסגעזוכט נאָך אַ נייעם כלל: ניט עסן און ניט לעבן, ניט לעבן און ניט עסן. אָט אַזוי זיך „אָפּשטופּן" די ביסל יאָרן! און צום „אָפּשטופּן" איז שוין גענוג אַ שטיקל ברויט, געבאַקן פון מעל, וואָס איז געמאַכט פון האָבער און גערשטן, מיט אַ טעלערל קרופּניק (גרויפּן), אין וועלכן מען פלעגט אַריינגיסן עטלעכע טראָפּנס אייל, כדי פעט צו מאַכן די צרות... די גאַנצע וואָך פלעגט קיין פלייש אין הויז ניט אַריינקומען און מען פלעגט די וואָכעדיקע טעג „אָפּשטופּן" מיט דעם לחם הקלוקל און מיט דעם דינעם קרופּניק, אין וועלכן אַפילו די יידישע „כאַפּערס" פון יענער צייט וואָלט שווער געווען צו כאַפּן אַ גרויפּ. נאָר צוליב דעם „ענג־שבת", פלעגט דער ישובניק ברענגען פון שטאָט אַ שעפּסענע קעפּל, און פון דעם דאָזיקן קעפּל פלעג איך מיך אויך „קוויקן" מיט אַ מאָגער ביינדל. דעם זעלבן אייל, מיט וועלכן מען האָט ווייך געמאַכט די יסורים פונעם עסן, האָט מען אויך פאַרווענדעט צו באַלייכטן דאָס הויז, און פאַר אַזאַ ליכט פלעג איך זיצן גאַנצע זעקס שעה אין טאָג און הייזעריק ווערן, שרייענדיק צו מיינע דריי „מופלגים", וואָס זענען אין לערנען ניט העכער געשטאַנען פון די קינדער פון די מוזשיקעס אין דאָרף. עס איז גאַנץ באַטירלעך, וואָס נאָך אַזאַ שווערער האָרעוואַניע, נאָך זעקס שטונדן „אַקערן" און „בראָנעווען" מיט דריי „אָקסן", פלעגט מיר דער קרופּניק שמעקן ווי מאַרצעפּאַנעס און איך פלעג אים כאַפּן, ווי דעם צנצנת־המן...

בינו־לבינו זענען אויף מיר מיינע קליידער צעריסן געוואָרן, און ווייל עס זענען דעמאָלט געשטאַנען 25־גראַדיקע פרעסט, בין איך שיער נישט קראַנק געוואָרן פון קעלט. כדי זיך אַ ביסל בעסער צו באַקליידן, האָב איך ביי מיין בעל־הבית אָנגעהויבן צו מאָנען מיינע שכירות. עטלעכע מאָל האָט ער זיך פון מיר אַרויסגעדרייט מיט פּוסטע תירוצים. פּסח־צייט האָט ער מיר אָנגעזאָגט די בשורה, אַז ער וויל מיך האַלטן אַ צווייטן זמן. און דאַן וועט ער מיר שוין געבן געלט, וויפל איך וועל באַדאַרפן. ניט האָבנדיק קיין אַנדער ברירה, בין איך ביי אים געבליבן און בין די גאַנצע צייט אַרומגעגאַנגען נאַקעט און באָרוועס. חול המועד פּסח האָב איך אָנגעשריבן מיין ליד „דאָס אויג", אין וועלכן איך האָב געזונגען פון מיינע אייגענע צרות.

אויף שבועות האָט ער מיך אויך אָפּגעפּטרט מיט פוילע תירוצים, און נאָך שבועות, ווען איך האָב ביי אים אָנגעהויבן שטאַרק צו מאָנען מיין געלט, איז ער געפאַלן אויף אַ „קלוגע המצאה", ווי אַזוי פון מיר לויז צו ווערן. ער איז אַוועקגעפאָרן אין באָברויסק, איז געקומען צו באָברויסקער קהל און האָט דערקלערט, אַז אויב מען וועט אים גוט באַצאָלן, וועט ער זיי געבן אַ „נפש". מען האָט אים באַצאָלט 25 רובל און אים מיטגעגעבן אַ „כאַפּער" מיט צוויי קאָזאַקן, וואָס זאָלן מיך ברענגען צום „איזבאָרשטשיק".

ניט וויסנדיק וועלכע סכנה עס שוועבט איבער מיין קאָפּ, האָב איך מיר אויפגעזוכט מיין ווינקל און זיך געלייגט שלאָפן. פלוצלונג האָב איך דערפילט ווי אַ גראָבע האַנט לייגט זיך אַוועק אויף מיין יונגן קערפּער און טרייסלט מיך.

איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, געעפנט די אויגן און דערזען פאַר זיך דריי פרעמדע מענטשן. איינער פון זיי האָט געהאַלטן אַ לאַמטערן און האָט מיר אַריינגעלויכטן אין די אויגן.

— „וואָס ווילט איר?" — האָב איך געפרעגט.

— „גאָרנישט, זונעלע!.. שטיי אויף!" — האָט מיר דער כאַפּער געענטפערט.

— „אויפשטיין? צו וואָס?"

— „דו וועסט מיט אונדז פאָרן אין שטאָט!"

— „נאַ, דו וועסט שוין זען! טו זיך אָן, בחורל, אָבער געשווינד!"

— „איך וויל נישט, איך וויל נישט פאָרן!״

אַ פייערדיקער פאַטש האָט מיך פאַרטומלט. מען האָט מיך איינגעוויקלט אין מיינע צעריסענע קליידער, אַריינגעוואָרפן אין אַ וואָגן און מען האָט מיך געבראַכט אין באָברויסק.

דאָרטן האָט מען מיך איינגעשלאָסן אין דער קאַזאַרמע...

## ב
## אין דער קאַזאַרמע

מיט דעם צוועק אויסצוראמען די „נעלמים״, דאָס הייסט: יענע יידן, וואָס זענען ניט פאַרשריבן געווען אין דער „סקאַזקע״, האָט צאַר ניקאָלאַי דער ערשטער אַרויסגעגעבן אַן „אוקאַז״ (באַפעל), וואָס האָט דערלויבט אָפּצוגעבן פאַר אַ סאָלדאַט יעדן יידישן נעלם. אַ נעלם האָט געהייסן דער, ווער עס האָט ניט געהאַט קיין פאַספּאָרט. און עס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז די ניט־פאַרשריבענע אין דער „סקאַזקע״ האָבן קיינע פּאַספּאָרטן ניט געקאָנט באַקומען. דער אוקאַז האָט יעדן איינעם געגעבן דאָס רעכט צו כאַפּן אַ יונגן־מאַן, אָדער אַ ייִנגל, וואָס האָבן קיין פּאַספּאָרטן ניט געהאַט, און אָפּגעבן פאַר סאָלדאַטן פאַר זיין אייגענע אָדער פאַר אַן אַנדער פאַמיליע.

פאַר די קהלישע „מאַכערס״ פון יענער פינצטערער צייט, וואָס האָבן תמיד געזוכט פעט צו ווערן פון יידיש בלוט, האָט דער אוקאַז געעפנט אַ נייעם קוואַל פון פרנסה. יעדע יידישע קהלה האָט אַרויסגעשיקט אירע כאַפּערס אויף אַלע וועגן און טראַקטן, ווו זיי האָבן געלויערט אויף זייערע קרבנות. אין זייערע הענט זענען אַריינגעפאַלן אַלע אומגליקלעכע יידישע יונגע־לייט און קליינע בחורימלעך, וואָס האָבן ניט געהאַט קיין פּאַספּאָרטן. אַנדערע, וואָס האָבן געהאַט פּאַספּאָרטן, האָבן זיך אויך ניט געקענט אַרויסדרייען פון זייערע הענט. זיי פלעגן די פּאַספּאָרטן צערייסן און צונעמען אַלס „נעלמים״.

די געכאַפּטע פלעגט מען בינדן ווי שעפּסן, ברענגען אין שטאָט און איינשליסן אין דער קאַזאַרמע. דאָרט פלעגט מען זיי האַלטן וואָכן לאַנג, ביז דער „פּריאָם״ (רעקרוטירונג) פלעגט זיך עפענען. מיט די אומגליקלעכע האָט מען נישט שטאַרק מדקדק געווען. זענען זיי געווען שוואַכע, קראַנקע, אָדער זיי האָבן נאָך אַ מום געהאַט, איז אויך רעכט געווען. מען האָט זיי גענומען פאַר סאָלדאַטן, אָנגעטאָן די סאָלדאַטסקע שינעלן און מאַרש — דינען דעם קייסער! מען האָט די דאָזיקע „נפשות״ אָפּגעגעבן פאַר יענע פאַמיליעס, וואָס האָבן באַצאָלט אַ גוטן מקח, און די דעפּוטאַטן מיט דעם „איזבאָרשטשיק״ האָבן זיך צעטיילט דאָס געלט. אויך פּריוואַטע לייט האָבן פון דעם געמאַכט אַ געשעפט. זיי פלעגן כאַפּן קליינע קינדער און זיי פאַרקויפן צו די קהלישע מאַכערס. דער פּעריאָד איז ביי אונדז יידן באַקאַנט מיט דעם נאָמען: די צייט פון די „פּאָימאַנעס״, דאָס הייסט, די צייט פון כאַפּן. אין יענער פינצטערער צייט האָבן ביי אונדז טאָג־טעגלעך פאַסירט הונדערטער „מכירת יוספלעך״. די קלענערע רבנים פון די קליינע שטעטלעך האָבן צו דער רציחה געגעבן זייער הסכמה מיט דעם „פּשט״, אַז די קינדער פון זייערע אייגענע שטעטלעך, איז „מער מצוה״ צו פאַרהיטן, איידער פרעמדע קינדער פון פרעמדע שטעט. די גרעסטע רבנים האָבן אין דער שטיל פאַרגאָסן טרערן איבער די עפנטלעכע רציחות, אָבער זיי האָבן געמוזט שווייגן צוליב דריי טעמים: ערשטנס, — איז דאָס געווען אַ קייזערלעכער „אוקאַז״, צווייטנס, האָבן זיי מורא געהאַט פאַרן „איזבאָרשטשיק״ מיט די דעפּוטאַטן, וואָס האָבן זיי געקענט אָפּזאָגן פון רבנות, ווען זיי וואָלטן זיך אַנטקעגנגעשטעלט די בלוטיקע רציחות, און, דריטנס, האָבן זיי מורא געהאַט פאַר די מוסרים, וואָס האָבן זיי געקענט פאַרמסרן ביי דער נאַטשאַלסטווע, און דער רעזולטאַט פון אַזעלכע מסירות וואָלט תמיד געווען — סיביר. דאָס איז געווען אַ צייט, ווען מענטשן האָבן איינגעשלונגען מענטשן גאַנץ אָפן און מיט דער הסכמה פון דער רעגירונג.

און איינער פון אָט די אומגליקלעכע קרבנות בין איך אויך געווען, ווען איך בין אַלט געווען 14 יאָר.

איך בין געזעסן אין אַ קאַזאַרמע גאַנצע פינף וואָכן. קהל האָט געוואַרט אויף דעם „פּריאָם״. אויסזיכטן לויז צו ווערן, האָב איך ניט געהאַט. ווי אַזוי? מאין יבוא עזרי? מיט וואָס פאַר אַ נס? פאַר די אָרעמע שעפּסעלעך, וואָס ליגן געבונדן אין שעכטהויז, איז נישטאָ קיין האָפענונג צו בלייבן לעבן. צי זיי וועלן זיין טרפה, אָדער כשר, צו דער שחיטה מוזן זיי גיין, מיט מיר איז אויך געווען דאָס זעלביקע. צי מען וועט מיך אָפּגעבן על־פּי „זאַקאָן״ (געזעץ), אָדער קעגן „זאַקאָן״, אַ סאָלדאַט וועל איך שוין זיין אין יעדן פאַל. פיל יאָרן וועל איך דאַרפן דינען

אין די „קאַנטאָניסטן". מען וועט מיר אָוועקגעבן צו אַ מוזשיק אין אַ דאָרף פאַר טויזנטער מיילן ווייט אין סיביר. דאָרטן וועל איך מוזן פיטערן חזירים, האַקן האָלץ אין וואַלד. פלעכטן פאַרן מוזשיק לאַפּטשעס און פאַר יעדער קליינִיקייט געשלאָגן ווערן מיט גרויס אכזריות. וועל איך אַרויסגיין אַ גאַנצער פון דעם דאָזיקן חיבוט הקבר, וועט זיך ערשט פאַר מיר אָנפאַנגען דער ריכטיקער גיהנום מיט אַלע זיינע שרעקן: דער „דיאַדקאַ", די רוסישע קאַזאַרמע, די מושטרע, די מאַרשן מיט 30 פונט משא אויף די פלייצעס, די פייערדיקע שמיץ, די שרעקלעכע קלעפּ און נאָך טויזנט אַנדערע „תענוגים" פון דעם מין. מער פון אַלץ האָט מיך דעמאָלט געפייניקט דער געדאַנק, ווען איך פלעג זיך דערמאָנען מיין אומ־גליקלעכע מוטער, די עלנטע און וויסטע אלמנה. 21 פינצטערע יאָרן האָט זי אָפּגעלעבט מיט איר מאַן, און ווען אַ בייזער צופאַל האָט דעם שפייזער פון איר אָוועקגעריסן, זענען איר פאַרבליבן נאָר ליידן, ווייל פריידן האָט זי קיין מאָל ניט געהאַט. איר איינציקער טרייסט זענען געווען די צוויי יתומים, און ביידע האָט מען פון איר אָוועקגערויבט. חיה רעה כלתם! און ווער? ניט קיין ווילדע חיות אין וואַלד, נאָר אייגענע מענטשן. מענטשן מיט הערצער פון וועלף!..

מיט אַזעלכע געדאַנקען האָב איך זיך אַרומגע־טראָגן די גאַנצע צייט, וואָס איך בין געזעסן מי־ט נאָך אַנדערע יידישע קרבנות אין דער פינצטערער קאַזאַרמע. די דאָזיקע געדאַנקען האָבן אויפגעוועקט מיינע געפילן און איך האָב דעמאָלט, זיצנדיק אי־ן דער קאַזאַרמע, אָנגעשריבן מיין ליד: „די פאַימאַנצעס", וואָס האָט 108 פערזן. די טעמע צו דעם ליד האָב איך גענומען פון דעם נביא חגי.

חגי הנביא איז געקומען צו די כהנים און האָט זיי געפרעגט:

— „ווערט אַ מענטש אָדער אַ בגד אויך הייליק, ווען דער מענטש אָדער דער בגד רירט אָן דאָס הייליקע פלייש פון די קרבנות?"

— „ניין, ער ווערט ניט הייליק!" — האָבן די כהנים געענטפערט.

— „און ווערט אַ מענטש אָדער אַ בגד אומריין, ווען זיי באַרירן אָן אומריינע זאַך?" — האָט דער נביא ווייטער געפרעגט.

— „יאָ, געוויס ווערן זיי אומריין!" — האָבן די כהנים געענטפערט.

— „אַזוי איז דאָס גאַנצע פאָלק!" — האָט חגי מיט שמערץ אויסגערופן — „קיין גוטע, קיין ריינע, קיין הייליקע זאַך קלעפט זיך אָן זיי נישט אָן, נאָר די אומריינע זאַכן קלעפן זיך צו זיי צו. דאָס הייסט: לעבנדיק צווישן פרעמדע פעלקער, לערנט מען פון זיי ניט די גוטע מעשים, די פיינע זיטן, מען לערנט זיך פון זיי אויס נאָר די שלעכטע, די אומריינע!"

די גזירה פון די „פאַימאַנצעס" איז געווען אַ פראָ־בע פאַר אונדזערע יידן פון יענעם דור, אָבער זיי האָבן דעם נסיון זייער שלעכט אויסגעהאַלטן. מיט דעם וואָס זיי האָבן זייערע אייגענע ברידער געכאַפּט און פאַרקויפט אין שמד אַריין און צו אייביקע צרות, האָבן זיי אויפגעדעקט פאַר דער וועלט דעם אמתן כאַראַקטער פון זייערע מנהיגים.

דאָס איז אין קורצן דער אינהאַלט פון מיין ליד „די פאַימאַנצעס", אָדער — „געשטאַנען צום משפט און אַרויס שולדיק". ניט אין מיין אייגענעם בלוט האָב איך געטונקט מיין פעדער, ווען איך האָב דאָס ליד געשריבן, נאָר אין דעם בלוט פון אַלע מיינע אומגליקלעכע ברידער; ניט מיין שמערץ אַליין קלינגט דורך די פערזן, עס הערט זיך אין זיי דער פאַרצווייפלטער יאָמער־געשריי פון דעם גאַנצן כלל־ישראל.

און ווי טרויעריק, ווי האַרצרייסנד ס'איז געווען דאָס בילד פון דער קאַזאַרמע! אַכציק עלנטע, בלייכע, אויסגעדאַרטע, אויסגעהונגערטע, האַלב־נאַקעטע נפשות ליגן אויף דער ערד, אויף אַ הייפעלע שמוציקן שטרוי. דער גרעסטער טייל פון זיי זענען דורך אַ טיראַנישער האַנט אָוועקגעריסן געוואָרן פון זייערע מוטערס, און פאַרשטייען נאָך גאָר ניט דעם טיפן עלנט, וואָס דערוואַרט זיי אין דער צוקונפט. אויך דאָ, אין דער קאַזאַרמע, ניט וויסנדיק זייער פינצטערן גורל, לאַכן זיי, שטיפן זיי און שפילן זיך איינער מיט דעם אַנדערן. נאָר די עלטערע, קוקנדיק אויף זיי, פאַרגעסן זייערע אייגענע צרות און פאַרגיסן טייכן טרערן. צוויי מאָל אין טאָג עפענען זיך די אייזערנע טירן און עס קומען אַריין די מלאכי־חבלה פון די קהלישע „מאַכערס" און ברענגען עטלעכע לעבלעך ברויט און עטלעכע טעפּ זופּ, וואָס איז צו שמוציק אפילו פאַר הינט. וואָגט עמעצער עפעס וואָס צו פאַרלאַנגען און צו בעטן, ווערט ער אָנגענומען פאַר די האָר און צוריקגעשליידערט צום וואַנט מיט אַזאַ רציחה, אַז די יונגע ביינדעלעך טרייסלען זיך און קנאַקן.

— „איך וויל צו מיין מאַמען!" — צעוויינט זיך אַ קינד אויפן קול.

— „דו וועסט זי שוין זען אויף יענער־וועלט, האָב נאָר געדולד!" — ענטפערט אים דער יידישער אַנטיר־כוס און צעלאַכט זיך...

— „לאָזט מיך אַהיים! איך וויל צוריק אהיים!" — יאָמערט אַן אַנדער עופּהלע.

— „וואַרט נאָך עטלעכע טעג!" — ברומט דער מענטשלעכער טיגער — „דו וועסט שוין האָבן אַ גרויסע היים!.. זי ציט זיך פון באַברויסק, ביז אַרכאַנגעלסק!.."

עס ווערט נאַכט. אַלע לייגן זיך אויף דער ערד און לייענען קריאת־שמע. אַנדערע, די עלטערע, זאָגן תהילים אויסנווייניק, ביז זיי ווערן אַנטשלאָפן... אַ גאַנ־צע סטאַדע שעפסן, וואָס וואַרטן אויף דער שחיטה! זיי ליגן איינער אויף דעם אַנדערן, אויף דעם שמוציקן שטרוי — איין אומגליק, איין יאָמער און עלנט האָט די פרעמדע פאַראייניקט אין איין קערפּער. פון מינוט צו מינוט רייסט זיך אַרויס אַ שווערער זיפץ פון דער ברוסט פון אַן עלטערן. די יונגע שלאָפן גאַנץ רויק, און אַ גליקלעכער שמייכעלע שוועבט אום אויף זייערע בלייכע פּנימלעך. וואָס חלומט זיך זיי? געוויס, אַז זיי זיצן ביי זייער מוטער אויפן שויס און די צערט־לעכע מוטער קאַמט זיי און מאַכט לאָקן פון זייערע האָר!..

צווישן די 80 „פאַימאַנצעס", וואָס זענען מיט מיר געזעסן אין קאַזאַרמע, זענען געווען אייניקע מיט זייער גוטע שטימען צום זינגען. איך האָב צוזאַמענגעשטעלט אַ כאָר פון 10 „פאַימאַנצעס" און האָב מיט זיי איינ־געשטודירט מיין ליד „די פאַימאַנצעס". מיר פלעגן עס זינגען עטלעכע מאָל אין טאָג און קיין אויג פלעגט דערביי נישט בלייבן טרוקן און קיין האַרץ פלעגט ניט בלייבן אומגערירט, ווען די טרויעריקע מעלאָדיע, צוזאַמען מיט די ווערטער, פלעגן זיך צעגיסן איבער דער קאַזאַרמע. אפילו די מלאכי־חבלה מיט די שטיינערנע הערצער, מיט די אייזערנע נערוון, וואָס האָבן טאָג און נאַכט איבער אונדז געוואַכט. פלעגן אויך מיט אונדז מיטוויינען.

עס איז אַוועק דער תשעה־באב און עס איז גע־קומען די נאַכט, וואָס אויף מאָרגן האָט מען שוין געדאַרפט פירן צו דער שחיטה — צום „פריאָם".

## ג

## די באַפרייונג

אַז די ישועה איז אונדז פיל נענטער, ווי מיר האָבן גערעכנט, דאָס האָט קיינער פון אונדז ניט געוווּסט.

פּורים, תרט"ו (1855), דאָס הייסט אומגעפער מיט אַ האַלב יאָר פריער, איידער מען האָט מיך געכאַפּט און אַלס „פאַימאַניק" איינגעשלאָסן אין דער באַברויסקער קאַזאַרמע, איז קייזער ניקאָלאַי דער ערשטער פּלוצלונג געשטאָרבן. אַלעקסאַנדער דער צווייטער איז אַרויף אויף דעם רוסישן טראָן און מיט דעם איז אָפּגעשלאָסן געוואָרן דער פאַריזער טראַק־טאַט. דער קרימער קריג האָט זיך געענדיקט. איינער פון די ערשטע „אוקאַזן", וואָס קייזער אַלעקסאַנדער דער צווייטער האָט אַרויסגעגעבן, איז געווען, אַרויס־צולאָזן פריי פון די קאַזאַרמעס אַלע „פאַימאַניקעס".

אַרום איינס אַ זייגער ביי נאַכט, ווען מיר זענען געשלאָפן אין דער קאַזאַרמע, האָט אונדז אויפגעוועקט אַ גרויסער טומל אויף דער גאַס. דער טומל איז געקומען אַלץ נענטער און נענטער צו אונדז, און באַלד האָבן מיר דערהערט ווי מען קלאַפּט אין אונדזערע אייזערנע טירן און לאָדנס.

— „קינדערלעך, שטייט אויף! אַ ישועה! איר זייט פריי, פריי!" — האָט איינער געשריען.

— „אַן אוקאַז פון קייזער, אַז מען זאָל אייך אַרויסזאָלן!" — האָט געשריען אַ צווייטער.

— „לויבט גאָט, קינדערלעך! זאָגט הלל!" — האָבן עטלעכע קולות געשריען אויף איין מאָל.

די דאָזיקע בשורה איז פאַר אונדז געווען, ווי דער קול פון שופר, וואָס וועט אויפוועקן די טויטע צו תחית־המתים. מיט אַ פרייד־געשריי זענען מיר אויפגע־שפּרונגען פון אונדזער וויסטן געלעגער, מיר האָבן זיך געוואַשן און זיך געשטעלט זאָגן הלל. איך בין געווען דער חזן און מיין כאָר האָט מיך באַגלייט. נאָך הלל האָבן מיר זיך אַלע גענומען פאַר די הענט און מיר האָבן געטאַנצט אַ „יידישן קאַראַהאָד". דאָס איז געווען אַ טראַגיקאָמישע סצענע, ביי וועלכער מען האָט געמוזט לאַכן און וויינען. נאָך דעם טאַנץ האָב איך אָנגעשריבן מיין ליד „די ישועה" און האָב צום אים קאָמפּאָנירט אַ פיינע מעלאָדיע.

אויף צען אַ זייגער אין דער פרי איז באַשטימט

געווען אונדז אַרויסצולאָזן פון דער קאַזאַרמע. דער באַברויסקער גביר, ר׳ יצחק ראַבינאָוויטש, האָט גע־שאָנקען 40 רובל אויף דעם בית־מדרש פאַר דער מצוה, צו עפענען די טיר פון דער קאַזאַרמע. שוין אַ צייט פריער האָבן זיך אַרום דער קאַזאַרמע פאַרזאַמלט מענער און פרויען, יונגע און אַלטע און האָבן מיט גרויס אומגעדולד געוואַרט אויף דעם מאָמענט, ווען די קאַזאַרמע וועט זיך עפענען און מיר וועלן אַרויסגיין פריי. יעדער איינער פון זיי האָט געבענטשט און געלויבט דעם גוטן קייזער אַלעקסאַנדער דעם צווייטן, וואָס האָט אַרויסגעגעבן דעם מאַניפעסט און וואָס האָט מבטל געמאַכט אַ סך ביטערע גזירות פון זיין פאָטער.

עס איז געקומען דער גליקלעכער מאָמענט, מיט דער ברכה „ברוך מתיר אסורים" האָט דער גביר ר׳ יצחק ראַבינאָוויטש אויפגעשלאָסן די טיר, און דער גאַנצער עולם האָט זיך אויף איין מאָל אַ שפּאַר געטאָן פון דער קאַזאַרמע. דער שטאָט־חזן האָט געמאַכט „מי שברך" דעם קייזער און האָט געזונגען דעם קאַפּיטל מ״ח פון תהילים. דאַן האָט מען מיך מיט מיין כאָר אַרויפגעשטעלט אויפן טיש און מיר האָבן געזונגען מיין ליד: „געשטאַנען צום משפט און אַרויס שולדיק". דער עולם האָט אויסגעבראַכן אין אַ גרויס געוויין, אָבער דאָס ליד האָט נאָך אַ צווייטע ווירקונג געהאַט. דער עולם איז פונעם ליד אַזוי שטאַרק אויפ־געררייצט געוואָרן אויף די קהלישע מאַכערס, אַז מען וואָלט זיי געוויס צעריסן אויף שטיקער, ווען זיי וואָלטן דאָ דערביי געווען. יענע זענען אָבער קליגער ווי פרימער געווען און האָבן זיך באַהאַלטן. אויף דעם פאַרלאַנג פון די בעלי־בתים האָב איך זיי נאָך צוויי פון מיינע לידער געזונגען: „די ישועה" און דאָס ליד „בעסער נעמען איידער געבן", וואָס האָט געשילדערט מיין בעל־הבית, דעם ישובניק, וואָס האָט מיך פאַרקויפט צו קהל פאַר 25 רובל, אַנשטאָט מיר צו באַצאָלן מיינע שכירות. דאָס ליד האָט ביי דעם עולם אַרויסגערופן אַ שטורעם פון ווילדן צאָרן. עס האָבן זיך געפונען אַ סך בעלנים, וואָס האָבן געוואָלט לויפן אין יענעם דאָרף צום ישובניק און פון אים נעמען ביטערע נקמה, אָבער דער גביר ר׳ יצחק ראַבינאָוויטש האָט זיי איינגעשטילט און האָט זיי געגעבן זיין ערנוואָרט, אַז ער וועט זיך מיט יענעם עוכר־ישראל אָפּרעכענען. דאַן האָט מען פאַר אונדז געעפנט די טיר און מיר, אַלע 80 געפאַנגענע, זענען זינגענדיק אַרויסגעגאַנגען פון דער קאַזאַרמע. מיך האָט דער גביר ר׳ יצחק ראַבינאָוויטש אַריינגע־נומען אין זיין קאַרעטע און האָט מיך אַוועקגעפירט אין זיין הויז.

שוין אין די ערשטע צוויי וואָכן, וואָס איך בין געווען ביי דעם גביר אין הויז, בין איך אויך געוואָרן אַ שטיקל „גביר". איך האָב מיך זייער שיין אויסגע־קליידעט און איך האָב נאָך געהאַט אַ קאַפּיטאַל פון 100 רובל מזומן. מיין „עשירות", פונקט ווי מיינע צרות, האָב איך אויך באַקומען אויף אַ מערקווירדיקן אופן. קודם כל האָט דער גביר ר׳ יצחק ראַבינאָוויטש געשיקט רופן דעם ישובניק, ביי וועלכן איך האָב געקנעלט מיט זיינע דריי „גאונים", און נאָך דעם ווי ער האָט אים מכבד געווען מיט עטלעכע פייערדיקע פעטש, האָט ער אים געהייסן מיר באַצאָלן די 50 רובל שכירות, וואָס האָט מיר געקומט פאַר צוויי זמנים, און די 25 רובל, וואָס ער האָט גענומען פאַר מיין „נפש" ביי קהל. דער „פיינער" מאַן האָט געטענהט, אַז ער איז אָרעם און קען דאָס ניט באַצאָלן, אָבער דאָס האָט אים נעבעך ניט געהאָלפן. דער גביר האָט צו אים געשיקט אַ פּאָר קאָזאַקן און מען האָט ביי אים צוגענומען אַלץ, וואָס מען האָט אין זיין הויז געפונען. אַ פּאָר טעג שפּעטער איז דער ישובניק געקומען מיט 75 רובל און האָט אויסגעלייזט זיינע זאַכן. איך בין מיט איין מאָל געוואָרן אַ „גביר" מיט אַ קאַפּיטאַל פון 75 רובל! צו יענער צייט און אין מיין לאַגע, האָב איך געגלייבט, אַז איך בין אַ האַלבער ראָטשילד. אויסער דעם האָב איך נאָך באַקומען קליינע סומעס געלט פון די געסט, וואָס פלעגן קומען צום גביר און פאַר וועלכע איך פלעג זינגען מיינע דריי לידער, וועלכע איך האָב פאַרפאַסט אין דער קאַזאַרמע.

## אברהם יעקב פפירנא

# זכרונות*

לאחר שאיבד אבי את משרתו במסחר היער בבילוביז׳, החליט סוף סוף, לאחר שמונה־עשרה שנות פירוד, לחזור לחיק משפחתו. זירת הפעולה של קאפולי היתה צרה מדי בשבילו, ולאחר שחיסל את עניניו בקאפולי, עבר עם כל משפחתו לעיר מולדתו — בוברויסק.

המעבר למקום החדש גרם להורי דאגות רבות, אולם יותר מהכל ציערם מצבי: 19 שנים כבר מלאו לי, ואני עוד לא נשאתי אשה, אוי לאותה חרפה. ולהסתיר חרפה זו אי־אפשר היה: על הלחיים ועל הסנטר ביצבצו במרץ ובחוצפה שערות זקני, בגלותם ברבים את פריצת חוק הטבע והמסורת הטובה. ננקטו אמצעים מיוחדים, שהביאו במהרה למטרה הרצויה. נשאתי לי לאשה את בתו של חוכר אחוזה עשיר. — —

בבוברויסק שלטו המחזיקים בנושנות, ממש כמו בקאפולי, אולם אורתודוכסיה זו היתה רב־גונית יותר, מאחר שהתושבים התחלקו כאן לחסידים ו„מתנגדים״, שהתחרו אלה באלה ביראת שמים. אמנם ה„מתנגדים״ דבוברויסק השלימו זה מכבר עם החסידים (חסידי חב״ד), אם כי לכל אחת משתי הכיתות היו בתי־כנסת ורבנים משלה. הרב הראשי של ה„מתנגדים״ היה אז דודי ר׳ אליהו גולדברג (זה, אשר בצעירותו בקאפולי, עזב את תפילתו ביום הכפורים, לטפל בחולים המסו־כנים שנשארו בלי פיקוח ולבשל להם אוכל**). הרב הראשי של החסידים היה ר׳ הלל מפאריץ׳, תלמידו ויד־ימינו של ר׳ מנדלי מליובאוויץ׳. אל ר׳ הלל היו חסידים נוסעים כאל „צדיק״ אמיתי, אם כי היה ידוע רק כ„חוזר״, מאחר שלא לימד את העם משמו, אלא משם ר׳ מנדלי, בחזרו ובהסבירו את דברי תורתו. אם כי נפרדו ר׳ אליהו ור׳ הלל עד מאד בהשקפותיהם הדתיות כיבדו איש את רעהו, וכן כובדו במידה שווה על־ידי שתי הקהילות, חסידים ומתנגדים, על יראת השמים השלמה שלהם.

על אף האדיקות החמורה, לא היו החיים בבוב־רויסק כה קודרים וחד־גוניים כבקאפולי. גם כאן שרר עוני רב, אולם היו גם עשירים לא מעט. הודות למבצר שעמד בעיר ולשפע היערות בסביבה התגוררו בבוב־רויסק קבלנים וסוחרי־יער רבים. אלה חיו ברחבות, לעתים לא מאהבת חיי המותרות, אלא על מנת להעמיד פני עשירים. הקבלנים קיבלו על עצמם לעתים קרובות עסקים שעלו בהרבה על אמצעיהם הכספיים; ובמקרה שהעסק עמד להיות כרוך בהפסד, שהיה עלול להורידו מנכסיו, היה הקבלן מקבל עליו עסק שני, תוך תקוה שזה יוציאו מן המיצר; ואם התברר כי גם זה אין בו ברכה, היה אוחז בשלישי, ברביעי וכן הלאה. לחשוב על כך לאן יובילוהו כל אלה — לכך לא היה לו זמן. ולעת עתה צריך היה להשגיח ש„הגלגל יסתובב״, שכן אילו עמד גלגל זה ולו אך לרגע, היה בא סוף לכל מעמדו. בכדי שהגלגל יסתובב היה צורך באשראי, ובאשראי נרחב, ולשם כך היה על הקבלנים להעמיד פנים, לסנוור בעושר מעמד ביתם, ביהלומי נשותיהם, בתרומות נדיבות, במסעות יקרים וכד׳.

בבוברויסק היו אז כעשרה „משכילים״ נסתרים וגלויים, שעמהם קשרתי קשרים במהרה. כולם היו חובבים מסורים של ההשכלה והספרות העברית ובבתי־הם נידונו בהתלהבות כל הבעיות העומדות על סדר היום של החיים היהודים, ניתנה הערכה לספרים חדשים, התנהלו ויכוחים סביב מאמרים חשובים שהו־פיעו בעיתונים העברים, שהחלו לצאת אז לאור.

עיתונים עברים! מה רב היה החידוש! הופעתם כשלעצמה היתה מאותות הזמן החדש, והצלחתם היח־סית העידה על כך, שרעיונות ההשכלה שלחו שרשים בקרב העם. מצידה היא שימשה העיתונות העברית הצעירה מכשיר אדיר בידי המשכילים להפצת הרעיו־נות החדשים בקרב המוני העם. העיתון הראשון — השבועון „המגיד״ — החל לצאת לאור בליק שבפרוסיה עוד בסוף שנות החמישים; אחריו באו „הכרמל״ בווילנה ו„המליץ״ באודיסה. מובן מאליו, שבחוג שלנו נתקבלו כל אלה. יום קבלתו של עיתון זה או אחר היה לנו יום חג אמיתי. לא עצרנו כוח לחכות עד אשר יביאום לנו ורצנו אל הדואר לקבלם והיינו קוראים בהם בהליכתנו ברחוב. וכיצד קראנו! קראו בהת־

---

* פרק י״ז מזכרונותיו של א. י. פפירנא, „פְּרֶז׳יטוֹיֶה״, כרך ג׳, עמ׳ 359—363. פפירנא התגורר בבוברויסק בשנות 1859—1862.

** ר׳ עמ׳ 275.

להבות, קראו מא׳ ועד ת׳, משער העיתון ועד המודעות. הכל היה חשוב כאן, הכל היה כתוב בשפת המליצה, הכל היה רווי אהבה ל„השכלה בת־השמים". לא רק מאמרים רצינים ושירים, אלא אף כתבות זעירות על שריפה או על בית־מרחץ שהתמוטט באחת העיירות הנידחות היו חייבות להסתיים בקריאה על ההכרח ב„השכלה". שכר סופרים לא שולם למשתתפים, ואיש מהם לא העלה בנפשו לקבל שכר עבור מעשה קדוש כזה; לעומת זאת היה להם הסיפוק המוסרי. לא דבר של מה בכך היה בימים ההם מראה מאמרך, כשהוא נדפס בעיתון. לא רק שיר, אלא גם כתבה רגילה ביותר הפכה את המחבר לידוע ברבים, במידה מסו־ימת — לבן־אלמות.

במהרה נפל גם בחלקי האושר לבוא במספר „בני־האלמות", כתבתי מכתב אל מערכת „המליץ" בו תיארתי בצבעים שחורים את „החברה קדישא" דבוב־רויסק, שבה לקחו חלק המחזיקים בנושנות הקיצונים ומטובי תושבי העיר. זרקתי את המכתב בתיבת המכתבים, כשאני מפקפק ואיני מקוה כלל וכלל שאתכבד בפרסומו. כמה היתה רבה שמחתי, כאשר ראיתי, בפתחי כעבור זמן־מה גליון טרי של „המליץ", את מכתבי מודפס במלואו, ומתחתיו שמי ושם מש־פחתי על כל אותיותיו. רבונו של עולם! האומנם אין זה חלום, דמיון תעתועים?

גדלתי בעיני עצמי ודומה היה לי שגם בעיני אחרים. נדמה היה לי שבבית־הכנסת וברחוב יודעים כבר כולם למה הפכתי ומביטים עלי ביראת הכבוד.

אולם כידוע, אין דבר ניתן בעולם בחינם, וגם אשרי זה לא היה יוצא מן הכלל: שילמתי עבורו מחיר יקר. בהיוָדע לחברים רבי־הכוח של החברה קדישא על הכתבה שלי, יצאו מכליהם, ובמיוחד משום שהעובדה שתוארה על־ידי והעידה על אהבת בצעה ושרירות לבה של ה„חברה" — תאמה לאמת. אסיפה מיוחדת של החברה קדישא נקראה, העמידה אותי לדין והטילה עלי עונש חמור, והוא: „קבורת חמור", ז. א. שלילת זכותי לטכסים ולכיבודים של הלווית המת, וקבורה מחוץ לגדר בית־הקברות. פסק־דין איום זה, שנכתב בפנקס החברה למען ידעו וייראו, הדהים אותי באי־צדקתו ובאכזריותו. אולם לאחר שנתתי דין־וחשבון לעצמי שלקבורת חרפה זו אהיה נידון לא עתה אלא לאחר שיעלה בדעתי למות, ויתכן מאד שמותי ימצאני במקום אחר, שלא בתחום שבו מגעת ידה של החברה קדישא דבוברויסק, נחה דעתי. ומכל תקרית זו, שעוררה בעיר רעש כה גדול, נשארה לי רק הכרה גאה של כבוד המחברים שזכיתי בו ווזהר המעונה על האמת ועל הצדק.

ולאחר שיצאתי לזירת המאבק עם מורדי־האור רבי־הכוח, חיכיתי רק להזדמנות נוספת, על מנת להתמודד עמהם. הזדמנות זו לא איחרה לבוא. רבם של החסידים בבוברויסק, ר׳ הלל, שהזכרתיו לעיל, פירסם אגרת־רועים שבה אסר בחרם ליהודיות בעיר את נשיאת ה„קרינוֹלינוֹת". הקוראים והקוראות דהאיד־נא אינם יודעים אולי כולם פירושה של מלה זו, אולם בסוף שנות החמישים ובראשית שנות ה־60 היו הקרינולינות בפי כל ולעיני כל. אלה היו שמלות נשים בעלות צורה מרהיבת־עין: צרות מאד בחלצים, הול־כות ומתרחבות כלפי מטה ומסתיימות למטה בחישוק מעצם דגים או מפלדה, שהקיפו כמה אַרשינים *. הם נראו כפירמידה שפסגתה צרה, אותה שעה שהחלק העליון של הגוף היה הולך ורחב, בדרך הטבע או בדרך מלאכותית, והיה כעין פירמידה הפוכה העומדת על חודה; קיצורו של דבר, היתה זו אופנה פנטסטית ומהודרת, ובנות ציון, שהן, עוד מימי הנביא ישעיהו, חסידות נלהבות של האופנה, מיהרו, מיד לאחר שעברה אופנה זו את הדרך הארוכה מפריז עד לתחום המושב, לאחוז בה בכל כוחותיהן, ועברו אפילו, כמנהגן, על המידה, בהגדילן את היקף החישוק עד לאין שיעור. אולם אין בעולם דבר שהוא כליל השלמות, וגם אופנה נפלאה זו היתה כרוכה באי־נוחיות קטנה: בעת ישיבתה של הגברת, וביחוד בעת שכיבתה, היה החישוק יחד עם השמלה מתרומם אל על. וזו הסיבה שהרבי שלנו חרה אפו על יצר הרע המתעורר על ידי הקרי־נולינות ופירסם את אגרת־הרועים שלו. קשה לתאר את היגון אשר אפף את בנות המין היפה מכת החסידים בצאת איסור זה. יגון זה גבר מתוך קנאה לשכנותיהן ולרעותיהן מכת המתנגדים, שאותן לא חייבה פקודתו של ר׳ הלל ושהמשיכו לכן להתהלך בקרינולינות. תוך אהדה ליסורי המין היפה ותוך התמרמרות על התערבות ה„כמורה" בשדה המלבוש הנשי שאינו שייך לה, תיארתי „תקרית" זו בטון הומוריסטי־ארסי במכתב לעורך „המליץ" צדרבוים, שמיהר להדפיסה בתוספת הערה ארוכה ועוקצנית. המכתב עורר, כפי שאפשר היה לצפות, סערת־חימה בין חסידי בוברויסק. למזלי נזהרתי הפעם, ובוַתרי על תהילת המחברים, חתמתי

* האַרשין — מידה רוסית, כ־71 ס"מ.

על המכתב בשם בדוי, אולם כולם הראו עלי באצבע כעל מחבר המאמר החצוף, ורק חסרון הוכחות חותכות הצילני מן החרם. ידידי, מבין המשכילים הנסתרים ומבין החסידים, הזהירוני, שלא אצא בלילות יחידי אל הרחוב.

שם של אפיקורוס דבק בי לצמיתות לאחר שהופיע בעיתון „הכרמל" שירי „אמת ואמונה", שבו השויתי את האמת למאור הגדול ואת האמונה — למאור הקטן. להישאר בבוברויסק עם שם זה לא היה נוח כלל וכלל, החלטתי להגשים בלי דיחוי את מחשבתי מאז — להיכנס לבית־המדרש לרבנים, וביחוד מאחר שתקופת המזונות שפסק לי אבי התקרבה לסיומה. עתה, או אף פעם לא — חשבתי, ובקבלי את הסכמת אשתי החילותי להתכונן לדרך.

**י. ל. קצנלסון**

# המתקנאים לדת*

בפסח ההוא (1865) נפל דבר, אשר עשה את כל העיר כמרקחה. איש עובר אורח בא יומים לפני החג העירה, ויט ללון בחדר־הקהל אשר על־יד בית־המדרש של ר' יהודה בן יחיאל. עוד היום תמונתו ניצבת לפני עיני. הוא היה כבן שלושים וחמש שנה, גבה קומה וצנום עם פנים מחודדים. לבוש בגדים טהורים וכל חזותו העידה כי לא הסכין האיש מעודו לחזור על הפתחים. על פי המנהג הישן הנהוג בכל ערי ישראל קראו אותו אחדים מבאי בית־המדרש לאכול אתם לחם בשני הימים הראשונים של פסח. אולם ביום הראשון של חול־המועד בערב התאונן האיש לפני אחד הבחורים, כי התענה כל היום ולא אכל מאומה. למחרת ראו אותו נערים אחדים יוצא מבית מאפה לחם נכרי, וירימו קול שאון: „חמץ בפסח, חמץ בפסח". וברגעים אחדים התאסף מסביב להאיש המון גדול אנשים ונשים, ויחלו לחפש בכיסו וימצאו שלוש לחמניות עגולות. את הלחמניות מחורזות על חוט תלו על לבו ויחלו להוליך אותו מרחוב לרחוב. לפניו הלכו נערים שובבים ויקראו בקול רם: „ככה יֵעָשה לאיש האוכל חמץ בפסח". ומאחריו הלכו נערים אין מספר (בחול־המועד הם פטורים מן החדר), הכו אותו בלי חמלה, עיפרו לעומתו בעפר וקרעו את בגדיו, ומרגע לרגע הלך ההמון הלוך ורב והשאון הלך הלוך וגדול. ככה הוליכו אותו בכל חוצות העיר מן הבוקר עד הערב. ולעת תפילת המנחה הביאו אותו אל בית־המדרש, מקום מלונו. נורא היה מראה פני האומלל. פניו חיורים כמת, בגדיו קרועים ומכוסים בעפר, וכל עצמותיו רחפו מפחד. מעניו אילצו אותו לעלות בברכים כושלות אל הבימה ולקרוא לפני העדה „חטאתי, עויתי ופשעתי". בברכים כושלות ירד מעל הבימה, יצא החוצה, ומני אז לא נודעו עקבותיו. בצקלונו אשר בהיחפזו לנוס עזבו בחדר הקהל, לא מצאו מאומה בלתי אם שתי כתנות־בד, טלית ותפילין ושישה סדרי משנה בשני כרכים. המאורע הזה עשה רושם קשה מאד. אמנם זמם האיש לעבור עבירה חמורה מאד, אבל הוא רק זמם ועוד לא עבר. והם, קנאי־הדת האכזרים, שפכו את דמו כמים, מבלי שאול את פיו, מה הביאו לידי זה. אתמול התענה יום תמים ואיש לא דאג להאכילו מצה, והחנויות פתוחות לממכר מצה הן לא היו בעיר בעת ההיא והאומנם ימות ואל יעבור?..

נפשי ירעה להאיש הזה, ובראותי אותו עומד על הבימה, ועיניו התועות מפיקות מצוקת־מות נוראה מאד, לא יכולתי עצור ברוחי ואומר לרעי הניצב על ידי: „אך זאת היא אכזריות שאין כמוה — שפיכת דמים".

וכרגע התנשאו כעשרה אגרופים למולי. ואחד מבעלי־האגרוף הרעים עלי בקול:

— ואתה חושב, כי מותר לאכול חמץ בפסח? באיזה „שולחן־ערוך" למדת זאת? אפשר שכך כתוב בה„תעודה בישראל" ימח שמו?

רעי נתן לי ידים להתחמק בתוך ההמון השואן ולצאת החוצה. ומני אז לא דרכה רגלי על סף בית־הכנסת ההוא...

---

* בוקי בן יגלי — י. ל. קצנלסון — „מה שראו עיני ושמעו אזני", ירושלים תש"ז, עמ' 99—100.

ישראל קאַפּעלאָוו

# אמאל איז געווען

## א. דער ברעג*

זונטיק, אָדער אַזוי אַ חגא, אַ מאַרק־טאָג, אָדער ווי די מאַמע פלעגט דאָס רופן „קראַסנע טאָרג" — האָט זיך ביי אונדז דער גאַנצער סדר־היום איבערגעקערט. די ערשטע איז אויפגעשטאַנען די מאַמע, און כהרף עין, האָט זי דאָס גאַנצע הויז־געזינד אויף די פיס אויפגעהויבן. „גיכער, גיכער, וואָס מאַרודיעט[1] איר דאָרטן?" — האָט זי אונטערגעטריבן שטרענג די מיידלעך, און יענע, פאַרשטייענדיק די ערנסטקייט פון טאָג, האָבן זיך גאָרניט געלאָזן לאַנג בעטן. ניט טויט, ניט לעבעדיק, אַראָפּגעשפרונגען פון בעט און אין גרויס איילעניש, לויפעניש, פּלאָנטערנדיק זיך, זוכנדיק אַ זאָק, אַ שוך, קוים עפּעס אַרויפגעשלעפּט אויף זיך און געלאָזט זיך לויפן. וואָס מיר עסן, טרינקען, ווער קען דען טראַכטן גאָר פון אַזעלכע זאַכן? אַפילו אָנטאָן זיך ניט אוספּעיעט[2] — די מאַמע, אויף איין האַנט אַרויפגעשלעפּט די קורטקע, איז אַרויסגעלאָפן פון שטוב, ווי פון אַ פייער, חלילה. די מיידלעך פלעגן ערשט לויפנדיק פאַרפלעכטן די צעפּלעך, אָדער צובינדן די שיך־בענדלעך, — עפּעס אַ קלייניקייט, מען דאַרף דאָך לויפן צום ברעג! צום ברעג, צום ברעג. „חלילה דעם ברעג ניט פאַרשפּעטיקן, — פלעגט שרייען די מאַמע מיט פאַרצווייפלונג, — גיכער קינדערלעך, גיכער, לויפט גלייך צום ברעג! איר הערט? צום ברעג!"

גאָר די ערשטע צום ברעג, גאַנץ פרי צו ותיקין, זענען געלאָפן די קרעמערקעס — ווייבער. די מאַנסבילן — צוליב דעם דאַוונען, תפילין לייגן און ניט עובר קריאת־שמע זיין, זענען געקומען שפּעטער. און טאָמער האָט זיך געפונען אַ „סמעליאַק", אַ יונגערמאַן, וואָס האָט געהאַלטן מער פון קמח ווי פון תורה און האָט שוין געפועלט ביי זיך צו פאַרבויגן אַלץ מיט אַנאַנדער, אַבי אַ קאָפּיקע צו פאַרדינען, האָבן אים די ווייבער רודף געווען, דערגאַנגען ממש די יאָרן, ניט דערלאָזן בשום אופן ניט צו קיין ברעקל מסחר; אַלע ווילע דערמאָנט, אַז ער איז „אייפער קריסטמע" (עובר קריאת שמע), געזידלט, געשאָלטן, ביז זיי האָבן אים פאַרטריבן. אמת, עס האָט זיך געפונען אַ מאָל אַ דורכגעטריבענער חברה־מאַן, וואָס איז אַריבערגעפאָרן מיט דעם פּאַראָם אויף דער אַנדער זייט ברעג, אַוועק העט־ווייט, אַזש ביז דער גרינער קרעטשמע, און אויף אַזאַ אופן האָט ער אי די ווייבער אויסגעמיטן, אי געכאַפּט אַ גאָר־גאָר פעטן ביסן...

אָבער וויפל זענען געווען אַזעלכע און ווען האָט דאָס געטראָפן? וועלכער ייד וועט דאָס, אָט אַזוי גרינג, אַוועקמאַכן מיט דער האַנט דעם דאַוונען?.. היינט טאָמער דערוויסט מען זיך, חלילה! מען וועט דאָך אים פאַרשטיינען! ניין, ניט פיל האָבן ריזיקירט, און דעריבער האָבן אין דעם גרויען פריענדיקן מאָרגן די ווייבער געוועלטיקט איבער דעם ברעג, — מיט זייער אייגענער ווייבערשער פירונג, מיט זייערע כללים און זייערע געזעצן.

אָט פאָרט אַ גוי, — די ווייבער טוען זיך אַ שאָט צו אים. זיי קוקן, זוכן, טאַפּן אין וואָגן און אין יעדן ווינקל זיינעם.

— „וואָס האָסטו, באַלעבאָסעלע, עפּעס צו פאַרקויפן, הא?" — פרעגט אַ יידענע.

אָבער פלוצלונג דערקענט אַן אַנדער יידענע, אַז דאָס איז איר גוי. זי רופט אים אָןביים נאָמען, פרעגט זיך נאָך, וואָס מאַכט זיין ווייב אַוודאָטיא.

— „אך, אַ ווילע באַלעבאָסטע, כ'לעבן! נו, נו, אָט אַ ווילער, אָנגעלייגטער גאַסט! שוין טאַקע גאַנץ לאַנג דיך גאָרניט געזען. וואָס זשע מאַכסטו? — וואַרט זשע אַ ווילעטשקע... איך קען דאָך נישט אַרויפכאַפּן זיך אויפן וואָגן, ווי אַ מאַנסביל.. טפּררו, טפּררר..." — און זי קריכט אַרויף אויפן וואָגן.

דעם פויער האָט דער יידענעס ברוך־הבא אפילו ניט גוט געשמעקט, וואָרעם ער איז איר געווען אַ בעל־חוב, פאַר זאַלץ און טאַראַנעס, און ער האָט גאָר בדעה ניט געהאַט היינט צו באַצאָלן. ער האָט אָבער ניט געקענט מעיז זיין און איז מרוצה געוואָרן פאָרן מיט דער יידענע — צו איר אין קראָם. די איבעריקע

---

* „אמאָל איז געווען", ניו־יאָרק 1926, עמ' 45—63.

1. לאַנגזאַם, קוים גערירט זיך.
2. באַוויזן.

ווייבער, אויספֿאָלגנדיק די דינים און כללים פֿון ברעג, טרעטן אָפּ פֿון וואָגן, באָטן ניט אָן קיין הויכע מקחים און לאָזן איבער דער יידענע איר גוי.

— „מסתמא אזוי באַשערט! איר מזל! אַז דער אויבערשטער וויל, דאַרף מען דען חכמה?״ — האָבן זיי זיך אַליין געטרייסט.

אָבער ניט שטענדיק האָבן די ווייבער אָפּגעהיט די ברעג־דינים. דער יצר־הרע צו דעם גויס סחורה איז געווען אָפּט מאָל צו גרויס און זיי האָבן ניט געקענט ביישטיין דעם נסיון... עטלעכע ווייבער טשעפּען זיך אָן אין דעם גוי, לויפֿן נאָך דעם וואָגן, שרייען און שילטן. איין יידענע, אין די מיטעלע יאָרן, זעענדיק, אַפֿנים, אַז קיין מסחר וועט זי שוין מיט דעם גוי ניט מאַכן, הייבט אָן פֿון פֿאַרדרוס שילטן און זידלען דער אַנדערער, דער גליקלעכערער. און דאָ ברענט זיך פֿונאַנדער די באַרימטע ברעג־קריגעריי...

— „אַי, רבונו של עולם, האַרציקער פֿאָטער, אַז דו זאָלסט רחמנות האָבן און עפּעס אַרויפֿשיקן אַ מגפֿה, אַ כאָליערע אויף דער מרשעת איינער, אַז עס זאָל פֿון איר סאַרע און פֿאַלע (שריד ופליט) ניט בלייבן, אַז עס זאָל אויסקייקלען איר גאַנצער ברוד, אירע טריפּניאַקעס, די ממזרים! האָסט געהערט אַ ביסל? אָנגעטשעפּעט זיך, ווי אַ קלעק — טשעפּען זאָל זי דער מלאך המות, — רייסט אַרויף די פּרייזן — רייסן זאָלן איר די באַק־ציינער. — פֿאַר וואָס, פֿאַר ווען? איך זאָל זאָגן, איך האָב ווען עס איז מיט איר אַ מאַקע (מגע) ומאַסע (ומשא) געהאַט? גאָרנישט, פֿאַרגינט ניט דעם לעבן, רייסט דעם ביסן פֿון מויל, אַז פֿאַרקרימט זאָל ער ביי איר ווערן!

— „שטום און לאָם זאָל זי זיין, ליבינקער גאָט!״ — האָט מיט אַ תחינה־ניגון און אַ וויינענדיקן קול פֿונאַנדערגעזונגען זיך די יידענע, וואָס האָט געכאַפּט דעם באַקאַנטן גוי.

די אַנדערע יידענע בלייבט אויך ניט הינטערשטעליק:

— „אהא, דערנומען דיך? אַז נעמען זאָל דיך פֿאַר די קישקעס! חצופה דו, אויסוואָרף איינע, די וועלט איז איר ווינציק! איר גוי!.. געהערט אַ ביסל? עס איז דאָך אַ געלעכטער צו מאַכן... איר אייגענער גוי? אָפּגעקויפֿט האָט זי אים? אפשר אַליין גאָר געהאַט... וואָס? עס האָט דאָך גאָר קיין חרפּה און בושה ניט, פֿאַרשטאָכענע אויגן דאָס איז, — צעשטאָכן און צעבראָכן זאָל זי ווערן! פּשש, פּשש, אַ קלייניקייט אַ ביסל, דער מאַר באַר אַוואַסיע (מר בר רב אשי)! איינזעעניש זאָל איך מיט איר האָבן? וואָס, האַ? דעם בענאָקל וועט אויף נקבֿות ניט שטייען — דעם בראַטאָקל, אפשר, דעם גנבֿ, דעם קאַטאָרזשניק, וועט ניט געננוג פֿון האַלדז קריכן? האָסטו געזען, אַ מצווה וועל איך כאַפּן, אַ הונט אין שמד אריינגעטריבן! אַניט דערלעבן, ניט דערהאַרן זאָלסטו, ממזרת איינע; וואָסי, וואָס, איך בין ניט אַזאַ מיוחסת ווי דו, איך האָב ניט קיין קינדערלעך צו דערנערן? אַזעלכע מכות זאָל זיך דיר זעצן, רבונו של עולם! ניין? איך וועל מיט איר זאַט זיין?!״

— „הער, אָבער, קיין מוסרים איז ניטאָ אין מיין משפּחה, קיין משומדים אויך ניט, און קיינע ממזרים האָבן מיינע שוועסטערס אויך ניט געהאַט. נו, איז שוין גוט! אַז אָך און ווי איז מיר נאָר, מיט וועמען איך דאַרף דאָ טענהן, אַז איך דאַרף גאָר מיט אָט־אַזאַ, אויף איין ברעט שטיין! דאָס אַליין איז דאָך דער גרעסטער בעסאָיען (בזיון) פֿאַר מיר! אדרבה, ווער בין איך און ווער ביסטו, האַ?...״ — האָט אויף גיך, גיך, די ערשטע יידענע אַרויסגעשאָסן, זיך פֿאַרכלינעט און אָנגעהויבן הוסטן...

— „אָט אַזוי, אָט אַזוי, אַי, ס׳אַראַ גוטן גאָט מיר האָבן! אָט, דו ווערסט דאָך דערשטיקט, אַ נס מן השמים טאַקע, — הם... זי וועט שוין באַלד לייטן אין די גאַסן שלאָגן. אַלץ איז אירע, אַלע גויים, אַלע סוחרים, אַלע קויפֿער — דו האָסט געזען, אַ רביצן אַ גאַנצע, די פּוריע, וואָס זי מאַכט! — מאַכן זאָל זי שוין מיט דער קסיסה (גסיסה)!..״

די גליקלעכע יידענע, וואָס האָט געכאַפּט דעם גוי, ניט קענענדיק, צוליב דעם הוסט, עפֿענען דעם מענה לשון און געבן יענער אויסגאָב, און זייענדיק זייער צערייצט פֿון אָנמעכטיקייט, דערלאַנגט אַ שפּיי אין פּנים איר שונא... די אַנדערע ענטפֿערט מיט דאָס זעלביקע. אַ שפּיי פֿאַר אַ שפּיי, און מען כאַפּט זיך דראַפּען פֿאַר די צורות, רייסן די פּאַטשיילקעס איינע ביי דער אַנדערער, ביז איינע האָט פֿאַרלאָרן איר הייבל און איז געבליבן מיט אַ היילן געגאָלטן קאָפּ... די לעצטע פֿעסטונג אַז עס פֿאַלט, די נאַציאָנאַלע פֿאָן אַז מען ווערט אָן, איז זיכער ניט קיין גרעסערער אומגליק, ווי עס האָט געטראָפֿן דער יידענע!

ווי אַ מטשוטשע, ניט מיט איר קול, האָט די יידענע גענומען שרייען!

— גוואַלד! ווייבערלאַך, האָט רחמנות, יידן ראַ־

טעוועט, גיכער, גיכער, איך שטיי דאָך אַ באַר־האַפטיקע!..[3]״

— „פּע, פּע!״ — האָבן די זייטיקע אַריינגעמישט זיך, אַרויפגעכאַפּט אַ פּאַטשיילקע אויף דער היילער קאָפּ, אויפגעזוכט די הייבל דערנאָך, און מען האָט די ווייבער פונאַנדערגענומען, צעטיילט זיי, איינע אַהער, די אַנדערע — אַהין.

— „פּאַרט שוין, פּאַרט מיט אייער גוי בעסער אַוועק״... האָבן זיי געעצהט און געוואָרפן בליקן פול קנאה.

דאָס פּאַרזאַמלטע רעדל הייבט זיך אָן פונאַנדערגיין. מען רעדט זיך דורך, מען צעטיילט זיך אין צדדים. ווער עס טענהט, אַז די יידענע איז גערעכט און ווער — אַז יענע. זעלטן ווען עס פּאַסירט, אַז דער כוח פון יושר איז אַזוי שטאַרק ביי ביידע צדדים, אַז עס ווערט אויסגעדריקט אין נייע זידל־ווערטער, אין אַ שפּיי, אָדער טאַקע אין אַ פּאָר פּעטש און רייסן פּאַר באָרד און פּיאות. דאָס רוב אָבער אייניקן זיך אַלע, אַז עס איז אַ חילול השם, אַז עס איז אַ גרויסער רחמנות אויף ביידע ווייבער, מאַמעס פון קינדער, חשובע באַלעבאָסטעס, וועלכע האָבן פון היץ, פון כעס, גערעדט איינע אויף דער אַנדערער, גאָט ווייס וואָס, ניט־געשטויגענע, ניט־געפלויגענע אויסגעטראַכטע זאַבאַבאָנעס...

באַלד נאָך דעם ערשטן מנין, קומען צו לויפן די מאַנסבילן. די פּערעקופּשטשיקעס[4], וואָס פּאַרמאָגן גאָרנישט, האָבן ניט וואָס אָנצוווערן און לעבן נאָר פון האַנט אין מויל, באַפּאַלן ווי היישעריקן איטלעכן גוי, וואָס באַווייזט זיך נאָר פּאַר זייערע אויגן. אַלע כללים פון יושר ווערן בטל ומבוטל. ניטאָ מער „דיין״ גוי: אַבי ער האָט אַ ביסל סחורה, איז ער זייערער. און עס העלפט ניט קיין טענות און מענות.

אָט לאָזט זיך פון פּאַראָם אַראָפּ אַ גוי מיט אַ וועגל סחורה. דער עולם טוט זיך אַ לאָז צו אים, ווי דורך אַ מאַגנעט געצויגן. אַ יידענע דערקענט אין אים „איר״ גוי, זי הייבט שוין אָן מיט דעם באַקאַנטן נוסח: „אַי, אַי, איוואַניושקע, וואָס זשע מאַכסטו עפּעס?..״ אָבער איידער זי באַווייזט נאָך צוצוגיין נאָענט צום וואָגן, איז ער שוין אַרומגערינגלט פון אַ גאַנצער חברה פּערעקופּשטשיקעס, וועלכע טאַפּן, נישטערן דעם וואָגן און באַטן שוין אָן פּרייזן.

די יידענע שרייט, וויינט: גזלנים, עס איז איר גוי, איר קומט געלט פון אים, זי האָט אויף די סחורה שוין אָן אַדערויף געגעבן, אָבער, ווער הערט זי? די קאָנקורענטן הייבן די מקחים, שטייגן אַריבער איינער דעם אַנדערן, מען איז צעהיצט!.. מען ווייס גאַנץ גוט, אַז קיין פּרנסה ביי אַזעלכע מקחים איז לית מאן דכר שמו, אָבער עס איז שוין אַריינגעטריבן אין נצחון, און אפשר טאַקע ווייל עס איז ניטאָ שוין קיין פּרנסה, איז מען צערייצט נאָך מער. מען הייבט זיך אָן זידלען צווישן זיך, פריער אויף יידיש, דערנאָך טאַקע אויף גוייש, כדי דער גוי זאָל קענען משפּטן, ווער עס איז גערעכט. מען רופט אָן איינער דעם אַנדערן מיט אַלערליי פּאַסקודנע נעמען, און אָפּט דערגייט דאָס אויך ביז קולאַקעס... איינער טענהט אַריין מיטן גוי, אַז באַדיי[5] ער זאָל צולייגן דעם קאָפּ, וועט ער ניט דערלאָזן, אַז אָט די באַנדע גנבים און שווינדלער זאָלן ביי אים אויספּירן, אַ מכה! אָט האָסטו דיר דאָ דיין געלט, דו זעסט? — און שטופּט דעם גוי אין בוזעם (די הענט ביים גוי זענען דאָך פּאַרנומען מיט האַלטן די לייצעס) צוויי „קנאַקעדיקע רויטינקע״[6]. „דו פּאַרשטייסט, ביי מיר איז ניטאָ קיין חכמות, אָט האָסטו די מזומן, צעטרייב די הינט דאָ אַרום, און פיר צו מיר די סחורה!״ — שרייט איינער אויס און קוקט אויף די אַנדערע ווי אַ בעל־נצחון. „העי, היט זיך, באַלעבאָסעלע״, כאַפּן זיך אַרויס די אַנדערע, ווי אַ גרויסע סכנה וואָלט זיי געסטראַשעט[7], „היט זיך פון דעם חברה־מאַן בעסער, דו האָסט דאָך מסתמא געהערט פון זיינטוועגן. דאָס איז דאָך מיישקע קראַדלע[8]. נישקשה, זעסט דיינע אויערן, אָט אַזוי וועסטו זען די סחורה, צי געלט. נישקשה, פון זיינע הענט וועסטו טרוקן שוין ניט אַרויסגיין. הער, דו ווילסט פּאַר דיין סחורה קריגן אַ גוטן, דעם אמת־העכסטן פּרייז, טאָ נאַ, קום — זאָל איך אַזוי מיין ווייב און קינדער האָבן, ווי קיין גרעסערן פּרייז איז גאָר ניט שייך צו זאָגן! קום, פיר די סחורה. איך זאָג דיר, דו וועסט קיין חרטה ניט האָבן!..״ — שרייט אַן אַנדער פּערעקופּשטשיק,

3. אַ היילער פּרויען־קאָפּ.
4. קליינע סוחרימלעך.

5. אפילו, כאָטש.
6. נייע צען־רובלדיקע.
7. געדראָט.
8. גנב.

זעצנדיק זיך לעבן גוי, און שלעפנדיק ביי אים שוין די לייצעס פון די הענט...

דער פויער האָט די גאַנצע צייט געקליבן נחת פון דער רייסעריי און, ניט וויסנדיק נאָך אַלץ דעם ריכטיקן שפּיץ־פּרייז, איז ער געפאַלן אויף אַ המצאה.

— „עך, ברידערלעך, אומזיסט קריגט איר זיך אַרום דאָ, — ווענדעט ער זיך צו די פּערעקופּשטשיקעס מיט אַ נאַיִוון טאָן און אַ געמיטלעך אויסזען, — אַן עבירה אייער טרחה. די סחורה איז פאַרקויפט שוין. און אָט פאַר וועלכן פּרייז...״ — ער דערמאָנט אַ פּרייז, וואָס איז קלאָר, אַז ער זאָגט ליגן. — „נו, אומזיסט בייטן מיין וואָרט בין איך ניט מחויב. אויב איר ווילט באמת די סחורה, וועט עמעצער פון אייך מוזן מוסיף זיין אויף דעם אַלטן פּרייז. און ווער עס וועט מער מוסיף זיין, יענעם פאַרקויף איך — אָבער מאַכט דאָס שנעלער. דער טאָג שטייט ניט. איך האָב נאָך אין מויל היינט ניט געהאַט!״

חברה, דערהערנדיק אַזעלכע דיבורים, מיט דער איבערגעכאַפּטער מאָס אויף די פּרייזן, האָבן כהרף עין תופס געווען דעם גאַנצן ענין, האָבן זיך איבער־געוווּנקען, תוך כדי דיבור פאַרגעסן די גאַנצע שנאה און אָפּגעמאַכט יד־אחת. דעם גאַנצן טאָג, האָט מען באַשלאָסן, זאָל זיין יד־אחת. און צונויפגערעדט זיך גלייך, ווער עס זאָל בלייבן מיטן גוי און ווער עס זאָל האַלטן וואַך, היטן און ניט צולאָזן אַנדערע קאָנקורענטן. דער עולם האָט אָנגעהויבן פונאַנדער־גיין זיך. איינער פון דער חברה האָט געמאַכט דעם גוי אַ כפול־שמונהדיקן מי שברך, אָדער אַ זעץ געגעבן אים אין קאָפּ, זאָגנדיק, אַז דאָס וויל ער אים דאָס היטל פאַרריכטן, וועלכע זיצט צו הויך אַרויפגעריסן... עס זענען פאַרבליבן מיטן גוי נאָר צוויי, גראָד די, וועלכע האָבן זיך גאַנץ ווייניק געוואָרפן דעם גוי פריער אין די אויגן.

— „נו, טאָ וואָס זאָגסטו?״ — האָט איינער, אַזוי ווי כלאחר־יד, אַ פרעג געטאָן דעם גוי. — „דו נעמסט מיין פּרייז?״ — און דערמאנט שוין גאָר אַן אַנדער פּרייז...

דעם גוי איז דאָס אַריין אין נאָז... פאַרשטאַנען — ניט פאַרשטאַנען, וואָס דאָ טוט זיך. אָבער קיין קונים זענען פאָרט ניטאָ. ווי אין דער ערד וואָלטן זיי אַלע אַריין. ער האָט זיך כלומרשט נאָך געברעקלט, געלאָזט זיך בעטן. דער צווייטער פּערעקופּשטשיק האָט, ווי עס פאַסט זיך צום רומל, אַ קלייניקייט דאַבאַוועט[9] און מען איז מושווה געוואָרן. דער גוי האָט אַוועקגע־פירט די סחורה צו די געוואָרענע שותפים, וועלכע האָבן געהאַט — האָבן זיי געזאָגט — שפּייכלערס אָט דאָ ניט ווייט, ביי סענדער זלמן יאַרעס דעם שענקער — אַ גוטער און אַ באַקוועמער אָרט.

עס פאַרשטייט זיך, אַז וועגנדיק און מעסטנדיק איז די סחורה אַ סך איינגעפאַלן. די תבואה האָט איינ־געדאַרט, צו פיל מעקענע געווען. דער גוי האָט זיך אַפילו געקראַצט אין פּאַטילניצע[10] מיט גרויס כוונה, עס האָט זיך אים געדאַכט, האָט ער געזאָגט, אַז עס האָט געדאַרפט זיין מער. אָבער, אַז ער האָט אַריינ־געגאָסן אַ פּאָר קוואַרטירלעך[11] אַכציק־גראַדאָווע און געשמאַק פאַרביסן מיט אַ פרישינקן געקאָכטן טאַראַן, מיט אַ סך יויך דערצו, מיט וואָס „די גאָר נישט שלעכטע זשידקעס״ האָבן אים מכבד געווען, איז ער געוואָרן גאַנץ צופרידן, האָט געלויבט די יידעלעך, נאָך מער אָבער דעם בראָנפן, וואָס ביי אים איז אויסגעקומען, אַז עס איז געווען מהודר שבמהודר!

די יידעלעך, ווידער — כאָטש זיי זענען גאָרניט געווען בגילופנדיק, זענען געווען אָבער זייער קאָנטעט און גאָר גוט אויפגעלייגט. האָבן געדאַנקט און געלויבט דעם אייבערשטן פאַר דער גוטער פרנסה, וואָס ער האָט זיי היינט צוגעשיקט.

און גאָט האָט טאַקע די איבעריקע פּערעקופּ־שטשיקעס אויך געהאָלפן. זיי האָבן געכאַפּט אַ פויער, וואָס האָט געהאַט עטלעכע קערבלעך האָניק, עטלעכע קנוילן געקאָכטן וואַקס און אַ פּאָר מעסטלעך לייג־זוימען — אַזעלכע און אַזוי פיל סחורה ביי איין גוי, איז אַ זעלטענע זאַך! מילא, פאַר די ליינזוימען האָט מען געגעבן דעם פויער אַ גאַנץ חשובן פּרייז; און כדי נאָך מער איינקויפן זיך אין דעם גויס לאַסקע, האָט מען אויך וועגן דעם פּרייז פאַרן האָניק ניט פיל געדונגען און געאַמפּערט זיך - נישקשה, ביים וועגן דעם האָניק מיט די קערבלעך, דערנאָך די ליי־דיקע קערבלעך, וועט מען שוין ווי עס איז אָפּכאַפּן פאַר דעם צו גוטן פּרייז, — אָבער אַז עס איז געקומען צום וואַקס, האָבן די פּערעקופּשטשיקעס שוין אָפּגע־לעקט גאָר אַ פעטןביין! זיי האָבן זיך איינגעשפּאַרט, אַז דער פּרייז פאַר וואַקס דאַרף זיין דער זעלביקער,

9. צוגעלייגט.
10. הינטן אין קאָפּ.
11. אַ בלעכענע פערטל־קוואָרט.

ווי פאַר דעם האָניק. זיי האָבן געטענהט, אַז וואַקס און האָניק איז איין זאַך, אַז עס איז דאָך גאָר ניטאָ קיין האָניק אָן וואַקס, און אַז, אי על פּי שכל, אי על פּי יושר, קומט דעם גוי פאַרן וואַקס ניט מער ווי פאַרן האָניק!

דער פּויער האָט געשריען, געוואַלדעוועט: סטייטש, האָניק קאָסט פינף רובל אַ פּוד, און וואַקס — פערציק? ער האָט געטענהט, אַז ער האָט געקוועטשט דעם האָניק, געקאָכט דעם וואַקס, אַרויסגעקראָגן פון אַ פּוד האָניק אפשר הלוואי אַ פאָר פונטלעך וואַקס! — עס האָט אָבער גאָרניט געהאָלפן. „אויב ער וויל ניט אַנדערש, — האָבן געזאָגט די פּערעקופּשטשיקעס, — טאָ זאָל ער נעמען זיך זיין סחורה צוריק!" אָבער אַזוי ווי דער האָניק איז געווען שוין אויסגעליידיקט אין גרויסע דייזשקעס און צעמישט מיט דעם האָניק, וואָס דאָרטן איז געווען פון פריער, פאַרשטייט זיך, אַז נעמען צוריק דעם האָניק האָט דער גוי ניט געקענט. מען האָט געמאַכט אַ שטיקל פשרה, דאָס הייסט, מען האָט דעם פּויער באַצאָלט באַזונדער פאַר זיין טרחה, פאַר דעם קוועטשן און קאָכן דעם וואַקס און פאַר מאַכן דאָס אין קנוילן!

זייטיקע מענטשן, וואָס זענען צוגעצויגן געוואָרן דורך דעם טומל און געשריי, האָבן געשאָקלט מיט די קעפּ. אַנדערע האָבן געשמייכלט, אַנדערע האָבן געזאָגט, אַז עס איז אַ חילול השם — אָפענע גזילה, און אַז אַזעלכע זאַכן טוען די מאַרק־מענטשן גאָר קיין טובה ניט... אָבער די פּערעקופּשטשיקעס זענען די רייד אַפילו אין דער לינקער פּאה ניט געלעגן. זיי האָבן זיך אָפּגערעכנט מיט דעם פּויער, וועלכער איז געווען ניט גאָר צופרידן, דערפאַר אָבער זענען זיי געווען שוין גאָר צופרידן. עס איז געווען ששון ושמחה! מען האָט געדאַנקט און געלויבט דעם אייבערשטן פאַר זיינע חסדים און פאַר דעם קלוגן איינפאַל, וואָס האָט קיין מאָל פריער זיי זיך גאָר ניט געחלומט אַפילו.

אָבער ניט אַלע מאָל איז יום־טוב — ניט שטענדיק און ניט אָפט פלעגט אָפּגילטן די פּערעקופּשטשיקעס אַזעלכע שוטקעס[12]. זיי פלעגן זיך אָנרייסן אַ מאָל אויף אַ גוי — אַ „האַד"[13], אַ „חזירשע מאָרדע", וואָס פלעגט גלייך ברעגגען עטלעכע גויים און צעברעכן רוקן און לענד די יידלעך. אָדער גאָר אַוועקלויפן אין „טשאַסט"[14], שלעפּן די יידן אין פּאָליציי, ווו זיי פלעגן, אויב טאַקע ניט אָפּרוען עטלעכע טעג, — אָפּשטעקן שיינע עטלעכע קערבלעך, באַצאָלן נזק, צער, ריפּוי, שבת ובושת... און נאָך צערייבן דערצו אַ גאַנצן טאָג, — אויף וועלכן זיי האָבן לאַנג געוואַרט און וועלכער איז געווען ביי זיי אַן עולם ומלואו.

דער ברעג איז ביי אונדז אין שטאָט געווען, וואָס ביי לייטן — אַ בערזשע. עס איז געווען פריילעך, לעבעדיק, עס האָט זיך גערודערט, געטומלט, צי יאָ פאַרדינט אָדער ניט פאַרדינט — עס האָט זיך אָבער געעסקט, געהאַנדלט... דער חסרון איז נאָר געווען, וואָס דאָס האָט פּאַסירט נאָר אין אַ זונטיק, אָדער אַזוי אַ מאַרקטאָג. אַלע איבעריקע טעג אָבער פון אַ גאַנץ יאָר איז אויף דעם ברעג געווען פּוסט און וויסט. די פּערעקופּשטשיקעס פלעגן דאָרטן „אָפּהיניען"[15] גאַנצע טעג. עס פלעגט זיי ברענען זומער די היץ און ווינטער — די גרויסע פרעסט. אָסיען און וועסנע פלעגן זיי זיך וויקן אין די רעגנס, און די קאַלטע טייך־ווינטן פלעגן זיי פּאַטשן אָן רחמנות אין די באַקן, צעשפּאַלטן די פּנימער און מאַכן זייער אויסזען גאָר אַנדערש... אַ פּערעקופּשטשיק האָט מען געקענט דערקענען פאַר אַ וויאָרסט... אַהיים פלעגט ער קומען אַ צעבראָכענער, ווי אַ שאַרבן. אַ מידער, אַ צערייצטער, אַ בייזער און ניט זעלטן אויך שיכורלעך... פון זיי זענען אַרויס די ערשטע יידן, וואָס האָבן אָנגעהויבן שלאָגן די ווייבער און ביי וועמען די יידישע היים איז געוואָרן אַ גיהנום...

---

12. מיאוסע שטיק, ניט שיינע זאַכן.
13. שלאַנג, עקלדיקער.
14. פּאָליציי־דיסטריקט.
15. אָפּליגן.

# ב. אַ „גוטער ייִד" איז געקומען*

די שטאָט איז אומגעגאַנגען כּאַדאָראָם. אַלע האָבן זיך געאײַלט ערגעץ. מען איז געלאָפן פאַרטראָגענע און פאַרשמײַעטע. די פּנימער זענען געווען פאַרפלאַמטע, פרײלעך־יום־טובדיק און דער עולם איז געווען אין אַ געהויבענער שטימונג. די מלמדים האָבן, ווי אין אַן ערב יום־טוב, צעלאָזן פרײַ די חדר־ייִנגלעך; די ראשי־ישיבות — די ישיבֿה־בחורים, און אפילו די קרעמערקעס אין מאַרק האָבן זייערע קראָמען געהאַלטן חול־המועדיק אָפן — איין האַלבע טיר פאַרמאַכט, די אַנדערע פון יוצא וועגן נאָר אָפן; אַליין אָבער זענען זיי געשטאַנען קופּקעסווײַז און האָבן געשמועסט שטיל און רויִק, גאָר שלא כּדרך הטבע.

קיין מאַנסביל האָט מען אין די גאַסן כּמעט ניט געזען. ווו ניט ווו נאָר האָט זיך געבלאָנקעט עפּעס אַ מתנגד אָדער, ווי מײַן טאַטע פלעגט אַ מתנגד רופן, אַ טאַראַן.

— זעסט, — פלעגט ער זאָגן, — דאָס האָט אויך אייגעלעך, פליגעלעך, אַן עקעלע, אָבער עס איז טויט... עס איז פאָרט ניט קיין לעבעדיק פישל!

דערפאַר אָבער האָבן זיך צום קרעפּאָסט צו געצויגן גאַנצע כאַליאַסטרעס ייִדן, ווי צום תשליך, אויסגעפוצטע אין אַטלאַסענע זשופּיצעס מיט די ברייטע גאַרטלען און טײַערע שטרײַמלעך. עס זענען אויך געווען אַ סך קאַרעטן, פורלעך גאָר אָן אַ שיעור, פאַרשיידענע וואָגנס מיט אַלערליי שפּאַנען. אָבער דער גרויסער עולם איז געגאַנגען צו פוס.

אין דער שטוב אַנטקעגן אונדז, אויף דעם ראָג, ווו עס האָט געוווינט בערטשע געצילס, האָט מען געשײַערט און געוואַשן, גערייניקט און געפּוצט, פּונקט ווי ערב פּסח, כאָטש עס איז געווען אַ וואָכעדיקער מיטוואָך באַלד נאָך פּסח.

אפילו דער שאָסיי, וואָס אַזוי האָט מען אים נישט אָנגערירט, סײַדן אין אַ טאַבעלענעם[16] טאָג אָדער ווען דער גובערנאַטאָר האָט געדאַרפט קומען, — האָבן היינט אויסגעדינטע סאָלדאַטן מיט געגאָלטע מאָרדעס און דערצו נאָך אַ פּאָר אַלטע דעסיאַטניקעס, געקערט און געראַמט; זיי האָבן גערייכערט זייער מאַכאָרקע[17] אין די ליולקעס און פּאַוואָליע צונויפגעשאַרט די מיסט אין לאַנגע שורות־קופּעס אויף ביידע זײַטן פון דעם שאָסיי.

אַלע, וואָס זענען פאַרבליבן אין שטאָט, — די גאַסן־קערער און די עטלעכע גוישע קאָלבאַסע־קרעמער אַרײַנגערעכנט — האָבן יעדע ווײַלע געקוקט אַלץ צו מזרח צו און געריכט זיך, אַז פון יענער זײַט וועלן עפּעס אָנקומען חידושים, וואָס עס איז כּדאַי צו זען.

און כך הוה: באַלד האָט זיך דערהערט אַ שפּילן פון דער קאַפּעליע[18]. די גוט־באַקאַנטע מעלאָדיעס פון אונדזערע באַוווסטע חתונה כּלי־זמר האָבן זיך דערטראָגן אַלץ נענטער און נענטער. און אָט האָט מען שוין קלאָר און דײַטלעך געהערט זייער באַרימטן וויוואַט שפּילן. עס האָט ניט לאַנג מער געדויערט און גאַנצע מחנות ייִדן האָבן זיך באַוויזן; זיי האָבן געטאַנצט און געהוליעט: ווער עס איז געגאַנגען אַ האָפּקע, ווער עס איז געשפּרונגען מיט התפּעלות און ווער עס האָט געטאַנצט ריקודימלעך. אַנדערע האָבן זיך דאָ, אויף דעם ריינעם שאָסיי, גאָר איבערגעקוליעט, פּונקט ווי אום שמחת־תורה.

דערנאָך זענען אָנגעקומען אַ סך קאַרעטן, קאָליאַסקעס און פאַיעטאָנען, גאָר אָן אַ צאָל, האָבן זיך געצויגן קוואַרטאַל נאָך קוואַרטאַל, אַזש מען האָט מיטן אויג ניט געקענט כאַפּן, ניט דעם אָנהייב און ניט דעם סוף. גאָר צו לעצט איז אָנגעפאָרן אַ גרויסער קאָליאַס, וועלכן פיר פערד נאַ־שפּיץ, רייך באַפּוצט און אויסגעשטשאָגלטע, האָבן קאָקעטיש געשלעפּט.

עס איז געוואָרן אַ גרויסער טומל, אַ לויפעריי, אַ געדראַנג און אַ געשריי:

— דער רבי איז דאָ, דער רבי איז דאָ, ברוך הבא — דער רבי איז דאָ!

שנעל, ווי אַ פײַל פון בויגן, זענען די פערד געוואָרן אויסגעשפּאַנט, חשובֿע ייִדן אין אַטלאַסענע זשופּיצעס האָבן זיך אײַנגעשפּאַנט און, מלא חדווה, האָבן זיי דעם וואָגן געשלעפּט. אַז זיי האָבן עטלעכע טריט

---

* אַמאָל איז געווען", עמ' 109—117.

16. אַ יום־טוב פון דער קייזערלעכער פאַמיליע, געבורטס־טעג, חתונות און דאָס גלײַכן.

17. אַ זייער פּראָסטער טאַבאַק.

18. ייִדישער אָרקעסטער, כּלי־זמר.

אָפּגעשלעפּט, האָט זיי אַן אַנדער כיתה יידן פאַרביטן, און אַזוי ווייטער. די יידן, וואָס האָבן געהאַט דעם גליק צו זיין נענטער צום וואָגן, האָבן זיך געפּליישט, געזוכט די געלעגנהייט די האַנט צוצולייגן צום ראָד, צום אַקס אָדער צו דער פאַסטראָנקע[19] כאָטש און האָבן דאָס געהאַלטן פאַר אַ גרויסע זכיה. פּירנדיק און שלעפּנדיק אַזוי, טריט ביי טריט, מיט געזאַנג און טענץ, איז מען צוגעפאָרן צו בערטשע געצילס שטוב, ווו ר׳ לייבעלע קאָפּוסטער, ר׳ מענדעלע ליבאַוועטשערס עלטסטער זון איז איינגעשטאַנען.

צווי יידן, מאַכנדיק פון זייערע הענט אַ „בענקע־לע״, האָבן אַריינגעטראָגן ר׳ לייבעלען אין שטוב און — אין זיין חדר־מיוחד.

דער גבאי, אַ הויכער שטאַרקער ייד מיט אַ הדרת פּנים, האָט אָפּגעקליבן די פּני, די שענסטע בעלי־בתים, און געבעטן זיי אַריינגיין. דער איבעריקער עולם, אָפּזינגענדיק נאָך עטלעכע מאָל: ברוך הבא, בואך לשלום, עליכם שלום, שלום שלום — האָט אַנגע־הויבן ביסלעכווייז פונאַנדערגיין זיך.

דעם גאַנצן טאָג דאָנערשטיק און דעם ערשטן האַלבן טאָג פרייטיק האָט מיר דער חדר געשטערט, אָבער דערנאָך בין איך געבליבן ביי בערטשע געצילס אין שטוב אַ תושב.

דער רבי איז כמעט די גאַנצע צייט געווען ביי זיך אין חדר, אָבער די שטוב איז געווען פול מיט מענטשן. אַריין און אַרויס, אַרויס און אַריין. און נאָר געציילטע זענען אַריינגעלאָזן געוואָרן צום רבין, אי דאָס אויף אַ קורצער ווײַלע. נאָך קבלת שבת — נאָך „לכה נרננה״ און פאַר מעריב דאַווענען — איז די שטוב געוואָרן אַזוי געפּאַקט מיט מענטשן, אַז ס׳איז געוואָרן אַ דערשטיקעניש. דער עולם איז געקומען הערן די תורה, וואָס דער רבי וועט זאָגן. מען איז געשטאַנען איינער אויף איינעם. אויף די בענק און פענצטער איז מען געשטאַנען; מען האָט זיך געשטופּט, געשטויסן, איטלעכער האָט געוואָלט נענטער זיין צום רבין, און עס איז געווען שטאַרק טומלדיק. אָבער פּלוצלונג איז געוואָרן טויט שטיל. ווי דורך שם המפורש איז מיט אַ מאָל אָפּגעהאַקט געוואָרן דער רעש און מיט פאַרכאַפּטע אָטעמס איז דער עולם געבליבן, איטלעכער אויף זיין אָרט, ווו ער איז געשטאַנען — ר׳ לייבעלע האָט זיך באַוויזן, גיך צוגעלאָפן צו דער אַנגעגרייטער קרעסלע[20] אין מיטן זאַל, אַרום וועלכער עס איז פון זיך אַליין געמאַכט געוואָרן אַ גרויסער ראָד, כדי דעם רבין זאָל זיין פריי.

די חסידות האָט ער געזאָגט גאַנץ רויק און שטיל, מסביר געווען אַן ענין צו אייגענע מענטשן. פון צייט צו צייט נאָר האָט ער מיט דער רעכטער האַנט געריבן זיך דעם שיינעם שטערן און אָפּט מאָל אַ טיפן קרעכץ געטאָן. זיין חסידות האָט געדויערט מער ווי אַ שעה. דער עולם, וואָס האָט באמת געהערט און פאַרשטאַנען די חסידות (מיין טאַטע איז געווען איינער פון זיי), איז געווען גאָר אויף דעם זיבעטן הימל פון גרויס התפעלות.

— פּשש, פּשש, טע, טע, טע, עס איז גאָר לעילא ולעילא — האָבן זיי געזאָגט איינער דעם אַנדערן. זיי זענען געווען שטאַרק געהויבן ביי זיך. דער צופרי־דענער שמייכל, די פרייליכקייט און דער גלאַנץ פון די אויגן, די מאָדנע צעטראָגנקייט און די טיפע אָבער זיסע דבקות־ניגונימלעך האָבן עדות געזאָגט, אַז ר׳ לייבעלע האָט זיי אויפגעהויבן הויך, זייער הויך, אויף זיינע גייסטיקע פליגלען און זיך אַוועקגעלאָזן מיט זייערע נשמות ווייט, ווייט, עד אין סוף!..

דער מעריב דאַווענען האָט ניט לאַנג געדויערט, אָבער די יחידי־סגולה, די באַוווסטע גרויסע חסידים, די חב״דניקעס, אונטערגעוואַרעמט אַפּנים פון ר׳ לייבעלעס תורה, האָבן זיך פאַרדאַווענט ביז גאַנץ שפּעט אין דער נאַכט אַריין. אָט שטייט אברהם בער ירמיהוס, אַ הויכער ייד, מיט אַ ליכטיקן ליבן פּנים, מיט קלוגע אויגן און אַ הויכן געוועלבטן שטערן, אַ באַוווסטער חסיד און זייער אַ גרויסער למדן, ערגעץ אין אַ ווינקל לעבן הרובע[21] און דבקעט זיך און פּיעסטעט און חזרט איבער אוודאי צום צענטן מאָל די צווי ווערטער: שמע ישראל! ער צעגיסט זיך אין גרויס מתיקות אין תחנונים, אַז עס פאַרקוועטשט מיר דאָס האַרץ. ער גייט איבער אויף אַלערליי וואַריאַציעס: כליפּעט ווי אַ קליין קינד, קרעכצט ווי אַ חולה מסוכן און אָט ווערט ער גאָר געהויבן ביי זיך, ווי אַ פעלד־מאַרשאַל נאָך אַ נצחון. אָט גלעט ער מיט זיין קול אַזוי ווייך, סאַמעט־ווייך, ווי אַ פאַרליבטער; אַזוי מאָדנע צאַרט און איידל ציט ער די סטרונעס פון האַרצן איינציקווייז, פּאַמעלאַכקע, און גראָבט זיך טיף,

19. אַ טייל פון שפּאַן.

20. אַ פאָטער־שטול.

21. אַן אויוון פון ציגל אָדער קאַכלעס.

טיף, ביז צום סאַמע וואָרצל — אין דער נשמה אַריין, און אָט הייבט ער אָן רעדן פשוט, איינפאַך, טענהט פּראָסטע דיבורים: שמע ישראל! שמע ישראל!

אין אַן אַנדער ווינקל, לעבן פענצטער, שטייט אליקום־מרדכי. אַ גאַנץ געוויינלעכער ייד אויפן קוק, האָט אָבער געהאַט אַ גרויסן נאָמען ביי די חסידים, פלעגט חזרן חסידות פאַר אנשי־שלומנו און האָט געהאַט גרויס אָנזען אין הויף — ביים צדיק. ער שטייט שטיל ווי אַ סלופּ, קיין פּיפּס הערט מען ניט פון אים. טוט קיין ריר ניט מיט קיין אבר. שטייט מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ און מיט אַראָפּגעלאָזענע אויגן, פון וועלכע טרערן קאַפּען אויף דער ערד, אַ קאַפּ נאָך אַ קאַפּ, ווי פון אַ דאַך־רינע נאָך אַ רעגן, און עס דאַכט זיך, אַז ער פילט גאָרניט.

יודעלע כאַוועס — אַ היציקער חסידישער יונגער־מאַן, גאָר אַ מאדים — לויפט אַרום הין און צוריק איבערן זאַל, מיט אַן אימפּעט, ווי אַ פערד, וואָס האָט זיך אַרויסגעריסן פון די האָלאַבליעס; זעט קיינעם ניט און הערט קיינעם ניט, און ווען מען טרעט אים ניט אָפּ דעם וועג, וואָלט ער זיכער אויף יענעם אַרויפגעקראָכן פון האַסט און אומגעוואָרפן. יודעלע לויפט און שמייכלט, זיין פּנים איז פריש, פריילעך און לעבעדיק, ער לויפט — און האַלט אין איין ציילן אויף די פינגער. ניט אַנדערש, ווי ער האָט געכאַפּט די ספירה, וואָס אים האָט געפעלט, און אַז דאָס האָט ר׳ לייבעלע אים געהאָלפן געפינען...

פינע־אברהמל־ביינשטיינס האָט געבאַמקעט, גע־קלאַפּט מיטן קולאַק אין וואַנט מיט גרויס חשק, גע־קנאַקט מיט די פינגער, געזונגען, געדבקעט זיך, אָפּט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ — אַז ער איז מסכים מיט יענעם רעיון, און מיט שטאַרק פאַרקוועטשטע אויגן איז ער אַוועק אין הויכע דרכים, העט־העט, ווייט אין עולמות העליונים...

ווען איך בין געקומען אַהיים, האָבן די בענטשליכט געהאַלטן שוין ביים אויסגיין. די שוועסטער זענען שוין געשלאָפן. די מאַמע האָט אַפילו גאָרניט ניט געזאָגט, נאָר עס איז געווען קענטיק, אַז גאָר צופרידן איז זי ניט פון אַזאַ שבתדיקער וועטשערע. גליקלעך, איבער־גליקלעך איז געווען נאָר דער טאַטע. אַ נייע הויט, ממש, האָט זיך אויף אים אָנגעטאָן.

אויף מאָרגן, שבת, אַז מען איז שוין געגאַנגען פון אַלע שולן, האָט מען ביים רבין ערשט געהאַלטן ביי קריאת התורה — מען האָט ר׳ לייבעלען אויפגערופן צו מפטיר. די ברכות ביי דער תורה און די ערשטע ברכות פון דער הפטורה האָט ר׳ לייבעלע געזאָגט כמעט ווי אַלע חסידישע יידן. אפשר מיט אַ ביסעלע מער כוונה, אפשר פאַרטיפט זיך מער, אָבער אָן חידושים. נאָר אַז ער איז געקומען צו דעם נביא ירמיהוס רייד אין קאַפּיטל ז׳ (די סדרה איז געווען פרשה „צו״): „כה אמר ה׳ צבאות אלהי ישראל היטיבו דרכיכם ומעלליכם ואשכנה אתכם במקום הזה״, איז דאָס ניט געווען אַ זאָגן די הפטורה — ווו טראָפּ, ווען טראָפּ? — נאָר אַ נשמה־אויסגוס אין אַ תפילה מיט אמתער התפשטות הגשמיות!

מיט אַן אייגנאַרטיקן חסידישן חב״ד־ניגון, פול מיט האַרציקע מתיקות, האָט זיך ר׳ לייבעלע בנעימות־דיק פאַרדבקעט אויף איטלעכן פסוק און אויף יעדן וואָרט פון פסוק. אָפּט מאָל האָט ער זיך שטאַרק פונאַנ־דערגעזונגען, כמעט הויך, מיט אַ שיינעם אָנגענעמען קול, אָבער אַז ער איז געקומען צום פסוק: „ואתה אל תתפלל בעד העם הזה ואל תשא בעדם רנה ותפלה ואל תפגע בי כי אינני שומע אותך״, האָט ער זיך אַזוי פונאַנדערגעוויינט, אַז ער איז זיך פאַרגאַנגען, ווי אַ קינד פאַרגייט זיך און קען דעם אָטעם ניט כאַפּן. דער עולם איז געוואָרן צערודערט און דער־שראָקן. עמעצער האָט אַפילו אַ געשריי געטאָן: „וואַסער!״ אָבער דער רבי האָט אַ טיפן קרעכץ געטאָן און ווייטער געזאָגט די הפטורה. ביי אַ דריי־פערטל שעה האָט געדויערט זיין הפטורה זאָגן. ער איז אין גאַנצן נאַס געווען פון שווייס און טרערן. אַלע זיינע כוחות, אַפּנים, זענען אויסגעשעפּט געוואָרן; און מיט גרויס מי האָט ער, אָנלענענדיק זיך אויף דעם גבאי, קוים פאַרשלעפּט זיך צוריק אין זיין חדר. דער עולם, דאָס הייסט, די אמתע חסידים, זענען געווען שטאַרק געהויבן ביי זיך; געשמוצערט מיט די ליפּן, פאַר־גלאָצט איין אויג, געאיקעט און געאַקעט און „אַ, טאַטע־פאָטער!״ אַרויסגעקרעכצט.

דעם גאַנצן שבת האָט מען קיין „טיש״ ניט געפּראַוועט. ר׳ לייבעלע האָט זיינע סעודות געגעסן ביי זיך אין חדר. נאָך שלוש סעודות האָט ער ווידער געזאָגט תורה — נאָך אַ טיפערע, ווי די מבינים האָבן געזאָגט. אַרויסגעקומען צום עולם און פאַר־בראַכט מיטן עולם האָט ר׳ לייבעלע ערשט שבת־נאַכט צו מלוה־מלכה.

ביי אַ סך לאַנגע, שיין געגרייטע טישן, באַדעקטע

מיט כל־טוב, משקה און טייערע וויינען, האָבן זיך צעזעצט די גאַנצע פּני פון אונדזער שטאָט.

דאָרטן זענען געווען באַוווּסטע חסידים, יידן לומדים, גבירים, חשובע באַלעבאַטים און גלאַט פרומאַ־קעס און באַנק־קוועטשערס.

אַז דער גבאי האָט זיך באַוויזן און תיכף נאָך אים ר׳ לייבעלע, האָבן זיך אַלע אויפגעשטעלט און מען האָט אָנגעהויבן זינגען דעם „ליבאַוויטשערס נייעם ניגון". און מיט וואָס פאַר אַ היץ און ברען, מיט וועלכע התלהבות, מיט וואָס פאַר אַ טעם און געשמאַק יידן האָבן געזונגען דעם שיינעם פריילעכן, פייערדיקן ניגון! יידן האָבן אָן אַלץ פאַרגעסן! פאַרגעסן זייערע עינויים און יסורים, דאגות הפרנסה — אפילו דעם גלות, דוכט זיך, פאַרגעסן און פאַרטיפט זיך אין גאַנצן אין דעם ניגון. די פנימער האָבן געשטראַלט פון פרייד, דער אינעווייניקסטער גליק און נחת־רוח האָט אָפּגעגלאַנצט אין זייערע אויגן און געהערט זיך פון זייער קול. „עבדו את ה׳ בשמחה, באו לפניו ברננה" האָט מען מקיים געווען מיט אַלע פרטים און דקדוקים.

אָבער אָט האָט זיך דאָס געזאַנג פּלוצלינג איבער־געהאַקט... דער טשאַסטנע־פּריסטאַוו [22] מיט אַ פּאָר סאָלדאַטן מיט ביקסן האָבן זיך באַוויזן אין טיר. די גאַנצע עדה יידן איז ווי פאַרגליווערט געוואָרן. ביי פיל זענען די פנימער געוואָרן ווייס פון שרעק, און זיי האָבן זיך געקרימט פון צער און פיין. דער גביר לאַזינסקי אָבער איז צוגעגאַנגען צו די ניט־געבעטענע אורחים, אַ ווײַלע געשושקעט זיך מיטן פּריסטאַוו, מכבד געווען אים און זיינע באַגלייטער מיט אַ פּאָר גלעזלעך קאָניאַק און צובייסן — און פּטור אָן עסק.

22. אַ באַאַמטער פון פּאָליציי־באַצירק.

לאַזינסקי האָט געשמייכלט, דערציילט, אַז דער פּריס־טאַוו, גייענדיק פאַרביי אין פּאַטרול, האָט געוואָלט וויסן, וואָס איז דאָ אַזאַ שמחה? און איצטער ווייסט ער שוין — ער איז רייכער געוואָרן מיט אַ גאַנצן פינפערל...

דעם פריערדיקן ניגון אָבער האָט מען שוין מער ניט געזונגען. מען האָט געפּרובירט — אָבער עס איז ניט געגאַנגען. מען האָט זיך געמאַטערט, געפּלייסט זיך, פאַרצויגן אַנדערע ניגונים, געבאַמקעט און גע־קנאַקט מיט די פינגער, אָבער עס איז געווען שוין ניט דאָס. דער פריערדיקער געמיט, די פריערדיקע אויפגעלייגטקייט איז פאַרלאָרן געוואָרן. ר׳ לייבעלע האָט גערעדט ביים טיש פון שכינת בגלותא, מסביר געווען דעם גאַנצן ענין פון גלות פון דער נשמה, האָט דערציילט וווּנדערבאַרע זאַכן פון טאַטנס וועגן און פון זיידן — דעם אַלטן רבי ר׳ שניאור־זלמן. דער עולם האָט געהערט מיט אָנגעשפּיצטע אויערן און אָפענע מיילער. זיי האָבן, קענטיק, גרויס הנאה געהאַט, אָפט באַמערקט מיט אַ „אוי־וואַ, אוי־וואַ!" אָבער דער שאָטן פון פּריסטאַוו, ימח־שמו, איז נאָך אַלץ געהאַנגען ווי אַ שוואַרצע כמאַרע איבער דעם זאַל און איבער אַלע מסובים. מען איז געזעסן גאַנץ שפּעט. מען האָט געגעסן, געטרונקען; עטלעכע חסידים האָבן געכאַפּט שיריים פון דעם טעלער, וואָס מען האָט אַוועקגעטראָגן פון ר׳ לייבעלען, אָבער דאָס האָבן געטאָן נאָר עטלעכע, און אויך ווי האַלב־פאַר־שעמטערהייט.

די גאַנצע וואָך, וואָס ר׳ לייבעלע איז איינגע־שטאַנען ביי אונדז, איז אַוועקגעגאַנגען אין תורה־זאָגן און אין ניגונים, אַחוץ, געוויינלעך, וואָס ער האָט אויפגענומען אויף יחידות, אָנגענומען פדיונות — איש כפי נדבת לבו — און געגעבן זיין ברכה.

## ג. ניקאָלאַי דער ערשטער באַזוכט באָברויסק *

(פון מיין פאָטערס דערציילונג)

— בעיני ראיתי די ווילדקייט און די אכזריות פון ניקאָלאַיען, ימח שמו וזכרו! דער צורר היהודים איז אַ מאָל געקומען צו אונדז אין באָברויסק אויף אַ גרויסער מאַנעוורע. דער שוואַרץ־יאָר האָט אים

* „אַמאָל איז געווען", עמ׳ 167—169.

געוווּסט, נאָר מען האָט געזאָגט, אַז עטלעכע קאָרפּוסן האָבן זיך דאָ דעמאָלט אין די לאַגערן פאַרזאַמלט. עס איז געווען אַ שיינער זומערדיקער שבת נאָך וואַרמעס, גאָר אַן אַנטיק. די גאַנצע שטאָט ממש, קינד און קייט, יידן און גויים, להבדיל, זענען געגאַנגען אין לאַגער זען דעם קייסער און אָנקוקן די מאַנעוורעס. מיט

אַ שטריק האָט מען אָפּגעצאַמט די פּובליקע אַרום און אַרום פון דעם אָרט, ווו עס האָבן געדאַרפט זיין די מאַנעווערס. שעהען לאַנג זענען מיר געשטאַנען און געקוקט, ווי מען האָט געשאָסן פון די פּושקעס[23], ווי פערד זענען געשפּרונגען איבער היבש הויכע בערגלעך און דערנאָך איבער טיפע גריבער; יוונים זענען געלאָפן, אויסגעלייגט זיך פּלוצלונג צו דער ערד און געשאָסן פון די ביקסן. עס זענען געווען אַ סך טשיקאַווע זאַכן. נאָר וואָר קען זיך זיי אָנגע־דענקען! עס איז שוין געוואָרן פאַרנאַכטלעך. די מאַנעווערס האָבן זיך שוין אָפּנים געקאָנטשעט[24]. דער קייסער, האָבן מבינים געזאָגט, איז געווען גוט אויפגעלייגט. די מאַנעווערס האָבן ביי אים אויסגע־נומען, ער האָט געריבן אַ האַנט אין אַ האַנט און אַלץ געטענהט: „כאַראַשאָ, רעביאַטאַ, אַטליטשנאָ, פּרעוואָסכאָדנאָ!"[25] און אַלע האָבן געשריען „הוראַ".

פּלוצלינג האָט ער זיך אַ קער געטאָן מיט זיין פערד און אַ לאָז געטאָן זיך צו אונדז. די גאַנצע „סוויטע"[26] גענעראַלן, פּאַלקאָווניקעס, זענען נאָכגע־ריטן נאָך אים, ווי שדים וואָלטן זיי געטראָגן, — אַלע צו אונדז. מען האָט געמיינט, אַז דער גרויסער קייסער פון רוסלאַנד וועט זאָגן עפּעס דעם עולם. אָבער ער האָט זיך אַ ווײלע אַרומגעקוקט, איז צוגע־ריטן צו אַ יידיש ווייבל און האָט בכבודו ובעצמו אַראָפּגעריסן ביי איר פון קאָפּ די לענטע מיט דער קאָפּקע, אַ שליידער געטאָן דאָס מיט פאַראַכטונג אין אַ זייט און אָנווייזנדיק מיט אַ פינגער אויף דער יידענעס געגאָלטן קאָפּ, האָט ער הויך אויסגעשריען: „עך, זשידאָוויאָ פּראָקליאַטאָיע!" זיין סוויטע האָט בראַוואָ געפּאַטשט און הייזעריק געוואָרן שרייענדיק הוראַ...

דער טאַטע האָט זיך דאָ אָפּגעשטעלט. טרערן האָבן אים געשטיקט. ער איז רויט געוואָרן, ווי פייער, דער גאַנצער פּנים זיינער האָט געפלאַמט, און געבנ־דיק אַ קלאַפּ אין טיש, אַז די גאַנצע געפעס האָבן געבראַזגעט, האָט ער אויסגעשריען:

— על אמונתי, איך שווער, אַז אויב איך וואָלט האָבן דעמאָלט אַ פּיסטאָלעט, צי אַ ביקס, וואָלט איך אים, ווי אַ משוגענעם כלב, דערשאָסן... איך וואָלט זיך מוסר געווען בעד עמנו ובעד אלהינו!..

23. האַרמאַטן.
24. געענדיקט.
25. גוט, חברה, זייער גוט, אויסגעצייכנט.
26. באַגלייטער.

## ד. שריפות*

שריפות זענען ביי אונדז ניט געווען קיין „נאָ־ווינע". אַלע מאַנטיק און דאָנערשטיק פלעגן זיי זיך מאַכן, אָבער דאָס רוב, ווי אונדז אויף להכעיס, פלעגן זיי זיך דווקא מאַכן זומער, און דווקא גראָד אין מיטן נאַכט, ווען עס האָט זיך אַזוי געשמאַק געשלאָפן און דעם רבי מיט דעם חדר האָט זיך גאָרניט געחלומט אפילו. עס איז גאָר קיין נפקא מינה ניט, ווו די שריפה איז געווען, עס האָט געמעגט זיין אין דער אַנדערער עק שטאָט, האָט מען די ערשטע זאַך אויפגעוועקט די קינדער, אָנגעטאָן זיי און גיכער געפּאַקט די בעבעכעס... די קינדער וויינען, די פנימער בלייכע, עס פאַלט פון די הענט, מען איילט זיך, מען ברעכט און שטעכט די ביסל אָרעמקייט און מען טוט זיך אַליין אָן מער היזק ווי די גאַנצע שריפה. עס האָט ביי אונדז געטראָפן, אַז ערגעץ ווו האָט אַ שטאַל אָפּגעברענט, און באַלעבאַטים האָבן גוטע כלים צע־בראָכן, דעם גאַנצן מעבל חרוב געמאַכט און אַ סך האָב און גוטס פאַרלאָרן. אונדזער עולם איז געווען זייער אָנגעשראָקן. די שריפות זענען געווען ביי אונדז אַ מין מגיפה. א שטאָט פון הילצערנע הייזער — מויערן האָט מען צוליב דער קרעפּאָסט[27] ניט דער־לויבט, און אַז עס פלעגט זיך אָנצינדן איין הויז, פלעגן זיך גלייך אָנכאַפּן אַנדערע, בפרט זומער, ווען די דעכער זענען געווען טרוקן, ווי ביין. און פלעגט זיך נאָך מאַכן אַ ווינט דערצו, איז טאַקע געווען סכנת נפשות. קוואַרטאַלן נאָך קוואַרטאַלן פלעגן אויפפלאַ־

* „אַמאָל איז געווען", עמ' 188—191.

27. פעסטונג.

קערן; דער מאַרק, די שולן, אַ האַלבע שטאָט פּלעגט אין אַ שעה־צוויי אַוועקגיין מיטן פייער. מיר האָבן אפילו געהאַט אַ „פּאָזשאַרנע קאָמאַנדע״ [28], אָבער זי איז באַשטאַנען פון זעקס אַלטע קליאַטשעס, איינגע־שפּאַנט אין זעקס וועגעלעך! אויף איטלעכן איז געשטאַנען אַ צעטריקנטע פעסל, און די אויסגעדינטע „דעסיאַטניקעס״ [29] איינגעהויקערטע פון עלטער און דינסט, האָבן דאָס געדאַרפט פליען ביי אַן ערך אַ צוויי וויאָרסט צו דער „באָברויקע״ נאָך וואַסער; האָט דערווייל די גאַנצע שטאָט געקענט אָפּברענען. ניט זעלטן האָט פּאַסירט, אַז דאָס וואַסער איז אויסגערונען פון פעסל, איידער ס'איז געבראַכט געוואָרן צו דער שריפה. די קליאַטשעס האָבן אַפילו גענוג שמיץ גע־קראָגן, אָבער זיי האָבן זיך געמאַכט ניט ווויסנדיק און קוים גערירט זיך. דער דעסיאַטניק אויף דער קעלנע האָט זיך שטאַרק געהאָטשקעט [30] און געשריען: „וויו, וויו״, די דייזשקע וואַסער האָט זיך געטרייסלט און געפּליוכעט אויף אַלע זייטן, אָבער דעם פייער האָט דאָס ניט געלאָשן. און אַ שטאָט מיט יידן זענען געוואָרן נשרפים...

דער געשריי און דער געוויין פון די קינדערלעך, דער יאָמער און קלאָג פון די ווייבער און דער אָכצן און קרעכצן פון די מאַנסבילן האָבן זיך אויסגעמישט אין דער לופט מיט דעם קנאַקן פון דעם פייער, מיט דעם טראַסקען פון די אַראָפּגעפאַלענע באַלקנס און מיט דעם פּלאַצן פון גלעזערנע און פּאָרצעלייענע כלים. די פייער־צונגען און דער געדיכטער רויך האָבן, ווי ווילדע חיות, פונאַנדערגעבושעוועט זיך און אויף טויט געשראָקן די אַרומיקע. די טאַטעס זענען אַרומ־געלאָפן ווי פאַרסמטע, די מאַמעס האָבן געהאַלטן די קינדערלעך אויף די הענט, ביים פאַרטעך, און געריסן זיך די האָר פון קאָפּ... איינער לויפט אַרום אין דער רעכטער „סומאַטאָכע״ [31] און פרעגט ביי איטלעכן, וואָס פאַר אַ דאַטע איז היינט? און אַז ער ווערט געוואָר, פאַלט ער אין חלשות — גראָד נעכטן איז אויסגעגאַנגען זיין „סטראַכאָווקע״ [32] אויף ביידע היי־זער מיט דער קראָם, מיט דעם מעבל, האַך און פּאַק — און איז געבליבן אַן אביון.

28. פייערלעשער.
29. אַ מין פּאָליציאַנט.
30. שטאַרק אונטערגעהויבן.
31. טומל־פאַרווירונג.
32. פאַרזיכערונג.

אויף מאָרגן — די איבערגעבליבענע קוימענס האָבן, ווי מצבות, עדות געזאָגט: פה נקבר — איז מען געקומען זוכן, ראָיען [33] אין די חורבות, טאָמער איז עפּעס גאַנץ פאַרבליבן, און די ווייבער האָבן אַזוי ביטער געוויינט, ווי אויף קבר אבות. עס פלעגט זיך באַלד דערפילן אַ גרויסער דוחק אין שפּייז, אָבער אַ דעפּעשע קיין מינסק פלעגט באַלד ברענגען הילף.

וואָכן לאַנג, און אָפט מאָל חדשים, פלעגן יידן באַלעבאַטים וואַלגערן זיך אויפן פּאָליגאָן [34], עסן טרוקנס, שלאָפן אויף די פּעק בעטגעוואַנט, וואָס מען האָט אַרויסגעכאַפּט, און ניט אויסטאָן זיך אָדער אַ העמד איבערבייטן...

שבת האָט מען אויף דעם פּאָליגאָן געדאַוונט בציבור, כדת וכדין, מיט אַלע קליפּערלעך. טשאָלנט האָבן געקאָכט און געבראַכט די גליקלעכערע, וועלכע זענען ניצול געוואָרן. זיי האָבן אָנגעגרייט גענוג פאַר אַלעמען. איין מאָל האָט געטראָפן אַ נייער אומגליק... דער עירוב האָט זיך גראָד שבת איבערגעריסן און די ווייבער, בחורים און מיידלעך, וועלכע האָבן געטראָגן די טעפּ געקעכטס צו די נשרפים, זענען געבליבן אויף איין אָרט — ניט אַהער און ניט אַהין. האָט אָבער אונדזער קלוגער רב תיכף ומיד מתיר געמאַכט צו טראָגן דעם עסן צו די הונגעריקע און פאַרשפּאָרט אַ שבתדיקן תענית.

ביסלעכווייז, ביסלעכווייז קומט דער עולם צו זיך. ווער פריער, ווער שפּעטער — און עס הייבט זיך אָן בויען אַ נייע שטאָט. די אָרעמע שטעלן אויף שאַלאַשן, אַ קלייטל, אַ קרעמל און אַ „כאַלופּקע״. די רייכערע בויען אויס נאָך שענערע הייזער ווי די פריערדיקע. און דער לעבן גייט אַוועק אויף דעם אַלטן שטייגער. מען הייבט אָן דעם אָטעם אָפּכאַפּן, צוריק זיך איינשטעלן — אָבער אַהאַ, אַ נייע שריפה... ווידער געוויין, צרות, יאָמער און טרויער...

יאָרן און יאָרן איז דאָס אַזוי געגאַנגען. דעם ערשטן אומגליק נאָך ניט פאַרגעסן, איז שוין געקומען אַ נייער און אַ גרעסערער, ביז — ביז יידישע יונגע־לייט האָבן געגרינדעט אַ פרייוויליקע „פּאָזשאַרנע קאָמאַנדע״.

הונדערטערווייז פלעגן זיי קומען צו לויפן, ביי טאָג אָדער אין מיטן נאַכט, מיט העק און עמערס און פלעגן

33. נישטערן.
34. אַ פּלאַץ פאַר מיליטערישע איבונגען.

אַרבעטן ווי בינען. אַחוץ דעם איז געווען אַ רעטונגס־אַפּטיילונג, וואָס פלעגט אין די דערבייאיקע הייזער און קראָמען פּאַקן די זאַכן, ווי געניטע מענטשן, שלעפּן די מעבל און דערהויפּט ביט דערלאָזן, אַז די געבײַדע זאָל זיך אָנכאַפּן.

אָבער דאָס איז שוין געווען מיט יאָרן שפּעטער, ווען איך האָב זיך אויך באַטײליקט אין דער „קאָ־מאַנדע". ווען איך בין אָבער נאָך אין חדר געגאַנגען, זענען נאָך קיין פרײוויליקע פײערלעשער ניט געווען און שריפות זענען געווען אַ סך.

# ה. זיין מיט לייטן גלייך*

אַ חתונה ביי יידן, אין מיינע חדר־יאָרן, איז געווען די גרעסטע געשעעניש, ניט נאָר ביי דעם פּאָר־פאָלק, נאָר נאָך מער ביי טאַטע־מאַמע! עס איז געווען אַן ענין אויף יאָרן און יאָרן צו רעדן, דערציילן און געדענקען. דעם געמיינעם באַלעבאָס איז די שמחה אָנגעקומען שווער, ווי קריעת ים סוף, עס האָט זיך געוואָלט טאָן דעם ריכטיקן שידוך, געבן נדן און אַ גאַרדעראָבע, מיט לייטן גלייך, און מאַכן אַ חופּה־וועטשערע, אַז מען זאָל, חלילה, ניט פאַרשעמט ווערן. מען האָט געמוזט אָנהאַלטן שטאָט נאָך מכמה אַנדערע טעמים: עס זאָל ניט שאַדן צו קרעדיט און צו ווייטערע שידוכים... אַנדערע באַלעבאַטים האָבן זיך פון העמד אויסגעטאָן, געבליבן אביונים, קבצנים, ממש ממית געווען זיך, אַבי אַ שיינע חתונה אויסצופירן! מען האָט פאַרמשכנט הייזער, קראָמען, געליען געלט ביי וואָכערניקעס, געקניפּן זיך אין די באַקן, אַבי די פאַרב זאָל שטיין!...

עס האָט גאַנץ אָפט געטראָפן, אַז נאָך אַ געהויבע־נער חתונה האָט דער חשובער באַלעבאָס אָנגעזעצט, פאַרנומען געלט ביי יתומים און אלמנות, און ער האָט געקראָגן מער קללות, איידער די ברכות צו דער חתונה. ניט זעלטן פלעגט טרעפן, אַז אַ בן־תורה, אַן אָנגעזעענער מענטש פלעגט ניט קענען אַריבער־טראָגן דעם עגמת־נפש און פאַלן אַ קרבן: די גאַל פלעגט אין אים פּלוצלינג פּלאַצן און ער פלעגט מיט דעם לעבן באַצאָלן!

יחוס, כבוד, „זיין מיט לייטן גלייך", איז געווען די הויוון אין דעם טייג, פון וועלכן דאָס יידישע לעבן אין מיינע צייטן, אין אונדזער שטאָט, איז געווען געקנאָטן. ביי חתונות, בריתן, אין שול, — ביי צדקה־זאַכן, ביי אָפּגעבן אַ יינגל אין חדר — אַלע מאָל האָט מען געהאַט נאָר איין זאַך אין זינען — אויספּיינען זיך!

אויף קליידן זיך — אַרויסגיין צווישן מענטשן — האָט מען זיך געלאָזט קאָסטן ביז דעם לעצטן גראָשן: זאָלן זיך שונאים ניט פרייען, חלילה! ביי זיך אין דער היים, ווען קיינער האָט ניט געזען, האָט מען געדאַרט און געקוואַרט און אָפּגעקומען מיט אַבי וואָס... קיין ווייס ברויט, אַ בולקע, האָט מען אין די אויגן ניט אָנגעזען, אַחוץ משבת לשבת. אַ שיטערער קרופּניק, אַ בולבע, אַן אוגערקע מיט ברויט, אַ ביסל זויערמילך און אַ שטיקל הערינג — זענען געווען די הויפּט־מאכלים אפילו אין גאַנץ חשובע באַלעבאַטישע הייזער, און עס איז גאָר קיין רבותא ניט, וואָס אונדזערע ליטווישע יידן זענען געווען בלייכע, אויסגע־דאַרטע, אויסגעקוואַרטע — ממש, פאַרהונגערטע!

אַז עס פלעגט קומען צו אַ „נאַבאָר", איז געווען צרות צרורות — עס איז ניט געווען, פּשוט, וועמען אָפּצוגעבן! די רייכע און געזונטע, האָט מען ניט געסמייעט נעמען, און די קבצנים — האָט מען פאַר־בראַקירט: טויגן ניט. „ניע גאָדיען!" — פלעגן די דאָקטוירים זאָגן.

---

* „אַמאָל איז געווען", עמ' 243—244.

## ו. דער נאַבאָר*

אַנטקעגן אונדזער הויז איז געווען די „סבאָרניע"[35]. באַלד נאָך סוכות פלעגט זיך אָנהייבן די „כאַפּערייי", און די „געכאַפּטע" פלעגט מען האַלטן אין „סבאָרניע" פאַרשפאַרט, ביז צום „פּריאָם"[36], אַרום ניי־יאָר. די עובדא פון קהל איז איצט געווען „פּאָפּראַוועןן"[37] די קאַנדידאַטן, זיי זאָלן טויגן פאַר סאָלדאַטן, אָבער דאָס האָט זיך זעלטן ווען איינגעגעבן... אַן אָרעמער שניידער־ייִנגל, אַן אויסגעמאָגערטער, אַ וואַסער־טרעגערס בנאָקל, אַ פאַרזינדיקטער, אויסגעמאַטערטער ישיבה־בחור — אַזעלכע פאַרשוינען האָבן זיך בשום אופן ניט געלאָזט „פּאָפּראַוועןן". גאַנצע טעג האָבן זיי געזאָגט תהילים, נאָך צו ביסלעך אונטערגעפאַסט, געוויינט און געקלאָגט און תפילה געטאָן, אַז דער אייבערשטער זאָל זיך מרחם זיין און אויסלייזן זיי פון גוישקע הענט. קהל האָט דאָך ניט געקענט פאַרווערן יידן פאַסטן און וויינען אין אַן עת־צרה! איז דער „פּריאָם" געווען יגון ואבל פאַר קהל און שמחה וששון פאַר די קאַנדידאַטן, וועלכע האָבן, אגב אורחא, יאָרן־לאַנג דערנאָך געהאַט צו זינגען און צו זאָגן — זיי פלעגן בלייבן טויט־קראַנקע פון דעם מאָרן[38] זיך.

קהל פלעגט מוזן קויפן „קוויטאַנציעס"[39] אָדער „אָכאָטניקעס", חברה־לייט, וועלכע פלעגן זיך פאַרקויפן פאַר אַ פּאָר הונדערט רובל און גיין דינען. חברה אָכאָטניקעס פלעגן זיך שוין לאָזן וויל־גיין: פרעסן דאָס שענסטע און בעסטע, הייסן ברענגען כלי־זמר, הוליען און טאַנצן אויף וואָס די וועלט שטייט, און עס איז געווען חי געלעבט.

איין מאָל האָט זיך אין „אָכאָטניקעס" פאַרקויפט עפּעס אַן אָרעם־בחור, אַ דערשלאָגענער און אַ פאַרשטויסענער. אַז מען האָט אים געפרעגט פאַרן „פּריאָם", ווי די מאָדע איז געווען, וואָס פאַרלאַנגט ער, האָט ער מיט גרויס עקסטאַז אויסגעשריען:

— פאַר פערציק קאָפּיקעס באָב מיט ברויט!..

די השגה פון דעם „אָכאָטניק" איז געבליבן אין שטאָט פאַר אַ גלייכוווערטל לדורי־דורות.

* „אַמאָל איז געווען" עמ' 244—245.

35. דער פּלאַץ, ווו מען האָט געהאַלטן ביז דעם אָפּגעבן אין מיליטער־דינסט.

36. דאָס צונעמען אין מיליטער.

37. פאַרריכטן.

38. דאַרן.

39. אויסקויף־שיין.

## ז. שדכנים*

שדכנים זענען ביי אונדז געווען דווקא אַ רעכט היבש ביסל. קיין קאַפּיטאַל אין דעם געשעפט אַריינלייגן האָט מען ניט באַדאַרפט, ריזיקירן האָט מען מיט קיין זאַך ניט ריזיקירט (סיידן אפשר מיט צוויי יונגע לעבנס — זענען זיי דאָך געווען פרעמדע), קיין גרויסע אמנות, אַחוץ רעדן, האָט זיך אויך ניט געפאָדערט, האָבן זיך טאַקע אַ סך בעלנים דערויף געפונען. אַחוץ אַ פּאָר צענדליק פּראָפעסיאָנעלע, ביי וועמען שדכנות איז, מישטיינס געזאָגט, געווען דער איינציקער מקור חיונה, האָט אַ ליאַדע מלמדל, אַ שמש, אַ בעל־תפילה און גלאַט אַ בטלן, אויך שדכנות אַרויפגעשטעלט אויף זיין לאַנגן צעטל פון זיינע עובדות.

קיין גליקלעכע, פאַרשטייט זיך, זענען די שדכנים ניט געוואָרן, וואָרעם אויף יעדן שידוך פלעגן זיך אָנטשעפּען פיר־פינף זייערע און דער גאַנצער רח"ש וקל"ס האָט געקלעקט, ווי יענע חלה, קוים אויף המוציא, אָבער ביי זיי איז געווען אַ קרן איטלעכע קאָפּיקע. אגב, האָט מען זיך געקוואַפּעט אויף אַ שנאַפּס מיט דעם פאַרבייסן, אויף כאַפּן ווען עס איז אַ גוטן מאָלצייט און אויף די פּאָר קאָפּיקעס אויף מאַרקעס, אָדער גאָר אַ קערבל אויף אַ דעפּעשע כלומרשט.

די בחורים און מיידלעך האָבן אפילו גאַנץ גוט געוווסט, אַז עס איז אַ ברכה לבטלה, אַז זייער געלט איז אַרויסגעוואָרפן. ווען מיר מאַרקעס, וואָס מיר

* „אַמאָל איז געווען", עמ' 300—302.

דעפעשעס?.. אָבער ווי קען מען זיך איינרייסן מיט שדכנים, ווען מען שטייט אין שידוכים? אַ קאַץ קען דאָך אויך קאַליע מאַכן. און מען האָט געמוזט „לאָזן זיך געפינען", כדי חלילה ניט פאַרזעסן ווערן.

וועגן די שדכנים פלעגט מען דערציילן טשיקאַווע זאַכן: אויף איין שדכן האָט מען געזאָגט, אַז ער איז געקומען צו אַן אויפגעקומענעם בעל־הבית רעדן אַ שידוך פאַר זיין טאָכטער. ווען יענער האָט דער־הערט מיט וועמען ער רעדט אים דעם שידוך, איז ער געוואָרן מלא חימה:

— סטייטש, מיר סמייעסטו רעדן אַ שידוך מיט דעם און דעם. אַרויס פון מיין שטוב, דו חצוף איינער!

דער שדכן שטייט און שמייכלט און זאָגט:

— אָט איצט זע איך ערשט, אַז אַזאַ יאָר זאָל איך האָבן, וואָס פאַר אַ גלייכער שידוך עס איז. אות באות, וואָרט פאַר וואָרט האָט דאָך דער אַנדערער מחותן אויך אַזוי אויף מיר געשריען און האָט מיך אויך פון שטוב געטריבן...

מען האָט דערציילט, אַז דער שידוך איז גראָד געטאָן געוואָרן און דער שדכן האָט זיך שטענדיק באַרימט דערמיט.

אָבער שעפסל דער שדכן איז געווען גאָר אַ יוצא מן הכלל. אים האָט מען גערופן „שעפסל דער לאַנד־שדכן". ער איז ניט געגאַנגען אָבי צו וועמען, מיט געמיינערע באַלעבאַטים האָט ער זיך ניט פאַרנומען, נאָר געפירט שידוכים צווישן די חשובע און רייכע. ער האָט אויסגעפירט שידוכים פון די מרחקים, פון אַ מאָהילעוו, אַ מינסק און ווילנע. עס האָט שוין אויך געטראָפן, אַז ער האָט שוין אפילו צו וואַרשע דער־גרייכט. שעפסל איז געווען גאַנץ תקיף, אַ יודע ספר, אַ קלוגער, און האָט געפירט זיינע עסקים גאָר געשעפטסמעסיק. ער האָט געהאַט אַ ביכל מיטן אלף־בית, האָט אויסגעשטעלט די נעמען פון די שטעט און פון די מחותנים, איטלעכן אויף זיין אָרט. ער האָט געפירט אַ פּינקטלעכע און גענויע באַשרייבונג פון דעם שטאַנד פון די בעלי־בתים, פון זייער יחוס, דעם נדן און קעסט, און האָט געמאַכט זיין אייגענע אָפּשאַצונג פון די מעלות און חסרונות פון חתנים און כלות.

שעפסלס שטייגער איז געווען, אַליין זיך פריער באַקענען מיט דעם חתן אָדער כלה, איידער ער האָט צוגעפּאַסט דעם שידוך. ער האָט געהאַט אַ גוטע השערה און פלעגט דאָס רוב צוטרעפן דעם מלאכס כרוז: בת פלוני לפלוני...

שעפסל האָט זיך געהיט פון זאָגן צו פיל ליגן אָדער צו פיל מגזם זיין און דעריבער האָט דער עולם געהאַט דרך־ארץ און צוטרוי צו אים.

## ח. די פּאָגראָמען אין 1881*

אָט איז פלוצלינג אָנגעקומען דעם 1טן מערץ 1881 די ידיעה, אַז די ניהיליסטן האָבן געהרגעט דעם קייסער!

די גאַנצע באַפעלקערונג האָט זיך אַ טרייסל געטאָן, ווי פון אַן ערד־ציטערניש. סיי גויים און סיי יידן זענען געוואָרן אויפגערעגט. אין די קראָמען, אין שול, אין באָד און אין קלויסטער האָט מען גערעדט וועגן איין זאַך. די גויים האָבן כמעט אַלע זייער באַדויערט דעם גרויסן היזק. צווישן יידן האָט זיך געפונען נאָר אַ קליינע צאָל אַפּיקורסים, ווי מיין טאַטע למשל, וואָס האָבן זיך דאָס האַרץ קנאַפּ אָפּגעגעסן פון דעם אומגליק... אָבער דאָס רוב, דער רוב מנין און רוב בנין פון דער יידישער באַפעל־קערונג האָט זיך באמת שטאַרק מצער געווען, און דער עיקר — מורא געהאַט, אַז דער נייער קייסער וועט זיין נאָך ערגער.

אונדזערע עטלעכע יונגע־לייט זענען געווען מלא שמחה, אָבער זיי זענען נאָר אַרומגעלאָפן, ווי פאַר־סמטע, איינע צו די אַנדערע, פרעגנדיק, וואָס טוט מען, ווי העלפט מען? און ניט וויסנדיק מיט וואָס און ווי אַזוי, איז דאָס דערביי געבליבן.

אָבער באַלד נאָך דעם האָט זיך אויף שוואַרצע פליגלען פונאַנדערגעטראָגן די טרויעריקע ידיעה פון דעם ערשטן פּאָגראָם אין קיעוו!

יידן האָט די מוראדיקע בשורה דערשלאָגן, מען האָט אַראָפּגעלאָזן די קעפּ און מיט יאוש אין האַרצן

* „אַמאָל איז געווען", עמ' 371—372.

איז מען אַרומגעגאַנגען ווי שאָטנס, ווי נעכטיקע, און געפרעגט זיך: „עד מתי און מאין יבוא עזרי ?..״

די גויים, און ספּעציעל די יידן־פיינט, האָבן הויך געהאַלטן זייערע קעפּ און האָבן מיט אַרויסרופנדיקע בליקן גערייצט זיך מיט די יידן — זייערע שכנים, מיט וועלכע מען האָט ביז איצט געלעבט גאַנץ פריינטלעך.

אין באָברויסק, ווו ביז דעמאָלט האָט מען גאָר פון קיין גלות ניט געוווּסט, אין שטאָט, ווו אַלץ מיט אַנאַנדער איז געלעגן אין יידישע הענט, מיט זייערע אייגענע יידישע מנהגים און דרכים, ווו שבת האָט מען קיין לעבעדיקן מענטשן אין גאַס ניט געזען, סיידן ווען יידן זענען געגאַנגען אין און פון שול. און טאָמער האָט אַ נאַרישער גויעץ געבראַכט אַ וועגל האָלץ צו פאַרקויפן האָט ער אָדער געדאַרפט אים צוריקפירן, אָדער אָפּהיטן ביז ביינאַכט און דערנאָך איינבעטן זיך ביי אַ באַקאַנטן יידן, ער זאָל דאָס ביי אים צונעמען פאַר אַ שפּאָט־ביליקן פּרייז; אין באָברויסק, ווו דער גרעסטער מאַרק־טאָג איז דווקא געווען אום זונטיק, און די גויישע קלויסטערס זענען געווען פּוסט, ווען אפילו אין אַ טאַבעלנעם טאָג — אַ יום־טוב פון דער קייסערלעכער פאַמיליע — האָט מען נאָר איין האַלבע טיר פון קראָם צוגעמאַכט, אַזוי ווי חול־המועד, און דאָס נאָר פאַר אַ קליינער ווײַלע. און נאַטשאַלסט־וואָ, וויסנדיק, אַז עס וועט קריגן אַ מתנהלע אויף נײַ־יאָר, אָדער אַן אַנדער חגא, האָט קיין מאָל ניט באַלעס־טיקט און געווען גאָר פּאַני־בראַט מיט די יידן — אפילו אין באָברויסק האָט מען דעמאָלט דערפילט, אַז יידן זענען אין גלות, און די פּאָגראָם־קלאַנגען האָבן אָנגעוואָרפן אַ ציטערניש, אַ ביטערע מורא און אַרויפגעיאָגט אַ מרה שחורה מיט אַ פּחד — אַ מין סכנת נפשות, וואָס פריער איז דאָס געווען שווער זיך פאָרצושטעלן.

אָבער די יונגע־לייט האָבן די ערשטע זיך געפונען. מען האָט אָנגעהויבן שטילערהייט צונויפרעדן זיך און אָרגאַניזירן זיך אין אַ „סאַמאָאָבאָראָנע״, זעלבסט־פאַרטיידיקונג, אַז מען זאָל זיך שטעלן אַנטקעגן, אויב עס וועט זיך אָנהויבן אַ פּאָגראָם.

מיט וואָס אונדזער „סאַמאָאָבאָראָנע״ וואָלט זיך געענדיקט, ניט האָבנדיק קיין אַנדער געווער אַחוץ די אייגענע צען פינגער, איז ניט שווער צו טרעפן... אָבער עס איז געווען אַ שטיקל באַפרידיקונג פאַר זיך אַליין. די צוגרייטונג אַליין האָט שוין צוגעגעבן אַ ביסל מוט, און די עלטערע מענטשן האָבן טאַקע געגלייבט אין אונדזער כוח און האָבן זיך אַ היבש ביסל באַרויִקט.

**רבי יצחק ניסנבוים**

# ב„ח ד ר״*

זוכר אני היטב אותו יום בו נשאני אבי על זרועותיו, כשהנני מעוטף בטליתו, והביאני אל „חדרו״ של ר׳ אברהמ׳ל סלוצקר, ואני בן ארבע שנים ומחצה. אבי הושיבני על הספסל, שעמד על יד השולחן, והרבי פרש לפני את לוח ה„אלף־בית״ והחל להראות לי את צורת האותיות וקורא באזני בשמותיהן, ועל כל אות ואות שאני קורא אחריו כהוגן, „מלאך״ ממרום זורק מעל לראשי מטבעות כסף קטנות ודובשניות, שחטפתין ושמתין בכיסי. ב„חדר״ של המלמד הזה ישבתי שנה שלמה. היינו בו כשלושים ילד וה„רבי״ למד עם כל אחד ואחד בפני עצמו. למדתי בכל יום כעשרה רגעים לפני ארוחת הצהרים ועשרה רגעים אחרי ארוחת הצהרים, ובשאר העת שיחקנו בחצר בהמולה ובשאון, ובחורף שיחקנו ב„חדר״ בלחש וברמיזות. רבי אברהמ׳ל היה מתנגד סלוצקי, קר ככפור ועצוב־רוח תמיד. הוא לא התרגז ולא התקצף, אבל גם לא הראה לנו סימני חיבה. לחיינו נשארו בכל השנה בלי סטירות ובלי לטיפות. את מלאכתו עשה באמונה ולמדתי לומר „עברי״ כדבעי. את ה„מלעיל״ ואת ה„מלרע״ לא ידעתי — „רבי לא שנה, חייא מנין ?״ — אבל את המלים הוצאתי מפי שלמות וגמורות, לא חטפתי ולא בלעתי אף אחת מהן, וכבר יכולתי להתפלל מתוך הסידור כיהודי זקן ורגיל.

* ר׳ יצחק ניסנבוים, „עלי חלדי״ (ורשה תרפ״ז), עמ׳ 8—14.

מ„חדר" זה עברתי אל „חדרו" של רבי דוד אומוואלד, שהיה ההיפך הגמור מ„רבי" הקודם. זה היה תמיד שמח וטוב־לב. אל תלמידיו התיחס באהבה גלויה, וגם אנחנו אהבנוהו ורצנו אל „חדרו" בחפץ לב. למדתי בו שתי שנים. ב„זמן" הראשון החל ללמדנו חומש; ב„זמן" השני הוסיף אליו את הרש"י, מלבד הפסוקים החמורים שבו ואלה שבאו בהם דברי דקדוק. ב„זמן" השלישי הוסיף עליהם את הנביאים הראשונים, וב„זמן" הרביעי הוסיף עליהם את הגמרא. וכה היו ב„חדר" ארבע כיתות. אבל ה„רבי" לא לימד לכל כיתה וכיתה בפני עצמה, אלא סידר את הלימודים באופן מעשי ומועיל. ב„זמן" הראשון, שלמדתי בכיתה הראשונה אף חומש, למדתי בכל יום רק שתי שעות, אחת לפני ארוחת הצהרים ואחת אחרי ארוחת הצהרים. שאר שש השעות, שישבתי ב„חדר", שיחקתי עם חברי בני כיתתי בחצר או בבית. ב„זמן" השני, שלמדתי כבר בכיתה השניה חומש עם רש"י שתי שעות ביום, למדתי גם בכיתה הראשונה את החומש שלה, „כדי לחזור על הראשונות", כמו שאומר ה„רבי". וכה למדתי אז כבר ארבע שעות ביום וארבע שיחקתי. ב„זמן" השלישי, שלמדתי כבר בכיתה השלישית נביאים ראשונים שתי שעות ביום, למדתי גם עם הכיתה השניה חומש עם רש"י וגם עם הכיתה הראשונה את החומש. וכה למדתי כבר שש שעות ביום ושתים שיחקתי. וב„זמן" הרביעי, שלמדתי כבר בכיתה הרביעית שתי שעות גמרא, למדתי גם בכיתה השלישית, גם בכיתה השניה וגם בכיתה הראשונה את כל הלימודים אשר בהן, וכבר למדתי את כל שעות היום שישבתי ב„חדר". מלבד זה לפני חג הפורים למד ה„רבי" אתנו את מגילת אסתר, לפני חג הפסח — חלק מה„הגדה", לפני חג השבועות — את מגילת רות, ובערב „תשעה באב" היה מספר לנו בקולו הנעים ורווי הדמעות את אגדת החורבן, ועינינו זלגו דמעות חמות. בחודש אלול היה ה„רבי" מפרש לנו את תפילות „הימים הנוראים" ואגב גם את תפילות השבתות והמועדים.

כאשר החילותי, במלאות לי שבע שנים, ללמוד גמרא, למדנו מתחילה ב„לקח טוב" — כעין גמרא למתחילים, ואחר כך עברנו על הפרק: „אלו מציאות". פעם אחת בא ה„רבי" לביתנו בשבת לבחון אותי במעמד אבי בלימוד הגמרא. הוא פתח לפני את הסוגיא של „יאוש שלא מדעת", וציוה לי לאמור. אמרתי את הסוגיא בקול רם ובניגון הידוע, ובבטחה גמורה ביארתי אותה על בוריה בלי כל מכשול ופגע. לשמחת הורי לא היה קץ. ובאותו פורים, כאשר הביאו מאת ה„רבי" לאבי „משלוח המנות", הניח אבי על הקערה של ה„רבי" לא רק פירות ומגדנות, כי אם גם שטר בן שלושה רובלים.

בשתי השנים שלמדתי ב„חדרו" של רבי דוד, גמרתי את כל החומש עם רש"י ואת כל הנביאים הראשונים וידעתי אותם היטב, ובלי רצון עזבתי את ה„חדר" ואת המלמד החביב הזה, ובלי רצון מסרני אבי אל „חדרו" של רבי שלום בר, שהיה ידוע ל„בעל פועל" גדול בלימודיו. המלמד הזה ו„חדרו" לא השאירו בקרבי כל רושם. הנני זוכר רק, כי היה אכול שחפת כולו וקפדן נורא, ויותר ממה שלימד — חלה, וב„זמן" השני או השלישי להיכנסי לתוך „חדרו", גם נפטר לעולמו, ואת מקומו לקח דודו רבי חיים ליב, כדי שיוכל לעזור למשפחת המנוח, ומ„רחמנות" השאירני אבי ב„חדר" זה עוד שנים או שלושה „זמנים". בלמדי ב„חדר" הזה נכנס פעם אחת הרופא ד"ר פיאַרטוֹג לבקר את אחד החולים שבבית. הוא ישב אל שולחננו לכתוב את סם הרפואה. נזדמן לו לשבת על ידי ופנה אלי בשאלה: איזו „סדרה" היום? ילדות היתה בי והעזתי פני בו ואמרתי: „והאם אתה יודע?" הרופא השפיל את עיניו והתעמק בכתיבתו. בצאתו גער בי ה„רבי" בנזיפה על חוצפתי ועל גסותי. הכרתי בצדקת הנזיפה ולבי הכני מאד על עשותי המעשה הרע הזה. ושנים רבות אחרי כן, כשנפגשתי עם הרופא הנכבד הזה, הרגשתי את עצמי כאשם לפניו והתאמצתי להביע לו רחשי כבוד. כאשר היה עלי לעזוב את ה„חדר" הזה, קפץ אבי קפיצות משונות, שאיני יודע את סיבתן עד היום. מה„חדר" הזה, שהרביתי ללמוד בו גמרא, מסרני אבי אל „חדרו" של רבי מנכ"ל, שלמדו בו אך ורק תנ"ך, בלי כל זכר לגמרא. הוא נחשב לאחד המלמדים היותר טובים ללימודים האלה וב„חדרו" למדו בני העשירים שבעיר. כנראה, עמד אבי על הצעד הבלתי נכון שעשה, ולמדתי ב„חדר" זה רק „זמן" אחד, שעברתי בו על ספר „ישעיהו" עם ה„ביאור". ואבי עבר מן הקצה אל הקצה השני ומסרני ל„חדרו" של רבי ברוך מאיר קנדל'ס, שלמדו בו אך ורק גמרא, בלי כל זכר לתנ"ך, ואני אז ילד בן עשר שנים.

רבי ברוך היה מלמד הגמרא היותר גדול שבעיר. הוא קיבל אל „חדרו" רק ששה, שבעה תלמידים, והקפיד כי כולם יהיו בעלי כשרונות ויהיה בטוח

כי יראו ברכה בלימודים; וגם ראה כי ידיעות התלמידים בגמרא תהיינה שוות ויהיה לו עסק רק עם כיתה אחת. אבל הוא היה כעסן גדול ובכעסו לא ידע לעצור ברוחו. בשבתו אל השולחן ללמוד אתנו אחז בידו את מקלו העבה, ובזוית פיו צבט את מקטרתו, וכאשר כעס הכה במקל לאורך השולחן וחרק בשיניו וסינן מתוך פיו, כמו יז רעל: „לדבר! לדבר! לדבר!" (טא גערעדט! טא גערעדט! טא גערעדט!). הוא זרק בתלמידיו לא רק מרה, אלא גם מגפים, שהיה פושטם מעל רגליו בימות הקיץ, וגם מסמרים, וכל דבר שנפל בעת ההיא תחת ידו. ואם לא הכה את עינינו ואת שינינו, היה זה ממש נס מן השמים. פעם אחת נפגעתי גם אני בשעת כעסו.

ה„חדרים" שלמדתי בהם לא היו בדירותיהם של המלמדים, כי אם שכורים בבתי אחרים ועל פי רוב היו החדרים גבוהים, מרווחים ונקיים, ובהם חלונות אחדים. כזה היה גם „חדרנו" האחרון. ה„רבי" היה חלש בלבו, כן אמרה עליו לנו תמיד ה„רבנית", והיתה מביאה לו מביתה פעמיים בכל יום אוכל ומשקה להשיב את נפשו. לפני הצהרים היתה מביאה תמיד ה„חדרה" סיר קטן מלא תפוחי־אדמה מבושלים ועליו קערה קטנה מלאה עד חציה שמן זית זך לטבול בו את תפוחי־האדמה — תרופה בדוקה, לפי דבריה, לחולשת הלב — ולפנות ערב היתה מביאה לו קומקום של חרס מלא חמים ותה ותופינים, והיה ה„רבי" סועד בהם את לבבו החלש. פעם אחת נחפזתי לצאת מ„החדר" החוצה, ובפתחי את הדלת אל החדר השני התנגשתי עם ה„רבנית" שנשאה בידיה את קומקום החמים, ובגודל דחיפתי נפל הקומקום מידה ונשבר והיא נכותה ברותחין. קמה מהומה גדולה בבית. כאשר שככה המהומה, ישבנו על מקומותינו והחל הלימוד שנפסק. ה„רבי" היה יושב לרוחב השולחן ולאורך השולחן ישבו משני צדדיו על ספסלים שלושה שלושה תלמידים, ואני השביעי ישבתי גם כן לרוחב השולחן מול ה„רבי". כאשר ישבתי עתה על מקומי ראיתי, כי עיני ה„רבי" מפיצות עלי עברה וזעם, ולבי ניבא לי דבר מר; ועל כן לא גרעתי עין ממנו. אני הייתי מרוגז כולי מהמקרה שקרה ולא יכולתי לשים לב כראוי על הלימוד ונכשלתי באיזה דבר. ופתאום וה„רבי" זרק בי אחד ממגפיו הכבדים ישר אל פני. הספקתי להטות מעט את ראשי הצדה, והמגף פגע בכתפי וכאב המכה הקשה חשתי אחרי כן ימים רבים, אבל לא סיפרתי את הדבר בביתנו, כי —— הלא „אסור לגלות מ„החדר'..."

כה ישבנו ולמדנו עשר שעות ביום תחת מבטי קצף, חריקת שיניים ודפיקת מקל, ואנחנו היינו כולנו ילדים חיים, ערים ושובבים, וכבשנו את שחוק פינו ואת משובת לבנו כל הימים כ„גיבורים" אמיתיים. תחת זה, בעזבנו בשעה השמינית בערב את ה„חדר" ללכת הביתה — פרצה משובתנו בכל עזוזה, ביחוד בערבי החורף. באותה שעה יצאו גם התלמידים מ„חדרים" אחרים, ונתחלקנו לשני מחנות וקרב עצום התחולל בינינו. כדורי־שלג עפו לכל העברים והכו בראשים, בכתלים ובתריסי חלונות. ה„רבי", שהיה יוצא אחרינו מה„חדר", היה שומע מרחוק את מצהלותינו ורואה את המלחמה, אבל עשה את עצמו כאין רואה והלך לביתו. מה שעשינו מחוץ ל„חדרו" לא היה נוגע אליו כלל וכלל. ביותר היה מעניין הקרב בערבים החשוכים, כשהלבנה לא נראית ברקיע. ברחובות העיר לא היה אז כל פנס מאיר וכל תריסי החלונות היו מוגפים, ומבעדם לא חדר אף קו אור אחד מהבתים החוצה ושררה ברחוב ממש חשכת מצרים. לכל אחד מאתנו היה פנס בידו, אם פנס של זכוכית או פנס של נייר, שעשוי קיפולים קיפולים עגולים ומשוחים בשמן, כדי שיאיר יותר, ובקרב שבינינו כיוון כל אחד לפגוע בכדורו בפנסו של ה„אויב". ואם עלה ביד מי שהוא לשבר פנס של זכוכית או להבעיר פנס של נייר ופרצה שמחת ה„מנצחים" כל גבול. אחרי כן עשינו „שלום" והלכנו יחד בשירים ובניגונים עד שצהלו הרחובות לקראתנו...

## שמריהו לוין

# במבצר בוברויסק*

העיר בוברויסק, בה עבדתי עבודת מתנדב בצבא, לא היתה זרה לי. פעמים רבות עשיתי בה עם אבי, שהיו לו עסקים בעיר. אף קרובי משפחה היו לנו בבוברויסק, הוא בית הקבלן הצבאי מנדל ויגודסקי, בית־משפחה אמיד ומכובד, גדול ורב ענפים. ויגודסקי זה מספק היה עצים וצרכי הספקה אחרים למבצר בוברויסק ולצבא, ומהלכים היו לו במוסדות הצבאיים של העיר. עוזריו של מ. ויגודסקי הציעו כמה פעמים לפני להשתמש בקשרים שלהם עם שלטונות הצבא. הם שיעצו לי, באיזה גדוד לבחור מארבעת הגדודים החונים במבצר בוברויסק. אני הכרעתי לטובת הגדוד המאה ושבעה־עשר היארוסלבי לחיל הרגל, גונדה ששית, שבראשה עמד שר הגדוד מאקסימוב.

אם זכרוני אינו מטעני, הרי הייתי מתנדב ראשון בצבא בוברויסק. אף הצעירים המתנדבים לצבא מישראל נתונים היו להגבלה במספרם: לכל היותר שני צעירים בגדוד אחד. מתנדב שלא מבני־ברית היה מכובד על הציבור כחייל ממין גבוה ביותר. ראו בו קצין למחצה. ואילו היהודי לא היה יכול לעלות בשום פנים לדרגת קצין ואפילו לא לדרגת פלדפבל (סַמל), ורק לעתים רחוקות היה עולה למדרגת סגן קצין. אולם הוא הוא שהקנה לו לצעיר המתנדב ערך מיוחד וחן בעיני הציבור היהודי. בקרב ציבור זה היה מתנדב כזה משמש בבחינת מאור גדול, בבחינת מחאה חיה כנגד הממשלה וסדריה. „יראו וידעו כל באי עולם, שממלאים אנו את חובתנו, הנה קצין מלידה ומבטן מהלך בתוכנו, אלא שאין הממשלה רוצה להודות בכך". בתורת מתנדב ניחנתי, כאמור, בזכויות מיוחדות. לא הייתי חייב לדור בקסרקטין בצוותא עם כל שאר החיילים. כנגד זה חייב הייתי להתלבש בגדי חייל ולהתכלכל על חשבוני אני. דר הייתי בבוברויסק, והקסרקטין עמדו מחוץ לעיר, בתוך המבצר. חייב הייתי לבוא לעבודתי יום יום בשעה מוקדמת בבוקר, בשש שעות. כל איחור עונש חמור בצדו. כרגיל היו פונים אל המתנדב בלשון б а р и н — תואר כבוד מרובה על „אדון" ופחות מתארו של קצין. ומדריכי „הדוד" היה סגן קצין, והוא שלימדני תחילת לימוד, היאך חייבים בהחזקת הרובה והיאך משתמשים בו, היאך עומדים עמידה זקופה ללא נוע ומה דיני הברכה והפניה כלפי הקצינים הגבוהים והנמוכים. במשך ימים מועטים קניתי דעת „אמנות" זו. ומדריכי וכן סגן האופיצר גאותם היתה עלי. ושוב אין פלא בדבר: יחידי הייתי בגונדה שלי, בין מאות חיילים, שקיבל השכלה תיכונית בבית־הספר. כל שאר החיילים בני איכרים היו ורובם בני רוסיה הפנימית, מפלך פֶּנזה, ושוב לא היה צורך בהבנת המתימטיקה העליונה כדי לעלות על כל השאר בהשכלה. כל שעבר את המחלקות הראשונות של בית־ספר נמוך — וחברי לעבודת הצבא לא נמנו מעולם עם תלמידי בית־הספר — היה נחשב לבעל השכלה והיה בולט מכל חבריו בתורת גיבור הרוח.

רבות קראתי על האיכר בן רוסיה הגדולה ובטוח הייתי שאיפגש כאן בקסרקטין באנשים פשוטים, גסים ובורים. ידעתי שתשעים אחוזים של תושבי רוסיה לא היו בני קריאה וכתיבה. ואף על פי כן נפתעתי בהיפגשי בפעם הראשונה פנים אל פנים עם האנשים האלה, אנשי־בראשית לכל דבר: בני־אדם שלא טעמו טעמה של שום תרבות. הציביליזציה של הזמן החדש לא השיקה עליהם אף משק אחד בכנפיה. אף האיכר שלנו, של רוסיה הלבנה, עמד על דרגה נמוכה של השכלה וציביליזציה, אולם לעומת אחיו בפנזה הרי היה בן תרבות מודרנית מעודנת. אין משום גוזמא בסיפורי הבא, שבמשך שבועות שלמים חייבים היינו לשנן להם, היכן צד ימינם והיכן צד שמאלם. ורבים מהם שלא יכלו לתפוס במוחם את המושגים „ימין" ו„שמאל".

שבועות מרובים ארך הדבר עד שהעמידו אותם על שמות החלקים השונים של הרובה ושל שאר כלי־זינם. אולם עיקר הצרה בשינון המושגים העיוניים, שהייבים בהם כל החיילים. החייל הרוסי חייב היה לדעת את השמות ואת התארים של בני בית־המלכות הרוסי. בשום פנים אי אפשר היה להקנות לחיילים שלנו את שמות כל בית־המלכות: גדול היה הבית

---

* ש. לוין, „מזכרונות חיי", ח"ב (ת"א תרצ"ז, עמ' 111—121).

עס איז געווען שפּעטלעך און איך האָב זיך געאײַלט גיכער אַהיים מיט אַ באַהאַלטענעם אוצר אין מײַנע געדאַנקען.

אין הויז זענען שוין אַלע געשלאָפֿן. איך האָב זיך פֿאַרקליבן אין דער שטיל אויף מײַן געלעגער און מיט אָפֿענע אויגן געקוקט אין דער שטילער פֿינצטערניש. איך האָב געזוכט דעם אָפּגענעם שײַן־שפּאַלט און געוואָרט, עס זאָל שוין וואָס גיכער אָנהייבן טאָגן. גאַנץ פֿרי, ווי דער שטייגער, האָט מיר מײַן מאַמע אָנגעזאָגט, אַז עס איז שוין צײַט אויפֿצושטיין צו דער אַרבעט. אין דרויסן האָט די זון מיך ליבלעך און זומערדיק באַגריסט און ס׳האָט זיך מיר געדוכט, אַז איך בין אַרײַן אין אַ נײַער וועלט. לויט שמואליקס רייד איז אויסגעקומען, אַז עס איז די פֿליכט פֿון יעדן איינעם, וואָס פֿאַרשטייט מער דאָס לעבן, ברענגען דאָס צו אַנדערע, און די אַנדערע צו נאָך אַנדערע, ביז אַלע וועלן פֿאַרשטיין איין און די זעלבע זאַך וועגן לעבן און גערעכטיקייט.

אַז איך בין געקומען אין וואַרשטאַט, האָט זיך מיר געוואָלט אַלעמען עפֿענען די אויגן, אָבער איך בין געוואָרן נאָך מער שווײַגנדיק. איך האָב דערפֿילט מײַן גײַסטיקע אָרעמקייט, פּשוט ניט געוווּסט ווי צו פֿאַרבינדן די אַלע געדאַנקען, וועלכע זענען, דוכט זיך, געווען אַזוי קלאָר פֿאַר די אויגן. לייענען די „ביכלעך״, וואָס שמואליק האָט צוגעזאָגט מיר געבן, איז געווען מײַן הייסער באַגער אין די טעג פֿון דערוואַרטונג. לאַנג האָב איך ניט געדאַרפֿט וואַרטן. שמואליק האָט מיך באַגעגנט לעבן וואַרשטאַט און שטילערהייט מיר געגעבן אַן אָפּגעריבן ביכעלע „דער לאַנגער אַרבעטס־טאָג״. ער האָט עס מיר געהייסן באַהאַלטן, קיינעם ניט ווײַזן, ווײַל דאָס איז אַ „טריף״ ביכעלע.

אָט דאָס ביכעלע „דער לאַנגער אַרבעטס־טאָג״ איז געוואָרן מײַן ערשטער וועגווײַזער צו אַ נײַעם וויסן און לעבן. דאָס האָט מיר געגעבן אַ מאָס און אַ וואָג אין מײַן באַציונג צו מענטשן. איך האָב זיך דערוווּסט, ווער עס זענען מײַנע מיטמענטשן, מײַנע פֿרײַנט, און ווער מײַנע אמתע שונאים. פֿון ביכעלע האָט אַרויסגערעדט אַ וועלט מיט זאַכן, וואָס איך האָב פֿריער ניט געוווּסט. אויפֿן באַלעבאַטישן „מזל״ האָב איך אָנגעהויבן קוקן ווי אויף אַ פּשוטן שווינדל און גניבה, אויף די גבירים — ווי אויף פּיאַווקעס, בלוט־זויגערס, און אין די נאַרישע קבצנים האָב איך דערזען דעם אמתן מענטשן. איך האָב געטראַכט: אַזאַ קליין ביכעלע, און דערציילט אַזוי פֿיל!

## איך עפֿן מײַנע אויגן

אין אַ פּאָר טעג אַרום, ווען שמואליק האָט מיך ווידער דערזען, איז ער גאָר געווען אויפֿן זיבעטן הימל פֿון מײַן „ברייטן פֿאַרשטאַנד״, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט. ווער רעדט נאָך, אַז מיר האָבן צוזאַמען דאָס נאָך אַ מאָל איבערגעחזרט, האָט דאָס ביכעלע באַקומען דעם אמתן אינהאַלט. עס האָט זיך אַזש געוואָלט אויסשרײַען אויפֿן קול, אַז אַלע זאָלן הערן. שמואליק האָט מיך געוואָרנט, אַז מ׳דאַרף וויסן, ווי אַזוי צו זאָגן דעם אמת, מ׳דאַרף עס טאָן מיט אַ „פּלאַן״. ערשטנס, דאַרף מען זיך היטן און רעדן בלויז מיט מענטשן, מיט יאַטן, וועלכע וועלן ניט פּלאַפּלען גלאַט אין דער וועלט אַרײַן. צווייטנס, פֿאַרטרויט ער מיר אַ סוד, אַז די מינסקער בערשטער און אויך די ווילנער בערשטער האָבן שוין דערשלאָגן זיך צו אַ סך דורך „סטאַטשקעס״. זיי טוען אויף ווונדער, און גיכן וועלן זיי געווינען דעם אַכט־שעהעדיקן אַרבעטס־טאָג. — זיי זענען אַלע גוטע יאַטן, — האָט ער צוגעגעבן, ווי ער אַליין וואָלט געווען איינער פֿון זיי.

איך האָב אײַנגעשטימט, אַז עס ווענדט זיך אין די אַרבעטער אַליין, צו מאַכן בעסער די באַדינגונגען. אָט דער סוד האָט מיך שוין ניט געלאָזט רוען. אויב זיי קענען, האָב איך געטראַכט, קענען דאָך דאָס אַלע. איך האָב געפֿילט אַ פֿרייד אין מײַן האַרצן, וואָס איך ווייס אַזאַ גרויסן, אמתן סוד.

דאָס צווייטע ביכעלע, ווי איך געדענק, איז געווען „דאָמיק נאַ וואָלגע״. פֿון דעם רוסיש, וואָס מײַן טאַטע האָט מיך ביסלעכווײַז געלערנט, איז מיר ניט געווען גרינג צו פֿאַרשטיין אַלץ פֿונעם ערשטן מאָל לייענען. איך האָב עס געלייענט אַ צווייטן און אַ דריטן מאָל, און דאָס ביכעלע האָט שוין אויף מיר געהאַט גאָר אַ באַזונדער ווירקונג. דער פּאָליטישער אַספּעקט דערפֿון האָט מיך איבערראַשט, איך האָב, ממש, מורא געקראָגן, איך האָב זיך געדאַרפֿט צוגעוווינען צו פֿאַרשטיין די „שייכות״ צווישן פּאָליטיק און דעם קאַמף פֿאַר אַ בעסערן לעבן.

דאָס ביכעלע האָט פֿולשטענדיק באַרעכטיקט די דערמאָרדונג פֿון צאַר אַלעקסאַנדער דעם צווייטן.

די העלדן אין ביכעלע: סאָפיאַ פּעראָווסקאַיאַ, העסיע געלפאַנד, כאַלטורין און אַנדערע זענען דאָרט גע־שילדערט ווי גרויסע העלדן. מענטשן פון פאָלק און פאַרן פאָלק, וואָס האָבן זיך פאַרמאָסטן קעגן די טיראַנען, פאַר די קריוודעס פון דעם פאָלק. דאָס ביכעלע האָב איך געלייענט אין אַ צייט, ווען עלטערע מענטשן האָבן אונדז, יוגנטלעכע, פאַרטרויט, אַז מ׳האָט זיי, די העלדן פון דעם ביכעלע, צוגענומען אין שוואַרצע קאַרעטקעס און זיי זענען שוין געוויס אויף דער וועלט נישטאָ, און אַז מ׳דאַרף זיך היטן, ווי פאַר פייער, פון דער זשאַנדאַרמעריע, ווייל זיי האַלטן אין איין זוכן, ווער עס רעדט און טראַכט וועגן אַזעלכע זאַכן. אָט דאָס ביכעלע האָט מיך אַריינגעפירט אין די קרייזן פון די העלדן, ווי איך אַליין וואָלט געווען איינער פון זיי. מיר האָט זיך געוואָלט איבערחזרן זייערע מעשים, נאָך מיט מער מוט און אָפּפערווילּיקייט פאַר דער באַפרייונג פון דער מענטשהייט.

דעם אמת געזאָגט, ווען איך האָב געלייענט דאָס ביכעלע אין דער שטיל, האָט זיך מיר געדוכט, אַז ווענט הערן, פענצטער זעען און אַלע וויסן מיינע געדאַנקען. פון דעסטוועגן האָב איך עס איבערגעלייענט נאָך און נאָך אַ מאָל, אַזוי פאַרכאַפּנדיק איז דאָס געווען. אין גאַס האָב איך זיך אַרומגעקוקט, צי מ׳גייט מיר ניט נאָך, איך האָב אויסגעמיטן צו באַגעגענען אַ גאָראָדאָוואָי, און אַלע ווײַלע האָב איך געטאַפּט די קעשענע, צי האָב איך דאָס חלילה ניט פאַרלאָרן. איך האָב געהיט דאָס ביכעלע ווי אַ טייערן דימענט.

ביסלעכווייז האָב איך זיך צוגעוווינט צום געדאַנק, אַז מ׳זעט ניט און מ׳כאַפּט ניט אַזוי גיך, אַז ווענט אַליין האָבן ניט קיין אויערן. מיר האָט אָנגעהויבן געפעלן ווערן דער געדאַנק, אַז איך ווייס עפּעס אַזוינס, וואָס ניט אַלע וויסן, און אַז איך ווייס שוין, וואָס עס איז בעסער פאַר דער מענטשהייט. איך, שמואליק און יאָסל האָבן זיך אָנגעהויבן באַגעגע־נען זייער אָפט. דערהויפּט האָבן מיר זיך אָפּגעגעבן מיט לייענען ביכער ביי יאָסלען אין הויז. זיין טאַטע, אַ וועכטער ביינאַכט, זיין מאַמע — אַ דינסט אין אַ גביריש הויז, האָבן מיר געהאַט די געלעגנהייט צו זיין מיט זיך אַליין שטונדן לאַנג. מיר האָבן ממש געשלונגען יעדעס וואָרט פון די ביכער, וואָס זענען דעמאָלט געווען פּאָפּולער און זענען געגאַנגען פון האַנט צו האַנט. מענדעלעס „קליאַטשע״, ספּעקטאָרס שריפטן, דינעזאָנס ווערק און י. ל. פּרצס „די נייטאָ־רינס״, „די שוועסטער״ און באָנטשע שווייג״. דאָס לעצטע איז געווען גאָר עפּעס אַזוינס, וואָס מיר האָבן איבערגעלייענט מיט יעדן „נאָוויטשאָק״, דאָס הייסט איינעם, וועמען מיר האָבן געוואָלט „עפענען דעם קאָפּ״ אויף גיך. איין מאָל האָב איך מיט אַ כיוון געלאָזט „באָנטשע שווייג״ אָפענערהייט ביי אונדז אויפן טיש, זאָל מיין טאַטע אויך אַריינקוקן און וויסן, אַז איך פאַרשטיי וואָס צו לייענען. אָט דער „אויפטו״ האָט מיך פאַרשאַפט אַ סך צרות. אָבער וועגן דעם שפּעטער.

מיר האָבן זיך קוים אַרומגעזען, ווי דער זומער איז אַוועק. די אלול־טעג און די לענגערע אָוונטן האָבן זיך אָנגערוקט, ווען מ׳האָט געמוזט אַרבעטן ביי אַ לאָמפּ. ס׳איז געוואָרן טרויעריק אויפן האַרצן. אַרבעט אַ סך, און אַז מ׳אַרבעט שוין אין אָוונט, ווייסט מען ניט ווען צו ענדיקן. אמת, דורכן זומער האָבן מיר זיך געזען מיט אַ סך יאַטן, גערעדט מיט זיי אַ ביסל פרייער וועגן די מינסקער בערשטער און זייער קירצערן אַרבעטס־טאָג, און אַז עס איז ניט מער ווי רעכט, אַז אַרבעטער זאָלן האָבן אַ באַשטימטע צייט צו אַרבעטן, אָבער מיר האָבן זיך נאָך אַלץ ניט געהאַט צונויפגערעדט, ווי עס באַדאַרף צו זיין. צום באַדויערן איז שמואליק געוואָרן עפּעס זייער פאַרנומען, ער פלעגט פאַרפאַלן ווערן אויף עטלעכע טעג מיט אַ מאָל, און אַ מאָל גאָר קומען מיט אַ גאַנצן פּאַק ביכער אונטערן אָרעם — „אַ גאַנצער אינטעליגענט״. יאָסל האָט מיר איינגערוימט אַ סוד, אַז שפּעט ביינאַכט האָט ער געזען שמואליקן מיט בערנשטיינען דעם אַפּטיי־קער. — זיי האָבן ביידע שפּאַצירט ווי אמתע גוטע פריינט, — גיט ער צו.

אין שטאָט האָט מען זיך שוין לאַנג געסודעט וועגן לעאָן בערנשטיינען, ווי וועגן עפּעס אַ געהיימען מענטשן. ער איז געווען אַ הויכער, געהאַט פעך־שוואַרצע, געקרייזלטע האָר, אַ קיילעכיק פּנים, אַ גרויסע נאָז און גרויסע אויגן, — אַ כוואַטסקן אויסזען. זומער איז ער געגאַנגען אין אַ הוט, ווינטער אין אַ גרויסן שוואַרצן קאַפּעליוש, מיט אַ שטעקן אין האַנט. מיט זיינע קלוגע אויגן הינטער דער פּענסנע פלעגט ער פיל מאָל אַרויסקוקן אין דרויסן דורך די ברייטע, ליכטיקע אַפּטייק־פענצטער, וווּ ס׳זענען געווען אויסגעשטעלט גרויסע פלעשער מיט רויטע און בלויע פליסיקייטן.

שמואליק מיט בערנשטיינען? — האָב איך זיך

געחידושט. באַלד האָב איך זיך דערמאָנט, אַז די העלדן פון „דאָמיק נאַ וואָלגע" זענען אויך זין פון רייכע, אינטעליגענטע פאַמיליעס, מסתמא ווי בערנשטיין. און איך האָב געקראָגן מער דרך־ארץ פאַר שמואליקן, נאָר פרעגן אים וועגן דעם האָב איך ניט געוואַגט. ס'איז ניט „קאָנספּיראַטיוו"... שמואליק איז געווען שטאַרק צופרידן מיט מיר און יאָסלען. ער האָט אונדז צוגעשטעלט ביכער, אַזוי גיך ווי מיר האָבן געלייענט. ער איז אויך געווען צופרידן, וואָס מיר באַקענען זיך מיט אַלץ מער און מער יאָטן אין שטאָט.

## דער ערשטער אַרבעטער־קרייזל

ניט אַלע יאָטן האָבן פאַרשטאַנען דעם „לאַנגן אַרבעטס־טאָג", און פון „דאָמיק נאַ וואָלגע" האָבן מיר געהאַט בלויז איין קאַפּיטל, און מיר האָבן מורא געהאַט געטרויען עס יעדן צו נעמען אַהיים. האָבן מיר באַשלאָסן, אַז מיר זאָלן צונויפקלייבן די יאָטן ביי יאָסלען אין הויז, אין אַן אָוונט, און איך וועל פאַרלייענען פאַר זיי. צום גליק האָב איך יענעם אָוונט אויסגענומען מיט מיין לייענען. אַלע זענען געווען צופרידן. אין אַ געהויבענער שטימונג האָבן מיר באַשלאָסן זיך צוזאַמענצוקומען רעגלמעסיק און לייענען. דאָס איז געווען דער ערשטער „קרוזשאָק" אין שטאָט. דעם ערשטן אָוונט איז דער „קרוזשאָק" באַשטאַנען פון זיבן, דעם צווייטן אָוונט זענען שוין געקומען ניין. געקומען איינער אַ נייער און מיטגעבראַכט אַ מיידל מיט זיך. באַלד האָבן מיר איינגעשטימט, אַז מיידלעך זענען אַזוי וויכטיק אין דער „באַוועגונג", ווי יינגלעך. גאַלקע, דאָס מיידל, האָט אויסערגעוויינלעך גיך אויפגעכאַפּט אַלץ, וואָס מיר האָבן געלייענט און גערעדט. זי האָט פאַרגעשלאָגן אריינצונעמען נייטאָרינס און אפילו דינסטן אויך. אַלע זענען געווען מסכים, אַז מיר דאַרפן האָבן וואָס מער מענטשן. וווהין? — אין דער באַוועגונג!

און עס האָט זיך טאַקע אָנגעהויבן באַוועגן. אין גיכן איז דאָס קאָנטיק געוואָרן אין שטאָט. אויף די גאַסן האָבן זיך באַוויזן יינגלעך און מיידלעך מיט ביכלעך אונטער די אָרעמס. מ'לויפט אין ביבליאָטעק. אַן אויסכאַפּעניש געוואָרן אויף אונדזערע עטלעכע „טריפע" ביכלעך, וואָס מיר האָבן ערגעץ געקראָגן. דאָס האַרץ האָט זיך געפרייט פון אַזאַ גרויסער באַקאַנטשאַפט, פון אַזוי פיל פריינט אין אַזאַ קורצער צייט. גייענדיק אין גאַס, האָט מען געדאַרפט האַלטן אין איין שאָקלען מיטן קאָפּ צו די פיל נייע באַקאַנטע. יאָסלס הויז איז שוין געווען צו קליין פאַר אַלעמען, גאַלקעס הויז איז שוין אויך געווען צו קליין פאַר אירע מיידלעך, וואָס זי האָט אַריינגענומען אין דער באַוועגונג.

מיר טוען איין מאָל אַ צייל, ווו אַן ערך האַלטן מיר אין דער וועלט, זעען מיר, אַז מיר וואַקסן און אַז מ'קען אַריינגעמען אין דער באַוועגונג נאָך מער מענטשן. מיר מוזן עפּעס באַשליסן. קלייבן מיר אויס די בעסטע פון אונדזערע יאָטן אויף אַ „סכאָדקע"*. האָבן מיר שוין, הייסט עס, אַ „סכאָדקע" אויך. אין אַ שטיקל צייט אַרום באַשליסן מיר אויסצוקלייבן אַ קאָמיטעט. די באַוועגונג איז שוין, אַזוי אַרום, אַ קערפּערשאַפט מיט אַ קאָפּ, ווי עס באַדאַרף צו זיין. מיר דאַרפן באַוועגן די אַרבעטער. פון די עטלעכע ביכלעך, וואָס מיר האָבן געהאַט איבערגעלייענט האָבן מיר זיך דערוווסט, אַז מיר זענען דער פּראָלעטאַריאַט", וואָס פאַרמאָגט בלויז זיינע הענט, און אַז אונדזערע אינטערעסן — עס מאַכט ניט אויס, צו וועלכן פאַך ווער עס באַלאַנגט — זענען פון איין און דעם זעלבן קלאַס...

שטילערהייט זענען מיר, איך, שמואליק און יאָסל, געווען נאָך העכער פונעם קאָמיטעט גופא. מיר האָבן פאַרטראַכט זאַכן, געמאַכט פּלענער און געבראַכט צום קאָמיטעט, ער זאָל עס אויספירן. איין מאָל רוימט אונדז שמואליק איין אַ סוד, אַז אַזוי ווי מיר דריי דאַרפן אַ סך וויסן, לאַדט ער אונדז איין צו איינעם „משהקע דער אַבאָישטשיק", וועלכער איז נאָר וואָס געקומען פון מינסק און ער ווייסט גאָר אַ סך פון דער מינסקער באַוועגונג. ווי דערשטוינט זענען מיר געוואָרן, ווען מיר האָבן ביי משהקען אין צימער געפונען בערנשטיינען דעם אַפּטייקער. אין צימער האָבן מיר אַריינגעבראַכט יעדן איינעם באַזונדער, זייער פאָרזיכטיק, ווי עס באַדאַרף צו זיין. פון דעסטוועגן האָב איך ביי זיך געטראַכט, אַז ס'איז ניט שטיל גענוג, ווייל מיר האָט זיך געדוכט, אַז מיר זענען אוועק אין עפּעס גאָר ווייטע דרכים. „ס'איז מוראַדיק, — האָב איך געטראַכט, — אָבער אינטערעסאַנט".

בערנשטיין דער אַפּטייקער איז געווען אַ מענטש,

* אַ געהיימע פאַרזאַמלונג.

וואָס האָט געקענט דערציילן וואָרט אין וואָרט, וואָס ער האָט געלייענט אין ביכער. יענעם אָוונט האָט ער אויף אויסנווייניק אונדז גענומען איבערדערציילן הויפּטמאַנס „די וועבער". מיר זענען געזעסן ווי פאַר־גאַפּטע און האָבן באַשיימפּערלעך געזען די אָרעמקייט פון די וועבער אין שלעזיע. ווי מיר אַליין וואָלטן איבערגעלעבט אַ סטאַטשקע בײַ אונדז אין שטאָט, אין רוסלאַנד גופא. גאַלקע האָט געוויינט, נאָך אַ פּאָר מיידלעך האָבן אונטערגעכליפּעט. מיט אַ מאָל פאַר־נעם איך וועגן מיין היימישן דלות, מיין אָפּגע־קראָכן בגדל, איך דערפיל זיך אַ דערוואַקסענער, מיט מענטשן גלייך, לעבן אַזאַ חבר און לערער ווי בערנשטיין. איך האָב דערפילט אַ ליכטיקייט אין מיין נשמה, וואָס וועט שטענדיק באַלייכטן מיין קאַמף פאַרן אַרבעטער־קלאַס, פאַרן פּראָלעטאַריאַט. אַ כפרה קייסאָ־רים, גענעראַלן און באַלעבאַטים. כ'געהער צום וועלט־פּראָלעטאַריאַט! אַ נייער טיטולירטער מענטש געוואָרן. פון אַזאַ קבצן, אַ נישטיקן ייִנגל, אַ גאַנצער פּראָלע־טאַריאַט געוואָרן, האָב איך געטראַכט.

אַלס צוגאָב צו אַלץ איז אומדערוואַרט אריינגע־קומען איציק יאָפע, אַ סאָלדאַט אין אַ מונדיר, געקומען אויף אורלויב, אַליין אַ בערשטער פון ווילנע, אַ גוטער פריינט פון משהקען און בערנשטיינען, איז ער געקומען זיך זען מיט נאָענטע. ער האָט אַרונטערגענומען דעם שינעל, אויסגעטאָן די סאָלדאַטסקע היטל, אַ צופרידענער האָט ער אונדז אַלעמען באַגריסט. זיין קלוגער שמייכל האָט פאַרשיינט דעם צימער. געוווּנטשן אַ גוטע צוקונפט דעם פּראָלעטאַריאַט און אַ מפּלה ניקאָלאַיען. פון די קליינע פּראָבלעמען אין אונדזערע קרייזלעך, פון מאַכן אַ סטאַטשקע אין דער נאָענטער צוקונפט, איז שוין מיין קאָפּ געוואָרן פאַר־נומען מיט וועלט־פּראָבלעמען, — ווי אַזוי מיט דער צייט אַרונטערצוואַרפן דעם קייסער און איבעראַנ־דערשן אַ וועלט.

בערנשטיין הייבט אָן אונטערצוברומען אויף אַ באַ־סאָווער שטימע די „מאַרסעליעזע", וואָס איך הער צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן. אַ ווײַלע שפּעטער זינגט יאָפע, דער סאָלדאַט, „שטייט אויף, איר אַרבעטסלייט", און משהקע, בערנשטיין און שמואליק העלפן אונטער. פאַרן אַוועקגיין באַשליסן מיר, אַז בערנשטיין זאָל מיט אונדז לערנען פּאָליטישע עקאָנאָמיע. ביי מיין טאַטן בין איך געווען פון די קליינע לערנער, אָבער אין קלאַס מיט בערנשטיינען האָב איך אַרויסגעוויזן גרויסע פעיִקייטן, ווייל ס'האָט זיך מיר דאָס אַלץ גוט געלייגט אויפן שכל.

מיר האָבן זיך באַמיט צוציען מער אַרבעטער צו דער באַוועגונג, און בערנשטיין, פון זיין זייט, האָט געזען צוצוציען וואָס מער אינטעליגענטן, מער לערער פאַר אונדזערע קרייזלעך. איינער פון די לערער, פיין, אויך אַן אַפּטייקער, איז באַשטאַנען, אַז מ'מוז אונדז לערנען גראַמאַטיק, די רוסישע שפּראַך. — דער יידישער אַרבעטער, האָט ער געטענהט, — וועט זיך באַפרייען ניט אַליין, נאָר מיט דער הילף פונעם רוסישן פאָלק. — האָבן מיר טאַקע געשאַפן אַ קרייזל, צו לערנען רוסישע גראַמאַטיק מיט די חברים פון דער באַוועגונג, און פון צייט צו צייט פלעגן מיר אריינשמוגלען אויך אַ ביסל אַגיטאַציע.

דערווייל האָב איך זיך אַרומגעזען, אַז איך ווער עלטער, אַז ס'איז צייט זיך שטעלן אויף די אייגענע פיס. פון קינדווייז אָן האָט מיר געצויגן אין דער גרויסער שטאָט, צו אַ ליכטיקערן און שענערן לעבן. מער פון אַלץ האָב איך געפילט מײַן הינטערשטע־ליקייט אין וויסן, באַזונדערס אין פאַרגלייך מיט די לערער פון אונדזערע קרייזלעך. זיי האָבן געלערנט אין גימנאַזיעס, אין אוניווערסיטעטן. זייער שיינעם רוסיש, וואָס זיי האָבן אַזוי גלאַטיק גערעדט, בין איך זיי זייער מקנא געווען. עס האָט פון דעסטוועגן גענומען אַ לאַנגע צייט, ביז איך האָב זיך אַרויסגעריסן אין דער וועלט. דערווייל איז אין באַברויסק פאָרגע־קומען אַ וויכטיקע געשעעניש.

אין אַ שיינעם פרימאָרגן דערוויסן מיר זיך, אַז ניט ווייט פון אונדזער הויז האָט מען אַנטדעקט אַ געהיימע דרוקעריי, דערביי האָט מען אַרעסטירט אַ פרוי מיט אַ קינד און אַ מאַן. שפּעטער דערוויס איך זיך, אַז דאָס איז געווען מירל סירקין. אָט דער פאַל האָט געביטן דעם גאַנצן גאַנג פון אונדזער באַווע־גונג. עס פאַרשווינדט די לייכטע באַציונג צו אונדזער אַרבעט. שוואַכע, באַלעבאַטישע קינדער פאַלן אָפּ, דערפאַר, די וואָס פאַרבלייבן, זענען שוין גרייט דאָס לעבן אָפּצוגעבן. מיר הייבן זיך אָן צוגעוווינען צום געדאַנק, אַז עס זענען דאָ אויגן, וואָס זעען און היטן, און מסתמא אונדז אויך. יאַטן גיבן איבער פון מויל צו מויל, אַז דאָ און דאָרטן האָבן פאַרשוינען אָפּגע־שטעלט עמעצן פון אונדזעריקע, שפּיאָנען היטן ביי־טאָג און ביינאַכט, שטעכן מיט זייערע אויגן. האָבן מיר געמוזט צונויפרופן אַ געהיימע זיצונג און אויס־

אַרבעטן פלענער, ווי אָנצוגיין שטיל און פּאָרזיכטיק מיט דער אַרבעט.

אונדזער באַוועגונג האָט קיין ביכער ניט געפירט. מ׳האָט קיינעם ניט אַריינגעשריבן און קיינעם ניט אויסגעמעקט, נאָר יעדער האָט געהאַט זיין צונעמעניש. צום ביישפּיל: אהרון, מיט די פּעכיקע, שוואַרצע האָר און שוואַרצע אויגן האָט, נאַטירלעך, געקראָגן דעם נאָמען „אהרון גזלן״. אַ צווייטער אהרון — „אַרע דער שניידער״, אַ דריטער — „אַרע דער הויכער״. אַזוי איז אויך געווען מיט לייבעס: „לייבעטשקע קאָלעסניק״, „לייבע אסתר קרומע פּיסעלעס״, נאָך זיין מאַמע דער קאַליקע. אַזוי אויך די מיידלעך: „גאַלקע די רויטע״. אַ חברטע, עטוואָס אַ הויקערדיקע — „די קראַסאַוויצע״. „חיה די שיינע״. יעדער האָט זיך געהאַט זיין קאָנספּיראַטיוון נאָמען. נאָך דער גוטער אַרבעט, וואָס יעדערער האָט געטאָן אין דער באַוועגונג, זענען די צונעמענישן געוואָרן ווי טיטלען צו זייערע אמתע נעמען. אַ סך מיידלעך וואָלטן זיך געוווּנטשן צו זיין אַזוי אָנגענומען, ווי „די קראַסאַוויצע״, און אַ סך יאַטן האָבן געוואָלט זיין אַזוי חשוב ווי לייבעטשקע קאַלעסניק. די יאַטן און יאַטיכעס, מיט זייערע צונעמענישן, האָבן זיך צעבליט אין דער באַוועגונג, ווי אַ שיינער בלומען־גאַרטן. מערסטע צונעמענישן האָבן צוגעגעבן חן, ווי מ׳וואָלט יעדערן אָפּגעשאַצט לויט זיין ווערט. חברה האָבן שטאַרק הנאה געהאַט צוצוטראַכטן פּאַסיקע נעמען, וועלכע זענען פאַרבליבן אַ לעבן לאַנג, ווי דעם מענטשנס שילד...

## דער יאַט פון יאַטן־לאַנד

לייבעטשקע קאַלעסניק איז געווען אַ יאַט, וואָס איז גיך געשטיגן אין דער באַוועגונג. געווען איז ער אַ פירער פון פּרוזשענער חברה, אַ גוטער שלעגער, אַ מזיק. ווען ער האָט געפונען פאַר „בייטיק״, האָט ער זיך אַרויסגעכאַפּט פון דער סטעלמאַכעריי, ווו ער האָט געאַרבעט און, מיט אַ דובינקע אין האַנט, געשפּאָלטן קעפּ רעכטס און לינקס. די קצבישע חברה פלעגט ער מזיקן אומברחמנותדיק. ער האָט ניט געזשאַלעוועט קיין קלעפּ פאַר די „שקצים״ פון מינסקער פלאַן, וואָס פלעגן באַפאַלן יידישע קינדער, ווען זיי זענען געגאַנגען פון די חדרים. ער האָט זיך געקאָנט שטעלן קעגן שיכורע סאָלדאַטן, וואָס טשעפּען זיך צו יידישע בערד און פּיאות אין גאַס. ער האָט אויך, ניט איין מאָל אַפילו, מיט אַ גאָראָדאָוואָי זיך אָפּגערעכנט...

פאַלט מיר איין, אַז קאָלעסניק וואָלט געווען אַ גוטער יאַט פאַר אונדזער באַוועגונג, אָבער צוטרעטן צו אים איז ניט געווען קיין גרינגער עסק, מ׳האָט פּשוט באַדאַרפט זיין זיינס גלייכן. פון אונדזערע „באַלעבאַטישע״ יאַטן פלעגט ער אָפּלאַכן, ווי פון יאָלדן, וואָס לויפן, ווען מ׳שלאָגט זיי. מיין מזל איז אָבער געווען, וואָס ער האָט, אַפּנים, געוווּסט, ווי איך האָב חיים קאַלבן געבראַכט די בלינצעס אין מיין פאָלע און אים נאָך געגעבן צו פאַרבייסן מיטן טאָפּ קליי... קאָלעסניק האָט שטאַרק געהאַלטן פון יענעם שפּיצל מיינעם. ער האָט עס אויסגעדריקט מיט זיין שפּאַסיקן „אַ יאַט פון יאַטן־לאַנד״, דערביי מיר אַ פּאַטש געטאָן אין פּלייצע, אַז איך האָב דערזען דעם זיידן פון יענער וועלט. פון מיינע רייד מיט אים האָט ער פאַרשטאַנען, אַז די יאַטן טוען עפּעס, און אַז מ׳באַהאַלט זיך אויס פון אים. דאָס האָט אים, אַפּנים, שטאַרק פאַרדראָסן. אָבער עס איז געווען גענוג אָנצודייטן וועגן אונדזער קאַמף, האָט קאָלעסניק זיך שוין צוגעהערט און זיך ערנסט פאַרטראַכט, ווי איינער זאָגט: אויף דעם האָב איך שוין לאַנג געוואַרט.

לייבעטשקע האָט ניט נאָך זיינע יאָרן נאָך געקענט מאַכן אַ „שנאַפּס״, און מיר האָבן אַ לענגערע צייט געצווייפלט, צי וועט ער זיך קאָנען אָפּגעוווינען פון טרינקען. פּאַסירט אָבער, אַז די קצבישע חברה פאַרדינגט זיך צו אַ באַלעבאָס, אָפּצורעכנען זיך מיט די אַרבעטער, וואָס האָבן געמאַכט אַ סטאַטשקע. דאָס איז געווען כמעט די ערשטע סטאַטשקע אין שטאָט. אַלע אונדזערע יאַטן זענען שטאַרק אויפגערעגט געוואָרן פון אַזאַ מיאוס שטיקל אַרבעט. מיר האָבן דערוואַרט, אַז פּאָליציי, זשאַנדאַרמען זאָלן זיך אַריינמישן, אָבער אויף יידישע שוואַרץ־מאהניקעס האָבן מיר זיך ניט גערעכנט. האָבן מיר באַשלאָסן, איין מאָל פאַר אַלע מאָל, צו מאַכן אַ סוף דערצו.

לייבעטשקע קאָלעסניק איז געווען דער פּאַסיקסטער מענטש, וועמען אָנצוטרויען אונדזער באַשלוס. — סטייטש? — האָב איך אַריינגעטענהט מיט אים, — אָרעמע אַרבעטער ווילן פאַרבעסערן זייער ביטערן לעבן, און דאָ קומט גאָר די קצבישע חברה אין וועג....

איך האָב נאָך קיין מאָל ניט געזען קאָלעסניקן

אַזוי ערנסט. ער האָט מיך אויסגעהערט און זיך צעשאָלטן מיט אַ ביטערער זידלעריי. זיינע ליפּן האָבן אַרויסגעבראַכט אַזאַ שפּראַך, וואָס איך האָב נאָך קיין מאָל ניט געהערט פון אַ יידישן מויל. וויפל איך האָב ביי אים ניט געבעטן, ער זאָל וואַרטן, איבערטראַכטן וואָס צו טאָן, האָט עס ניט געהאָלפן. ער האָט, ווייזט אויס, גלייך שוין געהאַט אָפּגעמאַכט ביי זיך, וואָס צו טאָן. און ער האָט לאַנג ניט געוואַרט. דעם זעלבן אָוונט נאָך, האָט ער צווייען פון דער קצבישער חברה, יאַנקל זובאַטין און פּיניע, אַזוי צעמזיקט, אַז זובאַטין האָט מען צוגענומען אין הקדש מיט אַ צעשפּאָלטענעם קאָפּ און פּיניען האָט מען שפּעטער לאַנג געמינטערט. האָט זיך שוין נאָך דעם צעפלאַקערט אַ געשלעג אויף אַ „ריכטיקן" אופן, צווישן דער פּרוזשענער חברה און דער חברה קצבים. עס איז געוואָרן דרינגנד נייטיק, אַז קאָלעסניק און זיין חברה זאָלן זיך מיט אונדז באַראַטן, וואָס צו טאָן. נאָך נייטיקער איז געווען אַריבערצוציען עמעצן פון דער קצבישער חברה אויף אונדזער זייט.

פּאָליציי האָט, ווייזט אויס, דערשמעקט צוליב וואָס די געשלעגן קומען פאָר, האָט זי אָפּן גענומען באַשיצן די קצבישע חברה. לעאָן בערנשטיין, דער אַפּטייקער, האָט זיך אונטערגענומען דורכצורעדן מיט קאָלעסניקן, אים אַ ביסל איינצאַמען. כייקין, אַ יונגער דאָקטאָר, איינער פון בערנשטיינס חברים, האָט זיך אונטערגענומען צו באַזוכן יאַנקל זובאַטין אין הקדש און אים ווי עס איז באַווירקן, אָפּצושטעלן די געשלעגן.

יאַנקל זובאַטין, אַ סלאָבאָדער יינגל, האָט זיך געהאָדעוועט ביי אַ פעטער, זלמן קאָבילע, דער רייכסטער קצב אין שטאָט, וואָס פלעגט נאַכט אין נאַכט שעכטן בהמות און אָקסן. יונגערהייט נאָך איז יאַנקל געוואָרן זיין רעכטע האַנט אין שעכטהויז. ער האָט זיך גאַנץ יונג צוגעוווינט צום ריח פון בלוט און צום קיילענען און פּאַלמעסן. ווען ער האָט זיך געשלאָגן מיט די יאַטן, האָט ער, ווייזט אויס, געמיינט, אַז ער מוז עס דורכפירן, ווי אין שעכטהויז. אָבער יאַנקל איז געווען אַ קינד פון אַן אָרעמער אלמנה, וועלכע ער האָט זייער ליב געהאַט. זי האָט שווער געאַרבעט אַלס דינסט, צו פאַרדינען אויף חיונה. מ'האָט נאָר געדאַרפט דערמאָנען יאַנקלען וועגן זיין לעבן, זיין מאַמעס לעבן, ווי ער איז געשטראָפט געוואָרן, אַז זי האָט אים אפילו אין קיין ריכטיקן חדר ניט געקענט שיקן, האָט זיך יאַנקל ווי אויפגעכאַפּט פון הינער־

פּלעט. דער דאָקטאָר כייקין, אַ געבוירענער אין באָברויסק, האָט געוווּסט, וואָס עס טוט זיך אין אַ סך היימען און ער האָט יאַנקלען געטראָפן אין פינטל אַריין. יאַנקל האָט זיך גוט צוגעהערט צום דאָקטאָר כייקין, וועלכער האָט אים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז עס איז ניט אין זיינע אינטערעסן זיך שלאָגן פאַר באַלעבאַטים, קעגן אָרעמע אַרבעטער, וואָס וווינען אין איין גאַס מיט אים.

לייבעטשקע קאָלעסניק איז אוודאי געווען שטאַרק צופרידן פון אַ נאָענטן געשפּרעך מיט בערנשטיינען. ווען אַן ערך, וואָלט לייבעטשקע געקענט רעדן מיט בערנשטיינען אויג אויף אויג? מיט איין וואָרט, די פירער פון ביידע חברהס האָבן זיך גענומען ציען אין איין ריכטונג. בערנשטיין און כייקין האָבן באַשלאָסן צונויפצופירן קאָלעסניקן מיט יאַנקלען און אויסגלייכן זייערע קריוודעס. איך, שמואליק, בערנשטיין און כייקין האָבן בייגעוווינט די באַגעגעניש. ביידע האָבן געהאַלטן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ, די אויגן אָפּגעקערט, מ'האָט זיך אָבער דערלאַנגט די הענט, און לייבעטשקע קאָלעסניק איז געווען דער ערשטער אָנצורופן יאַנקלען „חבר". ביי אונדז איז עס געווען אַ גרויסער יום־טוב, אַ קלייניקייט! — די „קעפּ" פון ביידע פיינטלעכע חברהס ביי אונדז אין דער באַוועגונג! האָבן מיר שוין איינגעטענהט מיט ביידן, אַז זיי זאָלן ווירקן אויף זייער חברה, זיי זאָלן שלום מאכן צווישן זיך.

די געשלעגן האָבן זיך אָבער ניט אָפּגעשטעלט גלייך. די באַלעבאַטים האָבן געוואָלט אָפּשטעלן די אַרבעטער־באַוועגונג, האָבן זיי פאַררופן געהיימע אסיפות און גענומען פאַרשפּרייטן פאַלשע מעשיות וועגן די „מרגלים" — אַזוי האָבן זיי אונדז גערופן, — וואָס ווילן, חלילה, ברענגען פּאָגראָמען אויף יידן און אַנדערע צרות. די מה־יפיתניקעס האָבן געלאָזט וויסן דער נאַטשאַלסטוואָ, אַז די ממזרים, די „מרגלים", זענען קינדער פון אָרעמעלייט, אָבער ניט פון די שיינע באַלעבאַטים אין שטאָט.

איך ווייס ניט וועלכער „שיינער ייד" האָט אונטערגעזאָגט דער פּאָליציי וועגן אונדזערע קאָנספּיראַטיווע נעמען, מיר האָבן זיך נאָר דערוווּסט, אַז דער פּאָליציי איז באַקאַנט, אַז לייבעלע קאָלעסניק האָט געשלאָגן און יחיאל־אייזיק דעם מלמדס זון — דאָס מיינט מען מיך — איז „דער גאַנצער מאַכער".

אַרום מיין שטוב האָט מען שפּעט ביינאַכט געקענט באַמערקן אַ פּאַרשוין, וואָס האָט זיך גערוקט ווי אַ שאָטן נאָך מיר. ניט איין מאָל פלעגט מיין מאַמע מיינען, אַז גנבים קריכן. איך האָב געוווּסט, אַז קיינער זוכט ניט צו באַגנבענען אונדזער דלות... פאַרדעכ־טיקטע פּאַרשוינען האָבן גענומען אַריינקומען אויך צו בערנשטיינען אין אַפּטייק און פרעגן אויף רפואות, וואָס בערנשטיין אַליין האָט וועגן זיי ניט געוווּסט. קאָלעסניקן האָבן זיי אָבער ניט געקענט נאָכגיין. ער האָט אַלע מאָל באַוויזן צו זיין הינטער זייערע פּלייצעס. האָט אים אַ פּאַרשוין דערזען, האָט שוין דעם פּאַרשוין קיין צרות ניט געפעלט. האָט זיך אַ גאַראַדאָוואָי צעפייפט אין אַ פינצטערער נאַכט, האָבן מיר שוין געוווּסט, אַז עמעצער פון יענע פּאַרשוינען איז געבליבן מיט אַ צעשפּאָלטענעם קאָפּ.

ביסלעכווייז האָבן מיר זיך אָנגעהויבן צוגעוווינען צו די שפּיאָנען, זיי איבערקליגן, זיך אַריינכאַפּן אין אַ הויף, זיך אַריבערכאַפּן אויף אַ צווייטער גאַס שנעלער ווי דער שפּיאָן. אין אַ נויט האָט מען זיך אַריינגעכאַפּט אין אַ שול „דאַוונען". זומערצייט פלעגן מיר זיך צונויפקלייבן אין וואַלד, שיפלען זיך אויפן טייך און דורכפירן אונדזערע אַרבעטן. גרעסערע פאַרזאַמלונגען האָבן מיר געמאַכט אויף די פעלדער, ווו יאָטן זענען געשטאַנען אויף דער וואַך און געהיט. ס'איז אָבער געקומען אַ צייט, ווען איך האָב דערפילט, אַז איך מוז זיך אָפּטראָגן פון באָברויסק.

# בימי המהפכה הרוסית הראשונה

## שביתות ראשונות — 1902

בוברויסק, ב־5 באוגוסט (לוח יוליאני) שבתו 73 נגרים ב־6 בתי־מלאכה. תבעו הגדלת שכר העבודה: אלה שקיבלו 6 רובלים — ב־50 קופיקות, ואלה המקב־לים יותר מ־6 רובלים — רובל אחד לשבוע. כן תבעו ביטול העבודה הקבלנית. שבתו יומיים וניצחו. עכשיו מתקיימת עוד שביתת נגרים ושביתה כללית של הצב־עים. הזמן נוח לשביתות לרגל קדחת הבניה, שהחלה אצלנו לאחר השריפה.

(„פּוסלידניא איזביסטיא", 25.9.1902)

הנגרים חגגו את יום־השנה הרביעי לאגודתם (85 איש). הערב עבר תוך ערנות רבה. נישאו נאומים, לרוב על נושאים מדיניים. אמרו שכל תשומת־לבנו חייבת להיות מופנית למאבק הפוליטי, דובר על הירש לקרט, שבפעולתו האמיצה נקם באויב שהתעלל בכבוד האדם של החברים והטיל חרפה על המפלגה. אחדים תיארו בצבעים בולטים את השתוללות המשטרה ושיטת הדיכוי הדספוטי וכו'. נאספו תרומות לטובת הצלב האדום.

שבתו שש סורגות־גרבים; תבעו החלפת הדירה הקרה לדירה חמה וביטול השיטה הקבלנית. שבתו שלושה ימים וניצחו. עכשיו אצלנו שביתת חייטי־גברים. הם תובעים העלאת השכר ב־33%.

(שם, 29.11.1902)

## פעילות ה„בונד" ב־1903

בכתבה זו נציין את המאורעות הקשורים בחיים המהפכניים כאן בעת האחרונה, נתחיל מה־14 בדצמבר (1902) *. יום זה נחוג בשתי אסיפות. בשתיהן השתתפו 150 איש. באסיפות דיברו על ה־14 בדצמבר; הונף דגל ועליו הכתובת: „כבוד ללוחמי ה־14 בדצמבר, תחי המהפכה המדינית, פועלי כל הארצות התאחדו".

ב־4 בינואר ערכו הלגליזטורים * המקומיים חגיגה, כמובן, בהסכמת השלטונות. ה„זובאטובצים" חילקו כרטיסי הזמנה. קרוב למאה פועלים מאורגנים הלכו לאסיפה תוך החלטה עזה להפריע כך או אחרת לאסיפה.

* יום השנה למרד ה„דיקבריסטים" ב־1825.

* הלגליזטורים, חסידי תנועת פועלים אַ־פוליטית ליב־רלית, שקמה ב־1901 בחסותו של קצין הבולשת זובאטוב (מכאן כינוים — „זובאטובצים").

כאשר החל נציג „הועד המינסקאי" של הזובאטובצים, שבא במיוחד לערב זה, לדבר על ניצול ועל הבורגנ:ת. הביעו הפועלים שלנו את הסכמתם במחיאות כפים. אולם הנציג הנכבד של „הועד המינסקאי" הרגיש מיד כי הוא סוטה מתכנית מורו, ובכדי לחפות על חטאו שחטא שלא מרצון, מיהר להאיר עינינו בענין הזו־באטובשצ׳ינה. רעש של התמרמרות עבר באולם; נשמעו קריאות: „הלאה שלטון היחיד, הלאה הזובא־טובצים, יחי הסוציאליזם!" השריקות והרעש לא שככו זמן רב. כאשר השתרר מעט שקט באולם, קרא הנואם: „הלאה עורכי השערוריות הבונדאים". זה שימש אות להתפרצות חדשה של התמרמרות. כמה מחברינו החלו להשליט סדר וה„זובאטובים" ראו בכך רצון מצדנו להירגע, ומה גדול היה תמהונם, כאשר פרצה בשקט הכללי שירת ה„מארסיליזה", שאליה הצטרפו כל „עורכי השערוריות הבונדאים". ה„זובאטובצים" לא יכלו לשאת חרפה כזו, התנפלו על ראש השרים. החלה תגרה, הופיעה המשטרה, אותה קיבלו החברים שנמצאו בחוץ כראוי לה. נשפם של ה„זובאטובים" הופר. בענין זה הופץ כרוז ברוסית ובאידיש ב־500 טפסים. בעיר נפוצו שמועות ושיחות על „הדימוקראטים".

לא הספיקו הרוחות להירגע בעיר ומאורע חדש הכריח את החברה הבורגנית שלנו לדבר שוב על ה„דימוקראטים". ב־12 בפברואר נערכה אצלנו התנק־שות בחייו של הפרובוקטור ראובן ליובין, שמסר בשנה שעברה למעלה מ־50 איש בהומל. מקרה יוצא מן הכלל זה שימש נושא לשיחות בעיר במשך זמן רב. ההתנקשות לא עלתה יפה. עצם ההתנקשות מצא הד אוהד אף בין אלה השופכים אש וגפרית על ה„דימו־קראטים". ב־15 בפברואר הפיץ הועד המקומי כרוז בענין זה ברוסית ובאידיש ב־300 טפסים.

ב־19 בפברואר * התקיימו אצלנו שתי אסיפות של 150 ושל 100 איש. דיברו על שחרור האיכרים; הנואם בירר את כל השקר והאשליה הכרוכים בחופש שנתן לעם אלכסנדר השני. האסיפה נסתיימה בויכוח. על מאורע ה־19 בפברואר הופץ כרוז ב־70 טפסים. הכרוז הודבק בכל המקומות הציבוריים ועשרות אנשים קראו בו לעיני המשטרה. השלטונות שלנו החליטו לתפוס ויהי מה את מדביקי ה„דיפלומציות", כפי ביטוים של השוטרים המקומיים. בעת הדבקת הכרוזים בפברואר הרגיש אחד השוטרים בחבר שהדביק כרוז. מאחר שפחד לגשת אליו, ירה בו השוטר.

ב־1 במארס * התקיימה אסיפה, שהמשטרה עקבה אחריה. המשמר שלנו הודיע על כך בעוד מועד לאסיפה, וכולם הצליחו להתפזר. התפזרנו לא אחד אחד, אלא בקבוצות קטנות. למחרת נערכה אסיפה שניה, ל־130 איש. החגיגה עברה על כל המשוער. היו כמה נאומים; דיברו אינטליגנטים ופועלים. השיחות סבבו על „האחד במארס", על אנשי ה„נארודנאיה ווליה"; על תפקיד האשה בתנועה המהפכנית; על ההכרה במאבק מדיני. שרו שירים מהפכניים ודיקלמו שירים. הראו פורטרטים של מארכס, לאסאל, אנגלס, בבל, של המשתתפים בהת־נקשות ה־1 במארס ושל וירה זאסוליץ׳. ובאותו מעמד סיפרו בקצרה על תולדות חייהם והסבירו את ערכם בתנועה המהפכנית. היה דגל אדום עם הכתובות דלקמן: „פועלי כל הארצות, התאחדו"; „כבוד ללוח־מים שנפלו ב־1 במארס 1881"; „כבוד למהפכנים האוסטרים שנפלו ב־1848" ו„תחי החרות המדינית". כאשר הונף הדגל חשפו כולם את ראשיהם בחרדת קודש. בחגיגה נשאו כולם סימנים אדומים עם סרטים שחורים. חיכו למשטרה; עוד בערב הקודם החלט לא להתפזר. רבים היו מזוינים. חג זה זכרו הפועלים זמן רב בשמחה. הופצו כרוזי ה־1 במארס רק בשפה הרוסית (200 טפסים).

היו אצלנו כמה התנגשויות עם המשטרה. פעמים הוכו הפועלים. דבר זה גרר אחריו הפגנות, בהן קראו: „הלאה שלטון היחיד", „הלאה כלביו של הצאר" וכו׳. כל המאורעות הללו הביאו לכלל התרגשות רבה את העיר ואת המשטרה. המשטרה התכוונה לנקום במעוררי המהומות. וכאילו כלעג לכל הכנותיה נהרג ב־15 במארס בשעה 8 בערב הפרובוקטור ראובן ליובין. כל המשטרה על הרגלים. חיפושים בכל העיר. האשם כאילו צלל במים אדירים. את אחד מן הנוקמים עצרו שלושה שוטרים. אולם בדרך התפרץ וברח מהם.

בימים אלה הובא לקבורות פועל אחד. בבית־הקברות נאספו 150 איש. אחד הפועלים הספיד. שרו שירים מהפכניים וקראו „הלאה שלטון היחיד", „תחי תנועת הפועלים" וכו׳.

(„פוסלידניא איזביסטיא", 17.4.1903)

* יום שחרור האיכרים משעבודם ב־1861.

* יום ההתנקשות בצאר אלכסנדר השני ב־1881 ע"י חברי הארגון המהפכני „נארודנאיה ווליה" („רצון העם").

# הלויה שהפכה להפגנה

אור ל־14 בדצמבר (1903) ערכה ההסתדרות אסיפה לזכר ה„דיקאבריסטים". לאחר שנואם מן ההסתדרות הסביר את ערך החג, דיברו פועלים מן ההמון. לפני נעילת האסיפה קיבלה האסיפה את הצעת היושב־ראש לאשר את ההחלטה דלקמן: „בשים לב לשירות ההיסטורי העצום ששירת ה„בונד' את הפרולטריון היהודי ולערכו בימים אלה, אנו הפועלים המאורגנים בבוברויסק, שנתאספנו במספר 200 איש בחגנו המהפכני, מביעים ל„בונד' את אמוננו השלם ומכירים אותו כנציגנו המדיני היחיד בפני רוסיה וכל העולם". למחרת הופץ בעיר כרוז של ההסתדרות המקומית „אל החברה"; כרוז זה מזכיר לחברה את ה־14 בדצמבר ואת חובתה כלפי התנועה המהפכנית ברוסיה.

ביום ד', 17 בדצמבר, נערכה כאן הפגנה עצומה בקשר למותו של החבר — הפועל לייב אבנר'ס. הוא היה אחד מחלוצי התנועה המקומית ואחד מפעיליה. מאז הבוקר החלו פועלים להתאסף ע"י ביתו של המנוח. כולם היו מדוכאים על מות חברם והביעו רצונם לחלוק לו כבוד בפומבי. רבים עמדו על כך שתתקיים תהלוכה. אולם ההסתדרות בשקלה את כוחו־תיה, לא מצאה אפשרות לארגן תהלוכה, והחליטה להסתפק בהפגנה. היא הודיעה על החלטתה לפועלים וביקשה את החברים לנהוג ברחובות בהתאפקות ככל האפשר. מיד נאספו כל הפועלים המאורגנים, למעלה מ־300 איש. הוחלט לשאת את ארון המת לא ברחובות המשניים, אם כי בכך אפשר היה לקצר את הדרך, אלא ברחובות הראשיים והמלאים אדם: רחוב שוסיינאיה ומוראביובסקאיה. הקהל צעד בשורות מלוכדות. פוע־לים, שנטשו את בתי־המלאכה שלהם, ורבים מן התושבים נספחו לקהל המלוים, כך שברח' מוראב־יובסקאיה הגיע מספרו לכמה אלפים. הקהל הלך תוך שקט מוחלט וכוח מאיים הורגש בשתיקתו מלאת המתיחות. מבתי־המסחר ומבתי המגורים יצאו לראות בתהלוכה עצומה בלתי־רגילה זו. סמוך לבית־העלמין פגשו את התהלוכה ב„חביבות" השלטונות, בהרכב מפקד המשטרה, הפריסטאב, עוזר הפריסטאב ושוטרים. הם נבהלו, כנראה, מהמון רב זה ולא ידעו מה עליהם לעשות. לאחר כמה פקפוקים הלכו עם ההמון. במידת ההתקרבות לבית־העלמין פחת הקהל, במיוחד למראה „כפתורי־הכסף", ולבית־העלמין עצמו הגיעו כאלף איש, רובם היו מן הפועלים המאורגנים (כולם) ופועלים בלתי־מאורגנים. כאשר הורידו את הארון לקבר יצאו מבין הקהל בזה אחר זה כמה נואמים. דיברו על המנוח, על פעולתו המהפכנית, על מצב מעמד הפועלים, על אי־הנורמליות של המשטר הקפי־טליסטי, על עול הדיכוי של משטר היחיד. סיומו של כל נאום לווה בקריאות מהפכניות. בסוף הנאומים שרה המקהלה שיר. לאחר מכן ביקש בא־כוח ההסתד־רות מהנוכחים לחזור בשקט לבתיהם, וההמון נשמע לו. ההפגנה עשתה רושם רב בעיר בהיקפה ובארגונה.

(„פוסלידניא איזביסטיא", 6.1.1904)

# הפצת ספרות מהפכנית

בראשית פברואר הגיע אלינו הנומר הראשון של העתון „דער בונד", שזה מכבר חיכינו לו. ההס־תדרות החליטה לחוג מאורע זה. בחגיגה השתתפו 35 פועלים מתקדמים. הערב עבר תוך התעוררות רבה. הנואמים דיברו על ערכה של המלה המודפסת החפשית, על תנועת הפועלים היהודית ועל ה„בונד". אין לתאר את שמחת המשתתפים באסיפה על הידיעה על צאת העתון הפופולרי. בברכות רבות הביעו כולם איחולי הצלחה לעתון החדש ותודה לועד המרכזי על שמילא תפקיד זה. אחד החברים הציע לשלוח לועד המרכזי מכתב ברכה, שחובר בו במקום, וזה לשונו: „אנו, התעמלנים הבוברויסקאים, במספר 35 איש, שהתאספנו לחוג את צאתו לאור של האורגן הראשון להמונים, שולחים ברכת חברים לועד המרכזי ומברכים אותו לצאת הגליון הראשון של „דער בונד". אנו משוכנעים, כי רק הסתדרות כזאת, שקמה מנבחרי הפרולטריון היהודי, מוכשרת לפתח את הכרתם העצמית המעמדית של הפועלים היהודים ולנהל בהצלחה את מאבקם המדיני והסוציאליסטי. ארגון כזה הוא ה„בונד", שכל הפועלים היהודים המאורגנים חייבים להכיר בו, וכבר הכירו בו, כבא־כוחו היחיד ומנהיגו של הפרולטריון היהודי".

בעת האחרונה נפוצו אצלנו הכרוזים דלקמן: „סיכום מהפכני" (סיכומי התנועה המהפכנית לשנת 1903 שעברה) — 1200 טפסים; „לכולם" (על המל־חמה) — 1200 טפסים; „עכבישים וזבובים" — 1000 טפסים. נאסר הפועל ישראל, שהמשטרה מאשימה אותו בהפצת כרוזים. הפועל ראובן לוטקר, שנאסר בשנה שעברה, נידון לשלוש שנות גירוש לסיביר המזרחית.

(„פוסלידניא איזביסטיא", 1.3.1904)

## הפגנת ליל מוצאי־שבת, 20 במארס 1904

בשבת, 20 במארס, התקיימה אצלנו הפגנה בקשר ללויתו של פועל. להפגנה זו הגיע תוך שעה לבית המנוח, הנמצא במרחק רב למדי מה„בורסה", לפי קריאת ההסתדרות המקומית של ה„בונד", המון רב בן 1½—2 אלפים איש. ההמון הלך אחר ארון המת בשורות מסודרות. בהנהגת מאַרגנינו עברה ההלויה ברחובות הראשיים ופנתה לבית־הקברות. המראה היה מרהיב: 2000 איש ונרות בידיהם (לרגל יום השבת נערכה הלויה בלילה) ליוו בשתיקה את המנוח. לפנינו לא היו פועלים מדוכאים, מופחדים, אלא המון המכיר בכוחו, השולח באומץ־לב קריאת אתגר לחברה הנרדמת שלנו ולממשלה השומרת בשבע עינים על ה„דימוקרא־טים" שלנו. בדרך בה עברה ההלויה סגרו החנונים את חנויותיהם, עגלות פנו לצדדים ואלפי עינים ליוו את התהלוכה, שכמוה לא נראתה עד עתה. לכל אורך התהלוכה עד בית־הקברות לא נראה אף שוטר אחד, כאילו בלעה אותם האדמה. כפי שהתברר לאחר מכן הכינה לנו המשטרה הפתעה ברכזה את כוחותיה סמוך לבית־העלמין. כאשר הגיעה התהלוכה למקום צווח ראש המשטר: „כבו את הנרות". על כך באה תשובת הטור הקדמי: „אין זה ענינך!" אז שלף הקצין אקדח ואיים שיתחיל בירייות. על כך ענו הפועלים בקור רוח: „אתה יכול לירות, את הנרות לא נכבה". המשטרה בראותה כי ההמון עשוי לבלי־חת ומוכן לכל, מצאה לטוב לפניה להסתלק, וההמון נכנס לבית־הקברות כשהוא נושא את הנרות. על הקבר נשא תועמלן אחד נאום קצר, בו תיאר את חיי הפועלים בחברה הנוכחית והצביע על הסיבות היסודיות לשע־בודם. הוא דיבר על הקפיטליזם וביחוד על המיליט־ריזם, בנצלו עובדה אחת מחיי המנוח. כשבועיים לפני פטירתו חזר הלה מעבודת הצבא, שבו שירת כחדשיים ושוחרר ל„הבראה". במשך כל הנאום שמר ההמון על שתיקה מוחלטת, בהימצאו תחת רושם דבריו הנרג־שים של הנואם. בתום הנאום רעמו בבית־הקברות קולות הידד והקריאות: „הלאה שלטון היחיד", „יחי הבונד".

בדרכו חזרה, בחצות הליל, הלך ההמון בשורות מלוכדות על מנת למנוע מאסרים. לאחר מהלך מה, משלא הופיעה המשטרה, מצא הארגון אפשרות לפזר את ההמון. הפועלים התפזרו בשקט לבתיהם. עכשיו מדברים בעיר אך ורק על ההפגנה, שכחו אפילו את המלחמה. הבורגנות שלנו נבהלה כל כך מהופעתם הגלויה של הפועלים, עד שהלשינה בפני שר הפלך על שר המשטרה, בהאשימה אותו בחוסר פעולה ובסיוע ל„דימוקראטים".

(„פוסלידניא איזביסטיא", מס' 180, 14.5.1904)

## חגיגת האחד במאי 1904

— חג האחד במאי (18 באפריל) עבר אצלנו בהצלחה. חוץ מכמה „פועלי־ציון" לא עבד איש. אפילו בבית־הנתיבות, בבנינים הנבנים בפיקוחו של שר הז'אנדארמים לאטינין, לא עבדו. הפועלים טיילו ברחובות לבושים בגדי חג ובירכו איש את רעהו לרגל החג. לחג קדמה תעמולה פעילה מצד ההסתדרות המקו־מית של ה„בונד", ערכו של האחד במאי הוסבר באסיפות גדולות של 700—800 איש, באסיפות קטנות ובחוגים; הופצה ספרות לאחד במאי: „על ה־1 במאי" של מרכז הבונד — 1000 טפסים באידיש ו־100 ברוסית; כרוזי „בונד" מקומיים במספר 2000 (חולקו ברחובות ערב החג); מאמר ראשי מ„דער בונד", מס' 2 (750 טפסים). תוצאות תעמולה זו לא איחרו לבוא: 1800 פועלים יצאו לניבסקאיה ולפקודת ראש המשטרה: „חזרו לבתיכם, מה יום־טוב היום לכם?" ענו לו בשחוק: „חג שמח", ולא התפזרו. ציפו למשהו; האוירה היתה חמה ואפשר היה לצפות לתהלוכה סטיכית, שעלולה היתה להסתיים

בכשלון חרוץ, מכיון שלא נעשו הכנות לכך. על כן נקטו צעדים לעצור בהמון שלא יצא בתהלוכה. היום עבר בלי תקריות. — — הפועלים לא היו שבעי רצון. „לא כך — טענו הם למחרת — יש לחוג את האחד במאי, היה עלינו להשיב בהפגנה לכל פעולותיו של השלטון שלנו".

(„פוסלידניא איזביסטיא", מס' 182, 27.5.1904)

# אסיפה ביער

בשבת 25.9.1904 התקיימה ביער אסיפה של 300 איש. דיברו שני נואמים על הטאקטיקה החדשה של הממשלה, טאקטיקה של תעמולת המלחמה. בעת שדיבר הנואם הראשון הגיע ליער ראש־המשטרה והקצין (פריסטאב) שבלשו אחר האסיפה. בראותם את הזקיפים החלו לרדוף אחריהם, הזקיפים הספיקו להימלט. ראש המשטרה ירה אחריהם, אולם החטיא את המטרה. הזקיפים הגיעו למקום האסיפה בעת שסיים הנואם הראשון את נאומו. למרות הודעת הזקיפים כי האסיפה נתגלתה, החל הנואם השני בנאומו (על המלחמה) ודיבר כעשרים רגעים. כולם היו מלאי התעוררות ולא רצו בשום אופן להתפזר. לבסוף הוחלט לשוב העירה ולהכין למשטרה קבלת־פנים כראוי. כולם הזדיינו במקלות ואַלות, הלכו בהמון צפוף ומלוכד. כאשר הציעו לצעירות להיכנס אל בין ההמון, סירבו הללו ואמרו כי ידעו להגן על עצמן. אל העיר (מהלך שתי וירסטאות) הלכו בשירה, שנפסקה בקריאות: „הלאה שלטון היחיד! הלאה המלחמה! יחי השלום!" כל קריאה כזו לוותה ב„הידד". עברו כמחצית הרחוב הסלוצקאי השני הארוך, החוצה את העיר. התושבים יצאו מן הבתים, מתפללים — מבתי־הכנסיות לראות את ה„דימוקרא־טים". בכמה מקומות סגרו נשים מבוהלות את התרי־סים. לפני רחוב השוק נעצרו, חזרו על הקריאות, ולפי הצעת המנהל התפזרו בחבורות לכל הצדדים. זמן רב נשמעו עוד פה ושם הקריאות. במשטרה לא פגשנו בשום מקום. השוטרים שעמדו על המשמר מצאו לטוב לפניהם לא להיראות בפני „הדימוקרא־



עסקנים בונדאים בבוברויסק (1904) בונדישע טוער אין באָברויסק (1904)

יושבים (זיצן): ארטשע, צירל יאבראוו, נח קאזאנאָוויטש, ברכה גינזבורג, נאכקע יאכוויד, בעני לאזינסקי
עומדים (שטייען): אידע הארטליק, הירש יאכוויד, עליע גרייפער, יאזשע גינזבורג, אברהם קירזשניץ, שרה קאזאנאָוויטש

טים". המשטרה הופיעה ברח' הסלוצקאי כאשר לא היה בו איש, והחלה לפזר את התושבים, שנתאספו חבורות חבורות לדבר על ההפגנה — —

לאחר האסיפה ב־25 בספטמבר וההפגנה ב־2 באוקטובר עלתה בהרבה קרנה של ההסתדרות בחברה.

(„פוסלידניא איזביסטיא", מס' 201, 19.11.1904)

## ההפגנה ב־2 באוקטובר 1904

בקבלנו את הידיעה מהועד המרכזי שלנו על הטבח בביאליסטוק החליטה ההסתדרות שלנו לערוך בשבת הקרובה הפגנה. לפני כן קראנו שלוש אסיפות, בהן השתתפו 400 איש. באסיפות אלה דובר על התנהגותה המעוררת זוועה של המשטרה בביאליס־טוק ועל ההכרח למחות נגדה.

בשבת, 2 באוקטובר, בשעה החמישית לפנות ערב, היו המדרכות ברח' מוראביובסקאיה מוצפות מטיילים. חוץ מהפועלים היו בקהל רבים שלא השתייכו להס־תדרותנו. מספר הפועלים היה כ־600. במחצית השעה הששית ניתן האות והפועלים החלו להתרכז במקום אחד. לדאבוננו ירדו זה כמה ימים גשמים והרחובות, שאינם מתיבשים אצלנו גם בקיץ, הפכו לביצה אחת גדולה. נאלצנו להפגין על המדרכות, שעליהן היה קשה מאד להיבדל מקהל המטיילים. כאשר התרכזו כ־150—200 איש התחילו לשיר את ה„וארשאביאנ־קה" *, הניפו דגל אדום והחלו להתקדם במעלה הרחוב אל השוק. בראש התהלוכה הלכה „הפלוגה הלוחמת" מזוינת באקדחים ובפגיונות, ואחריה נהר כל ההמון. אותה שעה הכה פועל את אחד השוטרים באבן בחזהו. ראש המשטרה שעמד בקרבת מקום קרא לשוטר „ירה" והוא עצמו ירה בקהל. „הפלוגה הלו־חמת" ענתה במטח יריות. היריות עוררו בהלה בקהל, שהחל לרוץ לסמטאות הסמוכות במהירות כזאת, שהפיל כמה פועלים וחילק את המפגינים לשנים. חלק אחד — הקדמי, הוסיף לצעוד ברח' מוראביובסקאיה וחלק אחר — הגדול, שלא ראה את החלק הקדמי, ונרדף על־ידי המשטרה, פנה לסימטה שם החלו ראש המשטרה ושני שוטרים יורים. „הפלוגה הלו־חמת" השיבה אש. אחד מקציני המשטרה התנפל על המגינים, אולם הוכה. חלק מן המפגינים הספיק להתאחד שוב ע"י בית־המרקחת של באראש, וכאן נשמעו שוב שירה וקריאות: „הלאה שלטון היחיד!" אחרים התפזרו ברחובות הסמוכים לרח' מוראביובסקאיה, ליריות המשטרה ענו בכל מקום ביריות. משני הצדדים הוצאו למעלה מ־120 כדורים (מצדנו 50—60 כדו־רים). כ־15 דקות לאחר שהחלה חליפת היריות נקראה למקום פלוגת חיילים, שהחלה לפזר במרץ את הקהל. המשטרה פצעה כמה אנשים, בעיקר מאלה שנמלטו מהיריות אל החצרות. החצרות הוקפו על־ידי כוחות המשטרה שאסרו את כולם בלי הבחנה. נאסרו גם המתפללים בבית־כנסת אחד ברח' מוראביובסקאיה. בעת ההפגנה הופץ כרוז באידיש וברוסית, בו הוסברו הסי־בות להפגנה ומטרותיה. בעיר — מבוכה איומה.

(„פוסלידניא איזביסטיא", מס' 194, 29.10.1904)

* שיר מהפכני רוסי המתחיל במלים: „סערת רֶשע תסער מעל ראשינו, כוחות האופל ילחצו כברזל, קרב אחרון נערוך על אויבינו. קדימה, קדימה, העם העובד".

## פראָטעסט־שטרייקן קעגן דער שחיטה אין פעטערבורג *

באָברויסק: דעם 17 יאנואר (נאָכ'ן אַלטען לוח). נעכטען האָבען אָנגעהויבען צו שטרייקען אַלע אידישע אַרבייטער. די גאַנצע וואָך פאַר'ן שטרייק איז אָבגע־גאַנגען זייער לעבעדיג. מיר האָבען געמאַכט אַ סך פערזאַמלונגען. אויף יעדער פון די פערזאַמלונגען זיינען געווען פון 80 ביז 280 מאַן; מען האָט דאָרטען גערעדט פון ליבעראַליזם, וועגען דעם שטרייק אין באַקו, וועגען די פעטערבורגער פאַסירונגען און וועגען אונזערע פאָדערונגען אין איצטיגען מאָמענט. די אַרבייטער זיינען געגאַנגען מיט גרויס חשק אויף דיזע פערזאַמלונגען — דער אַלגעמיינער שטורם האָט זיך געלאָזט פיהלען אויך ביי אונז. אין די אָרגאַניזאַציאָנס־

* דער און די אַנדערע אויסצוגן אין דעם קאַפּיטל ווערן געגעבן אין דער אָריגינעלער שפּראַך.

קרייזלעך איז די אַרבייט אויך געגאַנגען זעהר לעבעדיג. מיר האָבען ניט גערופען די אַרבייטער צום שטרייק, ווייל מיר האָבען פערשטאַנען, אַז דער שטרייק קען האָבען אַ בעדייטונג, ווען אַלע אַרביי־טער— ווי די אידען אַזוי אויך די קריסטען — וועלען צו איהם צושטעהען. דען 14־טען האָבען מיר ערהאַלטען דעם אויפרוף פון צענטראַלען קאָמיטעט פון בונד און מיר האָבען בעשלאָסען צו שטרייקען. עס פערשטעהט זיך, אַז מען האָט בעשלאָסען א'ן אַלגעמיינעם שטרייק. מיר האָבען תיכף פאָרגעשלאָגען דער היגער גרופע פון דער רוס. ס. ד. אַרבייטער פאַרטיי, זי זאָל צושטעהען און העלפען צו אָרגאַניזירען אין איינעם דעם שטרייק. די אידישע אַרבייטער האָבען געזאָלט אָנהויבען דעם שטרייק זונטאָג און די קריסטלעכע ערשט מאָנטאָג. מיר האָבען אָנגענומען אַזאַ בעשלוס צוליב דעם, ווייל אַזוי ווי די רוסישע אַרבייטער זיינען ניט אָרגאַניזירט, איז אַ גרויסער ספק צו וועט מען קענען אָרגאַניזירן דעם שטרייק, אַז ער זאָל זיך אָנהויבן אומעדום אין איין צייט, און עס וועט זיך נאָר אומזיסט פערציהען דער אָנהויב. שבת האָבען מיר אָבגעהאַלטען אַ גרויסע פערזאַמלונג פון 650 מאַן — אידישע אַרבייטער. די אַרבייטער האָבען זיך צונויפגעקליבען איינס און צוויי — אין איין האַלב שעה זיינען שוין אַלע געווען אויפ'ן אָרט. אויף דער פערזאַמלונג איז געווען פאַנאַנדערגעוויקלט אַ רויטע פאָהן, אויף וועלכער עס זיינען געווען אויפגעשריבען 2 פאָדערונגען: מאַכן אַ סוף מיט דער מלחמה און צונויפרופען אַ קאָנסטיטואַנטע. די רעדנער האָבען אָנגעוויזען אויף די וויכטיגקייט פון איצטיגען מאָמענט און אויף די גרויסע בעדייטונג פון די אַרויסגעשטעלטע פאָדערונגען. די אַרבייטער האָבן פשוט געשלונגען די ווערטער. די פערזאַמלונג איז אָבגעגאַנגען אין דער בעסטער אָרדנונג, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס עס איז געווען אַזאַ גרויסער עולם. נאָר אויסרופען פון „אוראַ" פלעגען פון צייט צו צייט פערהילכען דעם עולם וועגען דעם אויפרוף פון דעם צ. ק. און אַז מאָרגען הויבט זיך אָן דער שטרייק; ווען עס האָבען זיך דערהערט קולות: עס לעבע די רעוואָלוציע! — איז די בעגייסטערונג געוואָרען אַזוי גרויס, אַז מען האָט ניט געקענט איינשטילען די אַרבייטער. די פאַרזאַמלונג איז זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען מיט אויסרופען און קולות „אוראַ".

אויף מאָרגען זיינען אַרומגעגאַנגען אונזערע גרופעס אַרבייטער איבער די ווערקשטאַטן, בעטענדיג אַז זיי זאָלען אויך שטרייקען. די גאַנצע געזעלשאַפט פילט אונז מיט, אפילו די בורזשואַזיע אויך. אַלץ איז אַראָב גלאַט. נאָר ביי די פריקאַזטשיקעס האָט זיך דער שטרייק ניט איינגעגעבען. די אָרגאַניזאַציע „פועלי־ציון" האָט בעשלאָסען צו־צושטעהען צום שטרייק, נאָר אַזוי ווי זי איז געווען אין כעס, וואָס דער בונד האָט איהר ניט איינגעלאַדען, האָבען די פריקאַזטשיקעס (אויף זיי האָבען דעם רוב איין איינפלוס די ציוניסטען), וועלכע זיינען צוגעשטאַנען צום שטרייק, ווידער אומגעקערט זיך אין די מאַגאַזינען. אין שטאָט קאָכט; עס פאָהרען אַרום סאָלדאַטסקע פאַטרולען, קאָזאַקען און פאָליציי. מען האָט אַרעסטירט עטליכע מענשען.

(„די לעצטע פאַסירונגען", נומער 6, 18.2.1905)

באָברויסק. דער אַלגעמיינער שטרייק, וועלכער עס האָט אַרומגענומען גאַנץ רוסלאַנד, האָט פערכאַפּט אויך אונזער שטאָט; ליידער אָבער איז עס ביי אונז אָבגעלאָפען ניט גלענצענד. אונזער בונדיסטישע אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט ניט לאַנג אָנגעהויבען צו קומען צו זיך נאָך אַ גרויסער הפסקה אין דער אַרבייט, האָט נאָך קיין צייט ניט געהאַט צו ערקלערען ווי געהעריק די אַרבייטער, וואָס שטעהען נאָענט צו דער אָרגאַניזאַציע די גאַנצע בעדייטונג פון דעם איצטיגען מאָמענט, זי האָט נאָך קיין צייט ניט געהאַט צו געווינען א'ן איינפלוס אויף דער גאַנצער אַרבייטער־מאַסע. די מאַסע איז געווען שטאַרק אויפגערעגט, די אַרבייטער זיינען גערן געגאַנגען אויף אונזערע פערזאַמלונגען; עס פלעגען קומען אַזוינע עלעמענטען, אויף וועלכע מען וואָלט זיך קיין מאָל ניט געריכט. אַ וואָך פאַר'ן שטרייק זיינען ביי אונז געווען 4 פערזאַמלונגען, אויף וועלכע עס זיינען געווען בסך הכל 650 מאַן. מיר האָבען געהאַט בדעה צו מאַכען נאָך אַ סך פערזאַמלונגען, אָבער צוליעב די פעטערבורגער פאַסירונגען האָבען מיר געמוזט פערקירצען אונזער פראָגראַם. מיר האָבען געוואַרט אויף א'ן אויפרוף פון צ. ק. פון בונד. אויף שבת איז אָבגעשטעלט געוואָרען א'ן אַלגעמיינע פערזאַמלונג אין בית־המדרש; פרייטאָג האָבען מיר ערהאַלטען דעם אויפרוף פון צ. ק., און אויף זונטאָג האָבען מיר בעשטימט אַ שטרייק. די רוסישע אַרבייטער זיינען

ביי אונז גאָר ניט אָרגאַניזירט, און מיר האָבען ניט געוואָלט אָבלייגען דעם שטרייק ביז מאָנטאָג, ווייל מיר האָבען פערשטאַנען, אַז די רוסישע אַרבייטער וועלען סיי ווי סיי צושטעהען פון אָנהויב אָן צום שטרייק. אונזער בעשלוס האָבען מיר תיכף איבערגעגעבען דער היגער גרופּע פון דער רוסלענדער פּאַרטיי, און מיר האָבען איהר פאָרגעלייגט אַרויסצולאָזען אינאיינעם א׳ן אופרוף צום שטרייק. די גרופּע איז צוגעשטאַנען צו אונז. שבת איז פאָרגעקומען די פערזאַמלונג. די אַרבייטער זיינען זיך גיך צונויפגעקומען, אין איין האַלב שעה איז דער בית־המדרש געוואָרען פול און פול. עס זיינען געווען 700 מאַן. די פערזאַמלונג האָט זיך אָנגעהויבען מיט זינגען רעוואָלוציאָנערע ליעדער; עס איז אויך געווען אַ רויטע פאָהן מיט רעוואָלוציאָנערע אויפשריפטען. דער פאָרזיצענדער האָט אויפגעוויזען דעם עולם, אַז אויב עס וועט אָנפאַלען פּאָליציי, מוז מען זיך געגען איהר ראַנגלען. די רעדנער האָבען גערעדט וועגען די פּעטערבורגער פּאַסירונגען און וועגען אונזערע פאָדערונגען. די בעגייסטערונג איז געווען זעהר גרויס; מיט גרויס פריידען האָבען די אַרבייטער באַגעגענט דעם אויפרוף פון צענטראַלען קאָמיטעט און אונזער בעשלוס צו ערקלערען אַ שטרייק. „עס לעבע די רעוואָלוציע“ — הערט זיך אַ׳ן אויפרוף, און פון אַלע זייטען הילכט „אוראַ“.

עס האָט זיך אָנגעהויבען דער שטרייק. נאָר שוין פון ערשטען טאָג אָן האָט מען געקענט זעהען, אַז עס וועט ניט געהען גלענצענד. פון פריהמאָרגען זיינען אומגעגאַנגען פון ווערקשטאַט צו ווערקשטאַט גרופּען פון אונזערע אַרבייטער, איינלאַדענדיג צו וואַרפען די אַרבייט. אומעטום האָבען זיי פאַנאַנדערגעגעבן בלעטלעך מיט אונזערע פאָדערונגען; אויף די בלעטלעך איז געווען אונטערגע׳חתמ׳ט אונזער אָרגאַניזאַציע און די גרופּע פון דער פּאַרטיי. אומעדום האָט מען זיי באַגעגענט פריינדלעך, אָבשטעלען די אַרבייט איז ניט אויסגעקומען אין פיעל ערטער, מחמת אַ סך זיינען סיי ווי סיי ניט געקומען צו דער אַרבייט. די בעלי־הבתים האָבען זיך ניט געוועהרט, אַ סך פון זיי האָבען אַרויסגעזאָגט זייער סאָלידאַריטעט. די פריקאַזשטשיקעס האָבען געוועסט געוואָרפען פון פריה די אַרבייט, נאָר נאָך מיטאָג זיינען זיי צוריק אַוועק אין די מאַגאַזינען. דער רוב פון זיי זיינען ציוניסטען און געוועזענע אָנהייגער פון „לעגאַליזאַציע“. אָנפאַנגס האָבען זיי געזאָגט, אַז זיי האָבען גאָר ניט געגען שטרייק נאָר... פונדעסטוועגען וועלען זיי דאָך אַרבייטען, מחמת דער בונד האָט ניט איינגעלאַדען זייער אָרגאַניזאַציע. דעם ערשטען טאָג האָבען געשטרייקט 1000 מאַן. זיי האָבען אַרומגעשפּאַצירט גרופּען ווייז איבער׳ן שטאָט. אומעדום האָט מען גערעדט וועגען שטרייק. די אַרבייטער זיינען געקומען אין די לעהר־שוהלען, בעטענדיג אָבצושטעלען די לימודים נאָר מען האָט זיי ניט געפאָלגט. נאָר די לעהר־שוהל פון בעלי־מלאכות (רעמעסלענע אוטשילישטשע) איז געווען אַ פּאָר טעג געשלאָסען.

אין דער אייגענער צייט — דאָס האָבען מיר זיך שפּעטער דערוואוסט — זיינען אַרומגעגאַנגען איבער די ווערקשטאַטען גרופּען אַרבייטער וועלכע געהערען צו דער רוסלענדער פּאַרטיי. די אַרבייטער פלעגען תיכף ומיד וואַרפען די אַרבייט, ווי נאָר מען פלעגט זיי בעטען — זיי האָבען געוואַרט דערויף.

די אינטעליגענץ האָט אויך געוואָלט צושטעהען צום שטרייק. מאָנטאָג איז געווען אַ פערזאַמלונג פון 60 אינטעליגענטען מיט אַ דעפּוטאַציע פון די שטרייקענדע אַרבייטער. אַ מיטגליד פון אונזער אָרגאַניזאַציע האָט געהאַלטען אַ פאָרטראַג; עס זיינען פאָרגעקומען הייסע דעבאַטען און לסוף איז אָנגענומען געוואָרען אַ רעזאָלוציע, אין וועלכער די אינטעליגענץ דריקט אויס איהר סאָלידאַריטעט מיט׳ן קעמפּפענדען פּראָלעטאַריאַט, וועלכער איז דער איינציגער, וואָס וועט בעפרייען רוסלאַנד פון דעם צאַריזם; די רעזאָלוציע פאָדערט אויף די אינטעליגענץ צוצושטעהען צום שטרייק.

שוין מאָנטאָג איז קלאָר געוואָרען אַז עס וועט שווער זיין צו צוציהען די רוסישע אַרבייטער צום שטרייק. מיר האָבען דערזעהען, אַז די גרופּע האָט גאָר קיינע פערבינדונגען ניט מיט די פאַבריק־אַרבייטער. די פעראייניגטע קאָמיסיע האָט בעשלאָסען צו געהען אויף די זאַוואָדען זונטאָג ביי נאַכט; נאָר אָנשטאָט רוסישע אַרבייטער זיינען געקומען פון דער גרופּע נאָר אידישע אַרבייטער און אַרבייטערינען. עס איז דורכגעלאָזען געוואָרען די בעסטע צייט, און אויף מאָרגען איז שוין די פּאָליציי געווען אויף די פיס. מען האָט זיך געלאָזן אויפ׳ן הויוועזן־זאַוואָד (35 מאַן), מען האָט שוין איבערגערעדט די אַרבייטער צו וואַרפען די אַרבייט, נאָר ביים טויער האָבען זיי זיך באַגעגענט מיט סאָלדאַטען, נאָך וועלכע די

אַדמיניסטראַציע פון זאַוואָד האָט געשיקט. אויף מאָרגען האָבען זיי 2 מאָהל געוואָרפן די אַרבייט אַרויסשטעלענדיג עקאָנאָמישע פאָדערונגען, נאָר זיי וואהנען אַלע ביים זאַוואָד גופא און די פּאָליציי האָט זיי געצוואונגען נעהמען זיך צוריק צו דער אַרבייט. בשעת די סאָלדאַטען זיינען אָנגעפאַלען, האָט מען אַרעסטירט 3 אידישע אַרבייטער; איינער פון זיי האָט בעקומען מיט אַ לאָם אין קאָפּ. אין דעם אייגענעם טאָג האָבען 5 קריסטליכע אַרבייטער געוואָרפען די אַרבייט — אָט דער איז געווען דער גאַנצער ערפאָלג ביי די קריסטלעכע אַרבייטער.

די אידישע אַרבייטער זיינען ביי אונז נאָך וועניג ענטוויקעלט און וועניג אָרגאַניזירט — דאָס וואָס עס האָט זיך ניט איינגעגעבען אַרויסצורופען אַ שטרייק צווישען די קריסטלעכע אַרבייטער האָט געמאַכט אַ שלעכטען איינדרוק אויף זיי. אונזערע פערבינדונגען מיט דער מאַסע זיינען אויך ניט זעהר פעסט; די שטרייקער האָט מען געטיילט געלד, אָבער ניט צו דער רעכטער צייט, די שטימונג איז געפאַלען פון טאָג צו טאָג, אויך האָט זיך אַלץ פערקלענערט די צאָהל שטרייקער. מיר האָבען גערינדעט „בירזשעס”, אַרויסגעלאָזען ביולעטענעס, וואו עס זיינען געווען ידיעות פון אַנדערע שטעט, פאַרשפרייט די פּראָקלאַמאַציעס פון צענטראַלען קאָמיטעט, אָרגאַניזירט 3 פערזאַמלונגען פון 250 מאַן — די שטימונג איז אַלץ געפאַלען, און דאָנערשטאָג איז שוין מעהר ניט געווען ווי 500 שטרייקער.

וואָס שוואַכער עס איז געגאַנגען דער שטרייק, אַלץ קלענער איז געווען דער איינפלוס אויף דער „געזעלשאַפט” און אויף דער אינטעליגענץ. די לעצטע זיינען קיין מאָל ניט געווען צו דרייסט, און אַז מען האָט געזאָלט דורכפיהרען די רעוואָלוציע פון די פערזאַמלונגען, זיינען צוגעשטאַנען צום שטרייק ניט מעהר ווי 5 שיהלערינען און 3 פאַרמאַצעווטען (די פריוואַטע לעהרער און לעהרערין האָבען אַלע געשטרייקט).

פרייטאָג האָט מען שוין געזעהן קלאָר ווי טאָג, אַז דער שטרייק האָט פערלאָרען זיין רעוואָלוציאָנערע בעדייטונג, אַז ווייטער איז אונמעגליך צו פיהרען איהם. מיר האָבען בעשלאָסען צו מאַכען שבת אַ פערזאַמלונג, עס זיינען פאָרגעקומען 2 פערזאַמלונגען (300 מאַן), וואו עס איז ערקלערט געוואָרען די בעדייטונג פון שטרייק און די סיבה פון זיין אויפהערען. די אַרבייטער האָבען געפיהלט, אַז עס איז אונמעגליך ווייטער צו שטרייקען; די אָרגאַניזירטע אַרבייטער האָבען זיך גענומען צו דער אַרבייט מיט גרויס שברון לב.

אַ פּאָר ווערטער וועגען די ציוניסטען. אויפ'ן דריטען טאָג פון שטרייק איז אַרויס אַ בלעטעל מיט דער חתימה „ציוניסטען־סאָציאַליסטען”, וועלכער האָט אויפגעפאָדערט די אידישע אַרבייטער צו צושטעהען צום שטרייק, אַרויסשטעלענדיג דורכאויס סאָציאַלדעמאָקראַטישע פאָדערונגען; אין די בלעטלעך ווערט אויך ערקלערט, אַז מיר מוזען קעמפּפען דאָרטען, וואו מיר וואָהנען איצט. די ציוניסטען האָבען אויך אָרגאַניזירט עטליכע פערזאַמלונגען. פאַר א'ן אָפּאָנענט איז אַרויסגעטראָטען איינער פון די „פּועלי־ציון”, וועלכער האָט אגב געזאָגט, אַז „די אידישע אַרבייטער זיינען ניט מחויב צו ליידען פון דעם וואָס „זיי” איז איינגעפאַלען צו שטרייקען”. פאַר די גאַנצע צייט פון שטרייק האָט מען אַרעסטירט 10 מאַן.

(„די לעצטע פאַסירונגען”, נומער 8, 30.3.1905)

## הפגנה מזוינת — 13 במארס 1905

14 במארס (1905). אתמול היתה אצלנו הפגנה. מאות פועלים התאספו תוך שעתיים במקום האסיפה — בבית־הכנסת בסלובודה. בין התושבים במקום התעוררה מתיחות, אולם איש לא מסר למשטרה. השוטרים הרגישו במתיחות, החליפו צפצופים, אך לא נקטו בכל אמצעים. „מתאספים להם ,הדימוקראטים', נו שיתאספו להם! תמסור, ולאחר מכן צרות, ועבודה בלי סוף!” — דיברו ביניהם השוטרים. לשעה 4 היה בית־הכנסת מלא — התאספו 500 עד 600 פועלים. בשעה הרביעית עלה על הבמה הנואם ובנאום קצר אך חזק הודיע על התחלת השביתה הפוליטית, וקרא לצאת מיד להפגנה — לקרב גלוי על החירות, הדימוקראטיה והסוציאליזם. הפועלים יצאו אל הרחוב. כאן פגשו שוטר שעבר במקרה, הבריחו אותו לחצר,

ואילו לא הגנו עליו הזקנים היה נהרג: הוא קפץ מעבר לגדר ונעלם. הפועלים התלכדו ויצאו לרח' מוראביובסקאיה. היה קשה ללכת — בוץ עד הברכים, חלק פיגר מאתנו. לקראתנו יצאו פועלים בנופפם בכובעים ובמטפחות. רבים נשאו סרטים אדומים בידיהם; לעתים עמדו, הרימו את הנואם על ידיהם; הוא אמר כמה מלים. מפעם לפעם נשמעו קריאות, שנענו בהידד רם שנשמע למרחקים. „הפלוגה הלוח־מת" הלכה בנשק מונף למעלה, נשמעו יריות שעוררו את התושבים, הבריחו את השוטרים הנבהלים ועודדו את המפגינים. לבסוף נבדלה קבוצה אחת וצעדה ברחוב אחר — האחרים פנו אל הכביש. המפגינים כבר החלו להתפזר כאשר נראו מרחוק קוזקים, משטרה וחיילים עם רובים נטויים.

ההפגנה והשביתה הפוליטית הוכנו על ידי אסיפות במשך שבוע ימים. בחג הפורים וביום שלאחריו נערכה שורה של אסיפות: הוסבר ערך המלחמה הכלכלית וההכרח לתת לה אופי מדיני. נוצר מצב־רוח של שביתה, אולם רק בשלושה מקצועות: אצל החייטים, התופרות והתפרים (Заготовщики) — נמצאו תנאים מתאימים למלחמה כלכלית. החליטו להכריז שביתה כללית לשני ימים, בתביעות פוליטיות ישירות, או כאלה הנובעות מהמאבק הכלכלי, כגון: חופש השביתות, האיגודים, האסיפות, הדפוס, שמירת זכויות הפרט; חקיקת חוק יום עבודה בן 8 שעות; מפקחי תעשיה נבחרים; השכלה כללית וטכנית רחבה; השוואת כל העמים בזכויותיהם, ולהגשמת כל התבי־עות; כינוס אסיפה מכוננת על יסוד זכות בחירה כללית שווה ישירה וסודית. במשך שני הימים נערכו שבע אסיפות לפי האגודות המקצועיות, בהן התאספו 700 איש. לציונים ניתן לערער על כל הפעולות. כתוצאה מכך היו ויכוחים גלויים עם „פועלי־ציון" ועם אלה המכונים „ציונים־סוציאַליסטים", שמהם ההס־תדרות יצאה רק ברווח.

ביום ג' (15 לחודש) נסתיימה השביתה הפולי־טית. הפועלים נתכנסו בבורסאות בשעה ה־11 בבוקר. חולקו עלונים על הפסקת השביתה. בשלושה מקומות נערכו לרגל זאת מניפסטציות, בהן השתתפו 50—70 פועלים. דבר זה נעשה על רגל אחת. עצם הרעיון על כך הועלה רק בבורסה. נשמעו קולות „הידד" והתפזרו. ההפגנה התקיימה גם על יד בנין הנהלת העיר. הקבוצה שהתרכזה ברובע הפועלים עברה בו בשירה, בקריאות וביריות. התושבים התיחסו באהדה גלויה. מצב־הרוח אצל הפועלים מרומם, קרנה של ההסתדרות עלתה; נכונותם הקרבית של ההמונים גברה.

(„פוסלידניא איזביסטיא", מס' 227, 10.4.1905)

## אסיפות מחאה על הטבח בבאקו

— לאחר הטבח בבאקו ערכנו אסיפת מחאה, שבה התקבלה ההחלטה דלקמן:

האסיפה של 243 פועלים מאורגנים חברי ה„בונד" בבוברויסק, לאחר ששמעה על המאורע הנורא, טבח הדמים בבאקו, ועל מאורעות דומים, מביעה את זעמה הרב כנגד הביורוקראטיה הפראית של שלטון היחיד, השואפת לדחות את נפילתה ומסיתה על כן את השכבות מחוסרות ההכרה של האוכלוסיה נגד היסודות המהפכניים והאופוזיציוניים של החברה. אנו הפועלים היהודים הזוכרים את קישינוב, הומל ומוהילב ונשארנו למרות זאת נאמנים לדגלנו הסוציאליסטי, מביעים לכם, חברינו הארמנים, את השתתפותנו העמוקה בצערכם. אנו משוכנעים שלא תלכו בדרך הכוזבת של שנאה לאומית ויחד עמנו תוסיפו לנהל, תחת דגלה של הסוציאל־דימוקראטיה, את הקרב לשחרורו המלא של הפרוליטריון. רק אז תחלוף כל אפשרות של שנאה לאומית. הלאה שלטון היחיד! תחי הרפובליקה הדימוקראטית! הלאה שנאת הלאו־מים! תחי האחדות הפרוליטרית, יחי הסוציאליזם!"

(„דער בונד", 1905, חוב' 6)

## זומער 1905 — דער הויפּפּונקט פונעם בונדס השפּעה

באָברויסק. 1־טען יוני (נאָכ'ן אַלט. סט.). דעם 9־טען מאַי האָט מען ביי אונז פערברייטערט בלעט־לעך מיט דעם אויפרוף צו „שלאָגען די זשידעס". גלייכצייטיג האָבען זיך אין שטאָדט בעוויזען קיינעם ניט בעקאַנטע מענשען, וועלכע האָבען אַרויסגערופען אויף זיך אַ חשד. מיר האָבען אָנגעהויבען ענער־

גיש צו גרייטען זיך צום זעלבסטשוץ, צו קלויבען געלד אויף בעוואָפענונג. צונויפגעקליבען האָט מען לפי ערך ווענינ — אין גאַנצען 300 רובל, — ניט קוקענדיג, וואָס ביי די איינוואָהנער האָט דער רעיון וועגען זעלבסטשוץ שטאַרק אויסגענומען און אין דעם פרט לייגען זיי אַלע זייערע האָפנונגען כמעט בלויז נאָר אויף אונזער אָרגאַניזאַציע. דער געלד זאַמלונג האָט געשטערט דער קלאַנג, וואָס איז אַרויס אין שטאָדט, אַז אונזער אָרגאַניזאַציע איז אויך אַריין אין דעם היגען „פעדעראַטיווען קאָמיטעט" פון זעלבסטשוץ, וועלכען עס האָבען געבילדעט די פועלי־ציון, ציוניסטען־סאָציאַליסטען און דער „בונד פון יודען". מיר האָבען אַרויסגעלאָזען אַ בלעטעל, וואו מיר האָבען ערקלערט, אַז דאָס איז ניט ריכטיג. דער „פעד. קאָמיטעט" האָט אונז אמת פאָרגעלייגט צו שיקען פאָרשטעהער, נאָר בעטראַכטענדיג דעם זעלבסטשוץ אין דער איצטיגער צייט אַלס אַ'ן אַקט פון פּאָליטישען קאַמפף, האָבען מיר זיך אָבגעזאָגט צו פעראייניגען זיך מיט בורזשואַזע אָרגאַניזאַציעס.

ניט קוקענדיג וואָס דער אויטאָריטעט פון אונזער אָרגאַניזאַציע איז אַ גרויסער אין אַלע שיכטען פון דער בעפעלקערונג, אָדער ריכטיגער, טאַקי, איבער דעם, האָט זי אַ סך בלוטיגע שונאים, וואָס זיינען גרייט ביי יעטוועדער געלעגענהייט צו וואַרפען אין איהר מיט קויט. אַזוי האָט איינער פון אונזערע ליבעראַלען אויף אַ פערזאַמלונג פון עטליכע צעהנדליג מענשען געזאָגט, אַז די „יונגלעך פון בונד" האָבען עס פערברייטעט די אנטיסעמיטישע בלעטלעך, כדי אָנצומאַכן אַ רעש. דערנאָך האָט ער מודה געווען, אַז ער האָט געזאָגט אַ „נאַרישקייט", און האָט גענומען זיינע ווערטער צוריק.

דעם 28טען מאי האָט מען אין איינער אַ שול געמאַכט הזכרת נשמות נאָך די קרבנות פון זשיטאָמירער פּאָגראָם. אַ חוץ די איבעריגע אָראַטאָרען האָט אויך גערעדט אַ ציוניסט־סאָציאַליסט. אָנשטאָט צו ריידען פון זיין שטאַנדפּונקט מכוח דעם פּאָגראָם, האָט ער אָנגעהויבען באריכות ארומריידען זיין פּראָגראַם און צו פּאָלעמיזירען מיט'ן בונד. דערביי איז ער באַלד אַריבער אויף שטעכווערטלעך און פשוט'ע זידלערייען. פון אַלע זייטען האָט מען אָנגעהויבען צו שרייען „נידער מיט'ן ציוניזם!" דער אָראַטאָר איז געוואָרען אַבהענדיג און איינער אַ ציוניסט האָט איהם אַראָבגעפיהרט פון טיש, אויף וועלכען ער איז געשטאַנען.

עטליכע ווערטער וועגען דער פּראַקטישער אַרבייט פון די ציוניסטען סאָץ. שוין מעהר אַלס אַ חודש ווי זיי האַלטען אונטער דורך פערשידענע סטראַשונקעס דעם שטרייק פון די קליינע קצבים און זייערע אַרבייטער. דער ציעל פון שטרייק איז — אַרויסיאָגען פון דער קצב'ערייַ די רייכע קצבים און בעזייטיגען אויף אַזאַ אויפן די קאָנקורענץ. דער רעזולטאַט דערפון איז אַזאַ, אַז פלייש איז געוואָרען זעהר טייער און פאַר אַ'ן אַרבייטער איז איצטער אונמעגלעך צו עסען ווען ניט איז אַ שטיקעל פלייש.

אַ חוץ די הזכרת נשמות אין די שולען האָט דער „בונד פון די יודען" אויך אָבגעשטעלט אויף דעם זעלבען שבת, דעם 28טען מאי, אַ הזכרת נשמות אויף דעם בית־עלמין, פערשטעהט זיך, ניט אָהן אַ'ן ערלויבניס פון דער פּאָליציי. מיר האָבען אָנגעזאָגט די אַרבייטער און האָבען געשיקט אַהין אונזערע רעדנער. צו 5 אַ זייגער האָבען זיך אויפ'ן בית־עלמין צונויפגעקליבען ביז 3000 מענשען. אונזערע רעדנער האָבען געעפנט די פערזאַמלונג און דריי פון זיי האָבען איינער נאָך דעם אַנדערען גערעדט וועגען פּאָגראָמען, וועגען דעם מאָמענט וואָס מיר לעבען איצטער איבער און וועגען די חברים, וואָס זיינען געפאַלען אין זשיטאָמיר. זייערע ריידען האָבען געמאַכט אַ גרויסען איינדרוק אויף אַלע צוהערער. עס האָט אויך גערעדט אַ ציוניסט, אונזער רעדנער האָט נאָך דעם פערמאַכט די פערזאַמלונג און האָט פאָרגעלייגט אַלעמען אין נאָמען פון אונזער אָרגאַניזאַציע אַוועקגעהן אין איינעם דעמאָנסטראַטיוו איבער די גאַסען פון שטאָדט. דעם פאָרשלאַג האָט מען מיט גרויס פרייד אָנגענומען. ביים אַרויסגאַנג פון בית־עלמין האָט אַ'ן אטריאד קאָזאַקען מיט'ן פּאָליצמייסטער בראש פערשטעלט דעם עולם דעם וועג אין שטאָדט. דער פּאָליצמייסטער האָט עטליכע מאָל אויסגעשריען, מען זאָל זיך פאַנאַנדערגעהן, נאָר די מאַסע האָט זיך פון אָרט ניש גערירט. ער האָט געהייסען שיסען, און די קאָזאַקען האָבען זיך גענומען פאַר די ביקסען. דאָ זיינען 2 צוגעגאַנגען צום פּאָליצמייסטער און האָבען איהם איבערגעגעבען וועגען דעם בעשלוס פון אונזער אָרגאַניזאַציע און האָבען געפאָדערט מען זאָל דורכלאָזען דעם עולם. די קאָזאַקען האָבען אָבגעטראָטען. די דעמאָנסטראַציע איז

געווען אַ גרויסאַרטיגע; 3000 מענשען זיינען געגאַנגען איבער די גאַסען פון שטאָדט אין ציילען איינע נאָך די אַנדערע. פון אַלע פענסטער און באַלקאָנען האָט מען געקוקט אויף דיזען אונגעוועהנליכען בילד, פיעלע האָבען בעגריסט דעם עולם. אויף אַלע גאַסען האָבען אונז בעגעגנט קאָזאַקען, נאָר זיי האָבען קיינעם ניט געריהרט. אויף מאראוויאָווער גאַס (די הויפּט גאַס פון שטאָדט), האָט דער פּאָמאָטשניק פּריסטאַוו, גערזסימאָוויטש, אַ׳ן עכטער באַשיווזוק און אַ׳ן אַנטיסעמיט, אַ געשריי געטאָהן, מען זאָל זיך פונאַנדערגעהן; די קאָזאַקען האָבען תיכף אָנגעהויבן צו שמייסען מיט די נאַגאַיקעס. מיט אויפרופן: „נידער מיט דער זעלבסטהערשונג!" „נידער מיט דער פּאָליציי!" איז די מאַסע אַוועק אויף זייטיגע גאַסען און האָט ווייטער דעמאָנסטרירט. אַנדערע האָבען געוואָרפען שטיינער אין די קאָזאַקען. איינער פון די עלטסטע צווישען די קאָזאַקען האָט באַקומען אַ היבשען חלק. אַ סך דעמאָנסטראַנטען האָט מען צעשלאָגען מיט נאַגאַיקעס; איין אַרבייטער איז לייכט פערוואונדעט געוואָרען מיט אַ שווערד אין קאָפּ; איין מיידעל האָט אַ קאָזאַק צוטאָפּעט אונטער די פיס פון זיין פערד, זי איז נאָך ביז איצט קראַנק. דריי מענשען האָט מען אַרעסטירט. די עפנטליכע מיינונג איז אין גאַנצען געווען אויפ׳ן צד פון די מאַניפעסטאַנטען. דער פּאָליציימייסטער האָט געפונען פאַר נויטיג צו פערענטפערן זיך און האָט געזאָגט, אַז עס איז אַלץ פאָרגעקומען „על פי טעות", אין דעם זעלבען אָוועגד האָט ער אַרויסגעלאָזט די אַרעסטירטע.

ווי אין אַנדערע שטעדט, האָט זיך ביי אונז אויך געבילדעט „דער קליינער בונד", ווי ער רופט זיך. עס געהען אַריין יונגלעך פון 12—14 יאָהר. זיי מאַכען פערזאַמלונגען אויף וועלכע עס ריידען זייערע אייגענע רעדנער, לאָזען אַרויס פערשריבענע בלעטלעך און דערגל. מיט זייערע מאַניפעסטאַציעס לאָזען זיי אָפט ניט רוהען אונזערע פערהיטער פון דער אָרדענונג. חול המועד פסח האָבען זיי געמאַכט אַ דעמאָנסטראַציע, קיין רויטע פאָהן אויך ניט געפעהלט; זיי האָבען געשאָסען פון רעוואָלווערן און מיט רעוואָלוציאָנערע אויסרופען געגאַנגען איבער דער שאָסע־גאַס. מיט עטליכע וואָכען צוריק איז ביי זיי געבליבען צו פערטרייבען דעם גאָראָדאָוואָי פון סלאָבאָדקע (דער אָרעמער מחוז פון שטאָדט). אויף צו העלפען דעם גאָראָדאָוואָי האָט מען געבראַכט קאָזאַקען.

(„די לעצטע פּאַסירונגען", 4.7.1905)

## אַ דערקלערונג פון ס. ס. איבער די צוזאַמענשטויסן מיט די בונדאָווצעס

שבת, דעם 2־טען טאָג שבועות אין דער פריה איז פאָרגעקומען אַ הזכרת נפשות פאַר די גיבורים פון זשיטאָמיר און טראַיאַנאָוו. צווישען די פערשידענע רעדנער איז אויך אַרויסגעטראָטען איינער אַ חבר פון אונזער אָרגאַניזאַציע, וועלכער האָט געוואָלט ניט אַזוי אָבשעצען די גרויסע בעדייטונג פון דעם טראַגישען מאָמענט, ווי עס אויסנוטצען אין פּאָלעמישע ציעלען. באַלד האָבען זיך געלאָזט הערען אויסגעשרייען: „נידער מיט׳ן ציוניזם". עס האָבען זיך פונאַנדערגעברענט די ווילדע אינסטינקטען, ס׳האָט זיך דערוועקט אין דעם מענשען די חיה, מע האָט זיך אַ וואָרף געטהון אויפ׳ן רעדנער שלאָגען און ווי עס איז געגוי ערקלערט פון אונזערע חברים ווי אויך פון עהרליכע בונדיסטען, וועלכע זענען דערביי געווען — האָט געמאַכט די התחלה אַ אָפּיצילער פאָרשטעהער פון דער היגער אָרגאַניזאַציע פון „בונד", אַ „מוטיגער קעמפּפער" פאַר פרייהייט פון וואָרט...

צוליב דעם שוידערהאַפטען צופאַל איז פאָרגעקומען אַ אַלגעמיינע פערזאַמלונג פון די מיטגלידער פון דער היגער אָרגאַניזאַציע צ. ס. א. פ. וואו עס איז אָנגענומען געוואָרען פאָלגענדע רעזאָליוציאָן:

1) מיר דריקען אויס אונזער חבר אונזערע שטאַרקע אונצופרידנהייט מיט זיין אונטאַקטישען בעגעהן זיך,

2) שמערצלעך ערערגטע פון דעם שוידערהאַפטען צופאַל, דריקען מיר אויס אונזער שאַרפסטען פּראָטעסט קעגען די ווילדע באַרבאַרישע מיטלען, וועלכע די מיטגלידער פון דער היגער בונדישער אָרגאַניזאַציע בענוצען געגען זייערע אידעען־געגנער, דורך וואָס זיי זייען אַ שרעקליכע דעמאָראַליזאַציאָן און ווילדקייט אין דער יודישער ארבייטער־מאַסע און וואַרפען אַ מיאוסן פלעק אויף דעם כבוד פון דעם גאַנצען אָרגאַניזירטען פּראָלעטאַריאַט, שפּילנדיג אויפ׳ן האַנד זיינע ערגסטע שונאים.

באָברויסקער אָרגאַניזאַציע, פון צ. ס. א. פ.

באָברויסק, 29.5.1905.

(חראָניק פון דער צ. ס. בעוועגונג, אוגוסט 1905, נומער 2)

# דער שטרייק פון 7־טן יולי 1905

באָברויסק, 1טען יולי. ווי נור מיר האָבען באַקומען ידיעות וועגען די אויפשטאַנדען אין לאָדז און אָדעס, האָבען מיר בעשלאָסען צו פּראָטעסטירען געגען דיווילדע מעשים פון דעם צאַר׳ס משרתים, און דערמיט אויסדריקען אונזער סאָלידאַריטעט מיט די לאָדזער און אָדעסער חברים.

שבת, דעם 2טען יולי, אין אָוונד האָבען מיר אַרגאַניזירט אַ מאַסען־פערזאַמלונג, אויף וועלכער עס זיינען געווען איבער 1200 אַרבייטער. די שול איז געווען געפּאַקט מיט מענשען. אַ סך האָבען ניט געקענט אַריין איבער דעם, וואָס עס איז קיין אָרט ניט געבליבען. די פערזאַמלונג איז צוגעגאַנגען מיט גרויס פּאַראַד. אויפ׳ן בימה זיינען געווען פאַנאַנ־דערגעוויקעלט 2 פאָהנען: איינע אַ רויטע מיט רעוואָ־לוציאָנערע אויפשריפטען, די צווייטע — אַ שוואַרצע מיט פאָטאָגראַפישע בילדער פון די חברים, וואָס זיינען געפאַלען אין קאַמף, און מיט דער אויפשריפט: „עהרע דעם אָנדענקען פון די געפאַלענע חברים״. עס איז געוואָרן שטיל, און די רעדען האָבען זיך אָנגעהייבען. אין אַ שטאַרקער געפיהלפאָלער רעדע האָט דער ערשטער רעדנער אָנגעוויזען, אַז דאָס בילד פון די קעמפפער, וואָס זיינען געפאַלען פאַר דעם פּראָלעטאַריאַט׳ס פרייהייט טאָר ניט אויסרופען קיין אומעט און קיין געפאַלענעם געמיט, פאַרקעהרונג, ער מוז ערוועקען אַ שנאה צו דער אָרדענונג, ביי וועלכער עס זיינען מעגליך אַזעלכע פערברעכען. ניט בעוויינען דאַרף מען די חברים, נאָר לערנען זיך ביי זיי שטאַרבען, בעסער שטאַרבען אין קאַמפף, איידער לעבען ווי אַ דערשלאָגענער, פערפינסטערטער קנעכט, וואָס ווייס ניט פון פרייד און פון גליק. זיין רעדע האָט ער געענדיגט מיט אַ הייסען אויפרוף פאַר׳ן קאַמפף פאַר אַ בעסערער צוקונפט, פאַר׳ן סאָציאַליזם. נאָך זיין רעדע האָט דער כאָר געזונגען אַ רעוואָ־לוציאָנערע ליעד. דערנאָך האָבען גערעדט נאָך רעד־נער און מיט דעם זינגען פון רעוואָלוציאָנערע ליע־דער האָט זיך געענדיגט די פערזאַמלונג, וואָס האָט געמאַכט אַ שטאַרקען איינדרוק אויף די אַרבייטער.

כדי צו ווירקען סאָלידאַריש, זיינען מיר אַריין אין אַ פערבינדונג מיט דער גרופּע פון דער רוס. פּאַרטיי. מען האָט געבילדעט אַ געמיינזאַמע קאָמיסיע, וועלכע ס׳האָט אָבגעשטעלט דעם שטרייק אויף דאָ־נערשטאָג, דעם 7־טען. און דעם 6־טען אין אָוונט האָט געזאָלט פאָרקומען אין שטאָדט אונטער׳ן פרייען הימעל אַ פערזאַמלונג פון קריסטלעכע און יודישע אַרבייטער. עס איז אָבער געווען אין דעם אָוונד אַ גוס רעגען און אַ שרעקליכער געוויטער, און פון דער פערזאַמלונג האָט מען זיך געמוזט אָבזאָגען. דאָנערשטאָג אין דער פריה האָט מען פערברייטעט די פּראָקלאַמאַציעס אויף יודיש און רוסיש, וואָס מיר האָבען אַרויסגעגעבען אין איינעם מיט דער גרופּע פון דער רוס. פּאַר. און אין וועלכער מיר האָבען גערופען צום שטרייק. די פּאָליציי, די קאָזאַקען און דער חיל, וועלכע עס האָבען געמאַכט פון דער שטאָדט אירן אמת׳ן מלחמה־לאַגער, האָבען שטאַרק גע־שטערט אין דער פערברייטונג פון די פּראָקלאַמאַציעס. ניט קוקענדיג אויף דעם, האָט זיך דאָך איינגעגעבען צו דערגרייכען אַז אַלע מאַגאַזינען זיינען געווען פערמאַכט, אין אַלע ווערקשטאַטען און פאַבריקען (אַחוץ נאָר 2 אונבעדייטענדע) האָט זיך די אַרבייט אָבגעשטעלט, אַלע באַנקען זיינען געווען געשלאָסען, די פּאָליציי איז געווען אויסער זיך.

איבער די שטרענגע מיטלען, וועלכע די פּאָליציי האָט אין דעם טאָג אָנגעווענדעט איז אויסגעקומען צו ענדיגען פריערליך דעם שטרייק. אַפילו קיין מאַ־ניפעסטאַציע האָט מען ניט געקענט מאַכען, ווייל עס איז קיין שום מעגליכקייט ניט געווען צונויפצוקלייבען אינאיינעם אַפילו 10 מענשען. די שטאָדט איז אַזוי ווי אויסגעשטאָרבען. אויפ׳ן גאַס האָט מען נאָר גע־הערט, ווי עס טאָפּען פערד און עס פייפט די נאַ־גאַיקע. דאָס האָבען די קאָזאַקען געשלאָגען די פערד און בייגעהענדע אַרבייטער. געשלאָגען האָט מען אַלע־מען אָהן אַ׳ן אונטערשיעד און אָהן שום אויסרייד. אין דער אונטערשטער שורה — אַ סך צושלאָגענע, צו׳מזיקטע און 5 אַרעסטירטע, פון וועלכע 3 האָט מען שוין אַרויסגעלאָזען.

אויף מאָרגען האָבען די פעראייניגטע אָרגאַני־זאַציעס אַרויסגעלאָזען קאַרטלעך, אין וועלכע מען האָט איינגעלאַדען אויפצוהערען שטרייקען, פּראָקלאַמאַציעס וועגען דעם שטרייק, און אויך בלעטלעך, אין וועלכע מען האָט מודיע געווען וועגען דעם באָיקאָט אויף דער טערקישער בעקעריי — די איינציגע גרויסע אונטערנעהמונג, וועלכע עס איז געווען אָפען אין דעם טאָג פון שטרייק.

# הסוציאַל־דימוקראטים על הפגנת השביעי ביולי 1905

בוברויסק. בשביעי ביולי הכרזנו בשם קבוצת הר. ס. ד. ר. פ. והסתדרות ה„בונד" שביתה כללית בקשר עם המאורעות האחרונים בלודז', אודיסה וערים אחרות. השביתה היתה כללית באמת: כל החיים בעיר שותקו, הפסיקו את עבודתם גם עובדי הבנקים, הספריה הציבורית, הסבלים בתחנת הרכבת ובאניות. רושם רב עשתה על כולם הצטרפותם של כמעט כל הפועלים בבתי־החרושת. „השוו את השבי־עי ביולי עם השביתה בינואר בבוברויסק", קוראים אנו בעלון המסכם את תוצאות השביתות, „ותראו כמה התפתחו הפועלים במשך חדשים ספרים אלה. בינואר לא שבתו הפועלים כאיש אחד. מעטים היו בינינו פועלי בתי־החרושת. רעשו והמו המכונות בבתי־החרושת וכאב מר עורר בלבם של הפועלים בעלי ההכרה העשן הבוגדני של ארובות המפעלים. לא כך הדבר עתה. כל אחינו צעדו תחת דגל הסו־ציאל־דימוקראטיה". אפייני הוא יחסה של הקבוצה הציונית הראדיקאלית. היא הצטרפה אלינו בלי כל הסתייגות. „פועלי־ציון" — בהסתייגות־מה. כמחאה נגד ה„בונד" שלא מצא לנכון לבוא לכלל הסכם עם „פועלי־ציון" כעם ארגון. הם החליטו לפתוח בשביתה רק משעה אחת אחה"צ, כפי שצוין הדבר בכרוז שלהם. לפי הערתו הקולעת של אחד הפועלים שלנו מחו „פועלי־ציון" דכאן עד שעה אחת אחר הצהרים נגד ה„בונד" ומשעה אחת ואילך — נגד שלטון הצאר.

המשטרה גויסה. אי־אפשר היה להפגין. הקוזקים השתוללו. העיר נראתה כמחנה צבאי. עוברים ושבים עברו חיפושים פה ושם כשלוש פעמים: חשודים הוכו קשות. מפקד המשטרה פקד לפתוח את החנויות. ניסה בטוב ובאיומים: קנס של 50 רובל, הבטחות לשמור, אולם הכל לחינם. „קיבלנו פקודה לסגור, יש לעזור גם לסוציאַליסטים — ענו החנוונים — אתם שומרים אותנו היום, והם ימצאונו תמיד". הפחד מפני ה„דימוקראטים" והאהדה להם עשו את שלהם. הרחוב נכנע לקריאתנו. הוא טוהר מרעש ,המולה, ביום זה הוא היה שלנו.

על קונדיטריה תורכית אחת, שהיתה פתוחה תחת משמר של שוטרים וחיילים, הטלנו חרם. מיד לאחר שהוצא הכרוז המתאים התרוקנה הקונדיטריה. שיחות בלי סוף, החברות תומכות בחרם. בעל הקונדיטריה מצטדק: המשטרה כפתה עליו, כביכול, לפתוח חנו־תו, מבטיח שלא יחזור לסורו. יש שמועה כי הוא מבטיח כמה מאות רובלים אם יוסר החרם מעליו. כל החנוונים נדהמים; הם חדורים יחס של כבוד להסתדרות, המפגינה בגלוי את כוח השפעתה העצום על החיים הציבוריים.

בעת השביתה חולקו שלושה כרוזים בחתימת קבוצת הר.ס.ד.ר.פ. והסתדרות ה„בונד": הראשון (2000 טפסים) — קול קורא לשביתה; השני (800 טפסים בדפוס) מוקדש לחרם; השלישי (2000 טפסים בדפוס) — מסכם את תוצאות השביתה. הודפסה מודעה על סיום השביתה. ההפצה התנהלה בהצלחה רבה. אין אבידות. חבר אחד שנעצר נחלץ וכיבד את השוטר בכמה סטירות לחי. במקרה אחד סגרה נערה בזריזות רבה את הפשפש בפני הקוזקים והשוטרים שרדפו אחריה, דילגה מעבר לגדר ונעלמה.

בבתי־החרושת התחזקה קבוצתנו עד מאד. די שחברינו יבואו וכולם יוצאים מבית־החרושת לשמוע את דברי הסוציאליסטים. בתי־חרושת אחדים נעלבים אם תועמלנינו פוסחים עליהם. בבית־החרושת ללבנים, שבו רץ השומר להזעיק את המשטרה בינואר, ופועל הכה מכות נאמנות את התועמלן, עכשיו עם קריאתנו הראשונה, הפסיקו כולם את העבודה. אנו יכולים להיות שבעי־רצון מעבודתנו אף לפי ההערכה החמורה ביותר. נאסר הפועל ולול נורקין, הנאשם בהסתת פועלי מסילת־הברזל. בשעת מעשה הוכה מכות נאמ־נות שומר המסילה.

קבוצת הר. ס. ד. ר. פ. בבוברויסק
(„פרוליטרי" 1905, גל' 12)

# די לוויה פון בערל גענקין

מאָנטאָג, דעם 11־טען, האָבען זיך 2 גנבים, קריסטען, צושלאָגען אויפ'ן מאַרק מיט 2 אידישע גנבים; די ביידע יודין זיינען פערוואונדעט געוואָן מיט מעסער. אונזער קעמפפס־אָטריאַד, רעכענדיג, אַז עס הויבט זיך אָן אַ פּאָגראָם, איז תיכף געקומען אויף'ן מאַרק; אָבער ווי נאָר ער האָט דערגאַנגען וואָס עס האָט זיך דאָרט געטהאָן, האָט ער בלויז פּאַנאַנדערגענומען די גנבים, און עס איז תיכף

געוואָרען רוהיג. דער פּאָליציי איז עס אַ פּנים ניט געפעלען געוואָרען, ניט דאָס איז זי אויסען געווען; עס האָט איהר, ווי עס ווייזט אויס בכלל פּערדראָסען, וואָס זי איז אָבגעשטאַנען פון איהרע ברידער אין אנדערע שטעדט, און בעת „ביי לייטען" זיינען געווען פּערוואונדעטע און אַפּילו אויך דער'הרג'עטע, האָט זי נאָר געהאַט צו'מזיק'טע און צושלאָגענע מיט נאַגאַיקעס; זי האָט אַרויסגעשיקט אַ שכור'ע כאַלאַסטרע קאָזאַקען, וועלכע זיינען אָנגעפאַלען אויף'ן מאַרק ווי ווילדע חיות, און האָבען אָנגעהייבען צו „אַרבייטען" אויף'ן עכטען קאָזאַק'שען שטייגער ניט נאָר מיט די נאַגאַיקעס, נאָר אויך מיט די שווערדען. איינעם אַ אידען, א'ן אַרבייטער, גאָר אַ'ן אונשולדיגען, האָבען זיי צופּלעט די קאָפּ. אין שטאָדט האָט מען אָנגעהויבען צו ריידען, אַז די פּאָליציי גרייט צו אַ פּאָגראָם, אַז דער צופאַל אויף'ן מאַרק איז נאָר אַ'ן אויסרייד אויף צו שלאָגען די אידען־„דעמאָקראַטען". צו דאָס איז געווען ריכטיג אָדער ניט, נאָר אונזער קאַמפּף אטריאַד איז געווען גרייט. די אַרבייטער, העכסט אויפגערעגטע האָבען געוואָרפען די אַרבייט. בעת מען האָט אַוועקגעפיהרט דעם פּאַרוואונדעטע אַרבייטער אין שפּיטאָל האָבען איהם בעגלייט אַ סך אַרבייטער און צוריקגעהענדיג האָבען זיי געמאַכט אַ מאַניפעסטאַציע. די רעוואָלוציאָנערע אויסרופען, די קולות „אוררא" און דאָס שיסען האָבען זיך געהערט אין דער גאַנצער שטאָדט. די פּאָליציי און פּאַטרולען (די קאָזאַקען האָט מען ניט געזעהען. ווי מען דערצעהלט, האָבען זיי גערעכענט, אַז דאָס רופט מען זיי מיט אַ כיון אַרויס, כדי נוקם זיין זיך אָן זיי, און זיי האָבען זיך דעריבער ניט בעוויזען), זיינען אַרומגעלאָפען פון איין אָרט צו דעם אַנדערען און האָבען אָבער די מאַניפעסטאַנטען ניט געקענט כאַפּען. קומען זיי אויף איין גאַס, הערט זיך שוין פון דער צווייטער, ווי מען שיסט פון רעוואָלווערען און מען זינגט רעוואָלוציאָנערע לידער. די פּאָליציי האָט זיך אין דעם טאָג גענוג אָנגעלאָפען. די איינוואָהנער האָבען דעם מאָל אַזוי סימפּאַטיזירט מיט אונזערע פּראָטעסטען, אַז אַ סך פון זיי פלעגען עפענען די טויערן און טירען פון די הייזער און פלעגען איינלאַדען די מאַניפעסטאַנטען בעהאַלטען זיך פון די רדיפות פון דער פּאָליציי.

אין דער נאַכט פון מאָנטאָג אויף דינסטאָג איז געשטאָרבען דער פּערוואונדעטער אַרבייטער — בערע גענקין. אונזער אָרגאַניזאַציע האָט בעשלאָסען צו ערקלערען נאָך אַ מאָל אַ שטרייק און צו מאַכען אַ גרויסע לויה. דעם 12־טען האָט זיך אין שטאָדט אָבגעשטעלט פון אין דער פריה אָן יעדע באַוועגונג. אַלץ איז געווען געשלאָסען; ערגעץ האָט מען ניט געאַרבייט (אפילו דער בעל הבית פון דער טערקישער בעקעריי האָט אַליין אַוועקגעלאָזען די אַרבייטער און האָט געהאַלטען די בעקעריי אַ גאַנצען טאָג פּערמאַכט). אין דעם טאָג איז אויך די פּאָסט געווען פּערמאַכט, אונזער אָרגאַניזאַציע אין איינעם מיט דער גרופּע פון דער פּאַרטיי האָבען בעשלאָסען פייערליך צו דעמאָנסטרירן אויף דער לויה פון דעם פּערשטאָרבענעם אַרבייטער. צו דיזען בעשלוס זיינען אויך צוגעשטאַנען די ציוניסטען־סאָציאַליסטען. אַרום שפּיטאָל האָט זיך צונויפגעקליבען אַ מורא'דיג גרויסער עולם. פון ווייטען איז געשטאַנען אַ ראָטע סאָלדאַטען. מען האָט געהאַלטען עטליכע רעדען, און דערנאָך האָט מען אַרויסגעטראָגען די בעט מיט דעם דער'הרג'עטען. די פּראָצעסיע איז צוגעגאַנגען מיט גרויס פּאַראַד. צוערשט איז געגאַנגען דער בעוואָפענטער קאַמפּפ'ס אטריאַד און האָט געבילדעט אַ קייט, דורך וועלכער מען האָט קיינעם ניט דורכגעלאָזען, גלייך נאָך איהם האָבען אידישע און קריסטליכע אַרבייטער געטראָגען דעם מת; הינטען האָט פּערנומען אַ גרויסען שטח א'ן עולם פון 15 טויזענד מענשען פון אַלערליי פּאָלקס־שיכטען און לעבענסלאַגען. וועמען מען פלעגט דערזעהן שטעהענדיג ביים טויער אָדער אויף'ן באַלקאָן האָט מען פּאָרגעלייגט אָדער צושטעהן צו אונז אָדער אַוועקגעהן. דער עולם האָט געפאָלגט. דער גרעסטער טייל איז צוגעשטאַנען צו אונז. קיין פּאָליציי האָט מען גאָר ניט געזעהן, זיי האָבען זיך ערגעץ וואו בעהאַלטען. דעם מת האָט מען געטראָגען איבער די הויפּט גאַסען פון שטאָדט, פּערביי דער פּאָליציי. די לויה האָט געדויערט מעהר איידער צוויי שעה. דער בית־עלמין איז געווען געפּאַקט מיט מענשען. די רעדנער האָבען גערעדט אויף אַ טריבונע, אַ'ן אַרומגערינגלטע מיט פאָהנען. דער ערשטער האָט גערעדט אונזער רעדנער, און אין גאַנצען זיינען געווען 9 רעדען אויף אידיש און רוסיש. די בעגייסטערונג איז געווען גרויס. יעדער רעדע האָט מען בעגלייט מיט רעוואָלוציאָנערע אויסרופען און מיט אַ דונערדיגען „אוררא". מען האָט געזונגען רעוואָלוציאָנערע ליעדער. צוריק

זיינען מיר ווידער געגאַנגען אַלע אין איינעם, דעמאָנסטראַטיוו דערגאַנגען ביז דער הויפּט גאַס וואו מיר האָבן בעשלאָסן צו פאַנאַנדערגעהן זיך. די פּאָליציי האָט ניט געשטערט; חיל איז געווען אַ סך. אין אָוונט זיינען, אַקוראַט ווי נעכטען, אין דער גאַנצער שטאָדט געווען מאַניפעסטאַציעס. די פּאָליציי און פּאַטרולען האָבן זיך געסטאַרעט אויסמיידען די מאַניפעסטאַציעס, קיין קאָזאַקען זיינען ניט געווען.

## דער מאָרד פון אַ בעקער בעת׳ן שטרייק פון 1906 *

זעהר אַ טרויעריגער צופאַל איז פאָרגעקומען די טעג, ביי אונז אין שטאָדט, אַ צופאַל וועלכער האָט אַרויסגערופען אַ גרויסען טומעל ביי אַלע איינוואָהנער און נאָך מעהר ערביטערונג ביי אונזערע חברים. אַ היגער בעקער איז אונערוואַרטעט געפאַלען, אַלס אַ קרבן, אין אַ געשלעג מיט אונזערע חברים. פאַר אַלע אונזערע פיינד איז איצט, פערשטעהט זיך אַ גוטע צייט צו וואַרפען שמוץ אויף אונזער אָרגאַניזאַציע, איבערגעבענדיג דעם פאַקט אין ווילדע פאַרבען...

ניט זיי ווילען מיר ענטפערען, ניט פאַר זיי ווילען מיר יוצא זיין מיט איצטיגער מעלדונג. מיר פיהלען פאַר זיך אַליין אַ חוב צו ערקלערען פאַר אַלעמען דעם פאַקט, ווי ער איז פאָרגעקומען אין דער ווירקלעכקייט. — אין שטאָדט פיהרט זיך יעצט אַ שטרייק ביי די בייגעל בעקערקעס. די בעדינגונגען פון דער אַרבייט זײַנען שרעקליכע, עס קומט אויס צו שטעהען ביים פייער טאָג ווי נאַכט, דער געהאַלט איז זעהר קליין. עס איז שווער, מיט איין וואָרט, זיך פאָרשטעלען די ביטערע לאַגע פון די אַרבייטער... לאַנג האָבען די לעצטע געליטען און יעצט האָבען זיי בעשטימט פאָדערען בעסערע בעדינגונגען דורך אַ שטרייק. דער פּראָפעסיאָנעלער פעראיין האָט דעריבער געשיקט עטליכע חברים אָראָבנעהמען פון דער אַרבייט די שטרייק־ברעכער. ווי ביי אַזעלכע צופאַלען וועלכע קומען פאָר אין דער לאַנגיעהריגער פּראַקטיק פון אונזער עקאָנאָמישער באַוועגונג, איז אויך ביי איצטיגען מאָל פעראָרדענט געוואָרען, אַז מען זאָל מיט זיך ניט נעהמען קיין שום געוועהר און בשום אופן ניט אונווענדען געוואַלט־מיטלען, וועלכע קענען פיהרען צו טרויעריגע פאַלען. מיט אַפּנימער פרידליכער שטימונג זענען די חברים אַוועקגעגאַנגען ערפילן זייער זאַך. איין בעקער אָבער, מיט זיינע זיהן און בעקאַנטע, האָבען באַגעגנט אונזערע חברים בעוואָפענטע מיט העק, קירקעס, בראָוועס, און אַנדערע געצייג, ניט אַריין־לאָזענדיג זיי אין שטוב. אונערוואַרטעט האָט זיך אויפגעהויבען אַ שרעקליכער געפילדער. אונזערע חברים האָבען געבעטען די בעקער בארוהיגען זיך, עס האָט אָבער ניט געהאָלפען. די ווילדע געפיהלען האָבען זיך וואָס מעהר און מעהר צופלאַקערט, איינער האָט זיך איינגעשטשעפּעט אין דעם צווייטען, ס׳איז געוואָרען אַ גרויסער געשלעג. פאַר אונזערע חברים איז דאַמאָלסט, פערשטעהט זיך, ניט געווען קיין שום מעגליכקייט צונויפריידען זיך וואָס צו טאָן. צום גרויסען בעדויערן איז ביי איין חבר געווען צופעליג אַ רעוואָלווער פון וועלכען ער האָט צוערשט אויסגעשאָסען אין לופטען. דער געשלעג איז געוואָרען נאָך גרעסער, היציגער, דער חבר האָט ניט בעטראַכטענדיג זיך, אויסגעשאָסען צום צווייטען מאָל, די קויל אָבער האָט דעם מאָל געטראָפען דעם בעקער... אָט אַזוי איז געווען די מעשה.

עס פערשטעהט זיך, אַז מיר בעדויערן זעהר און זעהר דעם צופאַל, וועלכער קען קיין שום אָרט ניט האָבען אין אונזער טאַקטיק, ניט מיר ווילען פערגיסען מענשליכע בלוט...

מיר ערקלערען, אַז דער חבר האָט אינגאַנצען אַריבער געטראָטען די בעפאָלמעכטיגונג, ער האָט קיין שום רעכט ניט געהאַט נעהמען מיט זיך געוועהר און אָנווענדען ביי דעם צופאַל. אונזער אָרגאַניזאַציע וועט געוויס נאָך אויספאָרשען די זאַך, ווי געהעריג איז און וועט געוויס אונעמען געגען דעם חבר נויטיגע מיטלען. מיר האַלטען אויך פאַר אַ חוב צו ערקלערען, אַז דער יונגער מאַן, וועלכען מען האָט אויפן אָרט אַרעסטירט, האָט קיין שום שייכות ניט צו דעם צופאַל און איז ניט קיין מיטגליעד פון אונזער אָרגאַניזאַציע.

---

* לויט די זכרונות פון גאָרעליק (אין דעם זאַמל־בוך „1905 אין ווייסרוסלאַנד", מינסק 1925, זייט 128) איז דער נאָמען פון דעם דערהרגעטן קאַראַוואַיעוו און פון מערדער — בערנשטיין. דער לעצטער איז אַנטלאָפן אין אַמעריקע.

## הלל צייטלין

# בריחתו של י. ח. ברנר מהמשטרה בבוברויסק (1904)

— — לקחו את ברנר ועשוהו חייל, ברנר ועבודת הצבא הרוסית! מובן, כי בשום אופן לא יכול היה ברנר להסתגל אל מנהגיה של ה„קאזארמה" הרוסית, אל ה„פלדפבלים" הרודים בעוז, ב„מתנות יד" ובקללות ובגידופים בנתיניהם, ומאחר שהיה נופל בזריזותו מחבריו, היה שוקל למטרפסיה יותר מאחרים ומתענה עד מות תחת יד הנוגש... לאחר זמן הועבר לעיר אוריול. — — זמן רב התענה, עד שלסוף כשל כוח הסבל והוא ברח. תפשוהו ושוב התחילו להתעלל בו, להוביל אותו ב„אֶטאפ" מבית־אסורים לבית־אסורים, מדרך לדרך, מעיר לעיר, כי לא יכלו לקבוע את אישיותו, מאחר שהיה מחוסר כל תעודה, ואיש לא ידע מי הוא.

בימי היותו באוריול היה ברנר יוצא ונכנס אצל חבורה סוציאליסטית־רבולוציונית, ושם התודע אל חיה וולפסון מהומל. — — אך נודע לאותה חבורה של סוציאליסטים באוריול דבר בריחתו של ברנר ועינוייו ואת אשר צפוי לו לכשיוָדע סוף סוף מי ומה הוא — מיד נסעה חיה וולפסון ובאה לרוסלאבל (פלך סמולנסק) וסידרה שם חבורה מצומצמת של אנשים, ששמו להם למטרה לשחרר את ברנר, ואף אם יעלה הדבר בקרבנות מרובים. רוסי טהור אחד, סוציאל־רבולוציונר — שמו היה רומאן — הוזמן לקחת חלק במצוַת־הצלה זו, אף שלא ידע כלל מי הוא ברנר זה. ומאחר שהיה ידוע כי מובילים את ברנר לבוברויסק — יצא רומאן זה ועוד איזה אנשים עמו מרוסלאבל לבוב־רויסק, שם באו בדין ודברים עם קבוצת „בונדאים", וכשהובילו את ברנר לבית־האסורים דרך סמטה צרה, חטפו אותו „בכוחות משותפים" מיד מלוויו (ברנר עצמו לא ידע עד מה), חטפו ממש, עד שהמלווים, שהיו נדהמים ונרעשים, לא הבחינו כלום. הושיבו את ברנר בדירת סתרים, שם בבוברויסק. באותה דירה קונספירטיבית ראיתי את ברנר בפעם האחרונה. — — והנה קו מציין: ברנר לא היה שייך אז עוד ל„בונד" — ואת הדבר הזה גילה בפירוש למציליו, חבריו הבונ־דאים. אגב: את הסוד הזה ידעו הבונדאים גם קודם לכן, ובכל זאת לא הפריעה עובדה זו אותם מלהעמיד את נפשם בסכנה לשם הצלתו, הם הוקירו לא את ברנר הבונדאי, כי אם את ברנר האדם, שהיה חביב עליהם.

מכאן העבירוהו את הגבול בגניבה והגיע ללונדון.

כשבאתי לבוברויסק ונחתי שם כמה שעות יצאתי לחפש איש אחד ששמו סֶרֶבְּרַני, אכסטרן, שידע את כל הענינים המתרחשים כאן מסביב לברנר, והוא בישר לי את הבשורה הטובה, כי ברנר כבר ניצל והוא נמצא במסדרת הדפוס הקונספירטיבית של ה„בונד".

סרברני הוליכני מיד אל מסדרה בונדאית בוב־רויסקאית זו ושם מצאתי את ברנר בתוך חדר קטן „פחות מד' על ד'". יושב היה על כסא שבור למחצה ועל ידו שני מסדרי־אותיות יגעים ועייפים (עבדו כנראה כל הלילה בלי הפסקה), המנהלים אתו בחום רב ויכוח בשאלות ארץ־ישראל וגלות, עברית ואידיש...

— הא כיצד? הא כיצד? מי „שיחררך"?

— אין אני יודע — ענה ברנר — לכשהוליכני אתמול לפנות ערב שוטר לבית־הסוהר דרך סמטה אפלה קפצו והשתערו עלינו שני „יאטים". האחד הוציא מתוך מגפו סכין ארוכה וחדה, הבריק בה באפלת בין־השמשות, ובהכאה חזקה בפניו של השוטר הדהים אותו, והשני חטפני ואחזני תחת בית־שחיי וציוה עלי לרוץ, הוא רץ — ואני אחריו, עד שהגענו שנינו לכאן...

בזה נסתיימה שיחתנו על ההצלה. המשכה של השיחה היה כמו קודם, בכניסתי, בהשתתפותם של מסדרי האותיות הבונדאים, על הנושא: עברית — לא עברית, ארץ־ישראל או גלות...

(מ. קושניר — עורך — י. ח. ברנר, מבחר דברי זכרונות. ת"א, עמ' 35, 36, 40)

# די ערשטע רוסישע רעוואלוציע אין באברויסק

(אויסצוגן)

### דער אָקטאָבער־שטרייק

...ווי נאָר די באַנען האָבן אָנגעהויבן פונקציאָנירן, האָט מען פאַרשטאַרקט די אַגיטאַציע צווישן די באַן־אַרבעטער, ווי אויך צווישן די אַרבעטער אין די דעפּאָס.

כדי אונטערצושטיצן דעם אַלגעמיינעם אָקטאָבער־שטרייק, איז אין באַברויסק דערקלערט געוואָרן אַ דריי טאָגיקער אַלשטאָטישער שטרייק. ניט געקוקט אויף די וואָרענונגען פון דער פּאָליציי, זענען אַלע געשעפטן געווען פאַרמאַכט. די אונטערנעמונגען האָבן ניט געאַרבעט. ווען אויפן דריטן טאָג האָבן זיך אָנגעהויבן צו עפענען די קראָמען, איז דעמאָלט אויסגעטיילט געוואָרן אַן אָפּטייל, וועלכער כלעגט די קראָמען פאַרמאַכן. אין אַ גרויסן הורטגעשעפט האָבן, אונטער פאַרמאַכטע לאָדנס, געאַרבעט עטלעכע אָנגעשטעלטע. דער אָפּטייל האָט זיי תיכף אַראָפּגענומען פון דער אַרבעט, צעבראָכן די לאָמפּן און דעם געשעפט פאַרמאַכט. די איבעריקע קראָמען האָבן זיך מאָמענטאַל אָנגעהויבן צומאַכן. צוריקוועגס האָבן די אַרבעטער־אָפּטיילן באַגעגנט גרופּעס פּאָליציאַנטן. איינעם פון די לעצטע האָט מען שטאַרק צעשלאָגן און צוגענומען ביי אים דעם רעוואָלווער, — אַ צווייטער האָט געמאַכט פּליטה.

אויף מוראַוויאָווער גאַס זענען אויף די אַרבעטער אָנגעפאַלן קאָזאַקן. די גרופּע האָט געשטעלט אַ ווידערשטאַנד און זיך אָפּגעשלאָגן. עטלעכע אַרבעטער זענען דערביי מערדערלעך צעשלאָגן געוואָרן.

אויפן צווייטן טאָג האָט מען דעם שטרייק אָפּגערופן. דריי חברים זענען אַרעסטירט געוואָרן: פּאַש־קאָווסקי, וואָלפסאָן און זלאָטניק, וועלכע מען האָט געכאַפּט ביים פונאַנדערוואַרפן פּראָקלאַמאַציעס אין דער פעסטונג. זיי זענען אָפּגעזעסן עטלעכע חדשים.

### די „פרייהייט־טעג" אין אָקטאָבער

די ידיעה וועגן מאַניפעסט פון 17טן אָקטאָבער, איז דערגאַנגען צו באַברויסק ערשט דעם 19טן. די שטאָט האָט אויפגעלעבט. די גאַסן זענען פאַרפולט געוואָרן פון מענטשן. פּאָליציי און קאָזאַקן האָבן זיך ניט באַוויזן. אין אָוונט איז אויף שאָסיי־גאַס פאָרגעקומען אַ מיטינג און דערנאָך אַ דעמאָנסטראַציע.

די רעדנער האָבן גערופן ניט צו גלייבן אין דער „פרייהייט", וועלכע איז געגעבן געוואָרן פון אויבן, און פירן אַ ווייטערדיקן קאַמף פאַרן אַראָפּוואַרפן דעם צאַריזם.

אַ גאַנצע נאַכט זענען אין שטאָט אַרומגעגאַנגען מענטשן, געזונגען און געהערט די רעדנער. די רעוואָלוציאָנערע לידער, „אורא"־אויסגעשרייען און אויפרופן האָבן זיך אויסגעמישט מיט די טרוקענע זאַלפן פון רעוואָלווער־שאָסן. דאָס האָבן מיטגלידער פון די קאַמפס־אָפּטיילן פאַר פרייד געשאָסן פון רעוואָלווערן.

אויפן דריטן טאָג, שבת, איז אין טעאַטער־גאָרטן פאָרגעקומען אַ גרויסער מיטינג. דער גאָרטן איז געווען אָנגעפּאַקט מיט מענטשן. אַ טייל האָבן באַדעקט די פאַרקאַנעס אוןביימער, אייניקע זענען אפילו אַרויפגעקראָכן אויף די דעכער. עס האָט זיך געפירט אַ היציקע דיסקוסיע. די עסערישע און ציוניסטישע רעדנער האָט מען באַגעגנט מיט פּראָטעסט. זיי האָבן געמוזט אויפהערן. נאָך זיי איז נאָכגעגאַנגען בלויז אַ קליין הייפעלע פון זייערע אָנהענגער. דער מיטינג איז דורך מיט גרויס ענטוזיאַזם.

דער פאַראייניקטער קאָמיטעט פון די פאָרשטייער מצד אַלע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען אין שטאָט איז זיך צעפאַלן. אין אים זענען בלויז פאַרבליבן די פאָרשטייער פון „בונד" און „איסקרא".

דעם זעלבן טאָג, אין אָוונט, איז אין שטאָקס זאַל, וווּ ס'איז אַרויסגעשטעלט געוואָרן אַ גרויסער פּאָרטרעט פון קאַרל מאַרקס, פאָרגעקומען אַ גרויסע פאַרזאַמלונג פון „בונד", וואָס האָט געדויערט ביז איינס ביינאַכט. די פאַרזאַמלונג האָט איינשטימיק אָנגענומען אַ באַשלוס, צו פאַרנעמען שטאָקס זאַל און איינאָרדענען דאָרטן אַן אַרבעטער־קלוב.

זיי האָבן זיך נאָך ניט באַוויזן פונאַנדערצוגייין, ווי ס'איז אָנגעקומען די ידיעה וועגן דער בלוטיקער

שיסעריי, וואָס עס האָט איינגעאָרדנט אין מינסק גובערנאַטאָר קורלאָוו.

די פרייד האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ טיפן טרויער. די פאַרזאַמלטע זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען אַהיים מיט אַ שווער געמיט.

✶

אַ גאַנצן חודש האָט זיך די שטאָט געקוויקט מיט פרייהייט. די פּאָליציי איז געווען אויסערגעוויינלעך פּאַסיוו. דאָס האָבן אויסגענוצט אַלע פּאַרטייען און דורכגעפירט מאַסאָווקעס, מיטינגען און פאַרזאַמלונגען. אַ גרויסע צאָל פּראָקלאַמאַציעס איז פאַרשפּרייט געוואָרן איבערן שטאָט און אין די קאַזאַרמעס.

די אונטערנעמונגען האָבן נאָר טיילווייז געאַרבעט, ווייל דער רוב אַרבעטס־מענטשן האָט זיך געפונען אין די גאַסן. די בעלי־בתּים האָבן ניט אַראָפּגערעכנט פאַר די טעג, וואָס מ׳האָט ניט געאַרבעט.

דערווייל זענען אָנגעקומען ידיעות פון אַנדערע רוסישע שטעט, איינע פינצטערער פון דער צווייטער.

די צאַרישע מאַכט האָט פּראָוואָצירט פּאָגראָמען, וועלכע האָבן זיך ווי אַ כוואַליע דורכגעטראָגן איבער אַ סך שטעט פון רוסלאַנד.

אין באָברויסק איז מען צוגעטראָטן צו אָרגאַניזירן אַ שטאַרקע זעלבסטשוץ.

## די צוגרייטונג פון זעלבסטשוץ

אַלע יידישע אָרגאַניזאַציעס האָבן פאַרשטאַרקט זייערע קאַמף־אָפּטיילן און זיך באַוואָפנט מיט ר׳עוואָלווערן און פּאַטראָנעס.

אין וואַלד, ניט ווייט פון שטאָט, האָבן די קעמפער זיך געלערנט שיסן. חוץ הייסן געווער פאַר קאַמף־אָפּטיילן האָבן שמידער צוגעגרייט באַגנעטן, שפּיזן און שאַרפע שפּיצן, וועלכע מען פלעגט אָנטאָן אויף שטעקנס, וואָס האָבן געדאַרפט דינען אַלס געווער אויף אָנצופאַלן און פאַרטיידיקן זיך. מען האָט אויך צוגעגרייט נאַהאַיקעס מיט גראָבע בלייענע און אייזערנע שפּיצן. די פּייערלעשער־קאָמאַנדע איז די גאַנצע צייט געווען אויף דער וואַך. ס׳זענען ביי זיי געשטאַנען גרייט פעסלעך מיט וואַסער.

ס׳איז געשאַפן געוואָרן אַ פּאַראייניקטער אומלעגאַלער רויטער קרייז, אין וועלכן ס׳זענען אַריין די פיזיש שוואַכערע מיטגלידער פון די אָרגאַניזאַציעס. דער רויטער קרייז האָט באַקומען פאַרשידענע מעדיקאַמענטן און באַנדאַזש־מאַטעריאַלן, מען האָט צוגעגרייט טראַגבעטלעך. אָנגעפירט מיטן רויטן קרייז האָבן דאָקטוירים. זיי האָבן געלייענט לעקציעס פאַר די מיטגלידער, ווי צו געבן די ערשטע הילף פאַרוואונדעטע און ווי זיך צו באַגיין מיט זיי.

קיין געלט האָט ניט געפעלט. די באַפעלקערונג האָט זיך גערן באַשטייערט פאַר די קאַמפס־אָרגאַניזאַציעס. די יידישע בורזשואַזיע האָט מורא באַקומען פאַרן לעבן און אייגנטום, מען האָט אויפגעעפנט די בייטעלעך און געגעבן געלט, וויפל ס׳איז געווען נייטיק.

✶

די זעלבסטשוץ־אָפּטיילן האָבן ניט געהאַט קיין באַשטימטן אויפהאַלט־אָרט. יעדן טאָג האָט מען געביטן דאָס אָרט.

ס׳איז געווען גענוג, צו דערקלערן אַ וועלכן ניט איז רייכן יידן, אַז אין דעם טאָג וועט ביי אים איינשטיין אַן אָפּטיילונג פון אַזוי פיל און אַזוי פיל מענטשן, פלעגט שוין יענער צוגרייטן עסן און אַן אָרט צום שלאָפן. 4—5 אָפּטיילונגען פלעגן יעדן טאָג דעזשורען איבערן שטאָט. כדי צו פאַרמיידן אומרוען, וואָס האָבן געקענט פּלוצלונג אויסברעכן, זענען אין שטאָט אַרומגעגאַנגען אויסשפּירער און פּאַטרולן. די דאָזיקע אויסשפּירער פלעגן זיך אַריינבאַקומען פאַרשטעלטערהייט אויף די פאַרזאַמלונגען פון „פאַרבאַנד פון רוסישן פאָלק״, וואָס האָט זיך דעמאָלט אָרגאַניזירט אין באָברויסק (אַזוי האָבן געהייסן די שוואַרץ־מייעניקעס).

אין באָברויסק איז צו קיין פּאָגראָם ניט דערגאַנגען. די מאַכט־אָרגאַנען, אויף וועמענס איניציאַטיוו און דערלויבעניש עס פלעגן, געוויינטלעך, פּאָרקומען די פּאָגראָמען, האָבן קענטיק מורא געהאַט, רעכענענדיק זיך מיט די כוחות פון די רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס.

## עקספּראָפּריאַציע

אין יאָר 1906 האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה עקספּראָפּריאַציעס. די באָברויסקער אָרגאַניזאַציע „בונד״ האָט דורכגעפירט אַן עקספּראָפּריאַציע אין שטשעדרין. אין דער געשיקטער אַהין גרופּע זענען

אַריין: נאַכקע, וואָלפסאָן העסל, בענדאַט, אשכנזי אברהם, קראַך לינע, גאַרעליק אפרים־איטשע און העלפאַנד איטשע. זיי זענען אָנגעפאַלן אויף אַ בראַנפן־קראָם און פּאָסט־טעלעגראַף־קאָנטאָר און צוגענומען דאָרטן 3600 רובל, 360 רובל אין פּאָסט־ און הערב־מאַרקעס, 3 רעוואָלווערן און אַ שווערד. דערנאָך איז נאַכקע אַוועקגעפאָרן קיין ווילנע און איבערגעגעבן דאָס געלט אין צ. ק. דער צ. ק. איז אָבער געווען זייער אומצופרידן מיט דער עקספּראָפּריאַציע און האָט זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען דאָס געלט. ס'איז דערגאַנגען דערצו, אַז מען האָט געוואָלט פונאַנ־דערלאָזן די באָברויסקער אָרגאַניזאַציע פון „בונד". סוף־כל־סוף האָט מען דאָס געלט צוגענומען. די באָברויסקער אָרגאַניזאַציע האָט אָבער באַקומען אַ שטרענגע אינסטרוקציע, להבא ניט דורכצופירן קיין עקספּראָפּריאַציעס.

*

שפּעטער האָט מען אין שטאָט דורכגעפירט נאָך אַ פּאָר עקספּראָפּריאַציעס, אָבער די אָרגאַניזאַציע האָט צו זיי קיין שייכות ניט געהאַט. ביי אַ פּרווו פון אַן עקספּראָפּריאַציע אויף דער טאַבאַק־פאַבריק האָט מען געהרגעט דעם בעל־הבית סאָטיסאָן. די עקספּראָפּריאַטאָרן זענען אַרעסטירט געוואָרן, עטלעכע האָט מען דערשאָסן. צווישן זיי איז געווען שמואל שאַפּיראָ — אַן אַנאַרכיסט.

אין באָברויסק האָבן קיין אַנאַרכיסטישע גרופּן ניט עקזיסטירט, ס'זענען בלויז געווען אַנאַרכיסטיש געשטימטע מענטשן. צווישן זיי האָבן זיך אויך געפונען דער דערמאָנטער שאַפּיראָ, וויינער יוסף און קאַליע טעפּער, וועלכער האָט זיך אין יאָר 1905 דערקלערט אַלס אַנאַרכיסט. די אַנאַרכיסטן האָבן ניט אַרויס־געוויזן קיין שום טעטיקייט, אויב ניט רעכענען די אַרויסטרעטונגען אויף רעפעראַטן אַלס אָפּאָנענטן.

### דער פּריזיוו

דער פּריזיוו, וואָס האָט געדאַרפט פאָרקומען אין האַרבסט 1905, איז געוואָרן אָפּגעלייגט, צוליב די אומרוען, אויף יאַנואַר 1906. אין יאַנואַר האָבן זיך אין שטאָט אָנגעהויבן צונויפקומען רעקרוטן פון גאַנצן אויעזד. די שטורמישע שטימונג איז נאָך אין גאַנצן ניט אַריבער און די השפּעה פון די רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס האָט מען אין שטאָט ווידער אָנגעהויבן פילן. צום פּריזיוו האָבן זיך געדאַרפט שטעלן אויך אַ סך רעוואָלוציאָנערן, די מערהייט פון זיי — מיטגלידער פון באָברויסקער בונדישן קאָמיטעט, פון די פּראָפ.־פאַראיינען, קאַמף־אָפּטיילן און אַ סך אַנדערע אַקטיווע טוער. אַלע זענען זיי געקומען אין דער „פּריסוטסטווע".

דער אָנפירער פון דער דוואָריאַנסטווע, וועלכער איז געזעסן אין דער קאָמיסיע, איז אַרויס צו די רעקרוטן און פאַרגעלייגט אויסצוקלייבן פאָרשטייער, וואָס זאָלן אַכטונג געבן אויף דער אָרדענונג. מען האָט אויסגעטיילט 3 פּערזאָן: נאַכקע יאָכוויד, אשכנזי און וואָלפסאָן העסל.

אַלע פּריזיוויניקעס — מיטגלידער פון די אָרגאַ־ניזאַציעס, — האָבן באַקומען אינסטרוקציעס, ווי זיך צו האַלטן. יעדער האָט געדאַרפט זאָגן, אַז ער איז געזונט און אויף דער פראַגע: „פון וואָס פאַר אַ רעליגיע", געבן איין ענטפער: „סאָציאַל־דעמאָקראַט" און אויך דערקלערן, אַז זיי אָנערקענען ניט דעם מיליטאַריזם.

אויפן זאַמלפּונקט האָט מען דורכגעפירט צוויי מיטינגען: איינער צווישן די שטאָטישע פּריזיוויניקעס, אַ צווייטן — פאַר די געקומענע פון אויעזד.

נאָכן „אָפּגעבן", ווען מ'האָט געדאַרפט די יונגע סאָלדאַטן אָפּשיקן, איז זיך אַ העלפט פון זיי צעלאָפן; אַ סך זענען אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע, צוויי אין אָדעס און עטלעכע אין ווילנע.

נאַכקען האָט מען מורא געהאַט „אָפּצוגעבן" אין באָברויסק, האָט מען אים אָפּגעשיקט אויף אַ קאָמיסיע אין מינסק.

אין מינסק איז ער אויך געווען באַוווסט ווי אַן אַקטיווער רעוואָלוציאָנער, האָט מען ניט געקוקט אויף זיין קראַנקייט, צוגענומען אים און אַוועקגעשיקט אין ווילנער פּאָלק. נאָכן אָפּזיין פיר וואָכן אין פּאָלק איז ער אַנטלאָפן קיין אָדעס, וווּ ער האָט געוווינט אומלעגאַל, אויף אַ פרעמדן פּאַספּאָרט, אַלס זון פון אַ באָברויסקער וואַסערטרעגער, וועלכער איז אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע.

### דער אַטענטאַט אויף דעם פּאָליציאַנט קאַרפּיענקאָ

אין יאָר 1906 איז אין באָברויסק דערמאָרדעט געוואָרן דער פּאָליציאַנט קאַרפּיענקאָ. אַלע האָבן אים

פיינט געהאַט, ווי איינעם פון די ערגסטע פּאָליציאַנטן אין שטאָט.

שפּעט אין אָוונט איז קאַרפּיענקאָ געגאַנגען אין דער ריכטונג צו שאָסיי־גאַס, צו דער היזון־פאַבריק, ניט ווייט פון וועלכער ער האָט געוווינט. אויפן וועג איז ער אַריין אין אַ קרעטשמע אויסטרינקען אַ גלעזל בראָנפן. ווען קאַרפּיענקאָ איז אַרויס פון קרעטשמע, האָט זיך איינער, אַ מיטגליד פון „בונד", וואָס האָט אויף אים לאַנג געוואַרט, דערנענטערט צו אים און מיט דריי רעוואָלווער־שאָסן אים אַוועקגעלייגט אויפן אָרט.

דעם חבר, וואָס האָט דערשאָסן קאַרפּיענקאָן, האָט מען ניט געפונען.

אויף מאָרגן האָט געדאַרפט פאָרקומען קאַרפּיענקאָס לוויה. די פּאָליציי איז געווען זייער אויפגערעגט און מען האָט געקאָנט דערוואַרטן כלערליי גוואַלדטאַטן מצד די פינצטערע עלעמענטן.

די קאַמף־גרופּעס זענען זיך שוין צעפאַלן צו יענער צייט. מערסטנטייל מיטגלידער זענען זיך צעפאָרן. אין שטאָט איז פאַרבליבן אַ קליינע צאָל. צוליב מורא פאַר מעגלעכע אַרויסטרעטונגען האָט מען צונויפגעזאַמלט אַ ביסל „דרוזשיניקעס" און געווער.

באַוואָפנטע „דרוזשיניקעס" האָבן זיך געפונען ניט ווייט פון דער הויפּט־גאַס און נאָכגעפאָרשט די לוויה־פּראָצעסיע.

די לוויה איז אַדורך שטיל. אויפן צוריקוועג איז אָבער דער המון אָנגעפאַלן אויף ווייצמאַנס בעקערייי, אויסגעהאַקט די שויבן און זיך געוואָרפן ראַבירן. ס'איז אַנטשטאַנען אַ פּאַניק. די דרוזשיניקעס זענען אָנגעלאָפן, עטלעכע ראַבירער צעשלאָגן און די איבעריקע — צעטריבן. דער איספּראַווניק, וואָס איז תיכף אָנגעקומען צום אָרט, האָט שנעל צוריקגעשטעלט די אָרדענונג.

## דער עקאָנאָמישער קאַמף נאָכן יאָר 1905

דער עקאָנאָמישער קאַמף פון די באַברויסקער אַרבעטער האָט ניט אויפגעהערט, ניט געקוקט אויפן דרוק מצד דער רעאַקציע, אויך נאָכן 1905טן יאָר.

אין נאָוועמבער 1905 האָט מען געמאַכט אַ פּרוּוו צו אָרגאַניזירן אַ לעגאַלן בויער־פאַראיין פון אַלע צעכן.

ווען ס'איז באַקומען געוואָרן די דערלויבעניש פון פּאָליצמייסטער, האָט מען צונויפגערופן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון די אַרבעטער. אויף דער פאַרזאַמלונג זענען בייגעווען אַ פּאָליציי־טשינאָווניק און 2 פּאָליציאַנטן. זיי האָבן דערלויבט די פאַרזאַמלונג מיטן תנאי, אַז מען זאָל רעדן רוסיש און ניט באַרירן קיין פּאָליטישע פראַגן. דאָך האָט מען זיך ביים תנאי ניט געהאַלטן: מען האָט גערעדט אויף פּאָליטישע טעמעס און אין יידיש.

דעם באַאַמטן האָט מען פריער אָפּגעפירט אין אַ צווייטן צימער, וווּ מען האָט אים מכבד געווען מיט אַ גוטן שנאַפּס און פאַרבייסעכץ. די פּאָליציאַנטן זענען געשטאַנען ביי דער טיר.

די פאַרזאַמלונג האָט אויסגעקליבן דעלעגאַטן אויף אונטערצוהאַנדלען מיטן גובערנאַטאָר וועגן דערלויבן דעם פאַראיין. זיי האָבן אָבער באַקומען אַן אָפּזאָג.

✶

סוף 1906 האָבן די בעלי־בתים פון די סטאָלערייווארשטאַטן דערקלערט אַ לאָקאַוט. אָנגעהויבן האָט זיך עס צוליב אַ שטרייק אויף אַ קליינער אונטערנעמונג, ווו דער בעל־הבית האָט אָפּגעזאָגט אַן אַרבעטער, וועלכער האָט זיך ניט געוואָלט אים אונטערוואַרפן. דער פאַראיין האָט דערקלערט ביים אונטערנעמער אַ שטרייק און געפאָדערט צונעמען צוריק דעם אַרבעטער. דאַן האָבן זיך די בעלי־בתים צונויפגערעדט, געשאַפן אַן אייגענע ביוראָ און געפאָדערט פון די אַרבעטער פירן די אונטערהאַנדלונגען מיט דער ביוראָ. ווען די בעלי־בתים האָבן באַקומען אַן אָפּזאָג, האָבן זיי דערקלערט אַ לאָקאַוט, פון וועלכן עס האָבן געליטן 200 סטאָליאַרעס.

דער קאַמף איז געווען אַן עקשנותדיקער. די בעלי־בתים האָבן פאַרגעלייגט אַן 11־שעהעדיקן אַרבעטסטאָג און שכירות ווי פריער. די אַרבעטער האָבן געפאָדערט אַ 9־שעהעדיקן אַרבעטסטאָג, און האָבן ניט געוואָלט אָנערקענען די בעלי־בתישע ביוראָ.

דער שטרייק האָט געדויערט 2 מיט אַ האַלבן חודש און האָט זיך געענדיקט מיט אַן אָפּמאַך. די אַרבעטער האָבן אָנערקענט די ביוראָ, און די בעלי־בתים זענען איינגעגאַנגען אויף אַ 9־שעהעדיקן אַרבעטסטאָג, ווי אויך אויף אַ ניט גרויסער העכערונג פון די שכירות.

✶

אין זעלבן יאָר האָבן די בעלי־בתים דערקלערט אַ באָיקאָט אויף אַלע אַקטיווע טוער פון דער סעקציע מאַליאַרעס און ניט גענומען זיי אויף אַרבעט.

דעמאָלט האָבן די מאַליאַרעס דורכגעפירט אַ פאַרזאַמלונג און אַליין פאַרטיילט די אַרבעט צווישן אַרבעטער. די בעלי־בתים האָבן זיך אָפּגעזאָגט אָנצו־נעמען די פאַרטיילונג.

ס'איז דערקלערט געוואָרן אַ שטרייק. בעתן שטרייק איז דורכגעפאַלן די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון די מאַליאַרעס. דער שטרייק האָט זיך איינ־געבראָכן.

✶

אין יאָר 1906 האָט מען אויסגעוויילט אַ נייע פאַרוואַלטונג פון שניידער־פאַראיין. אין דער פאַר־וואַלטונג זענען אַריין 9 פערזאָן: 5 מענער און 4 פרויען. אָנגעפירט האָט מיט זיי אַ פאָרשטייער פון „בונד". אויף דער ערשטער זיצונג איז די גאַנצע פאַרוואַלטונג אַרעסטירט געוואָרן. די אַרעסטירטע זענען אָפּגעזעסן צוויי וואָכן און האָבן נאָך באַצאָלט צו 20 רובל שטראָף. נאָכן אַרויסגיין פון טורמע האָבן זיי דורכגעפירט אַ שטרייק פון שניידער און קירזשנער. אַ דאַנק דעם שטרייק איז געלונגען איבער־צוגיין פון שטיק־אַרבעט צו וועכנטלעכע שכירות.

אין יאָר 1907 האָבן די בעלי־בתים אויסגענוצט די שוואַכקייט פון שניידער־פאַראיין און דעם מאַנגל אין באַשטעלונגען און ווידער איינגעפירט שטיק־אַרבעט.

אין יאָר 1908 האָבן די שניידער אַרויסגעשטעלט פאָלגנדע פאָדערונגען: יערלעכע אַרבעט, פון אוי־גוסט ביז אויגוסט, און אַן אַרבעטסטאָג פון 8 מיט אַ האַלבער שעה. די בעלי־בתים האָבן געענטפערט מיט אַ לאָקאַוט. דעמאָלט האָבן די אַרבעטער אָרגאַני־זירט אַ קאָאָפּעראַטיוו, ווו מען האָט באַשעפטיקט אַ טייל אַרבעטער און די איבעריקע האָט מען אונטערגע־שטיצט פון דער קאַסע. דער לאָקאַוט האָט זיך איינ־געבראָכן און די אַרבעטער האָבן געוווּנען.

אין יאָר 1907 איז פאָרגעקומען אַ שטרייק פון סטאָליאַרעס, וועלכע האָבן געאַרבעט אין האַנטוועער־קער־שול. די בעלי־בתים האָבן געפאָדערט, אַז די אַרבעטער זאָלן אַרבעטן פון שטיק, די אַרבעטער האָבן זיך אָפּגעזאָגט. די אַרבעטער האָבן דעם שטרייק געוווּנען.

אין יאָר 1906 האָבן די בעקער דערקלערט אַ שטרייק, אין וועלכן ס'האָבן אָנטייל גענומען העכער 200 פערזאָן. די פאָדערונגען זענען געווען פאָלגנדע: אַ 10־שעהעדיקער אַרבעטסטאָג, שבת שטעלן זיך צו דער אַרבעט ניט אין אָונט, נאָר איינס ביינאַכט. די בעלי־בתים האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו באַפרידי־קן די פאָדערונגען און אָנגעהויבן באַשעפטיקן שטרייקברעכער. דאַן האָט דער „בונד" אַרויסגעשיקט אַ קאַמף־גרופּע אַראָפּצונעמען די שטרייקברעכער פון דער אַרבעט. ווען די דרוזשינע איז געקומען אַראָפּנעמען די אַר־בעטער אין דער בעקעריי פון די ברידער קאַראַוואַיעוו, האָט איינער פון די לעצטע אָנגעכאַפּט אַ פאָרשטייער פון בערנשטיינס גרופּע און גענומען אים שטיקן. בערנשטיין האָט אַרויסגעכאַפּט אַ רעוואָלווער און אים דערשאָסן. ס'איז אַנטשטאַנען אַ פּאַניק, און די קאַמף־גרופּע איז פאַרשווונדן געוואָרן. בערנשטיין האָט זיך צו ערשט אויסבאַהאַלטן, דערנאָך איז ער אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע.

דער פאַל מיט קאַראַוואַיעוון האָט אָנגעשראָקן די בעלי־בתים, וועלכע האָבן שוין געציטערט צו באַשעפטיקן שטרייקברעכער, און די בעקער האָבן מורא געהאַט פאַר רדיפות מצד דער פּאָליציי. ביידע צדדים זענען געגאַנגען אויף הנחות. די בעלי־בתים האָבן מסכים געווען אויף אַ צען־שעהעדיקן אַרבעטסטאָג, און די בעקער זענען געווען געצוווּנגען מסכים צו זיין אויף אַ געוויסער פאַרקלענערונג פון די שכירות.

אין יאָר 1907 האָבן די ברויט־בעקער געפאָדערט פאַרגרעסערן דעם געהאַלט און באַצאָלן די געזעלן און שילער דירעקט דורכן בעל־בית. (פריער פלעגט זיי צאָלן דער מייסטער, וועלכער האָט זיי געדונגען). די בעלי־בתים האָבן אָפּגעזאָגט און ס'איז דערקלערט געוואָרן אַ שטרייק.

דער שטרייק האָט געדויערט אַ גאַנצן חודש און איז פאַרשפּילט געוואָרן צוליב דעם, וואָס דער מיטגליד פון בעקער־קאָמיטעט לייבעטשקע האָט פאַררעטעריש אַרויסגעגעבן די בעלי־בתים אַלע פּלענער און באַ־שלוסן פון די אַרבעטער. לייבעטשקען האָט מען שטאַרק צעשלאָגן און פאַרגעלייגט, אַז ער זאָל פאַר־לאָזן די שטאָט אין 24 שעה, וואָס ער האָט געמוזט טאָן.

אין אַפּריל 1908 איז פאָרגעקומען אַ שטרייק

פון ברויט־בעקער, וועלכע האָבן געפאָדערט העכערן די שכירות. דער שטרייק האָט געדויערט אַ וואָך און איז דורך זיי געוווּנען געוואָרן. דאָס זעלבע איז פאָרגעקומען ביי די בולקעס־בעקער.

אַ קליינעם עקאָנאָמישן קאַמף האָט מען אויך געפירט אין די איבעריקע צעכן: ביי די שלאָסער, בלעכער, ברוקירער, לעדער־אַרבעטער און אַנד.

אין יאָר 1908 ווערט איינגעשטילט דער עקאָנאָמישער קאַמף און ער שטאַרבט אָפּ אין גאַנצן אין סוף פון דעם דאָזיקן יאָר.

**מענדל עלקין**

# ניינצן הונדערט און פינף

## (אַ קאַפּיטל זכרונות)

אין דעם זאַמלבוך „1905 אין ווייסרוסלאַנד“, וואָס איז אַרויס אין מינסק אין 1925 אונטער דער רעדאַקציע פון ש. (ס) אַגורסקי, איז פאַראַן אַ קאַפּיטל אונטערן טיטל „באָברויסק אין 1905טן יאָר“. דער מחבר פון דעם קאַפּיטל איז איינער מיטן נאָמען גאָרעליק. אין דעם דאָזיקן קאַפּיטל זענען פאַרצייכנט עטלעכע מאָמענטן פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין 1905. צווישן זיי — צוויי פאַלן, אין וועלכע איך אַליין האָב זיך באַטייליקט. דאָס איז: 1) די דעמאָנסטראַציע אין צוזאַמענהאַנג מיט הענקינס מאָרד און 2) די געשיכטע מיט די 12 אַנטלאָפענע. אין גאָרעליקס באַשרייבונג פון די ביידע פאַלן איז הן אין די דאַטעס, וואָס ער גיט אָן, הן אין די דירעקטע סיבות, פאַראַן אַ היפּש ביסל אומפּינקטלעכקייטן, וואָס עס איז כדאי צו קאָרעגירן.

אגב, מיין באַטייליקונג אין דער פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציע צוליב דעם הענקין־מאָרד, איז ביי מיר פאַרבונדן מיט נאָך אַ פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכער איבערלעבונג, וואָס עס האָט מיט מיר פּאַסירט אין פּעטערבורג. אַנטלויפנדיק פון יענער איבערלעבונג, בין איך גלייך אַריינגעפאַלן אין דעם הענקין־אומגליק אין באָברויסק.

איז לאָמיר גיין כסדר, אָנהייבנדיק פון דער פּעטערבורגער געשעעניש.

1

### די לוויה פון הענקין

אין 1905 האָב איך געוווינט אין באָברויסק און האָב פּראַקטיצירט אַלס צאָנדאָקטאָר. אָנהייב יולי יענעם יאָר איז אין פּעטערבורג פאָרגעקומען דער „פערטער אַלרוסישער אָדאָנטאָלאָגישער צוזאַמענפאָר“, צו וועלכן מ'האָט מיך געשיקט, ווי אַ דעלעגאַט פון אַ גרופּע דענטיסטן פון באָברויסקער קרייז. פאַרפאָרן בין איך אין פּעטערבורג צו מיינעם אַ חבר, אַ קאָלעגע, און אַ באָברויסקער דערצו, מיטן נאָמען אברהם פישמאַן. ער האָט דערציילט, אַז אין שטאָט רודערט זיך מיט דעם צוזאַמענפאָר, עס זענען אָנגעפאָרן דעלעגאַטן פון אַלע עקן לאַנד, עס קומען פאָר צוגרייט־פאַרזאַמלונגען און דעם גענעראַל טרעפּאָווס פּאָליציי איז אויף דער וואַך...

עס איז דעמאָלט בכלל געווען אַן אומרויִקע צייט: — די מפּלות אויף די שלאַכטפעלדער אין יאַפּאַנעזישן קריג, די כסדרדיקע פּעטיציעס און רעזאָלוציעס, מיט וועלכע די זעמסטוועס און די פּויערים פלעגן פאַרהאַגלען די צאַרישע רעגירונג, — האָט געשאַפן אַן אומרויִקע אַטמאָספער אין לאַנד. די טרעפּאָווצעס האָבן געאַרבעט אויף אַלע כלים... דעריבער איז אויך אַרום דעם צוזאַמענפאָר די שטימונג געווען אַ געשפּאַנטע.

די פייערלעכע דערעפענונג פון צוזאַמענפאָר, ווי אויך די ווייטערדיקע זיצונגען זענען פאָרגעקומען אין דעם רייכן „קלוב פון די אַדללייט“ (דוואָריאַנסקאַיאַ סאָבראַניע). אויף די סעסיעס פון די ערשטע צוויי טעג איז מען געווען פאַרנומען מיט ספּעציפיש אָדאָנטאָלאָגישע פּראָבלעמען. אַלץ איז אַדורך רויִק, אַקאַדעמיש. אויף דער ערשטער סעסיע פון דריטן טאָג בין איך אויפגעטראָטן מיט אַ רעפעראַט. די טעמע איז געווען: „די סאָציאַלע און עקאָנאָמישע לאַגע פון דענטיסטן אין ווייסרוסלאַנד“. איך האָב רעפערירט וועגן דעם קאָנטינגענט פּאַציענטן, וואָס באַנוצן זיך מיט אָדאָנטאָלאָגישער הילף און פון

וועלכע שיכטן זיי קומען. איך האָב באַרירט די פֿראַגע וועגן דעם מצב פֿון אַדאַנטאַלאַגישער הילף אין די לערן־אַנשטאַלטן: גימנאַזיעס, רעאַל־שולן אאַז״וו.

פּלוצלונג איז צו מיר צוגעגאַנגען דער פּאַרזיצער פֿון דער סעסיע, דאָקטאָר ריבאַקאָוו פֿון כערסאָן, און האָט מיך געבעטן אָפּשטעלן דעם רעפֿעראַט. דער זאַל איז געווען פֿול מיט דוואָרניקעס אין ווייסע פֿאַרטעכער... אין אַ רגע אַרום האָט ער געמאָלדן, אַז ער שליסט די זיצונג, ווייל דער זאַל איז פֿול מיט שפּיאָנען און „די פֿאָרזעצונג פֿון קאָלעגע עלקינס רעפֿעראַט וועט פֿאָרקומען מאָרגן 9 אַזייגער אין דער פֿרי״. די זיצונג איז געוואָרן געשלאָסן. און אין אַ שווערן געמיטצושטאַנד האָט דער עולם פֿאַרלאָזן דעם זאַל.

אויף מאָרגן 9 אַ זייגער אין דער פֿרי בין איך געקומען צום „קלוב פֿון די אַדללייט״, ווו צוויי פּאָליציאַנטן האָבן מיך באַגעגנט מיטן באַרימטן ברוך־הבא — „קודאַ פּריאָש״? ביסט אַ האַראַמאַטנער? לייען! און איך האָב איבערגעלייענט אַ מעלדונג, וואָס איז געהאָנגען אויפֿן אַריינגאַנג־טיר, אַז אויף דער פֿאַראָרדענונג פֿון גענעראַל טרעפּאָוו איז דער פֿערטער אַדאָנטאָלאָגישער צוזאַמענפֿאָר געשלאָסן. אַ צעטומלטער פֿון דעם דאָזיקן סיורפּריז בין איך אַוועק זוכן די אַנדערע דעלעגאַטן און האָב אויסגעפֿונען, אַז אַלע האָבן פֿאַרלאָזן די הייליקע טרעפּאָוו־טערי־טאָריע און זענען אוועק קיין טעריאָקי (פֿינלאַנד). איך האָב אָן לאַנגע שהיות געכאַפּט מיין פּעקל און האָב זיך אויך געלאָזן קיין טעריאָקי. דאָרט האָב איך געפֿונען די דעלעגאַטן פֿון דעם פּאָליציייאיש־געשלאָסענעם צוזאַמענפֿאָר, אַרבעטנדיק איבער אַ טעקסט פֿון אַ פּראָטעסט־רעזאָלוציע קעגן דער ווילקיר פֿון דער מאַכט. עס האָט געדויערט עטלעכע שעה ביז אַ געהעריקער טעקסט איז אָנגענומען געוואָרן. פּעטערבורגער קאָלעגן האָבן אויף זיך גענומען צו באַזאָרגן דאָס פּובליקירן די רעזאָלוציע, און אַלע דעלעגאַטן מחוץ פּעטערבורג, און איך בתוכם, האָבן זיך, על כל צרה שלא תבוא... געלאָזן פֿאָרן אַהיים. אַרויסגעפֿאָרן בין איך אין אָוונט, און נאָך אַ רייזע פֿון 36 שעה בין איך אָנגעקומען קיין באָברויסק.

ביים אַריינגאַנג צו זיך אין שטוב האָט מיך באַגעגנט מיין פֿרוי רבקה ע״ה מיט דעם קליין טעכטערל עסיע אויף די הענט, און פֿון איר באַגריסן זיך מיט מיר האָב איך פֿאַרשטאַנען, אַז עפּעס איז ניט אין אָרדענונג. אויף מיין פֿראַגע, וואָס האָט פּאַסירט, האָט זי מיט אַ געבראָכן קול געענטפֿערט:— די שטאָט איז אומרויִק, קאָזאַקן האָבן נעכטן געהרגעט אַן אומשולדיקן יידן און מען האָט מורא פֿאַר דע־מאָנסטראַציעס און בלוטפֿאַרגיסונג.

נאָך דער פּעטערבורגער איבערלעבונג האָט די דאָזיקע בשורה געמאַכט אויף מיר אַ דערדריקנדיקן איינדרוק. עס איז געווען, ווי דער רוס זאָגט: — איז אָגניאַ דאַ וו׳פּאָלימיאַ — פֿון אַ פֿייער אין אַ פֿלאַקער.

איך האָב קודם כל געפּרוווט זיך דערוויסן, וואָס אַזוינס האָט פּאַסירט און ווי אַזוי איז געקומען צו דעם שרעקלעכן מאָרד.

געשען איז אָט וואָס:

מיט אַ טאָג צוריק (ווי ווייט איך געדענק, זאָל דאָס האָבן געווען צווישן 8טן און 10טן יולי, און ניט דעם 20סטן, און אויך ניט צוליב אַלגעמיינע קאַמף־סיבות, ווי דער מחבר גאַרעליק גיט אָן) איז אויפֿן מאַרק פֿאָרגעקומען אַ צוזאַמענשטויס פֿון פּויערים מיט אַ יידישער קרעמערקע. די קרעמערקע האָט באַשולדיקט אַ פּויער, אַז ער האָט עפּעס צוגעלקחנט ביי איר אין קרעמל. די פּויערים האָבן פּראָטעסטירט קעגן דער באַשולדיקונג און עס האָט אויסגעבראָכן אַ קריגעריי. דער דיזשורנער פּאָליציאַנט (גאָראָדאָוואָי) האָט מודיע געווען דער פּאָליציי וועגן דעם טומל, און דער פּאָליצמייסטער האָט אויפֿגעפֿאָדערט דעם אָפֿיציר פֿון דער ראָטע קאָזאַקן, וואָס זענען דאָרט געווען איינקוואַרטירט (פֿון שלום וועגן...), אַז ער זאָל אַרויספֿאָרן מיט די קאָזאַקן אויפֿן אָרט, ווו דער טומל איז. דער אָפֿיציר האָט זיך באַלד געלאָזן מיט זיין ראָטע קאָזאַקן צום מאַרק, אָבער ביז זיי זענען אָנגעקומען צום אָרט, איז שוין אַלץ געווען אין אָר־דענונג, — די פּויערים זענען שוין אַוועקגעפֿאָרן און די קרעמערקע מיט נאָך אַ סך קרעמער זענען געשטאַנען ביי די טירן פֿון זייערע געוועלבער און געוואַרט אויף קונים... די קאָזאַקן זענען אַוועק צוריק, ניט האָבנדיק אויפֿגעטאָן קיין שטאָך אַרבעט... אָבער גראָד דאַן האָט פּאַסירט אַ זאַך, וואָס האָט גורם געווען דעם שרעקלעכן מאָרד. עס האָט זיך אַרויס־געוויזן, אַז בעת דער אָפֿיציר האָט אויפֿגעפֿאָדערט זיין ראָטע צו דינסט, האָט איין קאָזאַק געפֿעלט. קו־מענדיק צוריק האָט אים דער אָפֿיציר געטראָפֿן און האָט אים אויסגעפּאַטשט פֿאַר ניט זיין אויפֿן אָרט

אָן אַ דערלויבעניש. דער קאָזאַק, אַ פאַרשעמטער און אָן אויפגערעגטער, האָט זיך אַרויפגעכאַפּט אויף זיין פערדל און האָט זיך הענדום־פּענדום געלאָזן צום מאַרק־פּלאַץ. אָבער ער האָט, צו זיין גרויסער אַנטוישונג, דאָרט קיין שום „אומרויִקייטן" ניט געפונען. דאָס האָט אים, משמעות, נאָך מער אויפגערודערט, און ער האָט זיך גענומען יאָגן צוריק צו זיין קוואַרטיר־פּלאַץ. יאָגנדיק זיך אַזוי האָט ער אויף מוראַוויאָווער גאַס דערזען אַ מאַן, אַ שטיינהאַקער, ביי דער אַרבעט, און מסתמא, כדי צו שטילן זיין אויפגעברויזטע יוכע, האָט ער אַרויסגעכאַפּט זיין שווערד און האָט דעם מאַן, אָן אַ פאַרוואָס און אָן אַ פאַרוואָן, געשפּאָלטן דעם קאָפּ און איז אַנטלאָפן. עס איז געוואָרן אַ טומל, מענטשן זענען זיך צונויפגעלאָפן, און אַ באַגאָסענעם מיט בלוט האָט מען דעם קרבן — זיין נאָמען איז געווען הענקין — אַוועקגענומען אין שפּיטאָל, ווו ער איז באַלד געשטאָרבן.

די דאָזיקע געשעעניש האָט אויפגערודערט די שטאָט. עס האָבן זיך אָנגעהויבן באַראַטונגען פון די פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס, ווי אַזוי צו רעאַגירן אויף דער שרעקלעכער געשעעניש. און עס איז באַשטימט געוואָרן איינצואָרדענען פאַר הענקינען אַ דעמאָנס־טראַטיווע פייערלעכע לוויה. ביינאַכט זענען איבער דער גאַנצער שטאָט אויסגעקלעפּט געוואָרן פּראָקלאַמאַציעס מיט אַ רוף צו דער באַפעלקערונג, צו שליסן די געשעפטן און צו באַטייליקן זיך אין דער לוויה פון מאַרטירער הענקין.

מיט אַ פּאָר שעה שפּעטער, נאָך מיין דערוויסן זיך די פּרטים פון דער טרויעריקער געשעעניש, איז אַריינגעקומען אַ פּאָליציאַנט און האָט מיר איבערגעגעבן אַ פאָדערונג פון פּאָליצמייסטער, אַז איך זאָל באַלד קומען אין זיין קאַנצעלאַריע. אויף מיין פראַגע: צו וואָס דאַרף מיך דער פּאָליצמייסטער, האָב איך באַקומען דעם קלאַסישן ענטפער: — „ניע מאַגו זנאַט", ד"ה, איך ווייס ניט.

איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דער וויזיט צום פּאָליצמייסטער האָט מסתמא א שייכות צו דער הענקין־געשיכטע. אָבער צו וואָס דאַרף ער גראַד מיך, איז מיר געווען אומפאַרשטענדלעך. אָבער, אַז נאַטשאַלסטוואָ רופט, קאָן מען קיין גראָבער יונג ניט זיין און מען דאַרף גיין... אַ צעשראָקענער אַ ביסל, בין איך אַוועק צום פּאָליצמייסטער. ער האָט מיך אויפגענומען זייער העפלעך, געבעטן זיצן און איז אַרויס מיט אַזאַ מאמר: „איך ווייס, אַז איר זייט ערשט היינט געקומען פון פּעטערבורג. איך פאַרשטיי, אַז איר זייט שוין מסתמא אינפאָרמירט וועגן דער טרויעריקער הענקין־געשעעניש און דעריבער טאַקע האָב איך אייך געבעטן קומען צו מיר אויף אַ שמועס. מיר ווייסן, אַז די שטאָט איז אומרויִק און אַז עס גרייט זיך אויף מאָרגן אַ גרויסע דעמאָנסטראַציע, אַ לוויה מיט רויטע פאָנען, מיט געזאַנג פון רעוואָלוציאָנערע לידער און מיט שיסעריי. איר פאַרשטייט דאָך, אַז מיר, רעגירונגס־אָנגעשטעלטע, קענען ניט בלייבן פּאַסיוו צו דעם. האָבן מיר אָבער מורא פאַר בלוט־פאַרגיסונג און מיר וואָלטן עס וועלן אויסמיידן. מיר ווייסן, אַז אייך דאַרפן זיין באַקאַנט די מענטשן, וואָס פאַרנעמען זיך מיט אָרגאַניזירן די דעמאָנסטראַציע. בעטן מיר אייך, איר זאָלט זען צו טאָן עפּעס, אַז עס זאָל ניט קומען צו אַ צוזאַמענשטויס. מיר גיבן אייך קיין עצות ניט, ווי און וואָס צו טאָן. טוט ווי איר פאַרשטייט. איך וועל וואַרטן אויף אייער ענטפער וואָס גיכער".

ער האָט זיך אויפגעהויבן פון זיין שטול, — אַ סימן, אַז דער „שמועס" האָט זיך געענדיקט, ניט לאָזנדיק מיר זאָגן קיין איינציק וואָרט. דאָס איז ניט געווען קיין שמועס, נאָר אַ קאַטעגאָרישע וואָרענונג, וואָס האָט קיין גוטס ניט צוגעזאָגט. איך האָב זיך פאַרנייגט און בין, אַ נאָך מער צעשראָקענער, אַוועק אַהיים. איך האָב זיך גלייך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט נאַכקע יאַכוויד, דער דעמאָלטיקער פירער פון „בונד" אין באָברויסק, און האָב אים איבערגעגעבן וועגן מיין וויזיט ביים פּאָליצמייסטער. נאַכקע האָט באַלד גערופן אַ זיצונג פון די אָנפירער פון די פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין אָרגאַניזירן די הענקין־לוויה און אין אַ פּאָר שעה אַרום האָט ער מיר געלאָזט וויסן די תנאים, אויף וועלכע די אָרגאַניזאַטאָרן פון דער לוויה קענען איינגיין, נעמלעך: אַלע געשעפטן אין שטאָט און אַלע בענק דאַרפן זיין געשלאָסן ביז נאָך דער לוויה. אָנשטאָט רויטע פאָנען וועט מען טראָגן די פאַרבלוטיקטע בגדים פון דעם דערמאָרדעטן הענקין, קיין געזאַנג וועט ניט זיין, דאָס וועט פאַרביטן ווערן מיט דעמאָנסטראַטיוון שטיל־שווייגן. אַרום דעם ארון וועט מאַרשירן אַ קייט מענטשן, וואָס וועלן זיך האַלטן ביי די הענט. אויף די גאַסן, דורך וועלכע די לוויה וועט גיין (דער מאַרשרוט איז אָנגעוויזן), טאָר זיך ניט געפינען קיין איין פּאָליציאַנט, סאָלדאַט אָדער קאָזאַק. בעתן פאַרבייגיין

די פּאָליציי־קוואַרטיר זאָלן די לאָדן פון די פענצטער זיין פאַרמאַכט. רעדעס וועלן געהאַלטן ווערן נאָר אויפן בית־עולם. דאָס זענען די תנאים, וואָס זענען אָנגענומען געוואָרן נאָך אַ ישוב־הדעת, וואָס האָט געדויערט 2—3 שעה. מיט דעם דאָזיקן ענטפער בין איך ווידער אַוועק צום פּאָליצמייסטער און האָב אים איבערגעגעבן די תשובה.

ער, ווידער, האָט מיר געלאָזט וויסן, אַז ער איז שוין ניט דער באַלעבאָס איבער דעם ענין, ווייל דאָס איז איבערגעגעבן געוואָרן דער מיליטערישער מאַכט פון שטאָט און דער באַלעבאָס איבער דעם איז ז׳ער קאָמענדאַנט פון קרעפּאָסט (פעסטונג). אָבער ער וועט זיך גלייך שטעלן אין פאַרבינדונג מיטן קאָמענדאַנט און וועט מיר איבערגעבן זיין ענטפער. בכן, בעט ער מיך צוּוואַרטן אַ ווײַלע, און איז אַרויס פון צימער. אין 15—20 מינוט אַרום איז ער צוריקגעקומען מיט פאָלגנדיקן ענטפער: — דער קאָמענדאַנט נעמט אָן דעם פאַרגעלייגטן פּלאַן בתנאי, אַז איך זאָל זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער לוויה און איך זאָל גיין פאָרויס, אויף 10—15 טריט, מיט אַ שוואַרצן באַנד אויף דער לינקער האַנט. אויב איך וועל דעם דאָזיקן תנאי ניט אָננעמען, איז ער, דער קאָמענדאַנט, פריי צו טאָן, וואָס אים וועט געפעלן. דאָס האָט אייגנטלעך געמיינט, אַז די אחריות פאַר דעם אויסגאַנג פון דער טראַגישער געשעעניש איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף מיר.

איך האָב זיך ווידער געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט נאַכקען און נאָך אַ קורצן ישוב־הדעת איז, מיט מיין צושטימונג, אַקצעפּטירט געוואָרן דעם קאָמענ־דאַנטס תנאי.

דער אָנהייב פון דער לוויה איז באַשטימט געוואָרן אויף מאָרגן אַכט אַ זייגער אין דער פרי. אַלס הויפּט־רעדנער אויפן בית־עולם איז באַשטימט געוואָרן קאַליע טעפּער. דורך אַ ספּעציעלער פּראָקלאַמאַציע האָט מען געלאָזט וויסן דער באַפעלקערונג פון שטאָט, אַז די לוויה וועט זיך אָנהייבן פון שפּיטאָל, מאָרגן 8 אַ זייגער אין דער פרי.

די נאַכט איז אין שטאָט געווען אַן אומרויִקע, און ביי מיר אין שטוב איז זי געווען אין גאַנצן אַ שלאָפלאָזע. מיין פרוי האָט מיר צוגעגרייט אַ שוואַרצן באַנד און האַלב נאָך זיבן אין דער פרי האָב איך זיך געזעגנט מיט ווייב און קינד און האָב זיך געלאָזן גיין צום שפּיטאָל. ביים שפּיטאָל האָב איך שוין געטראָפן אַ גרויסע מאַסע מענטשן. ווי נאָר איך בין געקומען, האָט נאַכקע דערקלערט דעם עולם, ווי אַזוי מען דאַרף זיך האַלטן בעת דער לוויה און עס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ קייט מענטשן אַרום דעם ארון, אָבער מען האָט זיך ניט געקענט רירן פון אָרט, ווייל שטראָמען מענטשן האָבן פאַר־פלייצט די גאַסן און מען האָט זיך ניט געקענט אַ ריר טאָן. מען איז משער, אַז איבער 30 טויזנט מענטשן האָבן זיך באַטייליקט אין דער לוויה. ערשט אַרום צען אַ זייגער זענען, נאָך שווערע באַמי־אונגען, באַפרייט געוואָרן די גאַסן, דורך וועלכע די לוויה האָט באַדאַרפט גיין, און די פּראָצעסיע האָט זיך אָנגעהויבן.

דער ערשטער אין דעם מאַרש בין איך געווען, מיטן צייכן אויפן האַנט. נאָך מיר איז געגאַנגען דער אָרגאַניזיר־קאָמיטעט. נאָך זיי זענען געגאַנגען די טרעגער פונעם ארון מיט די פאַרבלוטיקטע בגדים פון דעם דערמאָרדעטן הענקין אָנשטאָט אַ פאָן, אַרומגערינגלט מיט אַ לעבעדיקער קייט, אַ געפלאָכ־טענע פון צענדליקער און צענדליקער פעסטע פּראָ־לעטאַרישע הענט. הינטער זיי איז געגאַנגען אַ גוט־אָרגאַניזירטע גרופּע אַרבעטער, וואָס האָט אַכטונג געגעבן אויפן סדר פון גאַנג, און צו לעצט האָט מאַרשירט די שטאָט באָברויסק. אַלע געשעפטן זענען געווען געשלאָסן. אין די גאַסן האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט און נאָר די האַרטע ריטמישע טריט פון דער גרויסער מחנה לוויה־באַגלייטער האָבן אָפּגעהילכט אין דער שרעקלעכער שטילקייט. פון צייט צו צייט פלעגט זיך די פּראָצעסיע אָפּשטעלן, כדי די טרעגער פונעם ארון זאָלן זיך בייטן. קיין איין סאָלדאַט, קאָזאַק אָדער פּאָליציאַנט זענען אויף די גאַסן פון דעם פּראָצעסיע־מאַרשרוט ניט געווען. ווען מען איז פאַרבייגעגאַנגען די פּאָליציי־געביידע זענען די לאָדנס פון די פענצטער געווען פאַרמאַכט, אַזוי ווי מען האָט אָפּגערעדט. עס איז קענטיק געווען, אַז די אָרטיקע צאַרישע סאַטראַפּן האָבן געפילט זייער שווערע שולד פאַר דעם געשעענעם און דעריבער האָבן זיי פּינקטלעך אויסגע־פילט די תנאים, וואָס די אָנפירער פון דער דעמאָנס־טראַציע האָבן זיי געשטעלט.

די פּראָצעסיע האָט געדויערט איבער דריי שעה, — ערשט אַרום נאָך איינס אַ זייגער איז מען אָנגעקומען אויפן בית־עולם.

ביים אָפענעם קבר האָבן אַ פּאָר מענטשן פון

ארגאַניזיר־קאָמיטעט געהאַלטן קורצע רעדעס און דאָס וואָרט איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם הויפּט־רעדנער — קאַליע טעפּער. אָנגעהויבן האָט ער די רעדע, ווי זיין שטייגער איז געווען, מיט זאַכן, וואָס האָבן קיין שום שייכות ניט געהאַט מיט דער טראַגישער געשעעניש פון הענקינס טויט. עס האָט גענומען אַ היפּש ביסל צייט, ביז ער איז צוגעקומען צום הענקין־ענין גופא. ער האָט עס אויפגענומען און באַהאַנדלט מיט הויכן רעוואָלוציאָנערן פּאַטאָס, און דער עולם האָט זיך אַזוי פאַרגאַפט צוגעהערט צו זיין רעדע, אַז מען האָט אפילו ניט באַמערקט, אַז עס איז שוין געוואָרן שפּעטלעך, שוין נאָך פינף אַ זייגער, ווען דער משגיח פון בית־הקברות האָט מיר געלאָזט וויסן, אַז „נאַטשאַלסטוואָ" בעט מיך אַרויסקומען צו זיי.

אויפן גאַס האָט אויף מיר געוואַרט אין זיין פּאַעטאָן דער קאָמענדאַנט פון קרעפּאָסט און ער האָט זיך געווענדעט צו מיר מיט אַ בקשה צו פאַר־ענדיקן וואָס גיכער די רעדעס און צוריקפירן די פּראָצעסיע אין זעלבן סדר ווי פריער, ווייל אין שטאָט איז זייער אַ געשפּאַנטע שטימונג, און בכלל האַלט ער, אַז רעדן פיר שעה איז גענוג.

איך האָב אים צוגעזאָגט, אַז כ'וועל זיך באַמיען צו ענדיקן עס וואָס פריער. ער האָט זיך מיליטעריש פאַרנייגט און איז אַוועק.

איך האָב זיך צוריק אומגעקערט אויפן בית־עולם, טעפּער האָט נאָך אַלץ גערעדט. וועלנדיק אויסמיידן מעגלעכע קאָמפּליקאַציעס, האָב איך אים געבעטן ענדיקן זיין רעדע וואָס גיכער. ער האָט מיר צו ליב געטאָן און אַ טויט־מידער האָט ער פאַרענדיקט די רעדע.

אויפן בית־עולם זענען איצט געווען אַ סך וויינ־קער מענטשן איידער ביים אָנקומען אַהער, אָבער אַן ערך צען טויזנט מענטשן זענען נאָך דאָ געווען. האָב איך געבעטן דעם עולם גיין צוריק אין דעם זעלבן סדר ווי פריער, ניט קריכנדיק דורך פאַרשיידענע גאַסן, ווייל דאָס קאָן זיין געפערלעך. זאָל מען זיך דעריבער אויסשטעלן אין רייען און איך וועל ווידער גיין פאָרויס, אַזוי ווי פריער. דער עולם האָט גע־פאָלגט, זיך פאַרמירט אין שורות צו 8—10 מענטשן, און אַרום האַלב נאָך זעקס פאַרנאַכט האָבן מיר זיך ווידער, אין אַ געשפּאַנטער שטילקייט, געלאָזן גיין אַהיים.

אַלץ איז צו ערשט געגאַנגען כשורה, אָבער ווען מיר זענען צוגעקומען צו דער פּושקין־גאַס, וואָס מיר האָבן באַדאַרפט אַריבערגיין, האָב איך דערזען אַ קאָמאַנדע סאָלדאַטן און פּאָליציי־לייט מיט אַן אָפיציר און אַ פּאָליציי־פּריסטאַוו בראָש, מאַרשירן אין מיליטערישן סדר אין דער ריכטונג צו פאַרשטעלן אונדז דעם וועג. איך האָב גלייך אָפּגעשטעלט די פּראָצעסיע און זיך געלאָזט אַנטקעגן דער מיליטערי־שער קאָמאַנדע מיט אַ געשריי — „אָסטאַנאָוויטיעס!" (שטעלט זיך אָפּ). זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט. איך בין צוגעגאַנגען צו די פירער פון דער קאָמאַנדע און מיט אַן אויפגערעגטער שטימע אַ זאָג געטאָן: — ליגנער, וואָס איר זייט! מיר האָבן דאָך אַן אָפּמאַך! ווהין פירט איר די קאָמאַנדע אייערע? איר ווילט פאָרט אַ בלוט־פאַרגיסונג? איך וועל זיך פון אָרט ניט רירן מיט דער פּראָצעסיע, ביז איר וועט אַוועק אין אייער רו, פון וואַנען איר זייט געקומען.

דער פּריסטאַוו איז צוגעגאַנגען צו מיר גאַנץ נאָענט און האָט שטיל, מסתמא, כדי די קאָמאַנדע זאָל ניט הערן, אַ זאָג געטאָן: — באַרויִקט זיך, קיין שלעכטס וועט ניט געשען, מיר האָבן עס געמוזט טאָן, כדי כאָטש מאַכן אַן אָנשטעל, אַז מיר צעטרייבן די דעמאָנסטראַציע. מיר וועלן גלייך אַוועקגיין פון דאַנען, אָבער מיר בעטן אייך, אויפצולייזן די דעמאָנסטראַציע וואָס פריער און זאָל זיך דער עולם רויִק פונאַנדערגיין אַהיים. גלייך נאָך דעם האָט ער פאַרקערט זיין קאָמאַנדע און איז פאַרשוווּנדן פון דער פּושקין־גאַס.

כדי צו זיין זיכער, אַז הינטער דעם שטעקט ניט עפּעס אַ פּראָוואָקאַציע, האָב איך אָפּגעוואַרט אַ היפּשע ווײַלע און בין אַוועק מיט דער פּראָצעסיע אין דער ריכטונג פון מוראַוויאָווסקע גאַס. מיר האָבן זיך אָפּגע־שטעלט לעבן דער עפנטלעכער ביבליאָטעק און פון ביבליאָטעק־באַלקאָן האָב איך באַדאַנקט דעם עולם פאַר זיין דיסציפּלינירטער האַלטונג, וואָס האָט געהאָלפן אויסצומיידן אַ בלוט־פאַרגיסונג, און געבעטן אַלעמען צו גיין רויִק אַהיים. די דעמאָנסטראַציע איז געענדיקט. דער עולם איז זיך שנעל פונאַנדערגעגאַנגען.

ערשט שפּעט אין אָוונט האָט זיך די ענערגיע, וואָס האָט זיך אָנגעזאַמלט אין משך פון צוויי טעג טראַגישע איבערלעבונגען, אַרויסגעריסן פון איר דער־שטיקטן צושטאַנד און איבערן שטאָט האָט זיך צעשפּילט אַ שיסעריי אין דער לופטן, אין דער וועלט אַריין, — אַ שיסעריי, וואָס האָט קיינעם ניט געשאַדט

און נאָר באַצייכנט דעם פינאַל פון דער טראַגישער דעמאָנסטראַציע.

דער היסטערישער געוויין פון מיין פרוי און איר אויסגעשריי: — מענדל, דו לעבסט! — האָט מיר געלאָזט וויסן, אַז איך בין שוין אין דער היים און בין באַפרייט פון דער אחריות פאַרן אויסגאַנג פון דער טראַגישער דעמאָנסטראַטיווער לוויה.

2

## די צוועלף אַנטלאָפענע

די געשיכטע פון די 12 אַנטלאָפענע איז בקיצור אַזאַ: אין באַברויסקער קרעפּאָסט (פעסטונג) איז געווען אַ גרויסע און זייער שטרענגע מיליטערישע טורמע, וואָס האָט געהייסן „דיסציפּלינאַרני באַטאַליאָן" (ציווילע מענטשן האָבן עס גערופן „קאָמעני מעשאָק" — שטיינערנער זאַק). פאַרן מינדסטן אָפּנויג פון דער איינגעשטעלטער מיליטערישער דיסציפּלין, זענען די פאַרזינדיקטע פאַרשיקט געוואָרן אין דער דאָזיקער טורמע, ווו מען פלעגט זיי דיסציפּלינירן אויף אַן אכזריותדיקן אופן, ביז לייבשטראָף אפילו.

אין דער צייט, וועגן וועלכער עס רעדט זיך דאָ (דאָס איז געווען סוף 1905), האָבן זיך אין דעם דיסציפּלינאַרן באַטאַליאָן געפונען קרוב טויזנט אַרעסטירטע. יעדער פרימאָרגן נאָכן אָרעמען פרישטיק, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ שטיקל ברויט מיט וואַסער, פלעגט דער דאָזיקער אַרעסטאַנטן־עולם, אונטער אַ וואַך פון באַוואָפנטע סאָלדאַטן, אַרויסגעפירט ווערן צו פאַרשיידענע אַרבעטן.

אין איינעם אַ פרימאָרגן האָט זיך די מחנה אַרעסטירטע אָפּגעזאָגט אויסצופאָלגן די פאַראָרדענונג פון נאַטשאַלסטוואָ, און אַנשטאָט אַרויסצוגיין צו דער אַרבעט, האָבן זיי אימפּראָוויזירט אַ פאַרזאַמלונג און האָבן געפאָדערט צו פאַרבעסערן זייער לאַגע, געבן בעסערע שפּייז, אָפּשטעלן לייבשטראָף אאַז״וו. דאָס איז געווען אַן אומדערהערטער „בונט", אַן אויפשטאַנד.

כדי דער „בונט" זאָל ניט ווערן באַוווּסט דער עפנטלעכקייט, האָט נאַטשאַלסטוואָ, אין צעטומלעניש, געפּרוּווט באַרויִקן די בונטאָווּשטשיקעס מיט פרידלעכע מיטלען, — מיט גוטע רייד, מיט פיינע הבטחות — אָבער דאָס האָט ניט געהאָלפן — די אַרעסטאַנטן האָבן ניט פאַרלאָזן די קאַזעמאַטן און האָבן אַלץ געפאָדערט זייערס.

די דאָזיקע דינגעניש האָט געדויערט עטלעכע טעג און סוף־כל־סוף איז פון „די הויכע פענצטער" אַנגעקומען אַ פאַראָרדענונג צו דערשטיקן דעם אויפשטאַנד מיט אַן אייזערנער האַנט.

די אָרטיקע נאַטשאַלסטוואָ האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט, און מיט דער הילף פון מיליטער איז דער „בונט" ליקווידירט געוואָרן. די מער אַקטיווע אין דעם אויפשטאַנד, — אַזעלכע זענען געווען אַ דרייסיק־פערציק מענטשן, — האָט מען איזאָלירט און איבערגעגעבן צו אַ קריגס־געריכט.

אין עטלעכע וואָכן אַרום איז פאָרגעקומען דער משפּט. צען האָט מען פאַרמשפּט צום טויט, עטלעכע צו קאַטאָרגע און נאָך אַנדערע — צו פאַרשיידענע טורמע־טערמינען. די צום טויט פאַרמשפּטע און די קאַטאָרזשניקעס האָט מען איינגעזעצט באַזונדער, ביז מ׳וועט אויספירן דעם אורטייל.

די דאָזיקע געשיכטע האָט געמאַכט אַ גוואַלדיקן רושם אין שטאָט, בעיקר אין די קרייזן פון די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען, וועלכע האָבן באַשלאָסן אַרויסצוראַטעווען פון אומקום די צום טויט פאַרמשפּטע.

דאָ הייבט זיך אָן אויך מיין באַטייליקונג אין דעם פּראָצעס פון אַרויסראַטעווען די צום טויט פאַרמשפּטע — אַ באַטייליקונג, וואָס איז געווען פאַרקאָנספּירירט אפילו פאַר די אַקטיוו־באַטייליקטע אין דעם. און מעשה שהיה כך היה:

אין אַן אָוונט איז אַריין צו מיר נאָכקע יאָכוויד (דער פריער דערמאָנטער באַברויסקער פירער פון „בונד") און מיר געגעבן צו וויסן וועגן דער באַשטימונג צו ראַטעווען די צום טויט פאַרמשפּטע סאָלדאַטן. ווי אַזוי דאָס אויסצופירן, זענען אָנגעמערקט פאַרשיידענע פּלענער, אָבער, קודם כל, מוז מען זיי אַרויסנעמען פון זייער איזאָלירטן פּלאַץ, און דאָס קאָן געשען נאָר דעמאָלט, ווען עס זאָל געשאַפן ווערן אַ סיבה, צוליב וועלכער מען זאָל זיי דאַרפן אַריבערפירן אין קראַנקן־לאַזאַרעט; קאָנקרעט הייסט עס, אַז מען דאַרף זיי אַלע מיט איין מאָל מאַכן קראַנק אַזוי, אַז מען זאָל זיי מוזן אַריבערפירן אין לאַזאַרעט. דאָרט, אין לאַזאַרעט, האָבן מיר „אונדזערע" מענטשן, און דורך זיי וועט מען קאָנען עפּעס טאָן. די פראַגע איז אָבער, ווי אַזוי דערגרייכט מען עס. איז ער, נאָכקע, דעריבער געקומען צו מיר זיך מישב זיין וועגן דעם און אפשר קאָן איך בייהילפיק זיין אין דעם.

עס איז פאַר אונדזביידן געווען קלאָר, אַז כדי דאָס צו דערגרייכן מוז מען האָבן אַ מענטש, וואָס האָט אַ פרייען צוטריט צו די פאַרמשפּטע, און עס איז מיר דורכגעלאָפן אַ געדאַנק, אַז דער פּאַסיקסטער און אפשר דער איינציקער מענטש פאַר דעם איז ד״ר אַלעקסאַנדער אַבראַמאָוויטש פּאַפּערנאַ (דער יינגערער ברודער פון באַוווּסטן פּעטערבורגער אָקוליסט ד״ר גריגאָרי פּאַפּערנאַ, ביידע — זין פון דעם שריפט־שטעלער אברהם יעקב פּאַפּערנאַ).

ד״ר אַלעקסאַנדער פּאַפּערנאַ איז געווען מיי־נער אַ נאָענטער פריינט. אין 1904, באַלד נאָך דעם ווי רוסלאַנד האָט דערקלערט מלחמה יאַפּאַן און דער באַרימטער גענעראַל קוראָפּאַטקין האָט זיך אַ נעם געטאָן צו פאַרשליידערן די יאַפּאַנטשיקעס מיט היט־לען, האָט מען דעם ד״ר אל. פּאַפּערנאַ מאָביליזירט און אַן אויסגעפּוצטן אין אַ מיליטערישן מונדיר האָט מען אים אַוועקגעשיקט אויף די מאַנדזשורישע שלאַכט־פעלדער געבן הילף די פאַרוווּנדעטע סאָלדאַטן (ניט קוראָפּאַטקינס היטלען...). איצט געפינט ער זיך שוין אין דער היים, אָבער ער איז נאָך אין מיליטערישן דינסט, ער פאַרנעמט אַ דאָקטאָר־אַמט אין אָרטיקן גאַרניזאָן. דעריבער דוכט מיר, אַז ער האָט אַ צוטריט צו די פאַרמשפּטע און ער קאָן זיי אַריבערפירן אין לאַזאַרעט. איך האָב די דאָזיקע השערה אַרויסגעזאָגט נאָכקען און ער האָט גלייך מסכים געווען, אַז עס איז אַ גוטער געדאַנק. ער וועט זיך באַלד דורכרעדן מיט וועמען מען דאַרף און וועט מיר לאָזן וויסן, וואָס מען האָט באַשטימט.

אויף מאָרגן האָט מען מיר מודיע געווען, אַז מיין פּלאַן איז אָנגענומען און איך בין באַפולמעכטיקט צו זען זיך תיכף מיט ד״ר פּאַפּערנאַ. און כאָטש דער געדאַנק איז געווען מיינער, איז אָבער די שליחות מיר ניט זייער שטאַרק געווען צום האַרצן. מיט אַ שווער געמיט האָב איך זיך אַוועקגעלאָזט צו ד״ר פּאַפּערנאַ. איך האָב גאַנץ גוט געוווּסט, אַז עס וועט זיין אַ שווער שטיקל אַרבעט צו פועלן ביי אים, אַז ער זאָל נעמען אויף זיך די אויפגאַבע, וואָס איך לייג אים פאָר. און אַזוי איז טאַקע געווען. נאָך דעם ווי ער האָט אויסגעהערט וועגן וואָס איך בין צו אים געקומען, איז ער אויפגעשפּרונגען פון זיין באַקוועמער שטול און, אַרומלויפנדיק הין און צוריק איבערן צימער, האָט ער מיט אַן אויפגערעגטער שטימע אַ זאָג געטאָן: „וואָס ווילט איר פון מיר? איר ווילט, אַז מען זאָל מיך אויפהענגען צוזאַמען מיט די פאַרמשפּטע?!״

נאָך אַ קליינער פויזע האָב איך אים, שמייכלענדיק, געענטפערט, אַז ניט דאָס איז אונדזער ציל... „מיר זענען אויך ניט קיין געפאַר אין דעם, וואָס אַ דאָקטאָר פאַרלאַנגט אין אַ נויטפאַל, אויב אַ גאַנצע גרופּע מענטשן, מעגן זיי זיין אפילו פאַרמשפּטע, ווערט פּלוצלונג קראַנק אויף דער זעלבער קרענק, זאָלן די קראַנקע אַריבערגעפירט ווערן אין אַ לאַזאַרעט, כדי פאַרהיטן פון אַן עפּידעמישער פאַרשפּרייטונג. פאַרקערט, לויט אונדזער מיינונג דאַרף עס זיין די פליכט פון אַ דאָקטאָר. וואָס מיט די קראַנקע וועט אין לאַזאַרעט בכלל פּאַסירן האָט צום דאָקטאָר קיין שום שייכות ניט. דאָס געהערט צו דער אַלגעמיינער השגחה־פאַרוואַלטונג פון לאַזאַרעט. חוץ דעם דאַרפט איר, אַלעקסאַנדער אַבראַמאָוויטש, האָבן אין זינען, אַז דאָס איז אַ באַשטימונג פון אַ פּאַראייניקטן קאָמיטעט פון רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען, און איך דאַרף דאָך אייך ניט דערקלערן, אַז אָפּזאָגן זיך פון טאָן עפּעס אין אַזאַ פאַל, קאָן אַ מאָל ברענגען ניט קיין אָנגענעמע קאָנסעקווענצן...״

ביסלעכווייז האָבן מיינע רייד באַרויִקט פּאַפּערנען; אונדזער שמועס איז אַריבער אויף גאַנץ אַנדערע טע־מעס. בעת איך האָב זיך געקליבן אַוועקגיין, האָט ער מיר דערקלערט, אַז מאָרגן, ביי זיין אַלגעמיינעם מע־דיצינישן קאָנטראָל, וועט ער אויך באַזוכן די גרופּע פאַרמשפּטע און וועט זען, וואָס מען קען טאָן, כדי אַריבערצופּעקלען זיי אין לאַזאַרעט.

גאָרעליק דערציילט אין זיין זכרונות־אַרטיקל, אַז: „די אַרעסטירטע האָבן באַקומען אַ מיקסטור, וואָס רופט אַרויס אַ קראַנקן־צושטאַנד. נאָכן נעמען די מיקסטור האָט מען די אַרעסטירטע אָנערקענט פאַר קראַנקע און אָפּגעפירט אין לאַזאַרעט״.

וואָס פאַר אַ מיקסטור דאָס איז געווען? ווער האָט די מיקסטור געגעבן און ווער האָט די „אָנער־קענטע קראַנקע״ אַריבערגעפירט אין לאַזאַרעט? — וועגן דעם דערציילט דער מחבר גאָרניט. דער אמת איז, אַז די דאָזיקע אַרבעט האָט אָפּגעטאָן ד״ר אַלעק־סאַנדער פּאַפּערנאַ. ער האָט מכבד געווען די פאַר־משפּטע מיט אַ מיקסטור, פון וועלכן זיי האָבן געקראָגן שלשול און לייכטע ווייטיקן אין מאָגן. מיט קיין ערנסטע פאָלגן איז עס ניט געווען פאַרבונדן. אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט מען זיי אַלע, לויט פּאַפּערנעס

פאַראָרדענונג, געבראַכט אין לאַזאַרעט און אַלעמען אַוועקגעלייקט אין איין פאַלאַטע, — אָפיציעל האָט עס געהייסן, כדי ניט צו ריזיקירן מיט עפּידעמישער פאַרשפּרייטונג.

דער ווייטערדיקער שריט אין דער באַפרייונג־אַקציע איז געווען — אַרויסראַטעווען די פאַרמשפּטע דורך אַ פענצטער, וואָס האָט אַרויסגעקוקט צום טייך בערעזינאַ. פאַר דעם צוועק האָט מען קודם כל צוגעגרייט די נייטיקע אינסטרומענטן אויף בייצוקומען די אייזערנע קראַטעס, וואָס פאַרשטעלן די ליכטיקע וועלט... געבליבן איז אָבער דאָס שווערסטע פּראָבלעם, ווי אַזוי פּטור צו ווערן, כאָטש אויף אַ קורצער צייט, פון דער וואַך, דורך וועלכער די פאַלאַטע איז געווען אַרומגערינגלט.

דער פעלדשער, וואָס איז געווען צוגעשטעלט צו דער גרופּע קראַנקע, איז געווען אונדזערער אַ מענטש ; האָט ער פאַרלאַנגט, אַז חוץ דעם שנאַפּס, וואָס מען דאַרף האָבן, מכבד צו זיין די וואַך־לייט אין דער נאַכט, ווען די אַקציע דאַרף דורכגעפירט ווערן, זאָל מען אים אויך ברענגען ספּעציעלע פּאַפּיראָסן אויף איינצושלעפערן זיי.

מיט דעם דאָזיקן פּאַפּיראָסן־פּראָבלעם איז ווידער געקומען צו מיר נאַכקע יאָכוויד. נאָך אַ קורצן שמועס מיט אים האָב איך ווידער גענומען אויף זיך צו דערליידיקן דעם ענין, מיט דער הילף פון איינעם פון מיינע באַקאַנטע אַפּטייקערס.

אַוועק בין איך מיט דער אָנגעלעגנהייט צו מיין פריינט, דעם פּראָוויזאָר קאָנסטאַנטין ראָגינסקי, אַ מענטש מיט רעוואָלוציאָנערע שטימונגען (אַ ברודער פון באַוווסטן אַדוואָקאַט ראָגינסקי, געהילף פון ווינאַווער). ער האָט געהאַט אַ גרויסן אַפּטייק־געשעפט אויף מוראַוויאָווער גאַס. איך האָב אים דערציילט, וואָס איך וויל ביי אים קויפן און פאַר וועלכן צוועק. ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט אַן איראָניש שמייכעלע און האָט געזאָגט, אַז דעם סאָרט פּאַפּיראָסן פאַרקויפט ער ניט.

פון אים האָב איך אַזאַ ענטפער ניט דערוואַרט. אין אַן אויפגערעגטן טאָן האָב איך געלאָזט וויסן, אַז מיט זיין אָפּזאָגן זיך צו געבן די פּאַפּיראָסן, שפּילט ער זיך מיט פייער ; אַז דאָס איז אַן אַקציע פון די רעוואָלוציאָנערע פאַרטייען, וואָס פאַרשווייגן ניט אַזעלכע מעשים און אַז אין דעם זענען פאַרמישט צענדליקער מענטשן, וועמענס לעבן עס הענגט אויף אַ האָר.

מיין שטרענגער טאָן האָט אַזוי געווירקט, אַז ראָגינסקי האָט מסכים געווען צוצוגרייטן אַ טוץ „גוטע" פּאַפּיראָסן. אין אַ פּאָר שעה אַרום האָב איך די פּאַפּיראָסן איבערגעגעבן נאַכקען.

דערמיט האָט זיך מיין דירעקטע און פאַרקאָנספּירירטע באַטייליקונג אין דער דאָזיקער אַקציע געענדיקט.

ביי אויסערגעוויינלעך שווערע באַדינגונגען זענען „די צוועלף אַנטלאָפענע" אַרויסגעראַטעוועט געוואָרן פון די נעגל פון טויט און האָבן זיך צעשפּרייט איבער דער וועלט ; צוויי פון זיי זענען פאַרוואָרפן געוואָרן אַזש קיין אַמעריקע, אַנדערע זענען געבליבן פאַרקאָנספּירירטע אין רוסלאַנד, בלויז אַ פּאָר האָט מען געכאַפּט, אַרעסטירט און געשאָסן.

איך וויל אויך באַמערקן, אַז עס איז בפירוש טענדענציעז און ניט ריכטיק, אַז די גאַנצע אַקציע האָט דורכגעפירט די גרופּע „איסקרא", ד"ה די באָלשעוויסטישע גרופּע, ווי דער מחבר גאָרעליק גיט איבער. עס האָט זיך אין דער אַקציע אַקטיוו באַטייליקט דער „בונד" — נאַכקע יאָכוויד, איסאַק (לאַזאַר עפּשטיין), וו. נארקין, אפרים איטשע גאָרעליק, — און אומדירעקט האָבן אַרויסגעהאָלפן ד"ר אלעקסאַנדער פּאַפּערנע און פּראָוויזאָר קאָנסטאַנטין ראָגינסקי.

## לאזאר עפשטיין

# נחמן יאָכוויד

נאָכקע באָברויסקער, אָדער נאָכקע פּאָליצמייס־טער — אַזוי איז ער געווען באַקאַנט אין דער גאַנצער בונדישער וועלט, אין די ערשטע צוויי צענדליק יאָר פון היינטיקן יאָרהונדערט.

דער באַקאַנטער רוסיש־יידישער נאָוועליסט טאַן־באָגאָראַז האָט אין יענע יאָרן געמאַכט אַ נסיעה איבער די יידישע שטעט און שטעטלעך און זיי באַשריבן אין אַ ריי דערציילונגען. איינע פון זיינע דערציילונגען רופט זיך: „נאָטקאָ פּאָליצמייסטער" און איז, אונטער דעם געענדערטן נאָמען, געווידמעט נאָכקע באָברויס־קער. אַזוי אַרום איז ער געוואָרן באַקאַנט ניט נאָר צווישן די יידן אין רוסלאַנד, נאָר איז אויך געוואָרן פּאָפּולער ביי דער גאַנצער רוסלענדישער ליבעראַלער און פּראָגרעסיווער באַפעלקערונג.

נאָכקע יאָכוויד איז געבוירן געוואָרן אין באָב־רויסק דעם 11טן אויגוסט 1884, אין אַ באַלעבאַטישער משפּחה. זיין פאָטער, זלמן יאָכוויד, האָט געהאַט אַ וויין־געשעפט. ער האָט געגעבן נאָכקען, ווי זיינע איבעריקע קינדער, אַ טראַדיציאָנעלע יידישע דערציונג אין חדר און ישיבה. אָבער שוין אין די יונגע יאָרן ווייזט נאָכקע אַרויס נייגונגען צו געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען און חלומט שוין זיינע חלומות וועגן ייד, מענטש און וועלט.

נאָך בר־מצווה הייבט ער אָן צו אינטערעסירן זיך מיט דער ציון־באַוועגונג. נאָכקע איז אָבער געווען ניט בלויז אַ טרוימער; ער האָט געהאַט אַ דינאַמישע נאַטור. דער אַרומיקער עלנט, די יידישע אַרבעטער־גאַס האָבן אים באַווירקט. ווען ער האָט געזוכט אַ טעטיקייט־פעלד פאַר זיין ברויזנדיקער נאַטור, האָט ער עס געקענט געפינען דאָרטן, וווּ עס איז געווען דער רעוואָלט פון די ליידנדיקע, דער רעוואָלט פון יידישן אַרבעטער.

כדי בעסער צו פאַרשטיין די פּסיכיק פון די אַר־בעטער און מיט זיי שטאַרקער זיך קענען איינלעבן, ווערט דאָס באַלעבאַטישע קינד אַ לערניינגל ביי אַ שוסטער און שפּעטער אין אַנדערע ווערקשטאַטן. קוים אַ 16־יאָריקער בחורל, געפינט מען אים שוין אין דער בונדישער באַוועגונג. דאָרטן צייכנט ער זיך אויס מיט זיין געוואַגטקייט. ער איז לייכט תופס פּראָב־לעמען, ער איז שאַרף אין ויכוחים און רוקט זיך אַרויס אין אַ גאָר קורצער צייט צווישן די בונדישע אַקטיווע טוער. אין משך פון עטלעכע יאָר זעט מען אים אין אַ ריי שטעט, ווו עס געפינען זיך יידישע אַרבעטער און בונדישע אָרגאַניזאַציעס. ער אַרבעט אין פּינסק, אין מאָהילעוו, ביאַליסטאָק, בריסק, האָמעל, מינסק.



נאכקע יאָכוויד | נח׳קה יוכביד

אַ געוויסע צייט — אין אָדעס און פעאָדאָסיע. אָבער די גרעסטע צאָל פון זיינע אַקטיווע יאָרן גיט ער אָפּ זיין געבורטס־שטאָט — באָברויסק.

שוין אין די יאָרן 1904—1905 איז ער געווען ניט בלויז דער פירער פון בונד און ניט בלויז אַ פירנדיקע פערזענלעכקייט פון יידישן לעבן אין באָברויסק,

נאָר אין אַ געוויסן זין אויך דער „באַלעבאָס" פון שטאָט. אין יענע יאָרן איז דער פּאָליצמייסטער פון באָברויסק געווען געלבאַך. ווען עס איז געשען אַן עוולה אין שטאָט און מען האָט געדאַרפט זוכן יושר, איז מען זיך געגאַנגען באַקלאָגן ניט צו דער צאַרישער מאַכט, נאָר צו נאַכקען. ווען עס איז געווען אַ מהומה אין שטאָט און אַלע יידן האָבן פאַרמאַכט זייערע קראָמען, האָבן זיי ניט געעפנט צוריק, ביז נאַכקע האָט ניט געגעבן די פאַראָרדענונג. און ווען אַ טייל איז געגאַנגען פרעגן דעם פּאָליצמייסטער, צי זיי קענען שוין עפענען זייערע געשעפטן, האָט ער געענט־פערט: „פרעגט ביי נאַכקען".

בעת מיין ערשטער באַגעגעניש מיט נאַכקען, האָט ער געמאַכט אויף מיר אַ שטאַרקן איינדרוק. דאָס איז געווען אין מיטן 1905, שוין נאָכן 9טן יאַנואַר און נאָך די בלוטיקע יולי־טעג. איך בין געקומען אין באָברויסק אויף מיין „יאַווקע" צו יוסף און רחל פרענקעל. ס'איז געווען אַ שבת. מיר זיצן און שמועסן. ס'עפנט זיך די טיר און ס'קומט אַריין אַ שלאַנקער בחור אין גלאַנציקע שטיוועלעך, מיט אַן אָפענעם פּנים, אַ קינדעריש מויל, גרויסע ערלעכע, כמעט פאַרווונדערטע אויגן. אַן אמתער אומרו. דאָך האָט זיך אין זיין גאַנצן באַנעמען געפילט אַ זיכערקייט, אַ גלייבן אין זיך און אַ פיבערהאַפטע באַוועגלעכקייט. ווען איך בין אַרויס מיט אים אין שטאָט, באַזוכט מיט אים עטלעכע פאַרזאמלונגען, האָב איך זיך ערשט איבערצייגט, ווי גרויס ס'איז געווען זיין איינפלוס און איך האָב פאַרשטאַנען פאַר וואָס. ער איז געווען אַן עמך־מענטש. יעדע יידענע, יעדע פאַרקויפערקע, יעדער בעל־מלאכה און סתם יעדער אָרעמאַן האָט אים באַ־געגנט ווי אַ פּאַני־בראַט. יעדער האָט אים דערציילט זיין פעקל צרות. ווער רעדט שוין וועגן די אָרגאַני־זירטע אַרבעטער אויף די בירזשעס — צווישן זיי איז ער געווען אַן אייגענער יאַט.

ס'קען קלינגען ווי אַ קוריאָז, נאָר זיין אָנזען אין שטאָט האָט באַווירקט אויף די באַציאונגען צווישן אים און זיין משפּחה. זיין טאַטע האָט אים גערופן אין שפּאַס רב נחמן און ער דעם טאַטן — רב זלמן. די באַציונגען זענען געווען די פריינטלעכסטע, נאָר די „קלאַסן־דיסטאַנץ" איז אויך דאָרטן געווען אָפּגעהיט. אַזוי אויך צווישן אים און די באַלעבאַטישע מנהיגים פון דער יידישער באַפעלקערונג, מיט וועלכע עס פלעגט אים אויסקומען צו דערליידיקן פאַרשידענע ענינים און סכסוכים.

אין די שטורמישע טעג פון דער רעוואָלוציע אין 1905, איז נאַכקע געווען דער פולשטענדיקער אָנפירער פון דער שטאָט. די פּאָליציי מיטן פּאָליצמייסטער בראש האָבן זיך באַהאַלטן. די רעוואָלוציאָנערע שטימונג איז אויך אַריינגעדרונגען אין דעם מיליטערישן גאַרני־זאָן פון דער פעסטונג. אַ טייל אָפיצירן און אַ טייל פון די „קאָנוואָינע" (מיליטערישע וואַך) זענען געווען אַריינגעצויגן אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. די שטימונג אין שטאָט איז געווען געשפּאַנט. יעדער קלאַנג האָט אַרויסגערופן אומרו און פאַר יעדן קלאַנג האָט זיך די באַפעלקערונג געשראָקן. די יידן האָבן מורא געהאַט פאַר פּאָגראָמען, האָט מען אַראָפּגעלאָזט די לאָדנס און פאַרהאַקט די טירן פון די געשעפטן. עס איז אָבער גענוג געווען, אַז נאַכקע זאָל דורכגיין די גאַס, און דער עולם האָט זיך באַרויִקט.

אין נאָוועמבער 1905 איז די צאַרישע רעאַקציע געקומען צו־זיך. אין דער נאָענטער מינסק האָט דער דאָרטיקער גובערנאַטאָר, גענעראַל קורלאָוו, באַגעגנט אַ דעמאָנסטראַציע מיט מיליטער און געמאַכט אַ בלוט־באָד. צווישן די דעמאָנסטראַנטן זענען געפאַלן אַ סך קרבנות. אין אַ סך שטעט פון רוסלאַנד און אוקראַינע האָט זיך אָרגאַניזירט די שוואַרצע מאה און געמאַכט פּאָגראָמען אויף דער אינטעליגענץ און באַזונדערס אויף דער יידישער באַפעלקערונג. אין יענער צייט איז אויך פאָרגעקומען אַ פּאָגראָם אין דער אוקראַינישער הויפּטשטאָט קיעוו. דער באָברויסקער קאָמיטעט פון בונד האָט באַקומען אַ טעלעגראַמע, אַז פון קיעוו איז אַרויס אַ שיף מיט פּאָגראָמשטשיקעס, וועלכע האָבן געפירט אָנגעראַבירטן יידיש האָב־און־גוטס.

נאַכקע איז געשטאַנען בראש פון דער באָברויסקער בונדישער זעלבסטשוץ. אין מיטן נאַכט איז אַן אָפּטיי־לונג פון דער זעלבסטשוץ אַוועק צום ברעג פון טייך בערעזינאַ אָפּוואַרטן די שיף, אויף וועלכער עס איז געווען אַ יידישע מאַנשאַפט, ווייל די שיף האָט געהערט צו יידן (די שקלאָווסקיס). נאַכקע מיט דער זעלבסטשוץ האָבן באַגעגנט די פּאָגראָמשטשיקעס, זיי מכבד געווען, וואָס עס איז זיי געקומען, און קאָנפיס־קירט אַלץ, וואָס זיי האָבן אָנגעראַבעוועט.

אין די נאָוועמבער־טעג פון 1905 איז נאַכקע מיט נאָך אַ גרופּע חברים געשטאַנען צום „פּריזיוו". זיי זענען געקומען אין „וואָינסקאָיע פּריסוטסטוויע" און

זיי האָבן עפנטלעך דערקלערט: „מיר וועלן אויסנוצן די ביקסן צו שיסן, ניט אונדזערע אָדער אַנדערע פּאָלקסמענטשן, נאָר קעגן די שונאים פון פרייהייט און די שונאים פון פאָלק”. און הגם ס׳האָבן זיך שוין אָנגעהויבן ווייזן סימנים פון רעאַקציע, האָט מען זיי ניט אַרעסטירט. מען האָט זיי צוגענומען אין מיליטער. נאַכקע און נאָך אייניקע חברים האָבן באַשלאָסן, אַז זיי וועלן זיין נוצלעכער אין דער בונדישער באַוועגונג און זיי האָבן געמאַכט אַ ויברח.

איבער צוויי יאָר האָט זיך נאַכקע אויסגעהיטן און געאַרבעט אין פאַרשידענע שטעט אומלעגאַל. אין 1908 ווערט ער אָבער אַרעסטירט. מען שיקט אים אָפּ אין מיליטער־דינסט אין ווילנע, וווּ ער איז אָפּגעווען צוויי יאָר.

נאָכן מיליטער־דינסט קומט ער צוריק אין באָב־רויסק. די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג איז געווען אָפּגעשוואַכט. נאַכקע ווידמעט זיך אין זיין שטאָט דער קולטור־אַרבעט. ער ווערט טעטיק אין דער פאָלקס־ביבליאָטעק. אין די לעגאַלע אַנשטאַלטן האָלט ער אין זיין האַנט אַלע פעדעם פון בונדישער אָרגאַניזאַציע.

ס׳קומט די ערשטע וועלט־מלחמה. ס׳הייבן זיך אָן שיטן גזירות אויף יידן אין די ראַנד־געגנטן אין רוסלאַנד. צענדליקער טויזנטער ווערן אַרויסגעריסן פון זייערע היימען אין די גרענעץ־שטעט. דאָס צאַרישע מיליטער, און בפרט אירע אָנפירער, דער גרויספירשט ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש און דער שעף פון שטאַב, גענעראַל יאַנושקעוויטש, פירן אָן אַנטיסעמיטישע העץ־פּאָליטיק. רעטונג און הילף ווערן דער געבאָט פון דער יידישער באַפעלקערונג אין רוסלאַנד. נאַכקע ווערט אין 1915 באַזונדערס אַקטיוו אין יעקאָפּאָ (יידי־שער הילף־קאָמיטעט פאַר פּליטים).

ס׳קומט די רעוואָלוציע פון 1917. נאַכקע ווערט ווידער דער שטאָט־באַלעבאָס פון באָברויסק. ער באַגייסטערט די מאַסן מיט זיינע אַרויסטרעטונגען. אָרגאַניזירט דעם אַרבעטער־ און סאָלדאַטן־ראַט און דער ראַט קלייבט אים אויס פאַר זיין פּאָרזיצער. ער איז דער שעף פון די נייע מאַכט־אָרגאַנען אין שטאָט. שפּעטער, בעת די קאָמונאַלע וואַלן, ווערט ער אויסגעקליבן אין שטאָט־ראַט, וווּ ער באַגרינדעט אין אַ רעדע (אין יידיש) די שטעלונג פון בונד אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע. ער ווערט אויך וויצע־פּאָרזיצער פון דער קהילה. הגם ער איז שוין דעמאָלט אַ חולה מסוכן, האָט ער זיך ניט געשאַנעוועט. אַ קראַנקער, איז ער געגאַנגען פון איין מיטינג צום צווייטן, אַנטייל גענומען אין אַלע אינסטיטוציעס און קאָנפערענצן, געווען פּאַטראָן אין אַלע אַרבעטן פון דער באָברויסקער בונדישער אָרגאַניזאַציע, וווּ ער איז געווען פּאָרזיצער. אָפט מאָל האָבן די זיצונגען



נח׳קה יוכביד בימי מחלתו
נאַכקע יאָכוויד בעת זיין קראַנקהייט

געמוזט פאָרקומען ביי זיין קראַנקן־בעט. ווי אַזוי אַזאַ זיצונג האָט אויסגעזען דערציילט י. דג (אַקון):

„נאַכקע ליגט אין בעט מיט שרעקלעכע ווייטיקן אין בויך און פירט־אָן מיט די זיצונגען פון דער קאָמי־טעט־פראַקציע אדג״ל... עס פרישט אויף אין מיין זכרון דאָס בילד, וואָס איך האָב געזען: נאַכקע רעדט מיט גרויס היץ וועגן די אָנגעווייטיקטע טאָג־פראַגן, גיסט גיפט און גאַל אויף די קעגנער פון אויסן, רופט הייס צו דער אייניקייט אינעווייניק. מיט אַ מאָל אָבער ווערט נאַכקע אַנטשוויגן, איבערהאַקנדיק די רעדע. זיינע אויגן ווערן פאַרמאַכט; דאָס פנים ווערט בלייך און געקנייטשט. נאַכקען כאַפּן אָן שרעקלעכע יסורים. אַלע חברים ווערן ווי פאַרשטיינערט, אַ טויטקייט הערשט אַ ווייל אין צימער, דוכט זיך, — אָט קומט דער בייזער סוף... (נאַכקע איז שוין לאַנג געווען פאַר־משפט פון דער מעדיצין צום טויט...). אין אַ מאָמענט



Пролетарии всех стран, соединяйтесь!

Бобруйский комитет БУНДА.

# ПАМЯТИ
# НАХКЕ ЮХВИДА

Вторник 5 августа 1919 года.

В понедельник 4 августа 1919 г. в 5 с пол. час. дня после тяжелой и продолжительной болезни **СКОНЧАЛСЯ ТОВ. НАХКЕ ЮХВИД** *Председатель Бобруйского Комитета Бунда, Член Совета Раб., Кр. и Красн. Арм. Деп., Председатель Совета Рабочих Депутатов 1 созыва, Председатель Социалистической фракции быв. Городской Думы, Тов. Председателя Правл. еврейской общины, Член комитета Помощи Беженцам евреям, Член комитета Народной библиотеки, Член к-та ОРТ. Член Правления клуба имени Бронислава Гроссера.*

ВЫНОС ТЕЛА сегодня в 3 часа дня из квартиры покойного, Шоссе 12.

שער עלון־אבל לזכרו ש״ל נח׳קה יוכביד

טרויער־ביולעטין צום אנדענק פון נאַכקע יאָכוויד

אַרום כאַפּט זיך אָבער נאַכקע אויף, ווערט גאַר אַ לעבעדיקער, די געפאַר איז פאַרביי. נאַכקע עפנט אויף די אויגן און זעצט ווייטער פאָר זיין היציקע רעדע, גלייך ווי גאָרניט געווען״ („לעבענס־פראַגען״, נומ. 254, 21 נאָוועמבער 1919, וואַרשע).

ווען מ׳פלעגט אים צו־רעדן, אַז ער זאָל זיך אָפּרוען, צוליב זיין שווערער קראַנקהייט, האָט ער זיך אויסגעלאַכט. ער פלעגט דעמאָלט זאָגן, אַז ער איז געגליכן צו יענעם קאַוואַלעריע־פערד, וואָס לויפט אַריין גלייך אין שלאַכטפעלד, ווי נאָר ס׳דערהערט דעם טרומייטער, און קוקט ניט אויף קיין שום שטערענישן.

דער גאַנג פון דער רוסלענדישער רעוואָלוציע נאָך 1917 איז אַוועק ניט אויף דעם וועג, ווי אַלע פרייהייטס־ליבנדיקע סאָציאַליסטן האָבן געחלומט און דערוואַרט. דער קאָמוניסטישער טעראָר האָט פאַרנומען דאָס אָרט פון צאַרישן טעראָר. די קאָמוניסטן האָבן אויסגעגאָסן די גאַנצע תוכחה אויף די סאָציאַליסטן. אויך אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג האָבן ברידער געמסרט אויף ברידער, האָבן קאָמוניסטן אַרעס־טירט און געפייניקט זייערע פריערדיקע חברים. אויף נאַכקען האָט עס שוידערלעך געווירקט. זיין געזונט־צושטאַנד איז פון טאָג צו טאָג געוואָרן ערגער. אַ קורצע צייט פאַר זיין טויט האָט מען אים אַנגעזאָגט, אַז די קאָמוניסטן האָבן דערשאָסן זיינעם אַ נאָענטן חבר, דעם איבערגעגעבענעם סאָציאַליסט און בונדיסט קאַצענעלסאָן. חברים, וואָס זענען אים געקומען מבקר חולה זיין, האָבן דערציילט דעם שרייבער פון די שורות, אַז דער פאַרהאַרטעוועטער רעוואָלוציאָנער האָט געוויינט ווי אַ קליין קינד נאָכן אויסהערן די שוידער־לעכע ידיעה.

נאַכקע איז געווען אַ וווּנדערבאַרער חבר. אומעטום, ווו נאָר ער האָט דערפילט, אַז ער קען אַריינטראָגן אויפמונטערונג, פריינטשאַפט, חברישקייט — איז ער געקומען און האָט דאָס געטאָן אַזוי פשוט, אַזוי זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז ס׳איז ניט קיין וווּנדער, וואָס אויך זיינע חברים האָבן אַרויסגעוויזן די זעלבע וואַרעמקייט און ליבע צו אים.

דעם 4טן אויגוסט 1919 האָט נאַכקע, אין מורא־דיקע יסורים, אויסגעהויכט די נשמה אין עלטער פון 35 יאָר.

דער באָברויסקער קאָמיטעט פון בונד האָט נאָך זיין טויט פאַרעפנטלעכט דעם דאָזיקן נעקראָלאָג:

„מאָנטיק, דעם 4טן אויגוסט 1919, איז נאָך אַ

שווערער און לאַנגער קרענק געשטאָרבן חבר נאַכקע יאָכוויד, פאָרזיצער פון באָברויסקער קאָמיטעט פון בונד; פאָרזיצער פון דער סאָציאַליסטישער פראַקציע פון דער געוועזענער שטאָט־דומע; וויצע־פאָרזיצער פון דער יידישער קהילה; מיטגליד אין קאָמיטעט צו הילף די יידישע מלחמה־פליטים; פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון דער פאָלקס־ביבליאָטעק; קאָמיטעט־מיטגליד פון אָרט; פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון קלוב א. נ. בראָניסלאַוו גראָסער".

זיין טויט האָט איינגעהילט אין טרויער די באָברויסקער באַפעלקערונג און די גרויסע צאָל בונדיסטן, וואָס האָבן אים געקענט.

(„דורות בונדיסטן", ניו־יאָרק 1956)

**י. ש. הערץ**

# ישראל אָקון

ישראל אָקון, זון פון שמעון און בת־שבע, איז געבוירן געוואָרן דעם 10טן יאַנואַר 1877 אין באָברויסק — געשטאָרבן דעם 22 אָקטאָבער 1941 אין מאָנטרעאַל. דער פאָטער — אַ פרומער ייד, אַ וואַלד־סוחר. אין די יונגע יאָרן האָט ישראל געלערנט אין חדר און פריוואַט ביי מלמדים.



ישראל אקון

די בונדישע טעטיקייט האָט י. אָקון אָנגעהויבן אין זיין געבורט־שטאָט סוף 1898 און שפּעטער געווען אַקטיוו אין אַ ריי שטעט און לענדער. אין באָברויסק, וווּ ער איז אין פאַרשידענע צייטן געווען מיטגליד פון אָרטיקן קאָמיטעט, האָט ער געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל אין רעוואָלוציע־יאָר 1905. אין 1906 איז ער אַוועק שטודירן אין דער קעטען־אנהאַלטער טעכנישער הויכשול אין דעסאַו. ער איז אָבער ווייטער פאַרבליבן טעטיק אין בונד און אַ צייט אָנגעפירט מיט דער בונדישער סטודענטן־גרופּע אין לייפּציג. אין אויגוסט 1907 איז ער געווען איינער פון די בונדישע דעלעגאַטן אויפן קאָנגרעס פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל אין שטוטגאַרט. ער האָט פיגורירט אונטערן פּסעוודאָנים — דאַג.

אין 1908, נאָכן פאַרענדיקן זיין שטודיום, מיט אַ דיפּלאָם פון אַן אינזשיניער, פאָרט ישראל צוריק קיין רוסלאַנד, וווּ ער שטעלט זיך אין רשות פון צ. ק. פון בונד. ער באַזעצט זיך אין פּעטערבורג. דאָרטן איז ישראל אָקון טעטיק אי אין בונד, אי אין פאַרשיידענע יידישע קולטורעלע אָרגאַניזאַציעס, ער ווייזט אַרויס אַ סך איניציאַטיוו און טריישאַפט. י. אָקון איז פאַרוואַלטער פון דער יידישער ליטעראַרישער געזעלשאַפט אין רוסלאַנד, סעקרעטאַר פון דער יידישער מוזיקאַלישער געזעלשאַפט און פון דער היסטאָריש־עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט. ער איז אויך אַקטיוו אין דער חברה מפיצי השכלה און העלפט אַרויסגעבן דעם היסטאָרישן זשורנאַל „יעווריעיסקאַיאַ סטאַרינאַ". ער ווערט אַ צענטראַלע פיגור אין דער ייִדיש־קולטורעלער אַרבעט אין דער רוסישער הויפּטשטאָט. פון 1912 איז ער פּעטערבורגער קאָרעספּאָנדענט פון „באָברויסקער וואָכנבלאַט", וווּ ער האָט פאַרעפנטלעכט אַ ריי בריוו. ווען ס'ברעכט אויס די רעוואָלוציע אין 1917, פאָרט ער אַרויס אַלס שליח פון צ. ק. פון בונד אין אַ ריי שטעט און העלפט אָרגאַניזירן די ערשטע אָפענע בונדישע קאָנפערענץ (אַפּריל 1917). שפּעטער איז אָקון געוואָרן טעטיק אין זיין אַלטער היימשטאָט באָברויסק, וווּ ער איז געווען אַ ראַטמאַן אין שטאָטראַט און אין דער קהילה. אין 1918 — וויצע־פּרעזידענט פון שטאָטראַט. אין די טעג פון 6טן—20סטן מערץ 1919 — זיך באַטייליקט אין דער 11טער קאָנפערענץ פון בונד, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין מינסק. נאָך אין

מיט זיינע אָנהענגער האָבן, פאַרקערט, איינגעלייגט וועלטן, אַז מ׳זאָל די „פּועלי־ציון״ ב׳ יאָ געבן שטים־רעכט. ביידע, סיי לעווקאָוויטש און סיי ניימאַן זענען, פאַרשטייט זיך, ניט אויסן געווען די טובה פון „פּועלי־ציון״ ב׳. מען האָט געוווּסט, אַז די „פּועלי־ציון״ ב׳ וועלן שטימען פאַר ניימאַנען. און דערפאַר איז דער קאַמף פאַר אָדער קעגן דער באַטייליקונג פון דער יוגנגוואַרג אין די וואַלן געווען אַזאַ שאַרפער. מען האָט זיך ניט געקאָנט אייניקן — און מזא״ה, פון די אַלגעמיינע ציוניסטן, וועלכער איז געווען אויסגעמישט מיט די „פּועלי־ציון״, אַ גאַנצער כל ולך ביי זיי, איז געווען דער שלישי מכריע. ווי ער האָט געפּסקנט געדענק איך ניט, איך ווייס נאָר, אַז איך האָב יאָ געשטימט און, פאַרשטייט זיך, פאַר ניימאַנען. אויסגעוויילט איז אָבער געוואָרן לעווקאָוויטש.

אַ לאַנגע צייט נאָך דעם זענען מיר אַרומגעגאַנגען ווי אין טשאַד. — עפּעס האָט אונדז פאַרדראָסן — צו ערשט דאָס קוועסטיאָנירן אונדזער וואַל־רעכט, דאָס איז געווען אַ באַליידיקונג. צווייטנס, וואָס אונדזער פירער אליהו ניימאַן איז ניט אויסגעוויילט געוואָרן.

לעווקאָוויטש האָט זיך געפילט אין זיבעטן הימל. מען האָט זיך אַ היבש ביסל געוויצלט אויף זיין חשבון, אַז ער לויפט אַרום איבער גאַנץ באַברויסק זוכן אַ פראַק מיט אַ צילינדער צו די קאָנגרעס־זיצונגען. מען האָט פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז צו די זיצונגען פון קאָנגרעס מוז מען קומען אין אַ פראַק און צילינדער, און, חס וחלילה, האָט ווער פון די דעלעגאַטן ניט די גאַנצע גאַרדעראָבע, לאָזט מען אים ניט אַריין אין קאָנגרעס־זאַל און ער קען זיך ניט באַטייליקן אין די קאָנגרעס־זיצונגען... ווי קען מען עס דערלאָזן? בשום אופן ניט... און לעווקאָוויטש האָט געקראָגן צו באָרגן ביי עמעצן אַ פראַק מיט אַ צילינדער... און איז אָפּגעפאָרן צום קאָנגרעס.

### ג. „פּועלי־ציון״ א׳

„פּועלי־ציון״ א׳ האָט זיך גערעכנט פאַר איינע פון די שטאַרקסטע יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס אין רוסלאַנד, האָט פאַרמאָגט אין אירע רייען איבערגעגעבענע טוער — אַרבעטער און אינטעליגענטן. די באַברויסקער אָפּטיילונג — אַרום דריי־פיר הונדערט חברים — איז געווען איינגעטיילט אין זעלבסטטעטיקע קרייזלעך, צו 10 מיטגלידער אין יעדן קרייזל. אויף די אומלעגאַלע פאַרזאַמלונגען פון די קרייזלעך, וואָס האָבן זיך פאַרנומען בעיקר מיט זעלבסטבילדונג, האָט מען געלערנט עקאָנאָמישע וויסנשאַפטן, אויך קולטור־געשיכטע און יידישע געשיכטע. צי האָט זיך עפּעס צוגעקלעפּט צו די תלמידים פון די אַלע לערנערייען, בין איך שטאַרק אין ספק. מידע פון אַ גאַנצן טאָג אַרבעט און אַרומשלעפּן זיך אויף דער בירזשע, האָט מען שוין אין די אָוונטן קיין כוח ניט געהאַט צו באַנעמען די לעקציעס. אָבער צוגרייטן עטלעכע און צוואַנציק וויינונגען פאַר אַלע קרייזלעך — און די וווינונגען האָט מען געמוזט בייטן יעדע וואָך, צוליב מורא פאַר אַ דורכפאַל — און צוגרייטן עטלעכע און צוואַנציק לערער פאַר אַלע קרייזלעך, איז געווען אַ גענוג שווערע אַרבעט און געפאָדערט פיל מי און אָנשטרענגונג. עס געדענקט זיך מיר, ווי איך פלעג אין די ווינטערדיקע טעג, אָנגעטאָן אין אַ ווייסער פאַדאָווקע און שטיוועלעך, מיט אַ שטעקל אין האַנט, אַרומלויפן אויסגעפינען וווינונגען. בלויז אין הויז פון משהקע מילינקי און זיינע צוויי שוועסטערס, די בעקערינס, האָבן מיר געהאַט אַ שטענדיקן טרעף־פונקט. חוץ דעם האָט מען נאָך געדאַרפט אַרומלויפן פון איין לערער צום צווייטן, איבערגעבן זיי די אַדרעסן פון די וווינונגען און דעם פּלאַן פון די לימודים פאַר יעדן קרייזל. דאָס אַלץ האָט באַדאַרפט געמאַכט ווערן קאָנספּיראַטיוו -- מען זאָל ניט דורכפאַלן...

נאָך אַ גאַנצן טאָג טאַפּטשען איבער די באַברויסקער בלאָטעס, פלעג איך זיך אומקערן אַהיים שוין אין אָוונט און אַ מידער אַוועקפאַלן שלאָפן.

### ד. דער צוזאַמענשטעל פון געהיימען קאָמיטעט

די זעלבסטבילדונג־גרופּעס האָבן אויסגעטיילט „סקאַדקעס״, וואָס זענען געווען פאַרפליכטעט אויפצופאַסן אויף די באַזונדערע גרופּעס. פון פאַרשטייער פון די „סקאַדקעס״ פלעגט מען צונויפשטעלן דעם געהיימען קאָמיטעט.

געווען איז עס איינע פון די שווערסטע אויפגאַבן. די וויילער האָבן ניט געטאָרט וויסן, ווער זיי האָבן אויסגעוויילט. צו ערשט פלעגט מען אויסוויילן אַ פאַרטרויונגס־מאַן, אַלס ראש פון קאָמיטעט,

פאַקטיש — דער פירער פון דער אָרגאַניזאַציע. יעדע „סכאָדקע" האָט געשיקט צו די וואַלן איינעם פון אירע פאַרשטייער. די וואַלן זענען פאָרגעקומען אויף פאָלגנדיקן אופן: יעדער פון די ווײלער האָט אויף אַ צעטעלע אָנגעשריבן דעם נאָמען פון פאַרטיי־חבר, וועלכן ער רעקאָמענדירט אַלס מיטגליד אין געהיימען קאָמיטעט און איבערגעגעבן דאָס צעטעלע דעם פאַרטרויונגס־מאַן. אַזוי אַרום האָט בלויז דער פאַרטרויונגס־מאַן, לויט די צעטלען, געוווּסט, ווער ס'איז אויסגעוויילט געוואָרן אין קאָמיטעט. די חברים, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין די „סכאָדקעס", האָבן אפילו ניט געוווּסט, ווער עס איז אויסגעוויילט געוואָרן פון זייערע רייען אַלס ווײלער, ווייל אויך די פאַרוואַלן זענען פאָרגעקומען אויפן זעלבן אופן: די „סכאָדקע"־אָנטיילנעמער האָבן געשריבן אויף צעטלעך די נעמען פון קאַנדידאַטן, וואָס זיי לייגן פאָר, און געהיים איבערגעגעבן צום פאַרטרויונגס־מאַן, וועלכער פלעגט, לויט דער צאָל שטימען, פאַרצייכענען, ווער עס איז אַריין אין דער גרופּע ווײלער.

אין יענער צייט, ווען יאַנקל פאַריטשער — אַ סטודענט — איז געווען פאַרטרויונגס־מאַן, האָט געטראָפן, אַז אַ חבר, בעתן ווײלן דעם געהיימען קאָמיטעט, האָט ניט אָנגעשריבן אויף זיין צעטל קיין נאָמען, איבערלאָזנדיק עס פאַר יאַנקלען אַליין, ער זאָל באַשטימען אַ קאַנדידאַט אין קאָמיטעט. און יאַנקל האָט דאַן מיך באַשטימט אַלס מיטגליד פון געהיימען קאָמיטעט. איך בין געווען דער סאַמע יינגסטער מיטגליד — נאָך גאָר אַ יינגל — און האָב די ערשטע צייט זיך געפילט פאַרלאָרן צווישן די עלטערע חברים, געניטע פאַרטיי־טוער — אַרבעטער און סטודענטן.

### ה. די בירזשע

וואָס גרעסער די אָרגאַניזאַציע, וואָס חשובער, אַלץ אַ גרעסערן טייל פון דער הויפּט־גאַס האָט זי פאַרנומען. די „בונדישע" בירזשע, אויף מוראַוויאָווסקאַ גאַס, איז געווען די גרעסטע אין באַבּרויסק. פון בעלינקיס פאַרצעליי־געשעפט, ביז אַראָפּ צו דער טערקישער בעקעריי האָט זי זיך געצויגן — אַ רוישיקע, טומלדיקע. דעם אַנדערן טייל גאַס, פון באַראַשס אַפּטייק ביזן סוף, האָט פאַרנומען די „פּועלי־ציון"־בירזשע. שפּעטער איז זי איבערגעטראָגן געוואָרן אויף שאָסיי־גאַס. די בירזשע איז געווען דער לעבעדיקער נערוו, דער פּולס פון יעדער פאַרטיי. דאָ איז געווען דאָס אָרט פון דיסקוסיעס, באַגעגענישן, דאָ פלעגט מען דעצידירן וועגן ענינים פון אַרבעט, קאָנפליקטן און אַ מאָל אויך זיך „אָפּרעכענען" מיט וועמען מען האָט באַדאַרפט. אַן אָרגאַניזירטע חברה איז דאָ שטענדיק געשטאַנען גרייט צו יעדער שטיקל אַרבעט...

מענטשן זענען געגאַנגען אַהין און צוריק, אַרויף און אַראָפּ איבער די שטחים פון זייערע בירזשעס, גערעדט, געשריען, געהודזשעט און ס'האָט אויסגעזען, ווי די גאַס וואָלט מיט אַ מאָל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איין גרויסן בינשטאָק. און טאָמער האָט אַ פּועלי־ציוניסט פאַרבלאָנדזשעט אין דער בונדישער בירזשע אָדער פאַרקערט, פלעגט זיך גלייך אַרום דעם איינעם פאַרזאַמלען אַ רעדל און מען פלעגט אָנהייבן דערוויזן, איין צד דעם צווייטן, אויף קולי־קולות, מיט ציטאַטן פון ביכער און רעדעס, וואָס מען האָט גאָר קיין מאָל ניט געהערט און ניט געלייענט, אַז זיין פאַרטיי איז יאָ גערעכט און דעם צווייטנס ניט.

און אויב ס'פלעגט טרעפן, אַז דער בונדישער דיסקוטאַנט האָט ניט געקענט גובר זיין דעם פּועלי־ציוניסטישן קעגנער, האָט ער באַלד געלאָזט אין גאַנג דאָס אויסגעפּרוּווטע געווער: אויף דער און דער פראַגע האָט נאָרדאו אַליין ניט געקענט געפינען קיין באַשייד, איז ווי קומסטו צו רעדן או"וו... דאָס איז שוין געווען גענוג דער „שונא" זאָל זיך אונטערגעבן.

די בירזשע איז געווען אַזוי פּאָפּולער ביי די פּאָליציי־לייט, אַז זיי האָבן שוין געקענט יעדן איינעם און געוווּסט, ווער צו וועלכער בירזשע עס געהערט און אָפּגעהיט עס זאָלן ניט פאָרקומען קיין „פאַרבלאָנדזשענישן"...

### ו. אומלעגאַלע פאַרזאַמלונגען

צוליב דער שטענדיק לויערנדיקער סכנה מצד דער צאַרישער אָכראַנקע, האָבן מיר די פאַרטיי־אַרבעט געמוזט פירן אין געהיים, און אַלע פאַרזאַמלונגען זענען אָרגאַניזירט געוואָרן שטרענג קאָנספּיראַטיוו. דאָס איז אָנגעקומען ניט לייכט. ביים אָרגאַניזירן און דורכפירן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען, מיט דער באַטייליקונג פון הונדערט חברים, אָדער אַ

צוניפטרעף פון צווי פאַרטייען (גאַנץ אָפט צווישן „בונד" און „פועלי־ציון"), כדי זיך צו דערדעדן וועגן אַ שותפישער טעטיקייט, אָדער דיסקוטירן איבער געמיינזאַמע פראָבלעמען, האָבן די אָרגאַניזאַטאָרן געדאַרפט אַרויסווייזן פראָפעסיאָנעלן טאַלאַנט, שוין אָפגערעדט פון אָפגעהיטנקייט, פאָרזיכטיקייט און קאָנספּיראַציע. דאָס וויכטיקסטע איז געווען, אויסצו־קלייבן פאַר דער פאַרזאַמלונג אַזאַ הויז, וואָס האָט אַ סך אַרויסגענג און געפינט זיך אין אַ לאַבירינט פון גאַסן און געסלעך. אַזעלכע הייזער האָבן דאָס רוב זיך געפונען אויף דער סלאָבאָדקע, אין דעם אָרעמסטן טייל פון שטאָט. דאָרט טאַקע, אין אַ סטאָ־לער־וואַרשטאַט, וואָס האָט געזיכערט די דערמאָנטע באַדינגונגען, פלעגן אָפט פאָרקומען אַלגעמיינע פאַר־זאַמלונגען.

ליתר בטחון, פלעגט מען פאַרן אָנהייבן די פאַר־זאַמלונג זיך ווענדן צו די אָנוועזנדיקע, אַז אין פאַל פון אַ דורכפאַל זאָל מען זיך ניט דערשרעקן און ניט אַריינפאַלן אין פאַניק — זאָל יעדער זאָגן, אַז ער איז דאָ צופעליק, דער און דער האָט אים איינגע־לאַדן, אָבער ער ווייסט ניט צוליב וואָס.

דער „דער" — דאָס איז געווען חיים ק., וואָס האָט גענומען אויף זיך די פליכט צו זיין דער שעיר לעזאזל פאַר אַלעמען. — איך געדענק, אַז איך האָב אים מקנא געווען, וואָס אים איז געגעבן דער זכות צו זיין דער קרבן פאַר אַלעמען... איין מאָל האָב איך ביי חיימען געבעטן, ער זאָל מיר איבערגעבן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט צו זיין דער שעיר לעזאזל. ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט אומעטיקע פאַטערלעכע אויגן: „וואַרט אויס, מיכאלקע, עס וועט נאָך קומען דיין טאָג אויך, וועסט נאָך טראָגן די לאַסט פון פאַר־אַנטוואָרטלעכקייט, דערווייל איז עס פאַר דיר צו פרי..."

אויסער אין די וואַרשטאַטן פלעגן מיר אָפהאַלטן פאַרזאַמלונגען אויך אין... קאַזאַרמעס. דאָס איז געווען אַ געניאַלער איינפאַל פון אייניקע חברים, וועלכע האָבן געוווינט בשכנות פון די קאַזאַרמעס און האָבן צוגעזען ווי זיי פוסטעווען, נעבעך, ווען די סאָלדאַטן פלעגן זומער־צייט אַרויספאָרן אויף מאַנעווורעס. אָט די פוסטע קאַזאַרמעס האָבן חברים באַשלאָסן אויס־צונוצן פאַר „פועלי־ציון"־פאַרזאַמלונגען. צוליב מער זיכערקייט פלעגט מען אויסשטעלן אויף דעם גאַנצן וועג, פון די קאַזאַרמעס ביז צום פאָליציי־הויז, מיט פאָט־רולן. אין דער אָרגאַניזאַציע זענען געווען אַ היבש ביסל פאַרליבטע פאָרלעך. קיין סוד איז דאָס פאַר קיינעם ניט געווען, — פלעגן זיי אַרומשפאַצירן אין גאַס און זיך ליבן... יעדע פאָרל האָט געהאַט מיט זיך אַ פאָר ברעטעלעך און אין פאַל פון אַ סכנה — אַ באַוועגונג פון דער פאָליציי אָדער סאָלדאַטן אין דער ריכטונג צו די קאַזאַרמעס — איז גענוג געווען, אַז איין פאָרל זאָל אָנהייבן קלאַפן מיט די ברעטלעך, און באַלד, כהרף־עין, זענען די סיגנאַלן איבערגעגעבן געוואָרן דורך איין פאָרל צום צווייטן, ביז צו דער פאַרזאַמלונג. די פאַרזאַמלטע פלעגן אין פולער אָרדע־נונג זיך צעגיין דורך די פאַרשידענע גאַסן און געסלעך, און ווען די פאָליציי פלעגט אָנקומען, איז שוין קיין זכר ניט געבליבן פון דער פאַרזאַמלונג. ניט איין מאַסוווקע האָט אויסגעמיטן די פאָליצייאישע נעגל אַ דאַנק אונדזערע פאַרליבטע פאָרלעך, וועמען די פאָליציי האָט אין קיין פאַל ניט געקענט חושד זיין, אַז דאָס זענען שומרים פון די אומלעגאַלע פאַרזאַמלונגען.

### ז. פאַרזאַמלונגען אין וואַלד

זומער־צייט פלעגט מען זיך אַריבערטראָגן מיט די פאַרזאַמלונגען ווייט הינטער דער שטאָט, אין די וועלדער... עטלעכע חברים פלעגן אויפזוכן אַ פאַסיקן פלאַץ אין אַ נאָענטן וואַלד, מען זאָל קענען צוקומען צו אים פון פאַרשידענע זייטן. שבת נאָך מיטאָג פלעגט מען זיך אַרויסלאָזן פון שטאָט — הייסן האָט דאָס געהייסן, אַז מ'גייט שפאַצירן אין וואַלד אַריין. אויף די שפיצן פון די ביימער פלעגן אַרויפקלעטערן חברים — די שומרים — און דורך בינאָקלען קוקן אין דער ריכטונג פון שטאָט. איין מאָל, אין מיטן אַ פאַרזאַמלונג, האָבן די שומרים אַלאַרמירט, אַז פאָליציי און סאָלדאַטן דערנענטערן זיך צום וואַלד.

די פאַרזאַמלונג האָט דאַן דאַן באַשלאָסן זיך ניט פונאַנדערצוגיין און ניט צעשיטן זיך אין וואַלד און דורך די געהיימע סטעזשקעס און וועגלעך אַנטרינען און אומקערן זיך צוריק אין שטאָט, ווי געוויינלעך אין אַזעלכע פאַלן, נאָר, פאַרקערט, אָרגאַניזירטערהייט גיין דער פאָליציי אַנטקעגן, אין געשלאָסענע רייען, — די מיידלעך אין מיטן — באַוואָפנטע מיט שטעקנס, האָבן מיר זיך געלאָזט פון וואַלד צוריק אין שטאָט אַריין, אַנטקעגן דער אָנקומענדיקער פאָליציי. עטלעכע

חברים־אינטעליגענטן, וואָס זענען געווען מיט אונדז, האָבן מיר פֿאַרגעלייגט צו אַנטלויפֿן, ווייל אין פֿאַל פֿון אַן אַרעסט וואָלטן זיי געליטן מער פֿון אַלע. זיי האָבן זיך אָבער אַנטזאָגט. אין שפּאַנונג האָבן מיר זיך דערנענטערט צו דער פּאָליציי און די פּאָליציי צו אונדז. אַט־אַט וועט פֿאַרקומען אַ צונויפֿשטויס, און ס'ברעכט אויס די מלחמה... פּלוצלונג — צו אונדזער גרויסער איבערראַשונג — האָט זיך די פּאָליציי אויסגעדרייט צו אונדז מיט די פּלייצעס און מאַרש אין שטאָט אַריין. וואָס איז געווען די סיבה פֿון זייער צוריקגאַנג, איז פֿאַר אונדז געבליבן אַ רעטעניש. אויפֿן וועג האָט די פּאָליציי צעשלאָגן 2 חברים און עטלעכע אַרעסטירט. אין שטאָט האָט זיך שוין פֿאַרשפּרייט די נייעס, אַז די פֿאַרזאַמלונג איז אַנטדעקט געוואָרן און מ'האָט אונדז דערוואַרט געשמידטע אין קייטן. ווען מען האָט אונדז דערזען אָנקומען אַן אַ פּאָליציי־וואַך, געזונטע און מונטערע — האָט די גאַנצע שטאָט זיך געפֿרייט. די פֿאַר אַרעסטירטע האָט מען אויף מאָרגן באַפֿרייט.

אין אַלגעמיין זענען זייער ווייניק פֿאַרזאַמלונגען דורכגעפֿאַלן. ווען ניט די פּראָוואָקאַטאָרן, וואָלט די פּאָליציי קיין מאָל ניט געקומען אויף די שפּורן פֿון אונדזער קאָנספּיראַטיווער אַרבעט.

### ח. באָיוווקעס (שלאָג־גרופּעס)

די באָיוווקע — אַן אָפּגעשלאָסענע גרופּע אין דער אָרגאַניזאַציע, האָט געהאַט אירע אייגענע געזעצן און דיסציפּלין. ניט יעדער איינער האָט זוכה געווען אַריינגענומען צו ווערן אין דער שטרענג געהיימער אָפּטיילונג, וואָס האָט אויסגעפֿירט איינע פֿון די וויכטיקסטע פֿונקציעס אין דער טעטיקייט פֿון דער אָרגאַניזאַציע.

די באָיוווקע פֿלעגט אָפּשלאָגן פֿון דער פּאָליציי אַרעסטירטע חברים, בעת מען פֿלעגט זיי פֿירן מיטן „עטאַפּ", זיך אָפּרעכענען מיט שטרייק־ברעכער און „אָנלערנען" די בעלי־בתים.

איך דערמאָן זיך אַ „שטיקל אַרבעט" פֿון דער באָיוווקע, בעת דעם שטרייק פֿון די פֿאַרמאַצעווטן. אַלע אַפּטייק־אייגנטימער האָבן דאַן נאָכגעגעבן די פֿאָדערונגען פֿון די שטרייקנדיקע, חוץ איינעם, אַ פּאָליאַק. ס'איז געווען דאַן אַ שיינער פֿאַרנאַכט, די זון איז נאָך ניט געווען פֿאַרגאַנגען, אָבער אין גאַס איז שוין געווען שיטערלעך. איך מיט מיינע חברים האָבן אַרומגעשפּאַצירט אויף דער בירזשע. פּלוצלונג דערנענטערט זיך צו אונדז אַ חבר פֿון אונדזער אָרגאַניזאַציע, ראַובקע, און רוימט איין יעדן פֿון אונדז אַ סוד אין אויער, מיר זאָלן זיך אָפּטראָגן פֿון דאַנען וואָס גיכער. אין אַ ווײַלע אַרום האָבן מיר דערהערט אַ בראַזג פֿון צעבראָכענעם גלאָז — דאָס האָט ראַובקע מיט זיין חברה אויסגעהאַקט די שפּיגל־שויב פֿון דעם פּאָליאַקס אַפּטייק. ביז ס'איז אָנגעקומען דער פּאָליצמייסטער מיט קאָזאַקן, איז שוין פֿון ראַובקעס חברה קיין שפּור ניט פֿאַרבליבן.

דער פּאָליצמייסטער האָט זיך געקאָכט, געזידלט אין דער מאַמען אַריין, געדראָט, ס'האָט אָבער גאָרניט געהאָלפֿן, די „פֿאַרברעכער" האָט מען ניט געכאַפּט.

דער אַפּטייקער האָט זיך שוין נאָך דער מעשה ניט געעקשנט און נאָכגעגעבן די פֿאָדערונגען פֿון שטרייק.

### ט. די זעלבשוץ־אָרגאַניזאַציע

די זעלבשוץ, אין קעגנזאַץ צו דער באָיוווקע, איז שוין געווען אַ ברייטערע, צעצווייגטע אָרגאַניזאַציע. דרך אגב, די באָיוווקע איז געווען דער קרן, דער יסוד פֿון דער זעלבשוץ. די באָברויסקער אָרגאַניזאַציע איז געווען באַוואָפֿנט מיט אַ פּאָר פֿאַרזשאַווערטע רעוואָלווערן און קליינע באָמבעס, וועלכע מען האָט קיין מאָל ניט באַנוצט. די באָמבעס זענען געלעגן אין דער סלאָבאָדקער תלמוד־תורה אויפֿן בוידעם. אַ פּראָוואָקאַטאָר האָט אַרויסגעגעבן דער פּאָליציי דאָס אָרט, און זשאַנדאַרמעריע איז געקומען ספּעציעל פֿון מינסק, אויפֿצודעקן דעם אַרסענאַל.

צום גליק האָט מען די באָיוווקעס מיט אַ טאָג פֿריער — טאָקע מיט איין טאָג, ניט מער, איבערגעפֿירט אויף אַן אַנדער פּלאַץ, און די זשאַנדאַרמעריע איז געבליבן מיט אַ נאָז.

ס'האָט זיך דעמאָלט געטאָן! צו ערשט זענען זיי געגאַנגען גלייך צום בוידעם, ווען זיי האָבן אָבער גאָרניט געפֿונען, האָבן זיי גענומען רייסן די ווענט און דורכגעקאָקערט דעם גאַנצן הויף. די באָמבעס זענען שוין אָבער ניט געווען. צעכעסטע האָבן זיי פֿאַרלאָזן באָברויסק.

מיר, חברה פֿון דער זעלבשוץ, פֿלעגן אויפֿשטיין יעדן פֿרימאָרגן פֿאַר טאָג, און פֿאָרן ווייט הינטערן



„ההגנה העצמית" של „פועלי־ציון", 1905

די „סאַמאָאָבאָראָנע" פון „פועלי־ציון", 1905

שטאָט, זיך לערנען שיסן פון די אַלטע רעוואָלווערן. מיר פלעגן זיך פאַרקלייבן אין די היי־פעלדער, ווו קיינער האָט אונדז ניט אָנגעזען, אַוועקשטעלן אַ ברעט און צילעווען אין איר אָדער אין אַ בוים. בענטשע ראַכלין איז געווען אונדזער לערער. פון וואַנען ער אַליין האָט געקענט די מלאכה האָט קיינער ניט געוווּסט. ס'האָט אויסגעזען ווי אַ קינדער־שפּיל, אָבער מיר האָבן עס גענומען ערנסט און פלייסיק זיך גע־לערנט שיסן. דעם שטויס צו אָרגאַניזירן זיך אין אַ זעלבשוץ האָט געגעבן דער קישענעווער פּאָגראָם, וואָס האָט אונדז אַלעמען אויפגעטרייסלט, ביז צו די טיפענישן פון אונדזערע נשמות. פאַרשידענע קלאַנגען האָבן זיך אַרומגעטראָגן איבערן תחום המושב, איינער שרעקלעכער פון אַנדערן, איינער שוידערלעכער פון צווייטן. מיר האָבן געפילט אַ שאַנד און אַ ווייטיק, וואָס מען האָט ניט געשטעלט קיין ווידערשטאַנד די פּאָגראָמשטשיקעס, וואָס מען האָט זיך געלאָזט קוילע־נען ווי שעפּסן. ס'האָט זיך געוואָלט, זייער שטאַרק, אָפּרעכענען מיט די פּאָגראָמשטשיקעס — פאַרמעסטן זיך מיט זיי, ווייזן, אַז אויך מיר קענען געבן קלעפּ.

און ווען עס איז אין אַ קורצער צייט נאָכן פּאָגראָם דערשינען „משׂא נמירוב" פון ח. נ. ביאַליק, איז די ווירקונג פון דער שטראָף־פּאָעמע געווען אַן אומגע־הייער'ע. — ביאַליק האָט אונדז, די יוגנט, באַשולדיקט אין פחדנות, אין אויסשטרעקן דעם האַלדז צום הענקער. ביאַליקס שטראָף־ליד האָט געווירקט שטאַר־קער ווי הונדערטער אַגיטאַטאָרן — דערוועקט אין אונדז נאַציאָנאַלע זעלבסט־ווירדע, אויפגעפּאָדערט אונדז צום קאַמף פאַר אונדזערע לעבנס. אויך אויף די בירגערלעכע קרייזן האָט ביאַליקס ליד געהאַט אַ שטאַרקע ווירקונג. — מיט דרך־ארץ האָט מען זיך גענומען באַציען צו חברה יונגוואַרג. מען האָט שוין דערזען אין זיי אַ שטיץ־פּונקט, און די רייכע האָבן אָנגעהויבן מער ביישטייערן פאַרן פאָנד פון זעלבשוץ.

## זובאַטאָווּשטשינאַ

די זובאטאָווּשטשינאַ־באַוועגונג האָט באַקומען איר נאָמען פונעם גרינדער, פּאָלקאָווניק זובאַטאָוו, וואָס איז געווען נאַטשאַלניק פון דער מאָסקווער פּאָליציי־

אישער אָכראַנע. זיין פּלאַן צו שאַפן אַ נייע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל כלומרשט קעמפן נאָר פאַר עקאָנאָמישע רעכט, קעגן די עקספּלואַטאַטאָרן, איז, אין תוך, געווען אַ גוט דורכגעטראַכטע פּראָוואָקאַציע, אָפּצוווענדן די אַרבעטער־מאַסן פון פּאָליטישן קאַמף קעגן צאַריזם און אריינגאַרן די אַרבעטער־טוער אין דער פּאָליציייִשער נעץ. אויסערלעך האָט די זובאַטאָווטשטשינאַ אויסגעזען צו זיין אומשולדיק און לאָגיש. זענען טאַקע אַ סך אַרבעטער־אַקטיוויסטן, איבערגעגעבענע און ערלעכע טוער, געגאַנגען אויף דער ווענטקע.

זובאַטאָוו האָט צוגעזאָגט הרים וגבעות זיינע אַנהענגער: הילף פון דער רעגירונג, פאַרבעסערן די עקאָנאָמישע לאַגע פון די אַרבעטער, העלפן די שטרייקנדיקע אין זייער קאַמף פאַר בעסערע אַרבעט־באַדינגונגען! ער האָט נאָר פאַרלאַנגט, אַז דער קאַמף זאָל טראָגן בלויז אַן עקאָנאָמישן כאַראַקטער, דאָס הייסט, אָפּשטעלן דעם פּאָליטישן קאַמף קעגן צאַריזם. דערפאַר וועט די באַוועגונג באַקומען אַלע פּריווילעגיעס פון אַ לעגאַלער אָרגאַניזאַציע.

דער „בונד" איז אַרויסגעטראָטן מיט וואָרענונגען, מ'זאָל זיך ניט לאָזן פאַרפירן, געפירט אַ לײדנשאַפטלעכע דיסקוסיע מיט די אָנהענגער פון דער נייער אַרבעטער־באַוועגונג. ס'האָט אָבער ניט געהאָלפן. מען איז פאַרשיכורט געוואָרן פון די ערשטע „גוט־אָרגאַניזירטע" נצחונות...

אין באָברויסק זענען צו די זובאַטאָווצעס אַריבער די פאַראיינען פון די פּריקאַזטשיקעס און פּריקאַזטשיצעס — אַ פּאָר הונדערט חברה, — און מ'האָט גלייך דערקלערט אַ שטרייק. ס'איז געווען אַ חרפה אָנצוקוקן, ווי די פירער פון שטרייק פאָרן אַרום מיטן פּאָליצײַמייסטער אויף איין קאַרעטע, באַשיצט פון פּאָליציי, און מ'פירט אָן מיטן שטרייק...

די פּאָליציי האָט געהאַלטן וואָרט, זי האָט געשיצט די שטרייקנדיקע מיט אַ ברייטער האַנט. חברים פון די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען האָבן זיך צוגעקוקט צו דעם גאַנצן ספּעקטאַקל מיט פאַרדרוס און געקריצט מיט די ציין. דעם שטרייק האָט מען געפירט מיט אַ יד חזקה, מיט טעראָר — ביי בעלינקען אין פאַרצעליי־געשעפט האָט מען צעבראָכן עטלעכע קאַסטנס מיט פאַרצעליי און די פּאָליציי האָט צוגעקוקט און... געשוויגן.

ז'ער סוף איז געווען, ווי ער האָט געדאַרפט זיין, — ווי ער איז געווען פאַרטראַכט... ווען די שטרייקנדיקע האָבן גענומען אַ ביסל איבערטרייבן אין דעם דערלויבטן „עקאָנאָמישן קאַמף", האָט די פּאָליציי איבערגעריסן די אינסצעניזירטע שפּיל און זיך געשטעלט אויף דער זייט פון די בעלי־בתים, און דאָן איז געקומען צו אַ צוזאַמענשטויס צווישן די „זובאַטאָווצעס" און דער פּאָליציי. דער שטרייק איז צעטריבן געוואָרן און ס'האָבן זיך אָנגעהויבן אַרעסטן. ווער די טוער זענען, האָבן שוין די צאַרישע אַגענטן געוווּסט... די „אָרגאַניזאַציע" איז זיך צעפאַלן און אַ גרויסע צאָל אָנגעשטעלטע פון די געשעפטן איז אַריבער צו אונדז, צו די „פּועלי־ציון", אַ טייל איז אַוועק צום „בונד".

## יא. די ערשטע דעמאָנסטראַציע

דער קאָמיטעט פון דער „פּועלי־ציון"־פּאַרטיי האָט באַשלאָסן צו אָרגאַניזירן אַ פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציע צום יאָרטאָג פון קישענעווער פּאָגראָם. אַלץ איז אויסגעפּלאַנעוועט געוואָרן פון פריער: אַלע חברים פון „פּועלי־ציון" זענען אויפגעפאָדערט געוואָרן צו קומען שבת אין דער פרי אין דער גרויסער שול לעבן שאָסיי און מאַכן דעם אָנשטעל, אַז מען איז געקומען דאַווענען. נאָכן דאַווענען, ווען דער עולם וועט זיך לאָזן גיין אַהיים, זאָל מען פאַרשפּאַרן די טיר און קיינעם ניט אַרויסלאָזן. איינער פון אונדזערע חברים וועט אַרויף אויף דער בימה און האַלטן אַ רעדע וועגן דעם קישענעווער פּאָגראָם. נאָך דער דרשה וועט מען זיך לאָזן אין גאַס, אויפן שאָסיי, דעמאָנסטרירן. די שטאָט איז געווען איינגעזוימט אין בלאָטעס, און דער שאָסיי איז געווען דאָס איינציקע אָרט, ווו מען האָט געקענט דורכפירן די דעמאָנסטראַציע.

דער פּלאַן איז אויסגעפירט געוואָרן גענוי ווי מען האָט פאַרטראַכט. אַ זייגער צען־עלף האָבן זיך חברים גענומען קלייבן אין שול אַריין. די מתפּללים האָבן זיך געוווּנדערט, וואָס אַזוי פיל יוגנט איז געקומען דאַווענען און ס'האָט זיי שטאַרק הנאה געטאָן. דער עולם איז געווען יום־טובדיק געשטימט, אויפגעלייגט. ווען מען איז פאַרטיק געוואָרן מיטן דאַווענען און דער עולם האָט זיך געלאָזט צום טיר, האָבן אַ צענדליק געזונטע בחורים פאַרשטעלט דעם אַרויסגאַנג און געבעטן די מתפּללים מחול זיין און צווואַרטן אַ ווײַלע. — און ביז יידן האָבן זיך אַרומגעזען, איז שוין

אַ חבר געשטאַנען אויף דער בימה, אַ פּאַטש געטאָן אין סטענדער און אָנגעהויבן זיין דרשה. ער האָט גערעדט וועגן קישענעווער פּאָגראָם, וועגן זעלבשוץ, וועגן דער „סאַמאָדערזשאַוויע", דערמאָנט ביאַליקס שטראָף־ליד, „משׂא נמירוב" — און דער עולם איז געשטאַנען אַ צעמישטער, ניט געוווּסט וואָס דאָ קומט פאָר. אַ טייל האָבן זיך געבייזערט, אַ טייל זענען געווען גאָר צופרידן פון די חברה־שקצים. נאָך דער רעדע האָבן זיך אָן עפן געטאָן די טירן און מיר זענען אַרויס די ערשטע, אויסגעשטעלט זיך אויפן שאָסיי, פונאַנדערגעוויקלט די פאָנען, און מיט לידער און אויפרופן אָנגעהויבן מאַרשירן איבערן שאָסיי. מיר זענען געגאַנגען אין געשלאָסענע רייען, און דער עולם אַרום אונדז איז געוואָרן אַלץ גרעסער און גרעסער, האָט אונדז דערמונטערט, געפּאַטשט „בראַ־וואָ". פון קאָפּ ביז די פיס איינגעשמירט אין בלאָטע, ווי טייוולאָנים, מיט פאַרריסענע קעפּ, האָבן מיר מאַר־שירט איבערן גאַס. אַ פּאָר חברה־לייט האָבן אַרויסגע־נומען רעוואָלווערן פון די קעשענעס און אָנגעהויבן שיסן אין דער לופטן, כדי צו מאַכן „לעבעדיקער די חתונה" — און ס'איז געווען לעבעדיק. אַזוי האָבן מיר מאַרשירט מער ווי אַ האַלבע שעה. מיט אַ מאָל, ווי פון דער ערד אַרויס, זענען אויסגעוואַקסן קאָזאַקן און אָנגעהויבן אונדז שלאָגן מיט די נאַגאַיקעס, נאָכ־יאָגנדיק זיך נאָך אונדז אין אַלע הויפן — און מיר האָבן טאַקע געשטעלט פיס, געמאַכט דעם אמתן ויברח. — חברה האָט זיך גראַטעוועט, ווו נאָר מ'האָט געקענט: אין הויפן, איבער פּאַרקאַנעס — מ'איז זיך צעלאָפן אין אַלע ווינקלען. קיין אַרעסטן זענען, ווי מיר שיינט, דעמאָלט ניט געווען. מען איז אָפּגע־קומען בלויז מיט שרעק.

דאָס איז געווען די ערשטע דעמאָנסטראַציע, אין וועלכער איך האָב גענומען אַן אָנטייל. איך בין אַנטלאָפן צו זיך אין הויז. דער אַלטער רענדעל האָט שוין געוווּסט פון אַלץ און ווען איך בין געקומען צו זיך אַהיים, אַ פאַרסאָפּעטער, אַ פאַרשוויצטער, פון אויבן ביז אַראָפּ אויסגעשמירט אין בלאָטע, האָט רענדעל זיך גענומען צו מיר. אָבער ניט שטרענג, ניט שטראָפנדיק, פאַרקערט, פאָטערלעך, מיט הומאָר אַפילו. צו ערשט האָט ער גוזר געווען איך זאָל זיך איבערטאָן, אויספּוצן זיך, אַרומוואַשן די שטיוועלעך פון דער בלאָטע און זיך באַרויִקן — היינט לאָזט ער שוין מיר פון שטוב ניט אַרויס. איך קען טאָן וואָס איך וויל: לייגן זיך שלאָפן און „מאַכן זיך געפּגרט", אָדער שטעלן זיך צו דער אַרבעט. און טאָמער וועט מען קומען פון דער פּאָליציי פרעגן אויף מיר, וועט ער זאָגן, אַז איך שלאָף אָדער איך אַרבעט. איך האָב געפּאָלגט — און ווי נאָך געפּאָלגט!

די דעמאָנסטראַציע איז אַדורך ווונדערבאַר. — אַלע האָבן גערעדט פון איר. איבערהויפּט איז געפעלן דער איינפאַל צונויפצוקלייבן זיך אין שול, פאַר־שפּאַרן די טיר און ניט לאָזן גיין די דאַוונער אַהיים — דאָס האָט אויסגענומען. די פּאָליציי איז געווען אויפ־געבראַכט: אַן אומגעהערטער סקאַנדאַל — סאַמע אונטערן נאָז אָפּגעטאָן אַזאַ שפּיצל, אין מיטן העלן טאָג אַ דעמאָנסטראַציע מיט פאָנען, מיט געזאַנג און דערצו נאָך אַ שיסעריי, און קיינעם ניט געכאַפּט!

פאַרנאַכט האָט דער „בונד" אויך אָרגאַניזירט אַ דעמאָנסטראַציע אויף מוראַווויאָוסקע־גאַס. ס'איז זיי אָבער ניט געלונגען. עס האָט זיך באַטייליקט אַ קליינע צאָל מענטשן אין דער דעמאָנסטראַציע און אויך דער אָפּקלאַנג איז געווען אַ שוואַכער. פאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן אַ לאַנגע צייט געריכצט זיך מיט די בונדאָווצעס און אויפגעוואָרפן זיי, אַז זיי זענען טויגעניכטסן, קאַליקעס, אַפילו אַ רעכטע דעמאָנסטראַ־ציע קענען זיי ניט אָרגאַניזירן...

## יב. די אָפּאָזיציעס

יעדע פּאַרטיי האָט געהאַט אַן אָפּאָזיציע. ס'איז גענוג געווען, אַז אַ פּאָר אומצופרידענע זאָלן זיך צוזאַ־מענרעדן — און עס איז שוין דאָ אַן אָפּאָזיציע. און די אָפּאָזיציעס פלעגן זיין אָרגאַניזירט מיט אַלע קלאַ־פּערגעצייג פון אַ ריכטיקער אָרגאַניזאַציע: מיט אייגענע קאָמיטעטן, מיט אייגענע פאַרזאַמלונגען און מיט אייגענע פירער. קורץ, אַן אָרגאַניזאַציע אין אַן אָרגאַניזאַציע. צו יענער צייט האָב איך אָנגעפירט מיט דער אָפּאָזיציע אין באַברויסקער „פּועלי־ציון". פאַר־שטייט זיך, אַז מיר האָבן אַרויסגעשטעלט אויך פאָדערונגען. די פאָדערונגען זענען געווען גאַנץ „אָריגינעלע", — ניט מער, ניט ווייניקער: „דאָלאָי מיט די ווייסע קראַגנס, נידער מיט די ווייסע מאַנ־זשעטן". אויב קיין קליגערע זאַך האָבן מיר ניט געקענט אויסקלערן, איז דאָס אויך געווען אַן ענין. אייגנטלעך, האָט זיך דער כעס צו דער אינטעליגענץ גענומען צוליב גאַנץ אַנדערע סיבות, אומבאַרעכטיקטע, נאַיִווע. מיר

זענען אַרומגעגאַנגען אָנגעבלאָזענע, אומצופרידענע, מיט טענות צום קאָמיטעט: „סטייטש, אַזאַ אַרבעט ווערט געפירט, און מיר, די אָרעמע מאַסן, ווייסן פון גאָרניט”. אַז ס'איז ניטאָ קיין וויכטיקע נייעס און קיינע „רעוואָליציעס זענען נאָך ניט צוגעגרייט אין דער שטיל” — דאָס איז אונדז ניט איינגעפאַלן... דאָס לעבן אין שטענדיקער קאָנספיראַציע האָט געמוזט שאַפן דעם איינדרוק, אַז עפעס וואָס קאָכט זיך אין דער טיפעניש... עפעס ווערט געטאָן, וועגן וואָס מען זאָגט אונדז ניט אויס, און מיר ווילן וויסן פון אַלץ. מיר ווילן, אַז פון אונדז זאָל מען ניט באַהאַלטן קיין סודות. די נייגעריקייט האָט גערייצט, דער דורשט נאָך סודות איז געווען גרויס. אין דער אמתן, האָבן די קאָמיטעטשיקעס ניט געהאַט קיין סודות — און זייער פאַרענטפערן זיך, זייער שווערן זיך, אַז זיי האָבן ניט וואָס צו דערציילן, האָט געווירקט ווי בוימל אויפן פייער. וואָס מער זיי האָבן זיך פאַרענטפערט, אַלץ מער האָט מען זיי ניט געגלייבט. און וואָס מער מען האָט זיי ניט געגלייבט, אַלץ מער האָבן זיי זיך פאַרענטפערט. בקיצור, אונדזער אָפאָזיציע איז געוואָקסן. מיר האָבן שוין געהאַט כמעט די מערהייט אין דער אָרגאַניזאַציע. מיר פלעגן אָפהאַלטן באַזונדערע פאַרזאַמלונגען, געהאַט אַ באַזונדערן קאָמיטעט — און דער עיקר — ביי אונדז איז אויך צוגעגאַנגען אַלץ קאָנספיראַטיוו. און ווען אין דער אָפאָזיציע גופא האָבן זיך באַוויזן ווייסע קאָלנערס און ווייסע מאַנזשעטן, איז שיר־שיר ניט דערגאַנגען צו אַן אָפאָזיציע אין דער אָפאָזיציע... מיט איין וואָרט, אונדזער קאָמיטעט האָט אָנגעהויבן פירן פאַרהאַנדלונגען מיטן קאָמיטעט פון דער אָרגאַניזאַציע. עס רעדט זיך נאָר אַזוי — אין דער אמתן האָבן מיר ניט אָנגעהויבן צו וויסן אַפילו, וועגן וואָס צו פאַרהאַנדלען. אָבער ס'איז דאָך פאָרט עפעס אַן אָפאָזיציע, האָבן מיר פאַרהאַנדלט, אָוונט נאָך אָוונט האָבן זיך געפירט די זיצונגען, וואָכן לאַנג האָט זיך דאָס פאַרצויגן. אין נאָמען פון קאָמיטעט איז אַרויסגעטראָטן אליעזר שיין, אַ ייד אַ פקח, אַ תלמיד־חכם, נאָר מיט זיין גאַנצער חכמה האָט ער ווייניק וואָס אויפגעטאָן. די אָפאָזיציע איז געווען שטאַרק, ווי אייזן, און מען האָט זי ניט געקענט רירן פון אָרט. איך דערמאָן זיך ווי נאָך אייניקע אָוונטן, אויף וועלכע מען האָט זיך געאַמפערט און שטאַרק געקאָכט און צו קיין טאָלק ניט געקענט קומען, האָבן מיר אָנגעהויבן פאָדערן, אַז מען זאָל שטימען, צי מען זאָל אָנהאַלטן די אָפאָזיציע, צי מען זאָל זי אויפגעבן. געווען חברים, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז מ'דאַרף אויפגעבן די אָפאָזיציע און שלום מאַכן מיטן קאָמיטעט. האָט מען געשטימט און ס'האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז די מערהייט איז דערפאַר, מ'זאָל אָנהאַלטן די אָפאָזיציע, ניט אונטערגעבן זיך פאַר קיין פאַל. — נאָך דער אָפשטימונג, ווען אליעזר שיין האָט געזען, אַז ער האָט פאַרשפילט, האָט ער געבעטן, מ'זאָל אים געבן אַ געלעגנהייט צו זאָגן עטלעכע ווערטער, איידער ער געזעגנט זיך מיט אונדז. פאַרשטייט זיך, אַז מ'האָט זיין פאַרלאַנג דערפילט. אליעזר שיין האָט אָנגעפאַנגען שטיל, רואיק, ווי ער וואָלט געגלעט מיט זיינע רייד, און אין דער זעלבער צייט אויך געשטראָפט. זיינע ווערטער האָבן זיך מיר גוט איינגעקריצט אין מוח. „ווי איר ווייסט — האָט ער אָנגעפאַנגען — בין איך אַ שטאַרקער אָנהענגער פון תורת משה, אַלץ וואָס משה רבינו האָט געשריבן אין דער הייליקער תורה, איז ריכטיק און קלוג. ניטאָ קיין איין איבעריק וואָרט. ניטאָ קיין איין געדאַנק, וואָס זאָל ניט זיין ריכטיק. און דאָך איז מיר איין געדאַנק אויפפאַלנד און איך הייב אים ניט אָן צו פאַרשטיין. ווי יעדער איינער פון אונדז ווייס, זענען נאַראָנים פאַראַן אויף דער וועלט מער ווי קלוגע. אויף אַ קלוגן דאַרף מען אָנווייזן מיטן פינגער, אין דער צייט, ווען נאַראָנים זענען דאָ אויף יעדער שריט און טריט. ביי אַן אָפשטימונג וואָלט מען באַדאַרפט שטענדיק האַלטן מיט דער מינדערהייט, דאָס הייסט, מיט די קלוגע. פאַר וואָס אָבער האָט משה רבינו געפסקנט אַחרי רבים להטות — איז פאַר מיר אַ רעטעניש. איך הייב ניט אָן צו פאַרשטיין, וואָס הייסט „אחרי רבים להטות”, טאָן וואָס די מערהייט, „די נאַראָנים זאָגן”, האָט ער געענדיקט שטיל, רואיק, ווי ער האָט אָנגעפאַנגען.

אַ מאָדנע שטימונג האָט אונדז אַלעמען באַהערשט. שטיל איז געוואָרן אין צימער, קיינער האָט אַ וואָרט ניט ארויסגערעדט, ווי אליעזר שיין וואָלט אונדז אַלעמען באַהערשט. שטיל איז געוואָרן אין צימער, קיינער האָט אַ וואָרט ניט אַרויסגערעדט, ווי אליעזר שיין וואָלט אונדז דערלאַנגט אַ שטאַרקן קלאַפ, פון וועלכן מיר זענען פאַרטייבט געוואָרן. אין די פאָר מינוט פון שטילשווייגן האָבן מיר זיך אַלע אַ חשבון הנפש אָפגעגעבן. דער ערשטער בין איך געקומען צו

זיך, דער פירער פון דער אָפּאָזיציע... פאַרשעמט בין איך צוגעגאַנגען צו שיינען און אים דערלאַנגט די האַנט — אַ סימן, אַז איך גיב זיך אונטער, אויס אָפּאָזיציע! אַנדערע האָבן נאָכגעטאָן מיין ביישפּיל. געווען אויך אַזעלכע, וואָס זענען געבליבן אומצופרידן מיט אונדזערע האַנדלונג, געשריען, אַז מיר האָבן זיי פאַרראַטן, זיי קאַליע געמאַכט די גאַנצע חתונה... ס׳האָט אָבער ניט געהאָלפן. די אָפּאָזיציע האָט זיך איינגעבראָכן.

### יג. די ערשטע פּראָקלאַמאַציע

איך געדענק נאָך ביז היינט, ווי מ׳האָט צו מיר געבראַכט די ערשטע פּראָקלאַמאַציע, אַן איין איינציקן עקזעמפּלאַר, און מ׳האָט מיר געזאָגט, אַז מ׳דאַרף דאָס אָפּדרוקן אין אַ פּאָר הונדערט עקזעמפּלאַרן, צו פונאַנדערטיילן צווישן חברים. — דאָס איז געווען אַ פּראָקלאַמאַציע פון יעקאַטערינאָסלאַוו.

ווי אַזוי אָפּצודרוקן די פּראָקלאַמאַציע אין עטלעכע הונדערט עקזעמפּלאַרן האָב איך ניט אָנגעהויבן צו וויסן. נאָך לאַנגע זוכענישן בין איך דערגאַנגען, אַז מען דאַרף האָבן צו דעם אַ העקטאָגראַף. קויפן האָבן מיר מורא געהאַט, איז געבליבן, אַז מיר מאַכן אַליין דעם העקטאָגראַף. אַוועק צו אַ באַקאַנטן חבר, אַ תלמיד ביי אַן אַפּטייקער, און געבעטן ער זאָל אונדז אויסלערנען מאַכן אַ העקטאָגראַף. אַ ביסל האָט דער חברה־מאַן אַליין געוווּסט — אַ ביסל האָט ער זיך דערוווּסט פון אַפּטייקער אָדער פון אַנדערע, בקיצור, ער האָט אונדז געגעבן דעם רעצעפּט, ווי צוזאַמענצושטעלן דעם העקטאָגראַף. ערשטנס, זענען מיר אַוועק צו אַ בלעכער און באַשטעלט די בלעכענע כלי, נאָכהער איינגעקויפט זשעלאַטין, גליצערין און אַנדערע מאַטעריאַלן. יעדע זאַך געקויפט אויף אַן אַנדער פּלאַץ, כדי ניט אַרויסצורופן קיין פאַרדאַכט. ס׳איז אַרויסגעקומען אַ כלי, — נאָר צו שפּיגלען זיך אין דעם — טאַקע אַן אמתער העקטאָגראַף, וואָס אַרבעט אויסגעצייכנט. באַזאָרגט זיך מיט אַ פלעשעלע ספּעציעלע גאָלדענע טינט, מיט אַ טוץ נייע פעדערן, האָבן מיר זיך גענומען צו דער עבודה. ווי פרומע יידן יום־כיפור צו נעילה, אַזוי זענען מיר געשטאַנען אין ציטערניש פאַר דער התחלה פון אונדזער הייליקער אַרבעט. אויף ספּעציעלע פּאַפּיר האָבן מיר אויסגעטאָקט יעדן אות, באַפּוצט דאָס קעפּל פון דער פּראָקלאַמאַציע און גענומען זיך צום דרוקן. מיר האָבן געדרוקט און צעלייגט די געדרוקטע בויגנס איבערן גאַנצן צימער, כדי זיי זאָלן זיך ניט צוקלעפּן איינער צום אַנדערן און אויסשמירן זיך. מיר זענען שוין באַלד פאַרטיק געוואָרן מיט דער אַרבעט און עס איז אונדז געוואָרן אַזוי גרינג, אַזוי גוט אויפן האַרצן: אויפגעטאָן אַזאַ גרויסע זאַך, די ערשטע פּראָקלאַמאַציעס געדרוקט מיט די אייגענע הענט.

פּלוצלונג — פינצטער איז מיר געוואָרן אין די אויגן — אַן אומגליק! מ׳האָט אונדז אַנטדעקט! אויפן אויוון, וואָס איז אָפּגעגרענעצט פון אונדזער צימער בלויז מיט אַ האַלבער ווענטל, זיצט דער באַלעבאָסטעס מיידעלע, איר קעפּל אַריינגעשטעקט צו אונדז אין צימער, און קוקט וואָס מיר טוען. פון שרעק האָט מיך דאָס לשון אָפּגענומען. אַזאַ דורכפאַל! און דאָס מיידעלע ווינקט שעלמיש מיט אירע שוואַרצע אייגעלעך און לאַכט זיך פונאַנדער. פון גרויס שרעק האָב איך קיין וואָרט ניט געקענט אַרויסברענגען. איך האָב זיך פאָרגעשטעלט, וואָס פאַר אַ שוואַרצן סוף כ׳וועל האָבן פון דער באַלעבאָסטע! כאָטש גיי און זוך אַ נייע דירה.

די באַלעבאָסטע האָט מיט איר באַזונדערן חוש דערשפּירט, אַז מיר גייען עפּעס טאָן אַ טרפהנע זאַך. אונדזער אַרומפאָרען זיך שטיל, דאָס פאַרשפּאַרן דעם צימער, דער שושקען זיך — דאָס אַלץ האָט אַרויסגערופן ביי איר דעם פאַרדאַכט, און זי האָט געשיקט איר טעכטערל אויפן אויוון, צו זען וואָס מיר טוען.

זי האָט אונדז אַריינגעזאָגט אַ פאָרציע מוסר, געשטראָפט, פאַר וואָס מיר האָבן זיך אַוועקגעלאָזן אויף אַזעלכע דרכים: „מען וועט דאָך אייך כאַפּן סוף־כל־סוף. און וואָס וועט דעמאָלט זיין? אַ קניפּ אין בעקל וועט מען אייך געבן, צי אַ גלעט איבערן קעפּל? איי, איי, ווען דיין טאַטע־מאַמע ווייסן דאָס! זיי וואָלטן דאָך דיר... דערווייל בעט איך דיך, ראַם אויס דעם חמץ. עס זאָל קיין זכר ניט בלייבן, קיין שריד ופליט״.

איך האָב געפאָלגט — געווען צופרידן, וואָס כ׳בין אָפּגעקומען בלויז מיט אַ ביסל שרעק. געגרייט זיך שוין צו אַ סקאַנדאַל, געמיינט, אַז זי וועט מיך מיט מיינע בעבעכעס אַרויסוואַרפן אין גאַס, אַז איך וועל שוין דאַרפן זוכן היינט ווו צו איבערנעכטיקן.

אויסגעלאָזט האָט זיך — בעסער ווי איך האָב געדאַכט. אַריינגעכאַפּט דאָס ביסל מוסר, אויסגעהערט דאָס ווייבערישע מענה־לשון, צוזאַמענגענומען די פּראָקלאַמאַציעס, און שאַ, שטיל — פּונקט ווי עס וואָלט גאָרניט געשען.

## יד. הערצלס טויט

אַרבעטער האָבן געוואָרפן די אַרבעט, קרעמער האָבן פאַרמאַכט די קראָמען, אַלע זענען געלאָפן אין גאַס. ניט געקאָנט איינזיצן אויף אַן אָרט, בלייבן אַליין מיטן טרויער. — עס האָט זיך ניט געוואָלט גלייבן, אַז ס׳איז אמת. מען איז געלאָפן צו די דאָבקינס, צו יצחק אייזיק עסטרין — איינער צום אַנדערן, פרעגן, זיך דערוויסן, צי ס׳איז אמת — קיינער האָט ניט געוואָלט גלייבן. הערצל איז געשטאָרבן, און דאָס פאָלק האָט געוויינט. געוויינט און געטרויערט. ניט געהאַט מיט וואָס זיך צו טרייסטן. אַראָפּגעריסן די קרוין פון קאָפּ...

צו די שלושים האָט מען אין באָברויסק באַשטימט צו מאַכן אַ הזכרה, די גאַנצע שטאָט זאָל זיך באַטייליקן. ווּ געפינט מען אָבער אַזאַ ריזיקן פּלאַץ, וואָס זאָל אַריינגעמען די גאַנצע שטאָט? אין סלאָבאָדקע אויפן בית־עולם איז דאָ אַ ליידיק פעלד, און אויף אָט דעם פעלד וועט מען מאַכן די הזכרה! מען האָט אויסגערופן אין די שולן, אַז אַלע זאָלן קומען אויפן פעלד, ווּ מען וועט מספּיד זיין דעם גרויסן הערצל. אַזוי איז געווען. יענעם טאָג האָט זיך גאַנץ שטאָט געלאָזט צום פעלד. אַלע זענען געגאַנגען. אַלט און יונג, מאַן און ווייב, שול־קינדער אין געשלאָסענע רייען, מיט טרויער־טראַנספּאָרטן. אפילו די אָרעמע ווייבער, די בעטלערקעס פון סלאָבאָדקע, האָבן אויף אַ צעריסענעם לייוונט, אָנגעקלאַפּט אויף צוויי פלעקלעך, אָנגעשריבן זייער צער־אויסדרוק.

אין מיטן פון דער טרויער־צערעמאָניע איז צו מיר צו אַ חבר און געוואָרנט, אַז די בונדאָוועס זענען געקומען צום הספּד און זיי ווילן דאָ מאַכן אַ דעמאָנסטראַציע. עס האָט זיך מיר ניט געוואָלט גלייבן. דאָס קען דערפירן צו אַ בלוטיקן צוזאַמענשטויס. איך בין אַוועק זוכן די פירער פון „בונד“. איך געפין נאָמקע פון פאַריטש און אַפּעליר צו זיין געוויסן, אַז דאָ איז ניט דאָס אָרט פאַר דעמאָנסטראַציעס, אָבער ער ענטפערט מיר קורץ: „אַזוי וועט דאָס זיין“. איך גיי זוכן אַנדערע טוער. איך ווענד זיך דאַן צו אייגענע חברים, אַז זיי זאָלן זיך ניט לאָזן פּראָוואָצירן, אָבער ס׳העלפט ניט — די חברים „פּועלי־ציון“ זענען אויך קאַמף־לוסטיק, ווי די בונדאָוצעס. צום סוף פון די הספּדים זענען זיך מישב די ציוניסטישע פירער, אַז אויב ס׳איז שוין יאָ דאָ אַזאַ עולם אויף אַ יידישער אסיפה, דאַרף מען מאַכן אַ מי שברך דעם קיסר. ווי נאָר חברה בונדיסטן האָבן דערהערט: „ניקאָליי, ירום הודו“ — האָט מען פון אַלע ווינקעלעך פון פעלד אָנגעהויבן שרייען מיט באַנומענע קולות: „דאָלאָי סאַמאָדערזשאַוויע!“ „דאַ זדראַוווסטוויעט סוואָבאָדאַ!“ — און נאָך אויסרופן פון דעם מין. און איידער כ׳האָב באַוויזן אַרויסגיין פון דער צעטומלעניש, האָב איך דערזען ווי מען רייסט זיך שוין פאַר די האָר, מען שלאָגט זיך: די „פּועלי־ציון“ מיטן „בונד“. די פּאָליציי האָט באַקומען אַ געלעגנהייט אַריינצומישן זיך און אויף איר שטייגער געהאָלפן מאַכן אָרדענונג... געשלאָגןביידע צדדים, געהרגעט מכות רצח.

אין דעם טראַגישן אינצידענט האָבן ניט געפעלט אויך קיין קוריאָזן. איך דערמאַן זיך, ווי אַ „פּועל־ציון“ מיט אַ בונדאָוועץ האָבן זיך געהאַלטן און געגעבן קלעפּ איינער דעם אַנדערן און ס׳איז צוגעלאָפן אַ נאַדזיראַטעל פונאַנדערנעמען זיי. דער בונדאָוועץ האָט אָפּגעלאָזן זיין קעגנער און אָנגעהויבן אַריינשרייען דעם נאַדזיראַטעל אין אויער אַריין, הויך אויפן קול: „דאָלאָי סאַמאָדערזשאַוויע, דאַ זדראַוווסטוויעט סוואָבאָדאַ“. דער נאַדזיראַטעל, אַ גוטמוטיקער גוי, אָן אַ טראָפּן רציחה, האַלט זיך פאַר די זייטן לאַכנדיק: „נאַר איינער — זאָגט ער צום בונדאָוועץ — וואָס שרייסטו צו מיר „נידער מיט דער סאַמאָדערזשאַוויע“, גיי אין פּעטערבורג און שריי, אַז דו וועסט אויספירן אין פּעטערבורג און וועסט דאָרט מאַכן אַנדערש, וועט שוין דאָ במילא ווערן אַנדערש; זייט ניט קיין טיפּשים, גייט אַהיים!“ — האָט ער זיך געווענדעט צו די שלעגער. עס האָט אָבער ניט געהאָלפן. מען האָט זיך געשלאָגן, און נאָך ווי געשלאָגן!

אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט די אזכרה נאָך דעם גרויסן פירער ד״ר הערצל. די מעשה מיטן „מי שברך“ האָט אַרויסגערופן כעס ביי אַלעמען. אַ פּאָר בעלי־בתים האָט זיך פאַרוואָלט אונטערחנפענען ביי נאַטשאַלסטוואָ און דאָס האָט פּראָוואָצירט צום געשלעג. געווען אויך איינציקע אַרעסטירטע און, ווי געווײנלעך אין אַזעלכע

פאַלן, האָט מען געטאָן אַלץ, אויסגענוצט אַלע זכות אבות, צו באַפרייען די אַרעסטירטע, אָן אונטערשייד, ווער דער אַרעסטירטער איז געווען, אַ בונדאָוועץ צי אַ „פּועל־ציון".

## טו. די ס.ס.־באַוועגונג

די ס. ס.־באַוועגונג, שוין אין די ערשטע צייטן פון איר אַנטשטייונג, האָט אַנגעהויבן ביסלעכווייז, כמעט אומבאַמערקטערהייט, אויסשפּרייטן איר השפּעה אויף די רייען פון דער „פּועלי־ציוניסטישער" אָרגאַניזאַציע.

די אידעען פון טעריטאָריאַליזם האָבן געפונען אַ וועג צו אַלע שיכטן באַלעבאַטים, קליינבירגער און אַרבעטער.

די „פּועלי־ציון"־באַוועגונג איז אין גרעסטן טייל איינגעשלונגען געוואָרן דורך דער ס. ס., חוץ אפשר אין דרום־רוסלאַנד, ווו בראש פון דער אָרגאַניזאַציע איז געשטאַנען בער באָראָכאָוו. באָראָכאָוו איז געווען דער איינציקער ליכטיקער שטערן ביי די פּאַלעסטינצעס. ווען צו דער ס. ס. איז צוגעשטאַנען די אינטעליגענץ מיט סירקינען און יעקב לעשטשינסקי אין דער שפּיץ, האָבן אויך די סיימאָווצעס אַנגענומען דעם טעריטאָריאַליסטישן שטאַנדפּונקט. אין באָברויסק האָט זיך אַנטוויקלט אַ לעבהאַפטע צעצווייגטע טעטיקייט פון דער ס. ס.

איך האָב געהאַט אַ חבר, דודקע פּיאַלקאָוו, פון פּינסק. אַ געוויסן טאָג האָב איך אַנגעהויבן באַמערקן, אַז מיין חבר טראָגט זיך אַרום מיט סודות, וועלכע ער באַהאַלט אויס פון מיר, ביז מיר האָבן זיך ביידע געטראָפן אויף אַ פאַרזאַמלונג פון דער ניי־געגרינדעטער ס. ס... מיר האָבן געהאַט דאָן צו לאַכן איינער פון אַנדערן פון אונדזער קאָנספּיראַציע...

## טז. נאָך דער רעוואָלוציע

כ'בין צוריק אין באָברויסק, צוריק אויף דער בערזשע. ווידער צווישן אַלטע חברים. אַלץ דאָס זעלבע, אָבער דאָך ניט דאָס זעלבע. עפּעס איז שטילער געוואָרן — ניט דאָס וואָס געווען. פאַרשוואונדן דאָס רוישיקע, ברויזנדיקע לעבן פון מיט אַ יאָר־אַנדערהאַלבן צוריק. אַ גרויסע צאָל חברים זענען מיטגעריסן געוואָרן מיטן מוראדיקן עמיגראַציע־שטראָם און פאַרוואָגלט געוואָרן אין דער גרויסער רייכער אַמעריקע. די עמיגראַציע האָט אַנגעמאַכט אַ חורבן אין די רייען פון דער אָרגאַניזאַציע. די בעסטע חברים זענען זיך צעפאָרן, צעלאָפן — שיטערער זענען געוואָרן די רייען. נאָכן ערשטן גרויסן שוווּנג איז געקומען דער אָפּפאַל. די מפּלה פון דער רעוואָלוציע



ועד „פּועלי־ציון" בשנת 1906
דער קאָמיטעט פון „פּועלי־ציון" (1906)
יושבים: חסיה גרינברג, א. ניימן, מ. מוגילבסקי, מ. תומשוב
עומדים: ? חיים תומשוב

האָט זיך געלאָזט גלייך פילן אין אַלע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען. די „פּועלי־ציון"־באַוועגונג האָט זיך נאָך געטראָגן מיט אימפּעט — אָבער דאָס איז שוין געווען דער אימפּעט פון אינערציע, פון די כוחות, וואָס זי האָט אַנגעזאַמלט אין די גוטע יאָרן. ס'האָט זיך שוין אָבער אָנגעהויבן מערקן דער באַרג־אַראָפּ. בחורים און מיידלעך האָבן גענומען אַרומטראָגן זיך מיט פידלען און מאַנדאָלינעס, גענומען זיך צו מוזיק, באַזוכן טאַנץ־פּלעצער. ס'האָבן זיך איינגעשטילט די הייסע ויכוחים צווישן בונדאָווצעס און ס.־סאָווצעס. די בירזשעס זענען געוואָרן שיטערער; מען האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם פּעקל אידעאַליזם; דאָס לעבן איז געוואָרן הפקרדיק...

**ב. דינור**

# בשליחות מפלגת ס. ס.

(ינואר 1906)

אחרי ועידת הומל הוטלו עלי כמה נסיעות: הרצאות, השתתפות בויכוחים עם מפלגות וכמה עניי־נים של ארגון בשטח „ההגנה העצמית". —— מהנ־סיעות האלה התרשמתי ביחוד מביקורי בבוברויסק. היתה שם אסיפה של חברי מפלגתנו וויכוחים עם אנשי „פועלי־ציון" ה„מינסקאים", שכפרו ב„מלחמת המעמדות" והתנגדו להשתתפות במאבק המדיני וגרסו את ריבונותו של היסוד הציוני בתנועה. התקיים משא־ומתן על איחוד, והויכוח היה צריך גם לברר, גם לקרב אותם אלינו. מטעם מפלגתנו צריכים היו להשתתף אלתר יפה — חבר המרכז של מפלגתנו — ואני. בקשר עם שליחותי בענייני „ההגנה העצמית" ליווה אותי לתחנת הרכבת החבר קורופאטקין — זה היה כינויו המפלגתי של פוליאקוב (בן־אחיו של הסופר הרוסי היהודי פוליאקוב־ליטובצב), שהיה פעיל ויעיל ב„הגנה העצמית" מטעם המפלגה. ההתמחות של „קורופאטקין" היתה — ציודן של פלוגות ההגנה של המפלגה בפצצות מ„תעשיה" שלנו. הוא הצטיין בזריזות ובכוח פיסי, באומץ־לב ובקור־רוח. פעם (בצ׳ירקאסי, פלך קיוב), פירק לאור היום, בגן העיר,



קבוצת חברי ס. ס. בבוברויסק (1906)
אַ גרופּע חברים פון ס. ס. אין באָברויסק (1906)

על אחד הספסלים, פצצה, שחש בה שהיא מתחממת ועלולה להתפוצץ, והוא סועד אותה שעה את לבו באבטיח, בענבים ובכיכר לחם לבן... וזה היה בימים שפעלו במדינה (אחרי פיזורה של ה„דומה" הראשונה) בתי־דין צבאיים של שדות־קרב, שחייבים היו להוציא להורג כל מי שנמצא נשק בידו... — התידדתי אתו, והוא גם דאג ל„סידור" נסיעתי לבוברויסק. יצאתי מהומל ביום ה׳, 5 בינואר. בבית־הנתיבות, באולם ההמתנה, היתה התפרצות, חירופים וגידופים, צעקות וקללות של קצין־צבא נגד היהודים. לפי עצתו של בן־הלוויה שלי יצאנו לחוץ, וחיכינו שם עד שהרכבת באה. — — למחרת, בליל־שבת, נערכה באחד מבתי־הכנסת האסיפה הגדולה שבה התוַכחו „פועלי־ציון" של „הכיוון המינסקאי" עם ס. ס. בשם „פועלי־ציון" הופיע מנהיגם המקומי — פלוטקין, דומני שטען כי כל מפלגה צריכה לקבוע קריטריון עקרוני אחד, ולא שנים. ההבדל בין „פועלי־ציון" לציונים־הסוצי־אליסטים הוא בזה, של„פועלי־ציון" אַמת־מידה אחת לבחינת כל הדברים, והיא אַמת־מידה ציונית. הם כופרים בערכה של מלחמת המעמדות במציאות היהודית וטוענים לשקידה על האחדות הלאומית. — הנואם שאל: „אם תהיינה בחירות ל,דומה הממלכתית׳ בבוב־רויסק — במי תבחרו: בציוני יהודי או בסוציאל־דמוקרט רוסי?" — אלתר ענה בנאום ארוך, ובו השת־מש בשאלה זו עצמה, להוכיח מה חשוב הקריטריון הסוציאליסטי דווקא במקרה זה. — הנאום היה מתובל בדוגמאות מרובות מן המציאות היום־יומית, שלפיהן הוסבר והוכח עד כמה חשוב לפועל היהודי שנציגו יהיה סוציאליסט. — המשכתי בתשובתי את מהלך רעיונותיו של אלתר כדי להוכיח, שאף מבחינת הגנת ענייניהם הלאומיים של היהודים אין לדון בדבר בפשטנות כזאת. הרי אנו מעוניינים בנציגות מדינית שתבטיח שינויים ותמורות במשטר, ולא בנציגים שיצעקו חמס — ודי. ומבחינה זו בודאי אין לקבוע כלל, שנציג יהודי מבטיח את ענייני היהודים, ונציג שאינו־יהודי לא מבטיח. הסברתי את הדבר בדוגמאות מן „ההגנה העצמית", שדווקא שיתוף נאמן של לא־יהודים הוא אחד התנאים להצלחתה. „התיאום" שלנו בויכוח, אמרו לי, סיפק את החברים: גם „הרבצנו" במתנגדינו וגם קירבנו אותם על ידי הסברה.

מסביב לבית־הכנסת עמדו „משמרות", של חברות בעיקר, שעליהן הוטל להודיע, אם המשטרה מתקרבת. — בין העומדות על המשמר היתה שרה שמוקלר,

לאה מירון (כצנלסון) וחברות אחרות. גם מאלה שהיו ב„חוג״ שלי בחורול.

ואולם באותו ביקור בבוברויסק התרשמתי במיוחד משיחה עם החברות בתנועה על מעמדה של החברה בתנועת הפועלים שלנו. השיחה התקיימה בשבת בבוקר, בדירתו של הצלם חיים כצנלסון, אחיו הגדול של ברל. הכניסה לדירה היתה דרך מסדרון אפל למחצה, שהמדרגות שבתוכו הוליכו למעלה, לקומה השניה, ששם היתה דירת הצלם ומקום עבודתו. זכורני, כיצד הרגיזו אותי חריקתה המשונה של הדלת בהיפתחה וגניחותיהן החלשות של המדרגות כשדרכו עליהן, — בין החברות שהשתתפו בשיחה היו שרה שמוקלר, לאה מירון (כצנלסון), בתיה ליבשיץ (שיין), רחל כצנלסון (שזר) ואחרות, שראיתין ב„משמרות״.

הקדמתי לשיחה הרצאה קצרה על „השתלמותו השכלית והמוסרית של היחיד כתנאי להגשמתו של הסוציאליזם״. ניסיתי להסביר, כי הגשמתו של הסוציאליזם מבחינה ארגונית־משקית על ידי תפיסת השלטון לא תשנה הרבה בחיים אם לא תבואנה לפני זה, או אם לפחות לא תלווינה אותה, תמורות יסוד ברמתו האינטלקטואלית ובדמותו המוסרית של היחיד, וקבעתי כי אחד מסימני ההיכר של ההתקדמות בכיוון זה הוא מצבה של החברה בתנועה; ומבחינה זו יש לה יעוד מיוחד בתנועה (חזרתי על ההרצאה בצורות שונות, ואף פירסמתי תמציתה ברוסית במאמר בעיתון „הדי קיוב״ בקיץ 1906). שיחת החברות היתה ערה, אבל הרגשתי כי כמה מן החברות שמו לב ביותר... למעילי העלוב. ואמנם, ראוי היה מעיל זה לתשומת־לב מרובה גם מבחינת „גילו המכובד״ וגם מבחינת צבעו: הוא קיבל גון ירקרק, מצבעו הראשון לא נשאר שריד. שרה שמוקלר אף שוחחה אתי בעקיפין ובעדינות על הענין. הסברתי לה כי שלושה גורמים למצבו העלוב של מעילי: מעשי, עקרוני ותכסיסי. המעיל שימש אותי באמאנות שנים רבות, ואין לי אחר, ואין זה „מעשי״ להשליך מעיל עלוב, כשאין לך אחר. „עקרונית״, אין אני מקבל „שכר״ מן המפלגה; אין אני רוצה להיות „פרופסיונאל״ מפלגתי. אני מקבל רק הוצאות הדרך, במידה שאין אמצעי אני מספיקים לכך. המקור ל„הכנסותי״ הם הרצאות ושיעורים שאני עורך לחוגים מצומצמים. כך ערכתי בלובני קורס של הרצאות ודיונים על „אידיאלים חברתיים ומשטרים מדיניים״, כל המשתתף מכניס שלושה רובלים — ואם אין לו, החברים משלמים בעדו — וזה מכניס לי כ־12 רובל לחודש... וזה לא הרבה, אף כי שכר דירה אין אני צריך לשלם. ושלישית, אמרתי, מבחינה תכסיסית, הרי המעיל העלוב שלי הוא אוצר יקר; הוא שומר עלי. המשטרה הרוצה לאסור אותי — ואני יודע שהיא רוצה — אינה מעלה על דעתה, כי בחורון מסכן זה במעיל עלוב מימי מתושלח, עם סודר מסביב לצוארו כ„בחור־ישיבה״ הוא הוא אותו „תעמלן מהפכני מסוכן וחשוב, כביכול״, שאותו היא מחפשת...

איני יודע, אם הסברתי הניחה את דעתה של שרה. אבל שנים רבות עמדה לנגד עיני דמותה החביבה, כשהיא צוחקת להסברותי בצחוק נעורים טבעי וטוב — ועיניה נוגות ומלאות צער.

בנסיעתי לרכבת היתה לי שיחה מעניינת עם העגלון. הרגשתי שהוא רוצה לשאול אותי דבר־מה וחוכך בדבר. נהגתי בו בשיטת „ואַת פתח לו״... שאלתיו על חדשות בבוברויסק, והוא התחיל לתנות לפני את צרותיהם של „היהודים מכל השנה״ שבבוברויסק; „שהגדולה ביניהן היא העדר המנוחה ובלבול הראש מן המפלגות המרובות שבעיר: ציונים וסוציאליסטים, ‚פועלי־ציון׳ וס.ס., סיימיסטים וטריטוריאליסטים, סוציאל־דמוקראטים וסוציאליסטים־רבולוציונרים, ובכל מפלגה ומפלגה סיעות („קלויזן״) וכיתות, צבעים וגוונים — אפשר להשתגע ממש, ומה רוצות כולן? — רק להציל את היהודים! ואני רוצה להגיד — והוא פונה אלי — יהיה נא קצת ‚תכלית׳ מכם, בחורים צעירים. היהודים בעצמם כבר יסדרו את ענייניהם! אל תדאגו יותר מדי!״ שאלתיו: היית אתמול בבית־המדרש בויכוח שבין „פועלי־ציון וס. ס.? — „בודאי! שמעתי את ‚הדרשה׳ שלך. — דיברת לעניין וקצרות. אין אני מסכים. אני חושב שנכון הוא מה שכתוב בתהלים: ‚אל תבטחו בגויים׳! או ‚אין אמונה בגויים׳. — אתה מ‚פועלי ציון׳?״ — לא, סתם יהודי. — „בכל זאת לדבריך היה קצת טעם, אבל דברי קודמך הרגיזו! אמנם, יהודי פיקח, אבל מסוכן!״ והעגלון לא פסק מלזמזם: „להציל יהודים! — הצילו את עצמכם, אנחנו כבר בעצמנו נדאג לנו!״

(„בעולם ששקע״, ירושלים 1958, עמ׳ 266—269)

דוד שמעוני

# כשרון לארץ־ישראל

## (ד״ר א. פרוז׳ינין)

את אברהם צבי פרוז׳ינין הכרתי מילדותי. בחצר ה„אינטליגנטית״ שממול בית זקני, הבית שבו התגוררו הורי, היו מהלכים גם לפרוז׳ינין. בין יתר הצעירים המשכילים שביקרו תכופות בחצר ההיא, לא נפקד גם מקומו. ואולם ביקוריו היו נדירים, הואיל והוא למד באוניברסיטה בקניגסברג, והיה בא לביתו רק בירחי החופש מלימודים. על בואו של פרוז׳ינין היה תמיד מקדים לבשר לי בצהלה חברי מולה סרלין, זה שגם דירת הוריו היתה בירכתי אותה חצר „אינטליגנטית״. מולה סרלין זה היה נער תמים וטוב־לב מאין כמוהו, ואם כי היה גדול ממני בשנה־שנתיים, רחש לי כבוד מסוים, מפני שאז כבר כתבתי שירים. הוא לא הצטיין בלימודיו כלל וכלל, ומובטחני ששירי לא עניינו אותו לגמרי, ואם גם הראיתי לו לפעמים איזה שיר, ידעתי מראש שלא יבין את הכתוב בו, אבל הוא שמח שחברו הצעיר ממנו הוא „משורר״. ופעם גם עשה מעשה, חטף מידי איזה שיר וברח, כשהוא צועק לי מהרחוב שתיכף ומיד יחזירנו לי. ואמנם כעבור שעה קלה חזר כשפניו צוהלות, וסיפר לי שהראה את שירי לאברהם הירשל פרוז׳ינין, הנמצא כרגע בדירתו של שמעונקה צעסנעס, הארי שבחבורה של החצר האינטליגנטית, ואברהם הירשל קרא את השיר וגם מצא שהוא טוב. מי הוא זה ואיזה הוא אברהם הירשל פרוז׳ינין לא ידעתי עד אז, וגם שמעו לא שמעתי, אבל חברי מולה סיפר לי שהוא מכיר אותו מכבר, אולי זה כשנה וגם יותר, ושאברהם הירשל זה הוא לא פחות מסטודנט הלומד רפואה בקניגסברג, ואם כי אינו לובש מדים (בארץ אשכנז אין הסטודנטים לובשים מדים), אף על פי כן הריהו סטודנט לכל דבר, ויש לו עוד מעלה גדולה שהוא יודע להתלוצץ ולהתבדח מאין כמוהו. אך מעלה כפולה ומכופלת לו שהוא ציוני נלהב, והוא מפיל את חתיתו על כל מתנגדי ציון למיניהם, שהחצר האינטליגנטית שוקקת מהם. וגם שמעונקה בעצמו, שמעונקה צעסנעס, שאין סמכות גדולה מסמכותו,



חבורת ציונים בבוברויסק בשנת 1898 — אַ גרופּע ציוניסטן אין 1898

ש. גינזבורג, י. דוידסון, י. ל. דוברוב, האחים פרוז׳ינין

